שלמה וויסמאַן

# דאָס וואָרט

## ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע

**אין דריי טיילן.**

**דריטער טייל**

אַרויסגעגעבן פון די
אידישע פאָלקשולן פון אידיש־נאַציאָנאַלן
אַרבעטער פאַרבאַנד און פועלי־ציון

ניו יאָרק, 1931.

# אינהאַלט



## לעבן און קאַמף

## אַמאָל איז געווען



## עסייען



## ליריק

## קונסט־בילדער, וואָס גייען אַריין אין דעם בוך

# צו די לערער

דאָס פאָרליגנדע בוך איז דער דריטער און לעצטער טייל פון דער ליטעראַרישער כרעסטאָמאַטיע „דאָס וואָרט" און איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן גענוי לויט דעם זעלבן פּלאַן און לויט די זעלבע ריכט־ליניעס ווי דאָס צווייטע בוך.

אין די קורצע הקדמות צום ערשטן און צום צווייטן טייל ווערן געמאַכט אַלגעמיינע באַמערקונגען וועגן די פּרינציפּיעלע יסודות, אויף וועלכע די ביכער זיינען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן. די באַמערקונגען באַציִען זיך אויך אויף דעם פאָרליגנדן בוך, און נאָר ווייל דער צוזאַמענשטעלער גלויבט, אַז די לערער וועלן זיך נעמען די מי זיך צו באַקאַנען מיט דעם אינהאַלט פון די באַמערקונגען, ווערן זיי דאָ ניט ווידער דערמאָנט.

דער מאַטעריאַל פון דעם בוך איז פון אַן ערנסטערן כאַראַקטער, צוגעפּאַסט צו דער אויפנאַם־פעאיקייט פון עלטערע תלמידים, און ס'ווערט דערוואַרטעט, אַז דאָס בוך זאָל גענוצט ווערן אַלס טעקסט־בוך פאַרן לימוד פון ליטעראַטור אין דער מיטל־שול.

דער צוזאַמענשטעלער מיינט ניט, אַז דאָס בוך זאָל זיין דער אויסשליסלעכער טעקסט פאַרן לימוד פון ליטעראַטור אין דער מיטל־שול אָדער אין די עלטערע קלאַסן פון דער אידישער שול, פאַר וועלכע דאָס בוך וועט זיך פּאַסן. אַוודאי איז מיט די עלטערע תלמידים ראַטזאַם גרינגדלעך צו לערנען געוויסע גאַנצע טעקסטן פון די קלאַסיקער. די דערפאַרונג פון לערער ווייזט אָבער, אַז דער ליטעראַטור־לימוד אין די עלטערע קלאַסן איז אַממערסטן אינטערעסאַנט און פּראָדוקטיוו, ווען צוזאַמען מיט דעם גאַנצן ווערק, וואָס ווערט געלערנט דורך אַ לענגערער צייט, קענען די תלמידים זיך אויך באַקאַנען מיט אַ גרעסערער צאָל קירצערע שאַפונגען פון פאַרשיידענע שרייבער, מיט דער גאַנצער פאַרשיידנקייט פון זייער טעמאַטיק און סטיל.

דער לערער זאָל זיך באַמיִען היימיש צו מאַכן פאַר זיינע תלמידים די גאַנצע ווערק, פון וועלכע די אויסצוגן זיינען גענומען געוואָרן, — זאָל פון צייט צו צייט לייענען מיט זיי אַנדערע אויסצוגן פון די זעלבע ווערק און דערמוטיקן זיי זיי אַליין צו לייענען. (למשל, ווערק ווי שלום־עליכמס: טוביה דער מילכיקער, ראַבאָיס: איז געקומען אַ איד קיין אַמעריקאַ, אַשס: ר' שלמה נגיד, פּינסקים: אייזיק שעפטל, א. ד. ג.)

די תנ"ך אויסצוגן, וועלכע ווערן געדרוקט אין דעם בוך, ווי אין די ערשטע צוויי טיילן, זיינען גענויע איבערזעצונגען, גענומען פון יהואשס אידישע טעקסטן, אַן וועלכע ס'ניט איז ענדערונגען. דער צוזאַמענשטעלער האָט זיך אָבער דער־לויבט צו מאַכן אַן אייגענעם סדר פון די שטעלן אין דעם ספר ירמיהו, וועלכע זיינען פון אַ ביאָגראַפישן און אויטאָביאָגראַפישן כאַראַקטער. ס'איז אונזער איבערצייגונג, אַז זיי זיינען פון גאָר גרויסן ווערט, סיי ליטעראַריש־קינסטלעריש, סיי היסטאָריש, און נאָך מער דערציִעריש. מיר רעקאָמענדירן דעריבער זיי גרינד־לעך צו לערנען. אַוודאי וועט דער לערער זיך דערביי באַנוצן אויך מיט אַנדערע אויסצוגן פון די נביאים.

ס'איז דאָ ניט געגעבן געוואָרן דער אינהאַלט פונ'ם ערשטן אַקט פון פינסקים „אייזיק שעפטל", ערשטנס, ווייל דער צווייטער אַקט, וועלכער ווערט דאָ גע־בראַכט, איז אַזוי קלאָר און איינפאַך, און צווייטנס, ווייל ס'איז אַזוי לייכט צו באַקומען דעם טעקסט. דער לערער וועט דאָך געוויס פריער באַקאַנען די תלמידים מיטן אינהאַלט פונ'ם ערשטן אַקט, ווי ער וועט וואַרשיינלעך זיי באַקאַנען אויך מיטן לעצטן אַקט, לשם דער גאַנצקייט פון דעם דראַמאַטישן ווערק.

מיר גלויבן, אַז לערער וועלן גלייך טאָן, ווען זיי וועלן באַטראַכטן די גאַנצע זאַמלונג, אין אַלע אירע דריי טיילן, אַלס אַ גאַנצקייט. ווי געזאָגט אין די הקדמות, זיינען די ביכער ניט קיין ליטעראַרישע אַנטאָלאָגיעס, דאָך גלויבן מיר, אַז די לע־רער וועלן קענען העלפן די תלמידים באַקומען אַ געוויסערמאַסן קלאָר און גאַנץ בילד פון דעם שאַפן פון אַ צאָל פון די וויכטיקערע וואָרט־קינסטלער פון אונזער ליטעראַטור, דורך די אויסצוגן, וואָס ווערן געדרוקט אין אַלע דריי טיילן. צוליב דער פאַרלייכטערונג פון דער אויפגאַבע ווערט דאָ צום סוף פון בוך געגעבן אַן אַנאַליטישער אינהאַלט, לויטן א"ב פון די נעמען פון די מחברים, פון אַלע דריי ביכער, אין דער זייטל־אָרדנונג פון יעדן בוך באַזונדער.

ווידער ציען מיר די אויפמערקזאַמקייט פון די לערער צו דעם ווערטער־ביכל, וואָס ווערט געדרוקט צום סאַמע סוף פונ'ם בוך, מיט דעם גלויבן, אַז דער ליטעראַ־טור־לימוד וועט פיל געווינען, אויב די תלמידים וועלן צוגעוואוינט ווערן זיך צוצוגרייטן צו די לעקציעס מיט דער הילף פונ'ם ווערטער־ביכל. אויסער די פאָרשלאַגן פאַר שריפטלעכע אַרבעטן, וועלכע ווערן דאָ געגעבן, וואָלטן די לערער זיך געקענט באַנוצן מיט די פאָרשלאַגן צום ערשטן און צום צווייטן בוך.

דער צוזאַמענשטעלער וועט זייער דאַנקבאַר זיין, ווען לערער וועלן זיין אַזוי פיל גוט און אים שרייבן זייערע רעקאָמענדאַציעס וועגן ענדערונגען און אויס־בעסערונגען אויפן פאָלגנדן אַדרעס: אידישע פאָלקס־שולן, 3885 סט. אורביין גאַס, מאָנטרעאַל, קאַנאַדע.

שלמה ווייסמאַן.

אַווגוסט 1931, מאָנטרעאַל.



## שלום־עליכם.

# האָדל

— איר חידושט זיך, פאַני שלום־עליכם, אויף טוביהן, וואָס מע זעט אים נישט? ער האָט זיך, זאָגט איר, שטאַרק א רוק געטאָן, מיט אַמאָל, זאָגט איר, גרוי געוואָרן? עך־עך־עך! ווען איר זאָלט וויסן מיט וואָס פאַר א צרות, מיט וואָס פאַר א ווייטאָקן אָט דער טוביה טראָגט זיך אַרום! ווי אַזוי שטייט דאָרט ביי אונז געשריבן: אָדם יסודו מעפר וסופו לעפר — א מענטש איז שוואַכער פון א פליג און שטאַרקער פון אייזן... טאַקע נאָר א באַשרייבונג מיט מיר! וואו ערגעץ א שלאַק, א צרה, אַן אָנשיקעניש — מיך אויסמיידן טאָר עס נישט. פון וואַנען נעמט זיך עס, ווייסט איר ניט? אפשר דערפון, וואָס בטבע בין איך א „פתי יאמין", וואָס גלויבט איטלעכן אויף נאמנות? נאָר וואָס זאָל איך טאָן, פרעג איך אייך, אַז ס'איז ביי מיר פאָרט אַזא טבע? איך בין, ווי איר ווייסט, א גרויסער בעל־בטחון און האָב צו דעם וואָס לעבט אייביק קיינמאָל קיין טענות נישט. ווי אַזוי ער פירט, אַזוי איז גוט. וואָרום פּרוּווט זיך, אדרבא, פאַרקערט, האָט יאָ טענות, וועט עס אייך עפּעס העלפן? אַז וויבאַלד מיר זאָגן אין די סליחות: הנשמה לך והגוף שלך, — היינט וואָס ווייסט א מענטש און וואָס האָט ער פאַר א ווערדע? שטענדיק טענה איך אָבער מיט איר, מיט מיינער, הייסט דאָס: „גאָלדע, זאָג איך, דו זינדיקסט! פאַראַן, זאָג איך, ביי אונז א מדרש..." „וואָס מיר מדרש, זאָגט זי, מיר האָבן, זאָגט זי, א טאָכטער אויף חתונה צו מאַכן; און נאָך דער טאָכטער, קיין עין־הרע, גייען נאָך צוויי טעכטער; און נאָך די צוויי — נאָך דריי, קיין בייז אויג זאָל ניט שאָדן!" — „עט, זאָג איך, ס'איז בלאָטע, גאָלדע! אונזערע חכמים, זאָג איך, האָבן דאָס אויך באַוואָרנט; ס'איז פאַראַן, זאָג איך, דערויף א מדרש..." לאָזט זי זיך ניט רעדן: „טעכטער, זאָגט זי, דערוואַקסענע, זיינען אַליין א גוטער מדרש"... און גייט טענהט מיט א אידענע!

הקיצור, פון דעם זעט איר אַרויס, אַז ס'איז פאַראַן, ס'איז דאָ, קיין עין־הרע, ביי מיר סחורה אויף אויסצוקלייבן, און דווקא פיינע סחורה, ניט צו פאַרזינדיקן, איינע שענער פון דער אַנדערער. ס'איז ניט שייך, אַז איך אַליין זאָל לויבן מיינע קינדער, נאָר איך הער וואָס די וועלט

זאָגט: „קראַסאַוויצעס!״ און ועל כולם די עלטערע, האָדל רופט מען זי, די אַנדערע פון ציטלען, די וואָס האָט זיך פאַרקאָכט, אויב איר געדענקט, אינ׳ם חיט; איז זי שיין, זאָג איך אייך, די אַנדערע טאָכטער מיינע, האָדל מיין איך, וואָס זאָל איך אייך זאָגן? טאַקע ווי אין דער הייליקער מגילה שטייט געשריבן: כי טובת מראה היא — שיינט ווי אַ שטיק גאָלד! און צו די צרות באַדאַרף זי נאָך האָבן אַ קאָפּ אויך, שרייבט און לייענט אידיש און רוסיש, און ביכלעך — ביכלעך שלינגט זי, ווי האַלעשקעס. וועט איר דאָך פרעגן אַ קשיה: וואָס פאַר אַ מחותן איז טוביהס טאָכטער מיט ביכלעך, אַז דער טאַטע אירער האַנדלט גאָר מיט קעז און מיט פּוטער? הערסטו, אָט דאָס פרעג איך דאָך ביי זיי, ביי די פיינע בחורים, הייסט עס, וואָס קיין הויזן, איך בעט איבער אייער כבוד, איז נישטאָ, און שטודירן גלוסט זיך זיי, ווי מיר זאָגן אין דער הגדה: כולנו חכמים — אַלע ווילן לערנען, כולנו נבונים — אַלע ווילן שטודירן. פרעגט זיי: וואָס שטודירן? ווער שטודירן? זאָלן אַזוי ציגן וויסן אין פרעמדע גערטנער שפּרינגען! אַז בסך־הכל לאָזט מען זיי דאָך גאָר ניט צו, ווי זאָגט ער: אל תשלח ידך — אַ קאָטע פון דער פּוטער!... זאָלט איר זען פונדעסטוועגן, ווי מע לערנט! און ווער? בעל־מלאכהשע קינדער — פון שניידערס, פון שוסטערס, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפן בכל אשר אפנה! מע לאָזט זיך אוועק קיין יעהופּעץ, אָדער קיין אָדעס, מע וואַלגערט זיך אום אויף אַלע בוידעמס, עסן עסט מען מכות מיט בכורות, און פאַרבייסן פאַרבייסט מען מיט קדחת, גאַנצע חדשים דורכאַנאַנד קוקט מען נישט אָן קיין שטיקל פלייש אין די אויגן, מע לייגט זיך צונויף זעקס פאַרשווינדלעך אויף איין בולקע מיט אַ הערינג און ושמחת בחגך — הוליע קבצן!...

בקיצור, האָט זיך איינער פון דער „חברה״ פאַרהאַקט אין אונזער ווינקל, עפּעס אַ שלים־מזל, נישט ווייט פון דאַנען; איך האָב געקענט דעם טאַטן זיינעם, ער איז געווען אַ פּאַפּיראָסניק און אַ קבצן, לאָז ער מיר מוחל זיין, אין זיבן פּאָלעס. מילא, בין איך אייך דערויף נישט אויסן, וואָרום אַז דעם תנא רב יוחנן הסנדלר איז אָנגעשטאַנען צו נייען שטיוול, מעג אים שוין, דאַכט זיך, אָנשטיין צו האָבן אַ טאַטן, וואָס דרייט פּאַפּיראָסן. פאַרדריסן פאַרדריסט מיך נאָר איין זאַך: למאי זאָל זיך אַ קבצן גלוסטן לערנען, שטודירן? פראַוודאַ, דער גוטער יאָר האָט אים נישט גענומען, ער האָט אַ גוט קעפּל, גאָר אַ גוט קעפּל. פערטשיק הייסט ער, דער שלים־מזל, האָבן מיר איבערגעלייגט אויף אידיש: פעפערל. ער זעט טאַקע אוים ווי אַ פעפערל. איר זאָלט אָנקוקן — אַ ווערוריקל, אַ קליינס, אַ שוואַרצס, אַ פאַרזעעניש, נאָר ס׳איז פול, מלא וגדוש, און אַ מויל — אש להבה, שוועבל און פעך.

ויהי היום, טרעפט זיך אַ מעשה, איך פאָר איינמאָל אַהיים פון בויבעריק, אָפּגעזעצט דאָס ביסל סחורה, אַ גאַנצן טראַנספּאָרט, קעז און פּוטער און סמעטענע און שאר־ירקות. זיץ איך פאַרטראַכט, ווי דער שטייגער איז, אין הימל־זאַכן, פון דעם, פון יענעם און פון די יעהופּעצער נגידים, וואָס עס גייט זיי, קיין עין־הרע, אַזוי גוט, און פון טוביהן דעם שלימ־מזל מיט זיין פערדל, וואָס ווערט כל ימיו פאַרשוואַרצט, וכדומה נאָך אַזעלכע ענינים. זומער, די זון באַקט, די פליגן בייסן, און די וועלט אַרום און אַרום איז מחיה, גרויס, אָפן, כאָטש הויב זיך אויף און פלי, כאָטש צי זיך אויס און שווים!...

דערווייל, איך טו אַ קוק — אַ בחורל שפּאַנט זיך מיט די רגלים איבערן זאַמד, האַלט אַ פּעקל אונטערן אָרעם און שוויצט, פּאָכט מיט דער נשמה. „יעמוד החתן רב יאָקל בן פלעקל! — זאָג איך צו אים — זעץ דיך אויף, הער נאָר, וועל איך דיך אַביסל אונטערפירן, איך פאָר במילא ליידיק. ווי שטייט דאָרטן, זאָג איך, ביי אונז געשריבן: דיין חברס אייזל אַז דו באַגעגנסט, איז עזוב תעזוב — דאַרפסטו אים נישט פאַרלאָזן, היינט לא־כל־שכן אַ מענטש"... לאַכט ער, דער שלימ־מזל, און לאָזט זיך דווקא לאַנג נישט בעטן און קריכט אַריין אין וועגעלע. „פון וואַנען, זאָג איך, שפּאַנט דאָס, למשל, אַ בחורל?" „פון יעהופּעץ". „וואָס האָט, זאָג איך, אַזאַ בחורל ווי דו צו טאָן אין יעהופּעץ?" „אַזאַ בחורל ווי איך, זאָגט ער, גיט אָפּ עקזאַמענט." „אויף וואָס, זאָג איך, שטודירט אַזאַ בחורל ווי דו?" „אַזאַ בחורל ווי איך, זאָגט ער, ווייסט נאָך אַליין ניט, אויף וואָס ער שטודירט". „אם כן, זאָג איך, וואָס־זשע דולט זיך אַזאַ בחורל ווי דו אומזיסט דעם קאָפּ?" „זאָרגט זיך נישט, רב טוביה, אַזאַ בחורל ווי איך, זאָגט ער, ווייסט שוין, וואָס ער האָט צו טאָן". „זאָג מיר נאָר, זאָג איך, וויבאַלד, אַז איך בין דיר שוין יאָ באַקאַנט, טאָ ווער ביסטו, למשל?" „ווער איך בין? איך בין, זאָגט ער, אַ מענטש". „איך זע, זאָג איך, אַז נישט קיין פערד; איך מיין וועמענס ביסטו?" „וועמענס, זאָגט ער, זאָל איך זיין? איך בין גאָטס". „איך ווייס, זאָג איך, אַז גאָטס; עס שטייט, זאָג איך, ביי אונז געשריבן: כל החיה וכל הבהמה. איך מיין, זאָג איך, פון וואַנען שטאַמסטו, צי ביסטו אַן אונזעריקער, צי אפשר פון דער ליטאָ?" „שטאַמען, זאָגט ער, שטאַם איך פון אָדם הראשונען און אַליין בין איך, זאָגט ער, אַ היגער. איר קענט מיך". „ווער־זשע, זאָג איך, איז דער טאַטע דיינער? לאָמיר שוין הערן!" „מיין טאַטע, זאָגט ער, האָט געהייסן פּערטשיק". „טפו זאָלסטו ווערן! האָסטו, זאָג איך, באַדאַרפט אַזוי לאַנג מוטשען? ביסטו, הייסט עס, פּערטשיק דעם פּאַפּיראָסניקס אַ זונדל?" בין איך, זאָגט ער, פּערטשיק דעם פּאַפּיראָסניקס אַ זונדל". „און שטודירסט, זאָג איך,

אין די קלאַסן?" „און שטודיר, זאָגט ער, אין די קלאַסן". „נו־נו, מהיכי־תיתי, זאָג איך, אָדם אַ מענטש, צפור אַ פויגל, קאַטשקע רוק זיך. זאָג־זשע מיר, זאָג איך, תכשיט מיינער, פון וואָס, למשל, לעבסטו, אשטייגער?" „פון דעם, זאָגט ער, וואָס איך עס". „אָהאָ, זאָג איך, גאַנץ גוט; וואָס־זשע, זאָג איך, עסטו?" „אַלצדינג, זאָגט ער, וואָס מע גיט מיר". „איך פאַרשטיי, זאָג איך, ביסט נישט קיין איבערקלייבער: אַז ס'איז דאָ וואָס צו עסן, עסטו, און אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו עסן, פאַר־בייסטו מיט אַ ליפּ און לייגסט זיך שלאָפן אַ ניכטערער. נאָר וואָס דען, זאָג איך, ס'איז אַלצדינג כדאי, אַבי שטודירן אין די קלאַסן, זאָג איך; גלייכסט זיך, זאָג איך, צו די יעהופּיצער נגידים, ווי אין פּסוק שטייט: כולם אהובים, כולם ברורים"... אַזוי זאָג איך צו אים מיט אַ פּסוק און מיט אַ מדרש, ווי טוביה קאָן. מיינט איר דאָך, אַז ער שווייגט מיר אָפּ, פערטשיק הייסט עס? „ניט דערלעבן, זאָגט ער, וועלן די נגידים, אַז איך זאָל זיך צו זיי גלייכן! איך האָב זיי, זאָגט ער, אין דער ערד!" „ביסט מיר עפּעס שטאַרק, זאָג איך, אויפגעטראָגן, זאָג איך, אויף די נגידים? איך האָב מורא, זאָג איך, אויב זיי האָבן זיך ניט צעטיילט, זאָג איך, מיט דיין טאַטנס ירושה". „זאָלט איר טאַקע וויסן, זאָגט ער, אַז איך און איר און מיר אַלע, קאָן זיין, האָבן אַ גרויסן חלק ביי זיי אין דער ירושה". „ווייסטו וואָס, זאָג איך, לאָזן שוין דיינע שונאים רעדן פאַר דיר. איך זע אַרויס, זאָג איך, נאָר איין זאַך, אַז דו ביסט אַ אינגל נישט קיין פאַר־פאַלענער, און אַ צונג באַדאַרף מען דיר נישט פּיקען; אויב דו וועסט, זאָג איך, האָבן צייט, קאָנסטו זיך אַריינכאַפּן צו מיר היינט אויף דער נאַכט, וועלן מיר אַביסל שמועסן, און טאַקע, בדרך הליכה, כאַפּן מיט אונז אַ וועטשערע"...

אַוודאי האָט זיך מיינער נישט געלאָזט איבערחזרן די ווערטער און איז געקומען צו גאַסט, געטראָפן אַקוראַט צום סמיטשיק, בשעת דער באָרשט איז געשטאַנען אויפן טיש, און די מילכיקע קנישעס אין אויוון האָבן זיך נאָך געפּרעגלט. „דו האָסט, זאָג איך צו אים, אַ לעבעדיקע שוויגער; קאָנסט זיך, זאָג איך, גיין וואַשן, און אַז ניט, קאָנסטו, זאָג איך, עסן אומגעוואַשן, איך בין ניט גאָטס סטראַפּטשע, זאָג איך, מיך וועט מען אויף יענער וועלט פאַר דיר ניט שמייסן". אַזוי שמועס איך מיך אויס מיט אים, און פיל, אַז עס ציט מיך עפּעס צו דעם דאָזיקן מענטשל, וואָס — ווייס איך אַליין ניט, נאָר עס ציט; איך האָב ליב, פאַרשטייט איר, אַ מענטשן, וואָס מען קאָן מיט אים רעדן אַ וואָרט; אַמאָל אַ פּסוק, אַמאָל אַ מדרש, אַמאָל אַ שטיקל חקירה אין הימל־זאַכן, דאָס, יענעס, בוידעם, קלאָץ, לאָקש, ציבעלע. אָט אַזאַ מענטש איז טוביה. פון יענער צייט אָן האָט מיין בחור אָנגעהויבן אַריינקומען צו מיר כמעט אַלע טאָג. אָפּגע־

פאַרטיקט זיך מיט די „שטונדן", פלעגט ער קומען צו מיר זיך אָפּרוען
און אַביסל פאַרברענגען. מאָלט אייך, אַז אָך און ווי איז געווען צו אים
מיט זיינע שטונדן אינאיינעם, אַז בסך־הכל, דאַרפט איר וויסן, ביי אונז
דער גרעסטער נגיד איז געוואוינט צו צאָלן גאַנצע ח"י גילדוינים, אי דאָס,
זאָל דער לערער אים העלפן לייענען דעפּעשן, שרייבן אַדרייסים און טאַקע
פאָלגן אַ גאַנג אויך, פאַרוואָס נישט? אַ שטיקל גליק כאָטש, וואָס גע־
געסן האָט ער, אייגנטלעך, ביי מיר, און דערפאַר האָט ער אונטערגעקנעלט
מיט מיינע טעכטער, ווי זאָגט ער: עין תחת עין — אַ פּאַטש פאַר אַ
פּאַטש; און אָט אַזוי איז ער געוואָרן ביי אונז אין שטוב אַ גאַנצער בן־
בית; די קינדער האָבן אים אונטערגעטראָגן אַ גלעזל מילך, און מיין
אַלטע האָט אַכטונג געגעבן, ער זאָל האָבן אַ העמד אויפן לייב מיט אַ פּאָר
זאָקן גאַנצע — און טאַקע דעמאָלט האָבן מיר עס אים געקרוינט מיטן
נאָמען „פעפערל", איבערגעמאַכט, הייסט דאָס, אויף אידיש פון פערטשיק.
מע קאָן זאָגן, אַז מיר האָבן אים אַלע ליב געקראָגן עפּעס גאָר ווי אַן איי־
גענעם, מחמת בטבע איז ער, דאַרפט איר וויסן, דווקא נישקשה פון אַ
מענטשל, אַ פּשוטער, אַ פּראָסטער חי־וקים, הייסט דאָס, שלי שלך, שלך
שלי, מיינס דיינס — הפקר ציבעלעס...

פאַר איין זאַך נאָר האָב איך אים פיינט געהאַט: פאַר זיין פאַר־
פאַלן ווערן. פּלוצים פּלעגט ער זיך אויפהויבן, אַוועקגיין, און והילד
איננו — נישטאָ פעפערל! „וואו ביסטו געווען, מיין טייערער שפּיל־
פויגל?" שווייגט ער ווי אַ פיש... איך וויים נישט, ווי אַזוי איר —
איך האָב פיינט אַ מענטשן מיט סודות; איך האָב ליב, ווי זאָגט ער:
וידבר — גערעדט און ויאמר — געזאָגט. דערפאַר האָט ער אָבער אַ
מעלה: צערעדט ער זיך שוין, איז מי באש ומי במים — פאַר פייער
און פאַר וואַסער. אַ פּיסק — ניט געדאַכט זאָל ער ווערן! רעדט על
ה' ועל משיחו, און אויף „ננתקה"... און דער עיקר טאַקע — אויף
„ננתקה"... מיט פּלאַנען אַלץ אַזעלכע ווילדע, קרומע, משוגענע געננ,
עפּעס אַלצדינג, לאַקירדע, פאַפּעריק, מיט די פים אַרויף. למשל, אַ נגיד,
קומט אוים, נאָך זיין משוגענעם, פאַרקערטן שכל, איז אָפּגעפּרעגט, און
אַ קבצן איז, פאַרקערט, אַ גאַנצער צימעס, און ווער שמועסט אַ בעל־
מלאכה — דער איז גאָר דאָס אויבערשטע פונ'ם שטייסל, טייערער פון
חרוסת, מחמת יגיע כפּיך, זאָגט ער, דאָס איז דער עיקר. „פונדעסטוועגן,
זאָג איך, צו געלט, זאָג איך, קומט דאָס נישט?" ווערט ער מלא כעס און
וויל מיר איינדרינגען, אַז געלט איז אַ שחיטה פאַר דער וועלט; פון
געלט, זאָגט ער, נעמען זיך אַלע פאַלשקייטן אויף דער וועלט, און אַלצ־
דינג, זאָגט ער, וואָס סע טוט זיך אויף דער וועלט, טוט זיך עס נישט
על־פּי יושר. און ער ברענגט מיר צען טויזנט ראיות און משלים, וואָס

קלעפּן זיך ביי מיר, ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט... „קומט אויס, נאָך דיין משוגענעם שכל, זאָג איך, אַז דאָס, וואָס מיין בהמה מעלקט זיך, און דאָס, וואָס מיין פערדל פאַרט, איז אויך נישט על־פּי יושר?"... וכדומה נאָך אַזעלכע קלאָץ־קשיות פרעג איך אים און שטעל אים אָפּ אויף יעדן טריט, ווי טוביה קאָן! מיין פּעפּערל אָבער קאָן אויך, נאָך אַ מין קאָנען! הלוואַי וואָלט ער אַזוי נישט קאָנען ווי ער קאָן! און האָט ער עפּעס אויפן הארצן, אַזוי זאָגט ער דאָס אַרויס! איינמאָל זיצן מיר אַזוי פאַרנאַכט ביי מיר אויף דער פּריזבע און חקירהן אַלץ מכח די דאָ־זיקע ענינים, פילאָזאָפיע הייסט דאָס. רופט ער זיך אָן צו מיר, פּעפּערל, הייסט עס: „איר ווייסט, רב טוביה? איר האָט טעכטער, רב טוביה, זייער געראָטענע". „טאַקע באמת? — זאָג איך — אַ דאַנק דיר פאַר דער בשורה; זיי האָבן, זאָג איך, אין וועמען געראָטן צו זיין". „איינע, זאָגט ער צו מיר ווייטער, די עלטערע, די איז גאָר, זאָגט ער, אַ בר־דעת, אַ פאָלנע מענטש". „איך ווייס עס אָן דיר, זאָג איך, דאָס עפּעלע, זאָג איך, פאַלט נישט ווייט פון'ם בוימעלע". אַזוי זאָג איך צו אים, און דאָס הארץ, געוויינטלעך, וואַקסט פאַר תענוג, וואָרום וואָסער פאָטער, איך בעט אייך, האָט נישט ליב, אַז מע לויבט אים זיינע קינדער? גיי זיי אַ נביא, אַז פון אַזאַ מין לויבעניש וועט גאָר אַרויסשפּרינגען אַ פאַרקאָכעניש, זאָל גאָט שומר ומציל זיין! איר מעגט דאָס האָרכן.

בקיצור, ויהי ערב ויהי בוקר — געווען איז דאָס צווישן טאָג און נאַכט, פאָר איך מיר אַזוי מיט מיין וועגעלע פון די בויבעריקער דאַטשעס, צוריקוועגס אַהיים, און שמיים דאָס פערדל און שמועס מיך דורך מיט דעם אויף פערדיש לשון: „לסוסתי, זאָג איך צו דעם, וויאָ! אַנו, מאַך נאָר, זאָג איך, מיט די רגלים אַביסעלע גיכער, באַקומסטו דיין פּאָרציע האָ־בער, וואָרום אין קמח אין תורה — שטייט ביי אונז געשריבן, — אַז מע שמירט ניט, פאָרט מען ניט"...

און ווי איך רעד מיר דאָ אַזוי מיט מיין פערדל, זע איך, פון וואַלד אַרויס שניידט זיך אַ פּאָרל, צוויי מענטשן, ניכר, אַ זכר מיט אַ נקבה. גיין גייען זיי נאָענט, האַרט איינער צום אַנדערן, און מען רעדט עפּעס זייער געשמאַק. ווער קאָן דאָס זיין פּלוצים אין מיטן דרינען? — קלער איך מיר און קוק מיך איין דורך די פייערדיקע ריטער פון דער זון — איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז ס'איז פּעפּערל! מיט וועמען־זשע גייט ער דאָס, דער שלים־מזל, אַזוי שפּעט? איך פאַרשטעל מיך מיט דער האַנט פון דער זון און קוק מיך איין נאָך שטאַרקער: **ווער איז די נקבה?** אוי! דאַכט זיך, האָדל? יאָ, ס'איז זי, ווי איך בין אַ איד, ס'איז זי!... אַזוי? אָט דאָס האָט מען אַזוי געשמאַק געלערנט גראַמאַ־טיקעס, געלייענט ביכלעך?! אוי, טוביה, ביסטו אַ בהמה! — אַזוי

טראַכט איך מיר, און שטעל אָפּ דאָס פֿערדל און רוף זיך אָן צו מיינע לייט: „אַ גוטן אָוונט אײַך, זאָג איך, וואָס הערט זיך עפּעס מכּוח מלחמה? ווי קומט איר, זאָג איך, פּלוצים גאָר אַהער? אויף וועמען קוקט איר דאָ אַרוים? אויפֿן נעכטיקן טאָג?“... דערהערט אַזאַ מין ברוך־הבאָ, איז מיין פּאָרל געבליבן שטיין, ווי זאָגט ער, לא בשמים ולא באָרץ, דאָס הייסט: נישט אַהין, נישט אַהער, מחילה צעדרייט און רויטלעך אויפֿן פּנים... געשטאַנען אַזוי אַ פּאָר מינוט אָן ווערטער, לאָזט מען אַראָפּ די אויגן, נאָכדעם הויבט מען אָן קוקן אויף מיר, איך אויף זיי, זיי ביידע איינס אויף דאָס אַנדערע.

„נו? — זאָג איך — עפּעס באַטראַכט איר מיך, זאָג איך, גלייך אַזוי ווי איר האָט מיך שוין לאַנג נישט געזען. איך בין, דאַכט מיר, דער אייגענער טוביה, זאָג איך, וואָס געווען, נישט געמינערט אַ האָר“. אַזוי מאַך איך צו זיי האַלב פֿאַרדראָסיק און האַלב אויף קאַטאָוועס. רופֿט זיך אָן צו מיר די טאָכטער מיינע, האָדל הייסט דאָס, און ווערט נאָך רויטער ווי פֿריער: „טאַטע, אונז קומט מזל־טוב“. „מזל־טוב אײַך, זאָג איך, מיט מזל זאָלט איר לעבן. וואָס איז די מעשה? איר האָט געפֿונען, זאָג איך, אַן אוצר אין וואַלד? צי איר זענט נאָר וואָס ניצול געוואָרן, זאָג איך, פֿון אַ גרויסער סכּנה?“ „אונז קומט, זאָגט ער, מזל־טוב, מיר זיינען חתן־כּלה“. „וואָס הייסט, זאָג איך, איר זייט חתן־כּלה?“ „חתן־כּלה, זאָגט ער, ווייסט איר נישט וואָס הייסט? חתן־כּלה הייסט, זאָגט ער, איך בין איר חתן, זי איז מיין כּלה“. אַזוי מאַכט ער צו מיר, פּעפּערל הייסט דאָס, און קוקט מיר דווקאָ גלייך אין די אויגן אַריין. איך קוק אים אָבער אויך גלייך אין די אויגן אַריין און מאַך צו אים: „ווען איז געווען ביי אײַך, זאָג איך, דאָס קנס־מאָל? און פֿאַרוואָס האָט איר נישט גערופֿן מיך אויך אויף דער שמחה? איך קער מיך, דאַכט זיך, אָן דאָ אַ שטיקל מחותן, צי ניין?“... איר פֿאַרשטייט, איך לאַך און ווערים עסן מיך, טאָטשען מיין לייב. נאָר גאָר נישט, טוביה איז נישט קיין אידענע, טוביה האָט ליב אויסהאָרכן ביזן סוף... רוף איך מיך אָן צו זיי: „איך פֿאַרשטיי ניט — אַ שידוך אָן אַ שדכן, אָן תּנאים?“ „וואָס דאַרפֿן מיר, מאַכט ער, פּעפּערל הייסט דאָס, שדכנים? מיר זיינען שוין לאַנג, זאָגט ער, חתן־כּלה“. „אַזוי? גאָטס נסים! וואָס־זשע האָט איר, זאָג איך, געשוויגן ביז אַהער?“ „וואָס זאָלן מיר, זאָגט ער, שרייען? מיר וואָלטן אײַך היינט אויך נישט דערציילט, נאָר אַזוי ווי מיר האַלטן אין גיכן ביי צעשיידן זיך, איז ביי אונז געבליבן, מיר זאָלן שטעלן פֿריערט אַ חופּה“... דאָס האָט מיך שוין פֿאַרדראָסן, ווי זאָגט איר: באו מים עד נפש — דערלאַנגט איןביין אַריין! מילאָ, וואָס ער זאָגט: חתן־כּלה — איז נאָך צו דער־לײַדן, ווי שטייט דאָרטן געשריבן: אָהבתי — ער וויל זי, זי וויל אים.

אָבער חופּה? וואָס איז דאָס פאַר ווערטער: שטעלן אַ חופּה? עפּעס תרגום־לשון! ... ווייזן ווייזט אויס, אַז מיין חתן האָט פאַרשטאַנען, אַז איך בין פון דער מעשה אַביסל מטושטש, רופט ער זיך אָן צו מיר: „פאַר־שטייט איר, רב טוביה, די מעשה דערפון איז אַזוי: איך האַלט ביים אָפּפאָרן פון דאַנען". „ווען פאָרסטו?" „אין גיכן". „וואוהין אַשטייגער?" „דאָס קאָן איך אייך, מאַכט ער, נישט זאָגן, ס'איז זאָגט ער, אַ סוד"... איר הערט? ס'איז אַ סוד! ווי געפעלט דאָס אייך אַשטייגער? קומט צוגיין אַ פעפערל, אַ קליינס, אַ שוואַרצס, אַ פאַרזעעניש, פאַרשטעלט זיך פאַר אַ חתן, וויל שטעלן אַ חופּה, האַלט ביים אַוועקפאָרן און זאָגט ניט וואוהין! קאָן ניט צעזעצט ווערן די גאַל? „מילאָ, זאָג איך צו אים, אַ סוד איז אַ סוד; ביי דיר איז גאָלע סודות... גיב מיר אָבער צו פאַרשטיין, ברודערל, אָט דאָס: דו ביסט דאָך אַ מענטש, זאָג איך, פון סאַמע יושר און ביסט איינגעטונקען אין מענטשלעכקייט פון אויבן ביז אַראָפּ, — ווי קומט דאָס, זאָג איך, צו דיר, אַז דו זאָלסט פּלוצים אין מיטן דרינען צונעמען ביי טוביהן אַ טאָכטער און מאַכן זי פאַר אַן עגונה? אָט דאָס הייסט ביי דיר יושר? מענטשלעכקייט? אַ שטיקל גליק, זאָג איך, וואָס דו האָסט מיך נישט באַגנבעט אָדער אונטערגעצונדן..." „טאַטע! — זאָגט זי צו מיר, האָדל הייסט דאָס — דו ווייסט גאָרניט, ווי גליקלעך מיר זייגען, איך און ער, וואָס מיר האָבן דיר אויסגעזאָגט פונ'ם סוד. ס'איז ביי אונז, זאָגט זי, אַראָפּ אַ שטיין פונ'ם האַרצן. קום אַהער, לאָמיר זיך צעקושן". און נישט לאַנג געטראַכט, כאַפּן זיי מיך אַרום ביידע, זי פון איין זייט, ער פון דער אַנדערער זייט, און מען הויבט מיך אָן קושן און האַלזן, זיי מיך און איך זיי, און פון גרויס אימפּעט, אַפּנים, זיי ביידע צווישן זיך דאַוואַי קושן זיך! אַ באַשרייבונג, זאָג איך אייך, אַ טעאַטער מיט זיי! „טאָמער וואָלט שוין געווען, זאָג איך, גענוג קושן זיך? צייט עפּעס רעדן מכוח תכלית?" „מכוח וואָסער תכלית?" זאָגן זיי. „מכח נדן, זאָג איך, מלבושים, הוצאות־החתונה, דאָס, יענעם, לאָקש, בוידעם, ציבעלע." „מיר דאַרפן נישט, זאָגן זיי, גאָרנישט ניט, נישט קיין לאָקשן, נישט קיין בוידעם, נישט קיין ציבעלעס". „וואָס־זשע דען, זאָג איך, דאַרפט איר יאָ?" „מיר דאַרפן, זאָגן זיי, נאָר חופּה וקדושין"... איר הערט ווערטער? ...

בקיצור, איך וועל אייך ניט מאַריך זיין, עס האָט מיר געהאָלפן, ווי דער פאַראַיאָריקער שניי — מען האָט געשטעלט אַ חופּה. אַלץ הייסט אַ חופּה! אַוודאַי, וואָס זאָלט איר קלערן, נישט אַזאַ חופּה, ווי טוביהן שטייט אָן. אויך מיר אַ חופּה! ... אַ שטילע חתונה. אָך און וויי! און דערצו איז נאָך פאַראַן אַ ווייב, ווי זאָגט איר: אויף אַ מכה אַ בלאָטער. מוטשעט זי, איך זאָל איר נאָר זאָגן, וואָס איז דאָס עפּעס אַזוי כאַפּ־לאַפּ, בחיפּזונדיק? נו, גייט גיט צו פאַרשטיין אַ אידענע, אַז סע ברענט! וואָס

טויג אייך, איך האָב איר געמוזט אָפּטאָקן פון דרך־שלום וועגן אַ ליגן הגדול הגבור והנוראָ, אַ מעשה מיט אַ ירושה, אַ רייכע מומע פון יעהופּעץ, נעבטיקע טעג — אַבי זי זאָל מיך לאָזן צורו. און טאַקע באותו היום, דאָס הייסט אַ פּאָר שעה נאָך דער שיינער חופּה, שפּאַן איך איין דאָס פערד און וועגעלע, און מיר זעצן זיך אויף זאַלבעדריט, דאָס הייסט: איך און זי און ער, דער געניידעם מיינער, און הלך משה־מרדכי — מאַרש צו דער באַן קיין בויבעריק. זיצנדיק אַזוי מיט מיין פּאָר־פּאָלק אין וועגעלע, כאַפּ איך מיר אַ קוק מן הצד אויפן דאָזיקן פּאָרל און טראַכט מיר: וואָס פאַר אַ גרויסן גאָט מיר האָבן, און ווי מאָדנע שיין ער פירט זיין וועלטל! און וואָס פאַר אַ מיני משונה נפשות, ווילדע ברואים, עס געפינען זיך ביי אים! אָט האָט איר אייך אַ פּאָר־פּאָלק נאָר־וואָס פון דער נאָדל אַרויס: פּאָרט ער אַוועק, דער גוטער יאָר ווייסט אים וואוהין, און זי בלייבט איבער דאָ — און מע זאָל דאָס לאָזן אַפילו אַ טרער, כאָטש פון יוצא וועגן! נאָר גאָר נישט, טוביה איז נישט קיין אידענע. טוביה האָט צייט, קוקט און שווייגט, וואָס וועט דאָ זיין... זע איך עפּעס אַ פּאָר יונגע לייטלעך, גוטע כתריליקעס, מיט אויסגעטראָטענע שטיוול, זיינען אַרויס־געקומען צו דער באַן זיך געזעגענען מיט מיין שפּיל־פויגל. איינער פון זיי איז געגאַנגען עפּעס ווי אַ שייגעץ, איך בעט איבער אייער כבוד, מיטן העמדל איבער די הויזן, און האָט עפּעס געשושקעט זיך מיט מיינעם שטילערהייט. „זע נאָר, טוביה, טראַכט איך מיר, צי האָסטו זיך ניט אַריינגעכאַפּט דאָ צווישן אַ חברה פערד־גנבים, בייטל־שניידערס, שלעסער־ברעכער, אָדער פאַלשע מאָנעטשיקעס?“

פאָרנדיק צוריק מיט מיין האָדלען פון בויבעריק אַהיים, קאָן איך מיך נישט איינהאַלטן און זאָג איר אַרויס דעם דאָזיקן געדאַנק גאַנץ אָפּנטלעך. צעלאַכט זי זיך און וויל מיר איינרעדן, אַז ס'איז לויטער פיינע מענטשלעך, ערלעכע, לעצט־ערלעכע לייט, וואָס זייער גאַנץ לעבן איז נאָר פון יענעמס וועגן, זיך האָבן זיי נישט אין זינען, אַפילו אין דער לינקער פּיאַטע... „אָט אָ יענער, זאָגט זי, וואָס מיטן העמדל, דער איז גאָר אַ טאַטנס אַ קינד; ער האָט, זאָגט זי, אַוועקגעוואָרפן רייכע טאַטע־מאַמע אין יעהופּעץ, וויל נישט נעמען ביי זיי קיין צעבראָכענעם גראָשן“. „אַזוי? גאָטס וואונדער! — זאָג איך — טאַקע זייער אַ פיין בחורל, כ'לעבן! צום העמדל, וואָס ער גייט איבער די הויזן, מיט די לאַנגע האָר, ווען גאָט העלפט אים נאָך אַ האַרמאָניע, אָדער אַ הונט זאָל אים נאָכלויפן פון הינטן, דעמאָלט האָט דאָס שוין גאָר דעם זיבעטן חן!...“ אָט אַזוי רעכן איך זיך אָפּ מיט איר שוין פאַר אים אויך, און לאָז אויס מיין גאַנץ ביטער האַרץ, הייסט דאָס, צו איר נעבעך... און זי? גאָר נישט! אין אסתר מגדת — מאַכט זיך תמעוואַטע. איך איר: „פּעפּערל“, און זי מיר:

„טובת־הכלל, ארבעטער, נעכטיקע טעג...״ „וואָס טויג מיר, זאָג איך, אייער טובת־הכלל מיט אייערע ארבעטן, אז עס גייט צו ביי אייך בסוד? פאַראַן, זאָג איך, א שפּריכוואָרט: וואו א סוד דאָרט איז א גנבה... אמער זאָג מיר גלייך, וואָס איז ער געפּאַרן, פּעפּערל, און וואוהין?״... „אַלצדינג יאָ, זאָגט זי, נאָר דאָס נישט. פרעג זיך, זאָגט זי, בעסער נישט נאָך; גלויב מיר, זאָגט זי, וועסט מיט דער צייט אַליין אַלצדינג וויסן. וועסט, אם ירצה השם, הערן, און אפשר אין גיכן, פּיל נייס, פּיל גוטס!״ „אָמן, זאָג איך, פון דיין מויל אין גאָטס אויערן. נאָר אונזערע שונאים, זאָג איך, זאָלן אזוי וויסן פון זייער געזונט, ווי איך הויב אָן צו פאַרשטיין, וואָס דאָ טוט זיך ביי אייך, און וואָס באַדייט די שפּיל!״... „אָט דאָס איז טאַקי, זאָגט זי, דער אומגליק, וואָס דו וועסט דאָס ניט פאַרשטיין״. „וואָס־זשע, ס׳איז אזוי טיף? מיר דאַכט, זאָג איך, אז איך פאַרשטיי, מיט גאָטס הילף, גרעסערע זאַכן...״ „דאָס לאָזט זיך ניט, זאָגט זי, פאַרשטיין מיטן שכל אַליין, דאָס דאַרף מען, זאָגט זי, פילן, פילן מיטן הארצן.״ אזוי זאָגט זי צו מיר, האָדל, הייסט עס, און דאָס פּנים ביי איר בשעת־מעשה פלאַמט, און די אויגן ברענען. ניט געדאַכט זאָלן זיי ווערן, די טעכטער מיינע! פאַרקאָכן זיי זיך אין עפּעס, איז מיטן הארצן און מיט לייב און לעבן און מיטן גוף און מיט דער נשמה!

בקיצור וועל איך אייך דערציילן, עס גייט אַוועק א וואָך און צוויי און דריי און פיר און פינף און זעקס און זיבן — אין קול ואין כסף — נישטאָ ניט קיין בריוו, ניט קיין ידיעה. „פאַרפאַלן, זאָג איך, פּעפּערל!״ — און כאַפּ א קוק אויף מיין האָדלען. נעבעך קיין טראָפּן בלוט נישטאָ אין איר פּנים, זוכט אויף אַלע מאָל אָן אַנדער שטיקל ארבעט אין שטוב, וויל, וויוזט אויס, פאַרגעסן דורך דעם די גרויסע צרות אירע, נאָר, איר זאָלט זאָגן, זי זאָל דאָס אים אַפילו דערמאָנען! שאַ, שטיל, גלייך ווי ס׳איז גאָר קיינ־מאָל נישט געווען קיין פּעפּערל אויף דער וועלט! נאָר איינמאָל טרעפט זיך א מעשה, איך קום צופאָרן אַהיים, איך זע — מיין האָדל איז פאַר־ווייַנט, גייט ארום מיט אָנגעשוואָלענע אויגן. הויב איך מיך אָן צו דער־פרעגן, ווער איך געוואויר, אז דאָ איז נישט לאַנג געווען עפּעס איינער א שלים־מזל מיט לאַנגע האָר און געסודעט זיך עפּעס מיט איר, מיט האָדלען, הייסט עס, „אהאַ! — טראַכט איך מיר — דאָס איז יענער חברה־מאַן, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפן רייכע טאַטע־מאַמע און האָט אראָפּגעלאָזט דאָס העמדל איבער די הויזן...״ און נישט לאַנג געטראַכט, רוף איך ארויס מיין האָדלען פון שטוב אין הויף ארויס און טו זי א כאַפּ גלייך אויף דער ווענטקע: „זאָג מיר נאָר, טאָכטער, האָסט שוין פון אים א גרוס?״ „יאָ״. „וואו איז ער ערגעץ, דיין באַשערטער?״ „ער איז, זאָגט זי, ווייט״. „וואָס טוט ער?״ „ער זיצט!״ „ער זיצט?״ „ער זיצט״. „וואו זיצט ער? פאַר־

וואָס זיצט ער?״ — שווייגט זי. קוקט מיר גלייך אין די אויגן אריין און שווייגט. „זאָג מיר נאָר, טאָכטער מיינע, זאָג איך, וועדליג איך פאַרשטיי, זיצט ער נישט פאַר קיין גנבה; פאַרשטיי איך ניט דעם שכל, אַז וויבאַלד קיין גנב ניט און קיין שווינדלער ניט, היינט פאַר וואָס־זשע זיצט ער, פאַר וואָסערע מעשים טובים...״ שווייגט זי — אין אסתר מגדת... האָב איך מיך מיישב געווען: זאָגסט ניט, דאַרף מען ניט; ער איז דאָך דיין שלים־מזל, ניט מיינער. אַ שיינע ריינע כפּרה! נאָר אינווייניק אין האַרצן טראָג איך אַ ווייטיק, איך בין פאָרט אַ פאָטער, ווי מיר זאָגן אינ׳ם דאַווגען: כרחם אָב על בנים — אַ פאָטער בלייבט אַ פאָטער.

בקיצור, געווען איז דאָס הושענאָ־רבה אויף דער נאַכט. יום־טוב איז ביי מיר אַ מנהג, איך רו מיך אָפּ, און אויך דאָס פערדל רוט זיך ביי מיר אויס, ווי אין דער תורה שטייט געשריבן: אתה — דו, ושורך — און דיין ווייב, וחמורך — און דיין פערדל... און אַגב איז שוין אין בויבעריק כמעט נישטאָ וואָס צו טאָן: טוט מען אַ בלאָז מיטן שופר, אַזוי צעלויפן זיך אַלע דאַטשניקעס, ווי די מייז אין אַ הונגער, און בויבעריק ווערט אַ פּוסטקע. דעמאָלט האָב איך ליב צו זיצן אין דערהיים, ביי זיך אויף דער פריזבע. פאַר מיר איז עס דאָס בעסטע שטיקל צייט. די טעג זיינען געשענקטע. די זון באַקט שוין ניט, ווי אַ קאַלך־אויוון, נאָר זי גלעט מיט אַ מין ווייכקייט, מחיה־נפשות. דער וואַלד איז אַלץ נאָך גרין, די סאָסנעס הערן ניט אויף צו שמעקן מיט סמאָלע, און עס דאַכט זיך מיר, אַז דער וואַלד קוקט יום־טובדיק, ווי גאָטס אַ סוכה, אַ סוכה פאַר גאָט. אָט דאָ, טראַכט איך מיר, האַלט גאָט סוכות; דאָ, ניט אין שטאָט, וואו סע טאַראַראַמט, און מענטשן לויפן הין און הער, פּינען מיט דער נשמה, יאָגן זיך נאָכן שטיקל ברויט, און מע הערט נאָר געלט און געלט און געלט!... און ווער שמועסט אויף דער נאַכט, הושענאָ־רבה, למשל, — איז דאָך גאָר אַ גן־עדן: דעמאָלט איז דער הימל בלוי, די שטערן פינקלען, שעמערירן, בייטן זיך, פּינטלען, ווי להבדיל, אַ מענטש מיט די אויגן; און אַמאָל, מאַכט זיך, פליט דורך אַ שטערן פייל אויסן בויגן, לאָזט איבער נאָך זיך אויף אַ רגעלע אַ גרינעם פּאַס — דאָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ שטערנדל, געפאַלן עמיצנס מזל. וואָרום וויפל שטערן, אַזוי פיל מזלות... אידישע מזלות... „עס זאָל כאָטש ניט זיין מיין פינצטער מזל״, — טראַכט איך מיר, און עס קומט מיר אויפן געדאַנק האָדל. שוין פון עטלעכע טעג, אַז זי איז עפּעס ווי אויפגעמונטערט, לעבעדיקער געוואָרן, גאָר אַן אַנדער פּנים באַקומען. עמיצער האָט איר געבראַכט אַ בריוול, אַפּנים, פון אים טאַקע, פון איר שלים־מזל. ווילן ווילט זיך מיר זייער וויסן, וואָס ער שרייבט איר, נאָר פרעגן וויל איך נישט; זי שווייגט, שווייג איך אויך, פּתח־שין שאַ! טוביה איז נישט קיין אידענע; טוביה האָט צייט...

דערווייל, אזוי ווי איך טראַכט פון האָדלען, קומט זי אָן, האָדל הייסט עס, זעצט זיך צו לעבן מיר אויף דער פּריזבע, קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטן און רופט זיך אָן צו מיר שטילערהייט: „הערסטו, טאַטע? איך דאַרף דיר עפּעס זאָגן: היינט געזעגענען מיר זיך אָפּ מיט דיר... אויף שטענדיק...״

אזוי זאָגט זי צו מיר שטיל, קוים וואָס מע הערט, און קוקט אויף מיר מיט אַ מאָדנעם מין קוק, מיט אַזאַ קוק, וואָס איך וועל אים אייביק נישט פאַרגעסן. און בשעת־מעשה פליט מיר דורך אַ מחשבה אין קאָפּ: „זי וויל זיך טרינקען״...

„וואָס הייסט, זאָג איך, דו געזעגנסט זיך אָפּ מיט מיר אויף שטענדיק?״ — אזוי מאַך איך צו איר און קוק אַראָפּ, זי זאָל ניט זען ווי איך בין טויט. „דאָס הייסט, זאָגט זי, איך פאָר, זאָגט זי, אַוועק, מאָרגן, זאָגט זי, גאַנץ פרי, מיר וועלן זיך שוין מער קיינמאָל ניט זען... קיינמאָל ניט...״

דערהערט די דאָזיקע ווערטער, איז מיר געוואָרן גרינגער אויף דער נשמה. דאַנקען גאָט דערפאַר, טראַכט איך מיר, ווי זאָגט ער: גם זו לטובה — עס קאָן זיין ערגער, בעסער האָט קיין שיעור ניט... „וואוהין, למשל, פאָרסטו, אויב איך האָב, זאָג איך, די זכיה צו וויסן?״ „איך פאָר, זאָגט זי, צו אים״. „צו אים? — זאָג איך — וואו איז ער דען אַצינדערט?״ „לעת־עתה, זאָגט זי, זיצט ער נאָך; נאָר אין גיכן שיקט מען אים אַוועק״. „פאָרסטו, הייסט דאָס, זיך געזעגענען מיט אים?״ — אזוי זאָג איך צו איר און מאַך זיך תמעוואַטע. „ניין, זאָגט זי, איך גיי אים נאָך גלייך אַהין״. „אַהין? — זאָג איך — ווער איז געוועזן דער אַהין? ווי אַזוי הייסט דאָס אָרט?״ „מע ווייסט נאָך נישט אַקוראַט, זאָגט זי, ווי אַזוי דאָס אָרט הייסט, נאָר ווייט איז דאָס זייער, זאָגט זי, ווייט מיט סכנות־נפשות״...

אזוי זאָגט זי צו מיר, האָדל הייסט עס, און עס מאָלט זיך מיר אויסעט, אַז זי רעדט דאָס מיט גדלות, מיט גרויסקייט, גלייך ווי ער וואָלט דאָ אָפּגעטאָן עפּעס אַזעלכעס, וואָ סע קומט אים דערפאַר אַ מעדאַל פון אַ פּוד אייזן!... וואָס ענטפערט מען איר, למשל, אויף אַזאַ זאַך? פאַר אַזאַ זאַך נעמט אַ פאָטער און בייזערט זיך אויס אויף אַ קינד, שענקט אַ פּאָר פּעטש, אָדער ער בטלט אויס אַלע בייזע וויסטע חלומות. טוביה איז אָבער ניט קיין אידענע. איך גיי מיט דעם גאַנג, אַז כעס איז עבודה־זרה. רוף איך מיך אָן צו איר מיט אַ פּסוק, ווי געוויינלעך: „איך זע אַרויס, זאָג איך, טאָכטער מיינע, אַז דו ביסט מקיים, ווי אין דער הייליקער תורה שטייט געשריבן: על כן יעזוב — וואַרפסט אַוועק צוליב אַ פּעפּערל

טאַטע־מאַמע, זאָג איך, און לאָזט זיך אַוועק אין אַן אָרט, וואָס מען ווייסט ניט וואו, ערגעץ אין די מדבריות, אַפּנים, אויפֿן פֿאַרגליווערטן ים, דאָרט וואו אלכסנדר מוקדון, זאָג איך, איז געפֿאָרן אויפֿן אָקרענט און פֿאַר־בלאָנדזשעט אויף אַ ווייטער וויספּע, זאָג איך, צווישן ווילדע מענטשן, ווי איך האָב געלייענט, זאָג איך, אַמאָל אין א מעשה־ביכל”...

אַזוי זאָג איך צו איר האַלב אויף קאַטאָוועס און האַלב מיט כעס, און דאָס האַרץ בשעת־מעשה וויינט, נאָר טוביה איז נישט קיין אידענע; טוביה האַלט זיך אַיין. און זי, האָדל הייסט עס, פֿאַלט נישט אַראָפּ ביי זיך; ענטפֿערט מיר אָפּ על ראשון ראשון, און שטיל, נישט געכאַפּט און באַטראַכט; טוביהס טעכטער קאָנען רעדן...

און כאָטש איך האַלט דעם קאָפּ אַראָפּ און די אויגן צו, פֿונדעסט־וועגן דאַכט זיך מיר, אַז איך זע זי, האָדלען הייסט עס, איך זע — איר פּנים איז פּונקט אַזוי ווי די לבנה, בלאַס און מאַט, און דאָס קול אירס, מאָלט זיך מיר אויס, איז עפּעס ווי פֿאַרדומפּן, ציטערט... זאָל איך איר, אַשטייגער, פֿאַלן אויפֿן האַלז, בעטן, חלשן פֿאַר איר, זי זאָל נישט פֿאָרן? ווייס איך, אַז ס'איז ארויסגעוואָרפֿן. ימח שמם זאָלן זיי ווערן, טאַקי די טעכטער מיינע, — פֿאַרקאָכן זיי זיך אין עמיצן, איז מיטן גוף און מיט דער נשמה און מיטן האַרצן און מיט לייב און לעבן!

בקיצור, מיר זיינען אָפּגעזעסן אַזוי אויף דער פּריזבע אַ היבש שטיק צייט, לאָז זיך אייך דאַכטן, כמעט די גאַנצע נאַכט. מער געשוויגן ווי גערעדט, און דאָס, וואָס מיר האָבן גערעדט, איז אויך געווען כמעט ווי נישט גערעדט, האַלבע ווערטער... זי האָט גערעדט, און איך האָב גערעדט. איך פֿרעג זי נאָר איין זאַך: וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַ מיידל זאָל נעמען און חתונה האָבן פֿאַר אַ בחור צוליב דעם, זי זאָל אים קאָנען נאָכגיין אין אַלדע שוואַרצע יאָר? ענטפֿערט זי מיר: „מיט אים איז אַלץ איינס, אַפּילו אין אַלדע שוואַרצע יאָר”. גיב איך איר, גע־וויינטלעך, צו פֿאַרשטיין מיטן שכל, ווי נאַריש דאָס איז. גיט זי מיר צו פֿאַרשטיין מיט איר שכל, אַז איך וועל דאָס קיינמאָל נישט פֿאַרשטיין. ברענג איך איר א משל מיט אַ הון, אַ קוואָקע, וואָס האָט אויסגעזעסן קאַטשקעלעך. די קאַטשקעלעך האָבן זיך נאָר אויפֿגעכאַפּט אויף די פיסלעך, האָבן זיי זיך געלאָזט אויפֿן וואַסער, און די קוואָקע נעבעך קוואָקעט. „וואָס, זאָג איך, וועסטו זאָגן, זאָג איך, דערויף, טאָכטער לעבן?” „וואָס, זאָגט זי, זאָל איך דערויף זאָגן? ס'איז אַוודאַי אַ רחמנות, זאָגט זי, אויף דער קוואָקע; נאָר צוליב דעם, זאָגט זי, וואָס די קוואָקע קוואָקעט, זאָלן די קאַטשקעלעך ניט שווימען?”... איר פֿאַרשטייט דיבורים? טוביהס טאָכטער רעדט נישט גלאַט...

און דערווייל די צייט שטייט נישט. עס הויבט שוין אָן צו שאַריען אויף טאָג. די אַלטע אין שטוב וואָרטשעט. זי האָט שוין עטלעכע מאָל געשיקט זאָגן, אַז ס'איז שוין צייט מאַכן נאַכט, און געזען אַז עס העלפט איר נישט, האָט זי אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורכן פענצטער און מאַכט צו מיר, מיט אַ שיינעם „יברכך", געוויינטלעך: „טוביה! וואָס טראַכסטו זיך?" „לאָז זיין שטיל, זאָג איך, גאָלדע, ווי אין פּסוק שטייט: למה רגשו! האָסט פאַרגעסן, אַפּנים, אַז ס'איז היינט הושענא־רבה? הושענא־רבה, זאָג איך, ווערט אונז אָנגעחתמעט דאָס גוטע קוויטל, הושענא־רבה דאַרף מען זיין אויף. פאָלג מיך, גאָלדע, זאָג איך, דו נעם, זיי מוחל, צעבלאָז נאָר דעם סאַמאָוואַר, זאָג איך, און לאָז זיין טיי, און איך וועל גיין דערווייל שפּאַנען דאָס וועגעלע. מיר פאָרן מיט האָדלען צום באַן." און ווי דער שטייגער איז, טאָק איך איר אָפּ אַ שפּאָגל־נייעם ליגן, אַז האָדל פאָרט אַוועק קיין יעהופּעץ, און פון דאָרטן נאָך ווייטער, אַלץ מכוח יענעם עסק, מכוח דער ירושה הייסט דאָס, און עס קאָן געמאָלט זיין, זאָג איך, אַז זי זאָל שוין דאָרטן בלייבן איבערן גאַנצן ווינטער, און אפשר איבערן ווינטער מיטן זומער מיט נאָך אַ ווינטער; לכן דאַרף מען איר, זאָג איך, מיטגעבן צידה לדרך, אַ ביסל גרעט, אַ קליידל, אַ פּאָר קישנס, ציכלעך, דאָס, יענעם און שאָר־ירקות.

אַזוי קאָמאַנדעווע איך און זאָג אָן, ס'זאָל נישט זיין קיין געוויינען, ס'איז הושענא־רבה אויף דער וועלט. „הושענא־רבה, זאָג איך, טאָר מען ניט וויינען, ס'איז אַ בפירושער דין!" הערט מען דאָך מיך מיטן דין מסתמא, ווי די קאַץ, און מע וויינט דווקא יאָ, און אַז סע קומט צום געזעגענען זיך, ווערט אַ יללה, אַלע וויינען — די מאַמע, די קינדער, און טאַקע זי אַליין, האָדל הייסט דאָס. און וועל כולם, אַז ס'איז געקומען צו דער עלטערער טאָכטער מיינער, צייטל מיין איך (אויף יום־טוב קומט זי צו מיר מיט איר באַשערטן, מיט מאָטל קאַמזויל), האָבן זיך ביידע שוועסטער אַ וואָרף געטאָן איינע דער אַנדערער אויפן האַלז — מע האָט זיי קוים אָפּגעריסן...

נאָר איך איינער האָב מיך געהאַלטן שטאָל און אייזן; דאָס הייסט, עס רעדט זיך נאָר אַזוי — שטאָל און אייזן; אינווייניק קאָכט, ווי אַ סאַמאָוואַר, נאָר יענעם אַרויסבאַווייזן — פּע! טוביה איז דאָך נישט קיין אידענע... דעם גאַנצן וועג קיין בויבעריק שווייגט מען, און אַז מיר האַלטן שוין נישט ווייט פון דער באַן, רוף איך מיך אָן צו איר, זי זאָל מיר זאָגן דאָס לעצטע מאָל, וואָס פאָרט האָט ער געטאָן אַזעלכעס, פּעפּערל הייסט דאָס? ... „איטלעכע זאַך, זאָג איך, באַדאַרף דאָך האָבן עפּעס אַ טעם..." ווערט זי אָנגעצונדן און שווערט מיר מיט כל השבועות שבעולם, אַז ער איז ריין, ווי גינגאָלד. „ער איז, זאָגט זי, אַ מענטש, וואָס קאַטאָרי פאַר

זיך אַרט אים נישט, דאָס גאַנצע טועכץ זיינס איז נאַר, זאָגט זי, יענעמס טובה, דער וועלטס טובה — און דער עיקר פאַר יגיע־כפימניקעס, די בעלי־מלאָכות״ — און גייט זייט אַ חכם און טרעפט, וואָס דאָס הייסט! „זאָרגט ער זיך, זאָג איך צו איר, פאַר דער וועלט? למאַי־זשע, זאָג איך, זאָרגט זיך נישט די וועלט פאַר אים, אַז ער איז יאָ אַזאַ וואוילער בחור? זאָלסט אים כאָטש לאָזן גריסן, זאָג איך, דעם אַלכסנדר מוקדון דיינעם, זאָלסט אים זאָגן, זאָג איך, אַז איך פאַרלאָז מיך אויף זיין יושר, ער איז דאָך אַ מענטש פון סאַמע יושר, זאָג איך, אַז ער וועט מיין טאָכטער מסתמא נישט פאַרפירן, און שרייבן אַמאָל, זאָג איך, אַ בריוול דעם אַלטן טאַטן...״

און אַזוי ווי איך רעד, פאַלט זי מיר נישט פּלוצים אויפן האַלז און הויבט נישט אָן צו וויינען? „לאָמיר זיך, זאָגט זי, געזעגענען. זיי געזונט, טאַטע, גאָט ווייסט, זאָגט זי, ווען מיר וועלן זיך זען!?...״ אָן עק! אָט דאָ האָב איך מיך שוין ניט געקענט איינהאַלטן. עס איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, פאַרשטייט איר, טאַקע די אייגענע האָדל,בשעת זי איז נאָך געווען אַ ברעקל... אַ קינד הייסט דאָס... זי געהאַלטן אויף די הענט... אויף די הענט געהאַלטן... האָט קיין פּאַראיבל נישט, פּאַני, וואָס איך האָב מיך... מעשה אידענע... איר זאָלט ווויסן, הערט איר, וואָס דאָס איז פאַר אַ האָדל, דאָס איז!... איר זאָלט זען די בריוולעך, וואָס זי שרייבט... ס'איז אַ האָדל פון גאָט!... זי איז ביי מיר אָט־אָ־דאָ־אָ, איז זי ביי מיר... טיף, טיף... איך קאָן עס אייך אַזוי פיל נישט אַרויסגעבן...

. . . . . . . . . . . . .





א. רייזען.

# אָרעמע מענטשן

אונזער שכל, אונזער חכמה,
אונז'רע קלוגע, שאַרפע ווערטער
הערט מען נישט אין קיין געזעלשאַפט,
קלינגען נישט אין קיינע ערטער, —

שטאַרבן אָפּ מיט אונז צוזאַמען,
שטאַרבן אָפּ מיט אונז, קבצנים, —
קיינער וויים פון אונזער שכל,
און מיר הייסן די נאַראָנים.

אונזער שיינקייט, גאָטס מתנה,
מערקט נישט קיינער, זעט נישט קיינער,
ביז עס עסט אונז אויף דער דלות,
און מיר בלייבן הויט און ביינער.

און דעריבער, אַז מיר רעדן,
לאָזן מיר אַראָפּ דאָס פּנים,
און די ווערטער שטיל, געוואוינגן,
ווי עס פּאַסט פאַר אונז, קבצנים.

און דעריבער, אַז מיר שטאַרבן,
מאַכט מען נישט קיין גרויסן וועזן,
ווי אַ רויך ווערט גיך פאַרשוואונדן,
ווי נאָר קיינמאָל נישט געוועזן...





י. ל. פּרץ.

# כעס פון אַ אידענע

דאָס קליינע שטיבל איז פאַרחושכט ווי אין איִם דער דלות, אויף וועלכן עס וויינען אַלע פיר ווענט... אינ'ם אָפּגעריסענעם סופיט שטעקט אַ האקן — אַ יתום נאָך אַ געוועזענעם הענג־לייכטער. דער גרויסער אָפּגעשיילטער אויוון איז „אַרומגעגאַרטלט ביי די לענדן" מיט אַ גראָבן זאַק, שטייט איבערגעבויגן אין אַ זייט, און קוקט אַריבער צו זיין פּינצ־טערן שכן — צום ליידיקן שוואַרצן קוימען, אויף וועלכן עס ליגט אַן איבערגעדרייטער טאָפּ מיט אַן אָפּגעבראָכענעם ראַנד, און אין אַ זייט, אַן „עליו־השלום", אַ צעבראָכענער לעפל. דער בלעכענער גיבור האָט געהאַט אַן ערלעכן טויט: ער איז געפאַלן אין דער מלחמה מיט אויסגעדאַרטער, איינגעשפּאַרטער, נעכטיקער קאַשע!

דאָס שטיבל איז איבערגעפילט מיט כלים; עס שטייט אַ הימל־בעט, פאַרהאַנגען מיט צעריסענע פאַרהענגלעך... דורך די לעכער קוקט אַרויס דאָס בעטגעוואַנט, אָן ציכלעך, מיט רויטע פאַרפּעדערטע אויגן. עס שטייט אַ וויגל, פון וועלכן עס שיינט אַרויס אַ גרויס געלבלעך קעפּל פון אַ שלאָפנדיקן קינד... עס שטייט אַ קאַסטן, באַשלאָגן מיט בלעך, מיט אַן אָפענעם הענג־שלאָס, — עס מוז שוין דאַרט קיין גרויס עשירות נישט זיין, — עס שטייט נאָך אַ טיש מיט דריי בענקלעך; דאָס הילצערנע מעבל איז אַמאָל רויט געפאַרבט געוועזן, היינט איז עס טונקל ברודיק... רעכנט נאָך צו: אַ שאַף, אַ פאַמאָיעס־שאַף, אַ פאַס וואַסער, אַ קאָטשערע מיט אַ לאָפּעטע, וועט איר פאַרשטיין, אַז מען קען שוין, אין שטיבל פון ד' על ד', קיין שפּילקע נישט אַריינוואַרפן...

און דאָך זיינען דאָ: אַן ער און אַ זי.

זי — אַ אידענע אין די מיטעלע יאָרן — זיצט אויפן קאַסטן, וואָס פילט אויס דאָס אָרט צווישן הימל־בעט און דער וויג.

זי האָט רעכטס דאָס איינציקע, קליינע, פאַרגרינטע פענצטער; לינקס — דעם טיש. זי אַרבעט אַ זאָק, שאָקלט צו דאָס וויגל מיטן פוס און הערט זיך איין, ווי ער לערנט ביים טיש. און ער לערנט מיט אַ זינגענ־דיק־וואָלאַכיש־וויינענדיקן קול. ער לערנט און באַוועגט זיך אומרואיק, אָפּגעריסן און נערוועז. טייל ווערטער שלינגט ער, טייל ציט ער, טייל כאַפּט ער, טייל היפּערט ער איבער; טייל אָקצענטירט ער און דריקט אויס

מיט ליבשאַפט, טייל שיט ער גלייכגילטיק ארויס, ווי ארבעס פון אַ זאַק; דערביי רוט ער נישט אַ רגע: דאָ כאַפּט ער ארויס פון קעשענע אַן אַמאָל רויט און גאַנץ געוועזענע פאַטשיילע, ווישט זיך די נאָז, דעם שווייס פון פנים און שטערן, באַלד לאָזט ער זי אַראָפּ אויף דעם שוים און כאַפּט זיך קרייזלען די פאות, צופּן דאָס שפּיציקע, ערטערווייז קוים גרוילעכע בערדל... אָט, באַהאַלט ער אַן אויסגעצופּטע האָר אין ספר אריין און הייבט זיך אָן פּאַטשן אויף דער קני, די הענט דערפילן דערווייל די פּאַ־טשיילע, כאַפּן זי און וואַרפן אַ שפּיץ אין מויל אריין; ער בייסט, וואַרפט איבער איין פוס אויפן צווייטן און טוישט אַלע מינוט די פיס.

ביי דער גאַנצער צייט קנייטשט זיך אים זיין בלאַסער שטערן אין דער לענג און אין דער ברייט, עס קנייטשט זיך אויס אַ קמץ איבער דער נאָז. די לאַנגע ברעמען ווערן, אונטער דער איבערגעלייגטער הויט פון שטערן, כמעט פאַרלוירן. דערווייל גיט אים — דאַכט זיך — עפּעס אַ שטאָך אין דער ברוסט; כאַפּט ער און דערלאַנגט זיך מיט דער רעכטער האַנט אויף דער לינקער זייט אַן „על חטא"... אין מיטן כאַפּט ער אַ שמעק־טאַבאַק, צעהוידעט זיך בעסער, דאָס קול קלינגט, דאָס בענקל קנאַקט, עס רודערט דער טיש!

דאָס קינד וועקט זיך נישט; עס איז געוואוינט צו דער מוזיק.

און זי, דאָס יונגערהייט איינגעשרומפּענע ווייב, זיצט און שעפּט נחת פון מאַן. זי לאָזט פון אים קיין אויג נישט אַראָפּ; איר אויער פאַרלירט ניט קיין איינציקן טאָן פון זיין מויל... אַמאָל זיפצט זי: ער זאָל אַזוי — טראַכט זי — טויגן צו ד ע ר וועלט ווי צו י ע נ ע ר, וואָלט איר דאָ אויך וואויל און ליכטיק געווען... דאָ אויך...

— „מאַ! — טרייסט זי זיך — ווער שמועסט פון אַ כבוד! נישט יעדער איז זוכה צוביידע טישן".

זי הערט זיך איין... איר איינגעשרומפּן פנים ענדערט זיך, דאָס אויך וואָס אַמאָל; זי איז אויך נערוועז; ערשט איז דערויף אויסגעגאָסן געווען אַ ווילדע הנאה; אַזוי פיל נחת האָט זי פון זיין תורה געשעפּט... דערמאָנט זי זיך, אַז היינט איז דאָך שוין דאָנערשטיק, אַז עס איז דאָך קיין דרייער אויף שבת נישטאָ, און דאָס גן־עדן ליכט אויפן פנים ווערט וואָס אַמאָל טונקעלער און טונקעלער, ביז דער שמייכל פאַרשווינדט פון גאַנצן פנים... דערנאָך וואַרפט זי אַ בליק דורכן פאַרגרינטן פענצטער, קוקט אויף דער זון — עס מוז שוין זיין שפּעט און עס איז נאָך אין שטוב קיין לעפל וואַסער נישטאָ, — און די שפּיזלעך בלייבן איר שטיין אין דער האַנט, אַ טונקעלער שאָטן האָט שוין דאָס פנים באַדעקט. זי וואַרפט אַן אויג אויפן קינד: עס שלאָפט שוין אומרואיק, עס וועט זיך באַלד אויפכאַפּן, עס איז פאַרן קראַנקן קינד קיין טראָפּן מילך נישטאָ — און

פון שאָטן איז שוין אַ וואָלקן געוואָרן, די שפּיזלעך הייבן אָן אין דער האַנט צו ציטערן און וואַרפן זיך...

און אַז זי דערמאָנט זיך נאָך, אַז אויסער דעם, גייט צו פּסח... אַז די אוירינגלעך מיט די בענטש־לייכטער זיינען פאַרזעצט, דער קאַסטן — לער, דער הענג־לייכטער — פאַרקויפט, — הייבן אָן די שפּיזלעך גאָר מערדעריש צו טאַנצן, דער וואָלקן אויפן פּנים ווערט טונקל־בלוי, אָנגע־לאָדן... אין די קליינע, גרויע אויגן, וואָס מען זעט קוים ארויס פון אונטער דעם טיכל אויפן קאָפּ, באַווייזן זיך — בליצן!

ער — זיצט דאָך אַלץ און לערנט; ער באַמערקט נישט, אַז עס מאַכט זיך אַ געוויטער, אַז עס ווערט אַלע מאָל געפערלעכער... אַז זי לאָזט אַרויס דעם זאַק מיט די שפּיזלעך פון דער האַנט און הייבט אָן קנאַקן די אויס־געדאַרטע פינגער, אַז זי קנייטשט איין דעם שטערן פאַר ווייטיק, איין אויג ווערט צוגעמאַכט, און דאָס צווייטע קוקט מעסער־שפּיציק אויף אים, אויפן מאַן, דעם לַמדן, אַז עס וואָלט אים, ווען ער זאָל עס זען, קיל געוואָרן אין אַלע אברים; דאָך ער זעט נישט, ווי אירע בלויע ליפּן ציטערן, ווי די גאָמבע ציטערט, ווי עס קלאַפּט איר אַ צאָן אָן אַ צאָן... ווי זי האַלט זיך איין מיט אַלע כוחות, נישט אויסצוברעכן... ווי דער דונער רייסט זיך און רייסט, און עס דאַרף נאָר אַ קלייניקייט, ער זאָל אַרויס פון מויל.

דאָס קלייניקייט האָט זיך געטראָפן:

ער לערנט און זאָגט: „שמע מיניה — — — תלת...“ און טייטשט זיך אויס בנעימות: „איז פון דאַנען געדרונגען...“ ער וויל זאָגן: דריי — נאָר דאָס וואָרט „געדרונגען“ איז שוין גענוג געווען... אין דעם וואָרט האָט זיך אָנגעכאַפּט דאָס פאַרביטערטע האַרץ, דאָס איז געווען דער פונק צום פּולווער!

איר שטאַרקער ווילן פּלאַצט. דאָס אומגליקלעכע וואָרט האָט געעפנט אַלע פאַרהאַמערטע טויערן, אויפגעהאַקט אַלע ריגלען... אויסער זיך איז זי צוגעשפּרונגען צום מאַן מיט פּיענע אין מויל, מיט נעגל אין פּנים אריין:

— געדרונגען, זאָגסטו, געדרונגען? אי, אַ דרינגעניש זאָל אויף דיר קומען, ריבונו של עולם! — האָט זי אויסגעשריען מיט אַ הייזעריק קול פאַר כעס — אַ דרינגעניש, ריבונו של עולם! יאָ! יאָ! — האָט זי ווייטער מיט אַ שלאַנגען־קול געסיטשעט — פאַר פּסח... דאָנערשטיק... ס'קינד קראַנק... קיין טראָפּן מילך! האַ!

עס פאַרפעלט איר אָטעם, די איינגעפאַלענע ברוסט שלאָגט פאַליעס. פון די אויגן יאָגן בליצן.

ער בלייבט ווי פאַרשטיינערט, בלייך איז ער אויפגעשפּרונגען פון בענקל, אָן אָטעם פאַר שרעק, און האָט זיך הינטערוויילעכטס גערוקט צו דער טיר.

זיי שטייען איינס געגן אנדערן און קוקן זיך אן; ער, מיט גלעזערנע אויגן פאר שרעק, זי — מיט ברענענדיקע — פאר כעס.. ער באמערקט דאך באלד, אז זי האט פאר כעס קיין שליטה נישט, נישט איבער דער צונג, נישט איבער די הענט; די אויגן ווערן אים אלע מאל קלענער; ער כאפט אן עק פאטשיילע אין מויל אריין, רוקט זיך נאך אביסל אפ, אטעמט טיפער אפ און מורמלט:

— הער, דו אשה... ווייסטו, וואס איז ביטול־תורה? נישט לאזן דעם מאן לערנען? הא? אלץ פרנסה, הא? און ווער גיט דעם פייגעלע? אלץ נישט גלויבן אין גאט! אלץ יצר־הרע, אלץ נאר די וועלט... נארישע אשה... מרשעת! נישט לאזן לערנען א מאן... דערפאר קומט גיהנום...

אז זי ענטפערט נישט, ווערט ער שטארקער ביי זיך! איר פנים ווערט בלייכער און בלייכער, זי ציטערט אלע מאל מער, און וואס מער זי ציטערט און ווערט בלייכער — פעסטער און ראשער ווערט זיין קול:

— „גיהנום! פייער! הענגען אויף דער צונג! ארבע מיתות בית־דין!"

זי שווייגט, דאס פנים אירס איז שוין ווי א קרייד.

ער פילט, אז ער טוט נישט גליך, אז ער דארף זי נישט אזוי קרענקען, אז ער רעדט נישט ערלעך; נאר איינהאלטן קאן ער זיך שוין נישט. אלדאס שלעכטס, וואס ער האט אין זיך ביז אהער געהאט, שיט זיך אים ארויס; ער קאן עס נישט איינהאלטן.

— ווייסט, וואס טייטש? — גייט זיין קול איבער ווי אין א בייזן דונער — סקילה — דאס הייסט: ווארפן אין גרוב אריין און פארשיטן מיט שטיינער! שרפה — פירט ער ווייטער און וואונדערט זיך אליין אויף זיין העזה — שרפה, דאס הייסט: אריינגיסן אין די געדערים א לעפל הייס־קאכנדיק־זידנדיק בליי! הרג איז בסייף... דאס הייסט: מען האקט אפ דעם קאפ מיט א שווערד... אט אזוי! — און ער מאכט א באוועגונג מיט דער האנט ארום האלז. — הייגט — חנק... ווערגן... הערסטו — ווערגן! פארשטייסט — ביטול־תורה! אלץ פאר ביטול־תורה!

דאס הארץ טוט אים שוין ווי פאר רחמנות אויף זיין קרבן, נאר עס איז אים דאס ערשטע מאל, ער זאל אזוי גובר זיין... עס פארשיכורט אים! אזא נארישע אידענע! ער האט ביז אהער גארנישט געוואוסט, אז מען קען זי אזוי איבערשרעקן.

— אט דאס איז ביטול־תורה! — שרייט ער ענדלעך אויס. ער האקט דאך אפ, זי קאן דאך צו זיך קומען און כאפן א בעזים! ער שפרינגט צוריק צו צום טיש, פארמאכט די גמרא און לויפט ארויס...

— אין בית־המדרש גיי איך! — שרייט ער איר צו, שוין מיט א ווייכערער שטימע, און פארמאכט נאך זיך די טיר.

דאָס געשריי מיטן קלאַפּ אין דער טיר האָט אויפגעוועקט דאָס קרענק־לעכע קינד. עס הויבט לאַנגזאַם אויף די שווערע ברעמען, דאָס וואקסן־געל פּנים פאַרקרימט זיך, און עס הויבט אָן צו פּייפן אונטער דעם געשוואָלענעם געזל. נאָר זי שטייט אַלץ אויף איר אָרט, אויסער זיך, ווי פאַרשטיינערט, און הערט נישט דעם קינדס קול.

— האַ! — רייסט זיך איר ענדלעך אַ הייזעריק קול פון דער פאַר־ענגטער ברוסט ארויס — אַזוי — נישט די וועלט. נישט י ע נ ע וועלט... הענגען — זאָגט ער — ווערגן — זאָגט ער — הייסע סמאָלע — בליי — זאָגט ער! ביטול־תורה!

— גאָרנישט... מ י ר גאָרנישט... — העשעט איר אין צעריסענעם האַרץ — דאָ הונגער... אָן אַ קלייד... אָן בענטש־לייכטער... אַלץ נישט... דאָס קינד הונגעריק... קיין טראָפּן מילך... און דאָרט — הענגען... הענגען אויף דער צונג... ביטול־תורה — זאָגט ער.

— הענגען.. כאַ! כאַ! כאַ! — רייסט זיך ראַפּטום ארויס איר פאַרצווייפלט קול — הענגען, יאָ, נאָר דאָ! דאָ — באַלד! אַלץ איינס! נאָך וואָס וואַרטן?

דאָס קינד הויבט אָן העכער צו וויינען, נאָר זי הערט אַלץ נישט.

— אַ שטריק! אַ שטריק! — שרייט זי אויסער זיך און זוכט מיט פאַרבלאָנדזשעטע אויגן אַ שטריק אין אַלע ווינקעלעך.

— אַ שטריק וואו נעמט מען! זאָל ער שוין מיין געביין דאָ נישט טרעפן! לאָמיך כאָטש דאָס גיהנום פּטור ווערן! זאָל ער וויסן! זאָל ער זיין אַ מאַמע! זאָל ער! אַ כפּרה בין איך! אַ מלאך המות! אַ עק! אַן עק זאָל זיין! אַ שטריק!

און דאָס לעצטע וואָרט רייסט זיך איר פון האַרץ ארויס ווי אַ רוף אויף הילף ביי אַ שׂרפה.

זי דערמאָנט זיך, אַז עס ליגט ערגעץ אַ שטריק.. יאָ, אונטערן אויוון... מען האָט געזאָלט אויפן ווינטער דעם אויוון איבערבינדן, ער מוז נאָך דאָרט ליגן...

זי לויפט צו און געפינט דעם שטריק... אַ פרייד — זי האָט געפונען דעם אוצר. זי וואַרפט אָן אויג אויפן סופיט — דער האָקן זיצט... זי דאַרף נאָר אויפן טיש אַרויף.

זי שפּרינגט אַרויף —

נאָר פון דער הויך דערזעט זי, אַז דאָס דערשראָקענע, פאַרחלשטע קינד איז אויפגעזעצט, עס בויגט זיך איבערן וויגעלע; עס וויל ארויס! אָט, אָט, פאַלט עס ארויס...

— מאַמע! — האָט דאָס קינד קוים אויסגעריסן פון שוואכן העלזל. עס כאַפּט זי אָן אַ נייער כעס.

זי וואַרפט אַוועק דעם שטריק, שפרינגט אַראָפּ פון טיש, לויפט צו צום קינד און וואַרפט אים דאָס קעפּל אויפן קישן צוריק, שרייענדיק:

— ממזר! אפילו הענגען לאָזט עס מיך נישט! אפילו נישט הענגען בשלום! עס וויל שוין ציען... ציען וויל עס... אָה! סם וועסטו ציען פון דער ברוסט! סם!

— נאַ, פּרעסער, נאַ! — שרייט זי אויס אין איין אָטעם, — און שטופּט דעם קינד די אויסגעדאַרטע ברוסט אין מויל אַריין:

— נאַ, צי, בייס!...

▼ ▼ ▼ ▼ ▼

ראַבינדראַנאַט טאַגאָר.

# פרימאָרגן

## א.

דער פרימאָרגן־פויגל זינגט.

פון וואַנען קומט צו אים די בשורה פון פרימאָרגן, איידער ער האָט זיך באַוויזן, ווען דער פינצטערער סוד פון דער נאַכט האַלט אַלץ נאָך דעם הימל אין די קאַלטע שוואַרצע רינגען?

זאָג מיר, פרימאָרגן־פויגל, ווי אַזוי האָט דער בשורה־זאָגער פון מזרח געפונען זיין וועג צו דיין חלום דורך דער צווייפאַכער נאַכט פון דעם הימל און די בלעטער?

די וועלט האָט דיר נישט געגלויבט, ווען דו האָסט געשריען: „די זון איז אויף איר וועג, די נאַכט איז פאַריבער".

אָ, פאַרשלאָפענער, וואַך אויף!

אַנטבלויז דיין שטערן, נעם אויף די ערשטע ברכה פון ליכט און זינג צוזאַמען מיטן פרימאָרגן־פויגל אין פריידיקער אמונה.

## ב.

די מויער פאַלט־איין; ליכט, ווי דאָס געלעכטער פון די געטער, שטראָמט אַריין.

צום ניצחון, אָ ליכט!

דאָס האַרץ פון דער נאַכט איז צעריסן.

מיט דיין בלאַנקער שווערד צעשנייד אויף צוויי דעם קנויל פון ספקות און שוואַכע באַגערן.

ניצחון!

קום, דו, פעסטער אין דיין ווילן!

אָ ליכט! דיין פויק קלאַפּט אויס דעם מאַרש פון פייער, און דער רויטער פלאַקער ווערט געטראָגן הויך. דער טויט שטאַרבט אין דעם אויפרייס פון פּראַכט.

ח. נ. ביאַליק.

# גלוסט זיך מיר וויינען

גלוסט זיך מיר וויינען געשמאַקער פון האַרצן,
ציט מיך, ווי כמאַרעס, צום ים, צו דעם שוואַרצן,
טיפער צו אייך, מיינע עלנדע ברידער.
כ'וויים אויך: אַ טרער פון מיין אייגענער מאַמען
עקבערט דעם תהום דאָרט אין אייערע ימען,
בענקט אפשר שטילערהייט נאָך מיינע לידער.

כ'וויים: איר האָט טרערן נאָך ניט אויסגעוויינטע,
צרות דערציילטע און נאָך מער געמיינטע,
וואָס ווי פאַרשטיקטע, פאַרבאָרגענע קוואַלן
לעכערן שטיינער און רייסן איין קברים,
שלענגלען זיך, בלאָנדזשען אין דר'ערד, ווי אַ וואָרעם —
און ווערן אין דר'ערד דאָרט פאַרפאַלן.

דורכשלאָגן זאָלן זיך אייערע טרערן!
גרינגער זאָל ווערן און פרייער זאָל ווערן! —
אפשר, ווער ווייסט, וועט נאָך גאָט אַמאָל געבן:
איבערגיין וועלן די פינצטערע צייטן,
אויך אונז וועט אפשר געראָטן, ווי לייטן,
בעסערס און שענערס דערלעבן.

און פאַר אַ זכר פון היינטיקע כמאַרעס
וועט אייך פאַרבלייבן אַ נייער „על נהרות",
וואָס ער וועט הימל און ערד איבערקערן.
גליקלעך איז דער און געבענטשט זאָל דער ווערן,
וואָס וועט פאַראייביקן אייערע טרערן,
הייליקע, צוויי טויזנט־יעריקע טרערן.



**י. אָפּאַטאָשו:**

# לינטשעריי

## א.

אויף דער שוועל אין שאָטן איז געזעסן אַן אַלטער נעגער. די באָר־ וועסע פיס אָנגעשטעלט ווי קראָקוועס, די צו־לאַנגע הענט אַרומגעפלאָכטן אַרום די פיס, און די שווערע דלאָניעס מיט צעשפּרייטע פינגער, ווי זיי וואָלטן זיך נישט געקענט פאַרמאַכן, האָבן, דאַכט זיך, אָנגערירט די ערד. ער האָט געדרעמלט מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן־לעפּלעך. זיין קורצע פּלאַ־ טשיקע נאָז מיט די צעעפנטע נאָז־לעכער, די קרייזלעך אויפן קאָפּ, וואָס זיינען געקראָכן ביז צו די ברעמען, די נאַקעטע הענט מיט די פּלייצעס ווי מיט אַ גרויער, אויסגעקראָכענער פעל אַרומגענומען — אַלץ האָט דערמאָנט אָן אַלטן אוראַנג־אוטאַנג.

פליגן, גרוים ווי די בינען, מיט גאָלדענע בייכער, זיינען געשטאַנען אויף זיינע האָריקע הענט, אויפן באַוואַקסענעם שטערן, אַרום דער נאָז. זיי האָבן געשפּונען מיט די הינטערשטע און פאָדערשטע פיסלעך, געפלויגן הין און צוריק און געזשומעט. עס האָט אים כמעט ווי נישט געאַרט. ער האָט געחלומט פון יענע צייטן, ווען אויף די פעלדער איז אַלץ גע־ ראָטן, מען האָט נישט געדאַרפט אויפהענגען אויף די פּלויטן שלאַנגען, עס זאָל רעגענען; דער נעגער האָט נישט געזאָרגט, געהאַט צו עסן ביז איבערן האַלז — איז מען טאַקע געווען פריילעך, געוואוסט, אַז דער ווייסער זאָרגט פאַר דיר, און אַז מען האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּילט אויף דער „באַנדזשו", איז זיך דער עולם פון מיילן־ווייט צונויפגעקומען אין מיטן פעלד צום טאַנץ. זייט אָבער דעם בירגער־קריג איז געוואָרן אַן אי־ בערקערעניש. אַלץ ווערט טייערער און טייערער, דער מענטש קען שוין באַלד נישט לעבן. דאָס יונגוואַרג איז ווילד, בריקעט, האָט מער נישט מורא פאַר גאָט און פאַרן ווייסן, וויל מער נישט גיין אין שפּאַן, פוילט זיך... אַמאָל האָט דער ווייסער געהאַט אַ בייטש, האָט מען דערפאַר נישט געוואוסט פון קיין לינטשן... די מלחמה איז פאַרן נעגער געווען אַן אמתע קללה, זי האָט אָפּגעשניטן די הענט — ווי דער גלח האָט אים אַמאָל געזאָגט — און געהייסן זיי גיין אַרבעטן אָן דער הילף פון קאָפּ.

אין זיין טעמפּן מוח האָט זיך צום טויזנטסטן מאָל איבערגעחזרט די מעשה, ווי גאָט האָט אין אָנהויב באַשאַפן אַ נעגער מיט אַ ווייסן און

אוועקגעשטעלט פאר זיי צוויי פעקלעך, א גרויס און א קליינס. דעם ערשטן האט גאט צוגערופן דעם נעגער און אים געהייסן, ער זאל זיך אויס־קלייבן א פעקל. דער נעגער מיט די גרויסע, גייציקע אויגן האט אויס־געקליבן דאס גרויסע. דער ווייסער האט געפונען אין ווייסן פעקל א פלעשל טינט מיט א פעדער, דער נעגער — אן אקעראייזן מיט א באראנע. פון דעמאלט אן באארבעט דער נעגער די פעלדער, און דער ווייסער פירט די ביכער.

פון מאל צו מאל האט ער א טרייסל געטאן מיטן קאפ, צעעפנט ס'מויל, א שטשירע געטאן מיט די אפגעגעסענע פון אלטקייט ציין, ווי ער וואלט מיט זיי געוואלט אפיאגן א פליג און צוריק געדרעמלט.

דער אלטער נעגער איז געווען דזשים.

פון וואלד האט זיך געטראגן א שווערער ריח פון גומי, פון טער־פענטין, זיך אויסגעמישט מיטן ריח פון צעבליטע באנוול־פעלדער, וואס איז געהאנגען פאר די אויגן ווי שטיקער פארע, וואס קנוילן זיך ווי א טייך. די ריחות האבן דעם נעגער בארוישט, שווערער געמאכט די אפגע־ארבעטע גלידער. ער האט געעפנט ס'מויל, פארמאכט דאס לינקע אויג, און מיטן רעכטן געקוקט, ווי די זון פארגייט. איינזילביקע טענער פון פייגל און חיות האבן נאך בולטער געמאכט די שטילקייט, זי געטראגן און אפגעקלונגען איבער די ברייטע פעלדער ווי מעשהלעך, איינגעשלעפערט אלץ ארום. די זון איז פארגאנגען. ער איז געבליבן זיצן מיטן אפענעם מויל. נאך אלץ געקוקט מיטן רעכטן אויג אויף דעם ארט, וואו די זון איז פארגאנגען. און דער צער פון נישט־ווערן האט געמאכט זיין פנים טעמפ און אומבאהאלפן.

עס האט אנגעהויבן טונקל צו ווערן.

אין דער אפענער טיר, וואס איז געווען באלויכטן מיט א מאטן שיין פון א לאמפ, איז געזעסן דזשימס עלטסטע טאכטער, א מיטל־יעריקע נעגערטע, איינגעוויגט מיט איין האנט א קינד און מיט דער צווייטער האט זי ארויסגעגעסן פון א בלויער שיסל קאלטע קוקורוזע. דאס קינד האט ניט געוואלט שלאפן, זיך געריסן, האט זי אוועקגעשטעלט אויף דער ציגל־נער פאדלאגע די שיסל, זיך אריבערגעבויגן איבערן וויגל און מיט א דינער קלינגענדיקער שטימע, ווי פון א יונג מיידל, איז זי זיך שטיל און טרויעריק פארגאנגען.

לייג דיך ליולינקע
מיין פיצל קינד.
מאמע איז אין מארק אוועק,
טאטע וואלגערט זיך אין שענק —
קיינער מיטן קינד נישטא.

א נעגערל פון א יאָר אכט, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אין מיטן דער פּאָדלאָגע אויפן בויך, געבלעטערט א ביבל מיט בילדער, האָט געלאָזט ליגן דאָס בוך, זיך צוגעשאַרט אויף אַלע פיר צו דער שיסל און מיט די פינגער זיך גענומען פּאַקן די קוקורוזע אין מויל אריין.

א געלע קאַץ, וואָס איז געשלאָפן צופוסנס דעם קינד, האָט זיך אויס־געצויגן און פּלוצלונג אריבערגעשפּרונגען דער נעגערטע איבערן קאָפּ. זי האָט זיך איבערגעשראָקן, אויסגעשפּיגן און נאָכגעשיקט דער קאַץ א קללה. זי האָט באַמערקט, ווי איר אינגל שלינגט די קוקורוזע, האָט זי אויפגעהערט וויגן ס׳קינד און זיך צעשריגן, שלינגענדיק די ווערטער מיט א צעצויגענעם ניגון:

— פרעד, שטעל שוין אוועק די שיסל! האָסט נישט געהאַט דיין פּאָרציע, פרעסער דו? היט זיך, פרעד, פרעד, כ׳זאָל זיך נישט צוכאַפּן צו דיר! דייזי און דיינא האָבן געדאַרפט אוועקשטאַרבן, אַלע גוטע קינדער שטאַרבן, און אַזא שלאַק האָט צוויי מאָל געפּאַקט און דאָס לעבט! וואָס שטשירעסטו מיט די ציין? גיי בעסער און באַגיס די בלומען!

דאָס נעגערל האָט געשמייכלט פון איין אויער צום צווייטן, זיך באַלעקט מיטן רויטן צינגל, גענומען א קרוג מיט וואַסער און באַגאָסן די בלוטיקע געראַניום־בלומען, וואָס זיינען געווען צעשטעלט איבער אַלע פענצטער אין ערדענע טעפּ, אין הילצערנע קעסטלעך. ער האָט אוועק־געשטעלט דעם קרוג, געבליבן שטיין אין מיטן שטוב, געקוקט א ווײַלע אויפן רויטן אַפּיש פון א צירק, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט. געריסן די אויגן און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. ער האָט זיך ארויסגעשאַרט פון שטוב, די מוטער זאָל נישט באַמערקן און זיך געזעצט לעבן זיידן אויפן טרעפּל.

די אָנגעגליטע ערד האָט זיך געקילט, אָנגעפּילט די לופט מיט א וואַרעמקייט, וואָס האָט געטריקנט אין האַלז, געקלעפּט די אויגן. אויפן זאַמדיקן וועג האָבן זיך באַוויזן עטלעכע שאָטנס, געשפּרונגען איינער אין צווייטן אריין, באַלד צעשוואומען און זיך צוריק באַוויזן.

— מען קומט, דאכט זיך, פון פעלד, האַ? — האָט דער אַלטער אָנגעשטעלט אַן אויער — זאָל דאָס זיין בוקערט?

— זיידע, דאָס איז נישט בוקערט, — האָט פרעד אָנגעכאַפּט דעם זיידן פאַר דער האַנט — דאָס קומט אָן דער שעריף מיט נאָך עטלעכע מענטשן.

— ווער, דער שעריף? — האָט דער אַלטער זיך אויפגעשטעלט מיט א קרעכץ, הכנעהדיק געוואַרט, ער זאָל אונטערקומען און גענומען רופן די טאָכטער: קיטטי, קיטטי, וואָס זאָגסטו, וואָס דער שעריף קומט צו אונז אַזוי שפּעט, האַ?

אָן איבערגעשראָקענע איז קיטטי געשטאַנען מיט דער שיסל איןביידע הענט. זי האָט זיך געדרייט, נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זיך, נישט געוואוסט, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון דער שיסל, מיט אַ מאָל זי אַ האַסטיקן שטעל אַוועק געטאָן אויף דער פּאָדלאָגע און איז אַרויס.

פאַר דער שטוב איז געשטאַנען דער שעריף, נישט קיין הויכער יונגערמאַן, דאַר און בויגיק, ווי ער וואָלט געווען געמאַכט פון שטאָלענעם דראָט. די שטיוול מיט די געפּאַסטע כאָלעוועס זיינען געווען ווייס פון שטויב און אויפן אָרעם האָט ער געטראָגן אַ ביקס. מיט אים זיינען געשטאַנען דריי מיטליעריקע פאַרמערס.

— גוד איוונינג, דזשים! — האָט דער שעריף אים וואוילעריש באַגריסט.

— גוד איוונינג, קעפּטען! — האָט דזשים זיך פאַרנייגט און געוויזן אויף דער אָפענער טיר — אַנגעלייגטע געסט!

— הער זיך איין, דזשים, — איז דער שעריף צוגעגאַנגען נענטער — מיר זיינען געקומען וועגן „ביזנעס”. די זאַך איז די, אויב דו ווילסט נישט ס'דאַרף זאָל לינטשן בוקערטן, טאָ גיב אים אונז גלייך אַרויס, פאַרליר קיין צייט נישט! ס'גאַנצע דאָרף קאָן יעדע מינוט אָנקומען, הערסט?

די נעגערטע האָט זיך געצלמט און געציטערט. נאָך מיידלוויז, ווען זי האָט געוואַשן ביי אַ פאַרמער וועש און אַ זילבערנער לעפל איז פאַרלוירן געגאַנגען, האָט דער פאַרמער מיטן וויב אויף איר אַזוי געשריען, געסטראַשעט צו שמייסן, אויב זי וועט זיך נישט מודה זיין, אַז פון גרויס שרעק איז ביי איר ס'לשון אָפּגענומען געוואָרן. פון דעמאָלט אָן האָט זי זיך געשראָקן פאַר יעדן ווייסן. איצט, אויסהערנדיק דעם שעריף האָט זי זיך איינגאַנצן געוואָרפן, פון צופיל שרעק געקראָגן קוראַזש און זיך פאַרגאַנגען מיט אַ ניגון:

— טייערער, וואָס רעדט איר? וואָס האָט מיין בוקערט געטאָן? אַזאַ שטילער, ער טשעפּעט קיין פליג נישט, מיין אָרעמער „באָי”.

— בוקערט האָט מיט אַ שעה צוריק באַליידיקט מעקלורס טאָכטער. מעקלור לויפט אַרום מיט אַ געלאָדענער ביקס, ווי אַ משוגענער, רופט יונג און אַלט, מען זאָל אים העלפן נעמען דאָס געזעץ אין די אייגענע הענט. איר ווייסט וואָס דאָס הייסט?

די מוטער מיטן זיידן האָבן געוואוסט וואָס דאָס הייסט; געוואוסט, אַז דער רואיקער בוקערט האָט נקמה גענומען פאַר זיין שוועסטער, די פערצן־יעריקע רעגינע, וואָס מעקלור האָט באַליידיקט. פאַרלוירענע האָבן זיי זיך איבערגעקוקט, געוויגט מיט די קעפּ און געשוויגן.

— וואָס שווייגסטו, דזשים? — איז דער שעריף צוגעשטאַנען —

זאָג מיר, וואו ער איז. כ׳גיב דיר מיין ערן־וואָרט, אז נאָך היינט פיר איך אים אוועק נאָך אטלאַנטאַ, ער זאָל קריגן גערעכטיקייט, אז נישט וועלן זיי אים לינטשן!

— בוקערט איז נאָך נישט געקומען פון דער ארבעט. — האָט דער אלטער געענטפערט און געמאַכט א מינע ווי ער וואָלט איבערגעלעבט פיזישע יסורים — דו קענסט מיך, אז איך זאָג נישט קיין ליגן.

— וואָס דען, אמת זאָגסטו? — האָט זיך א פארמער אָנגערופן — אפילו דעמאָלט, ווען ס׳וועט זיך הערן דאָס לעצטע בלאָזן פונ׳ם שופר, וועט א נעגער זאָגן „אָמן” נאָך דעם גלחס דרשה און בשעת מעשה מאַכן „קליאַק, קליאַק” צו זיין שכנס הינער! מיר קענען אייך!

די נעגערטע איז געפאַלן דעם שעריף צו די פיס און זיך צעוויינט שפּיציק, ווי א הונט וואָלט געוואָיעט:

— וואָס וויל מען פון אונז, אומגליקלעכע?... מעקלור האָט באַליי־דיקט מיין איינציקע טאָכטער און גייט ארום פראַנק און פריי; און מיין בוקערט, אזא שטילער...

— וואָס וועט העלפן אייער געוויין? — האָט דער שעריף זיך ארויס־גערדרייט פון אירע הענט — געדענקט, גיט אים בעסער איבער אין מיינע הענט, אויב איר ווילט ניט, דער המון זאָל אים לינטשן!

דזשים האָט ארויסגעבראַכט די ביבל און זי געוויזן דעם שעריף:

— איר גלויבט מיר נישט, איר גלויבט נישט קיין נעגער, גוט! א נעגער איז נישט באַגלויבט, א מאַן איז נישט באַגלויבט, און אפילו א וואָלקן אויך נישט! א וואָלקן זאָגט פיל מאָל צו, אז ס׳וועט זיין א רעגן און ס׳רעגנט נישט. איז דזשים גערעכט?

— גערעכט!

— אָבער די ביבל, — האָט דזשים זי אונטערגעטראָגן דעם שעריף — די ביבל איז באַגלויבט, דער ביבל גלויבט יעדער, ווייל דאָס געדרוקטע וואָרט איז אמת — שווער איך דיר, דו קענסט דאָך דזשימען, ווען דו ביסט נאָך אזא קליינער געווען, האָב איך דיך אויף די הענט ארומגע־טראָגן, אמת?

— אמת!

— שווער איך דיר ביי דער ביבל, אז בוקערט איז נאָך היינט נישט אהיימגעקומען, ווי איך בין א קריסט! גלויבסטו מיר? אויב נישט זיינען די טירן אָפן, גיי און זוך!

— כ׳גלויב דיר, כ׳גלויב דיר, דזשים. — האָט דער שעריף זיך בעסער אָנגעטאָן די ביקס אויפן אָרעם — דער עיקר: מען דאַרף קריגן בוקערטן! אויב איר וועט האָבן א שפּור, וואו ער געפינט זיך, לאָזט מיר גלייך וויסן, איר הערט? גוד־באַי!

— א גוטע נאכט!

— האָב רחמנות אויף מיין „באָי", אויף מיין אָרעמען בוקערט! — האָט די מוטער זיך א בויג געטאָן צום שעריף.

דער שעריף האָט וואוילעריש א מאַך געטאָן מיט דער האנט צו די פאַרמערס, און אַלע פיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אריין. ביסלעכווייז זיינען זייערע טריט פארזונקען אין ווייכן זאמד. פון מאָל צו מאָל האָבן זיך א שאר געטאָן איבערן וועג עטלעכע שאָטנס, זיך צונויפגעגאָסן מיט די בוימער, מיט די בלעטער, און די שטילקייט האָט געשראָקן.

— זיי וועלן אים לינטשן. — האָט די מוטער געכליפּעט — מיין אָרעמער „באָי"! פאַרוואָס קומט עס אונז? פאַרוואָס? כ'האָב זיך אָבער ביי אים געבעטן, ער זאָל פאַרשווייגן, מעקלורן מיין איך... גאָט זאָל אים באַצאָלן...

— דיין ווײנען, טאַכטער, וועט דיר גאָרנישט ניט העלפן, — האָט דזשים זיך אָנגערופן — איצט דאַרף מען זיך זען מיט בוקערטן און אים הייסן אַפּציען. ווען כ'בין נישט אזוי אַלט, וואָלט איך געגאַנגען. נישט גוט צו זיין אַלט, נישט גוט; די ביינער קנאַקן, ווי דורכגעפרעסענע רייפן ארום א פולן פאַס, כי, כי, כי...

— קום, זונדל, — האָט די מוטער אָנגעכאַפּט פרעדן פאַר א האַנט און איינגאַנצן געציטערט — קום, לאָמיר גיין ראַטעווען בוקערטן!

— לאָז אייך גאָט העלפן! — איז דער זיידע אראָפּגעגאַנגען פון די טרעפּלעך, נאָכגעקוקט דער טאָכטער מיטן אייניקל, ביז זיי זיינען פאַרשוואונדן, און זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען.

ער האָט אויסגעמידן צו קוקן צום וואַלד צו, וואו די פינצטערניש, ווי א טיפער אָפּגרונט, האָט אַלץ איינגעשלונגען. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צום אויסגעשטערנטן הימל, זיכער געווען, אז עמיצער קוקט פון דאָרטן ארונטער, זעט, אז א גרויסע עוולה ווערט באַגאַנגען געגן זיין הויז.

ער האָט זיך צוריק געזעצט אויף דער שוועל, געטראַכט אז די הינער שלאָפן שוין לאַנג, און אים ציט נישט היינט צו בעט.

פון וואַלד, פון די פעלדער זיינען אָנגעקומען שאָטנס, זיך געלייגט איבערן זאַמדיקן וועג. די לבנה האָט געוואָרפן שטיקער ליכט, און די אָפּגעהאַקטע בוימער האָבן אויסגעזען פון דערווייטנס ווי מענטשן און חיות.

דער אַלטער נעגער האָט צוריק אויפגעשטעלט די פיס ווי קראָקוועס, זיי ארומגעגאַרטלט מיט די הענט און געקוקט פאַר זיך. ער האָט געזען ווי שטערן פאַלן אין געדיכטן וואַלד, צווישן פעלדער, און אין זיין אַלטן מוח האָט זיך עפּעס א צינד געטאָן. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי אין א חלום, ווי מען האָט ביי אים יונגערהייט צוגענומען ברידער און שוועס-

טער, ווי מען האָט זיין פּאָטער געשמיסן. די בייטש איז געפלויגן איבערן לייב מיט אַ פייף, זיך איינגעגעסן אין בלוט, און אַן איינגעבוירענע שרעק, וואָס מעגלעך זיינע אורעלטערן האָבן איבערגעלעבט אין די אַפריקאַנער וועלדער, ווען זיי זיינען געקראָכן אויף אַלע פיר, זיך אויסבאַהאַלטן נישט צעריסן צו ווערן פון אַ ווילדער חיה — די זעלבע שרעק האָט זיך גענומען וועקן אין אים, די שרעק מען זאָל זיין בוקערטן נישט אויפהענגען. ער האָט אָנגעהויבן צו ציטערן, געזען ווי חיות און פויגל קומען אָן פון וואַלד, פון די פעלדער, שאַרן זיך איבערן זאַמדיקן וועג, רוקן זיך צו אים נענטער, אין די אויערן קלינגט, ווי דאָס זשומען פון ים־שקעטעלעך... די קולות ווערן העכער, העכער... באַלד וועלן זיי אים אַרומרינגלען, צערייסן אויף שטיקער...

ער האָט זיך אַ ריס געטאָן, געפילט אַ קאַלטן און שטעכיקן שוידער איבער אַלע גלידער, ווי איינער, וואָס קוקט דעם טויט אין די אויגן, און איז גיך אַריין אין שטוב.

ס'קינד האָט געוויינט. ער האָט צוגעהאַקט די טיר, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט באַהאַלטן פאַר עמיצן, און עס גענומען איינוויגן. ס'קינד האָט געריסן צום זיידן די הענטלעך. ער האָט עס פאַרזיכטיק אַרויסגע־נומען, צוגעטוליעט צו זיך; ס'איז אָנטשוויגן געוואָרן. דזשים האָט גע־שפּרייזט איבערן צימער, געקוקט דעם אייניקל אין די אויגן און אונטער־געברומט מיט אַ טרויעריקן קלויסטער־ניגון:

גאָט האָט אויסגעלייזט דניאלן פון לייבן־גרוב,
יונהן פון דעם וואַלפיש־בויך,
און די צדיקים פון דעם קאַלך־אויוון —
און פאַרוואָס זאָל ער דען אונז ניט אויסלייזן?
מיין גאָט האָט אויסגעלייזט דניאלן,
פאַרוואָס זאָל ער מיך נישט אויסלייזן?

## ב.

אַרום מעקפּעטריקס סאַלון און ליוויס אייזן־געשעפט האָט זיך געטומלט. כמעט דאָס גאַנצע דאָרף איז דאָרט געווען פאַרזאַמלט. מען איז געגאַנגען פון סאַלון אין אייזן־געשעפט אַריין, איינגעקויפט קוילן, שרויט, אויסגעטוישט אַלטע ביקסן אויף נייע, געזאָגט מבינות. דאָס יונגוואַרג אין גרויע פלאַנעלענע העמדלעך מיט איבערגעלייגטע קעלנער, רויטע דריי־עקיקע טיכלעך אַרום די העלזער, ווי „קאַו־באָיס", אַרומגע־גאַרטלט מיט שטריק, וואָס מען פאַרוואַרפט אויף ווילדע פערד, זיינען געשטאַנען אין קופּקעס, זיך געהאַלטן אין איין וועטן, און ס'האָט אויס־געזען ווי דער עולם קלייבט זיך אויף נעיעג.

א יונג האָט געהאַלטן אויף א קייט א האַריקן יאַגד־הונט, גרויס ווי א וואָלף, וואָס איז נישט איינגעשטאַנען אויף אַן אָרט, זיך געדרייט, מיטגעשלעפּט זיין באַלעבאָס, און דער אַרומיקער עולם האָט זיך אַלץ מער אָפּגערוקט.

— מיין עצה איז, — האָט דער יונג געהאַלטן דעם קאָפּ צום עולם און איינגאַנצן האָט ער זיך טריטווייז נאָכגעשלעפּט נאָכן הונט — מיין עצה איז, מען זאָל גלייך אַרויסשיקן א פּאַרטיע אויף יענער זייט וואַלד. אין פאַל ער וועט אַרויס, זאָלן זיי אים פאַרשטעלן דעם וועג!

— ער וועט נישט אַרויס פון וואַלד, — האָט זיך א צווייטער אָנגערופן.

— ביסט אַזוי זיכער?

— געוויס בין איך זיכער! מיר האָבן געלאָזט וויסן אַלע פּאַרמערס, וואָס וואוינען אַרום און אַרום; זיי וועלן האַלטן אויג.

— ער וועט זיך שוין פון אונזערע הענט נישט אַרויסדרייען! — האָט א יונג בחורל מיט אַן אַלטער ביקס, וואָס ער האָט קוים געשלעפּט אויף די פּלייצעס, זיך וואוילעריש אָנגערופן צו א מיידל.

— וואו, רעכנט איר, באַהאַלט ער זיך, דער נעגער? — איז איינער אונטערגעקומען.

— ער זיצט געוויס אין די זומפּן!

— נאָ, סער!

— ביסט אַזוי זיכער אַז נישט?

— און דו ביסט זיכער אַז יאָ?

— כ'האָב מורא, אַז מיר וועלן מוזן אַרומרינגלען דעם וואַלד!

— טאָ אויף וואָס וואַרטן מיר?

— טאַקע, אויף וואָס וואַרטן מיר?

— אויפן שעריף.

מעקלור, דער באַליידיקטער מיידלס פּאָטער, א נידעריקער פּאַרמער מיט צו ברייטע פּלייצעס, א רויטער קאַרק מיט באַקן, וואָס דערמאָנען אין פּאָפּלעקציע, איז געגאַנגען פון איין קופּקע צו דער צווייטער, געטראָגן אַן אָנגעלאָדענע „ווינטשעסטער" אויפן רעכטן אָרעם, געשלעפּט יעדעס מאָל א צווייטן אין סאַלון און זיך ניט אויפגעהערט צו קלאָפּן אין האַרצן אַריין:

— מיין אָרעמע קעררי... מיין אָרעם קינד... אָ, ווען איך קריג די בעסטיע אין מיינע הענט אַריין! זעט, באָיס, מיר זאָלן אים נאָר היינט כאַפּן. כ'וועל אייביק געדענקען, קיינמאָל נישט פאַרגעסן, וואָס איר האָט געטאָן פאַר מיר! מיין אָרעמע קעררי, מיין אָרעם קינד...

דער שעריף איז אָנגעריטן אויף א קליין, פלינק פערדל. דער עולם

האָט אים אַרומגערינגלט. ס'איז געוואָרן שטיל. דער שעריף האָט אַ צי געטאָן זיין בויגיקן קערפּער, העכער געוואָרן און געבליבן שטיין אויף די טרעטערס פון זאַטל. ער האָט אויפגעהויבן אַ האַנט און גערעדט מיט אַ זיכערער שטימע:

— פריינט און שכנים! דער, וואָס וועט כאַפּן דעם נעגער אַ לעבעדיקן, וועט קריגן פון גאָווערנאָר פופציק דאָלער און אַ מעדאַל!

— הוררײ! — האָט דער עולם זיך צעשריען.

— איך אַפּעליר צו אייך אין נאָמען פון גאָווערנאָר, איר זאָלט נישט נעמען דאָס געזעץ אין אייערע אייגענע הענט. זאָגט איר מיר צו?

—אָל־רייט! — האָבן זיך דאָ און דאָרט געהערט איינצלנע שטימען.

— איצט, באָיס, פאַרלירט נישט קיין צייט, זאָטלט אָן אייערע פערד, און מיר וועלן זיך טרעפן ביי דער „סעמעטערי”, אָל־רייט?

— אָל־רייט!

אין איילעניש האָט זיך דער עולם צעשאָטן אין אַלע זייטן; מעקלור מיט עטלעכע יונגען זיינען געבליבן שטיין ביים סאַלון.

— ער מעג זיך איינרעדן, דער שעריף, אַז מיר וועלן אים איבער־געבן דעם נעגער! — האָט אַ יונג זיך אַ בייזער געטאָן.

— ער וועט לאַנג וואַרטן!

— וואָס דאַרפט איר שוין רעדן? — האָט מעקלור זיך אַרומגעקוקט און צווײדײטיק געשמייכלט — לאָמיר אים נאָר כאַפּן! קומט אַריין, באָיס, — האָט ער געוויזן אויף דער אָפענער טיר פון סאַלון — מיר וועלן אַפּשווענקען די פּייפּעלעך, וועט זיין מזלדיקער!

## ג.

ס'איז געוואָרן טונקל, טונקעלער. די רייטערס האָבן געיאָגט זייערע פערד, כמעט געשוויגן. דאָס פאָרן איבאַיינעם, דער אימפּעט, די הינט, וואָס האָבן זיך געיאָגט אויף אַפּריער, זיך צוזאַמענגעקנוילט, זיך צעשאָטן צווישן די פעלדער מיט אַ בילעריי, — דאָס אַלץ האָט פאַרטריבן דעם קלענסטן שרעק, צוגעגעבן קוראַזש. דער עולם האָט פאַרגעסן, אַז בוקערט איז אַ ריז, הויבט אויף מיט די פּלייצעס אָן אָנגעלאָדענעם וואָגן מיט היי, אַז ער אליין קאָן אין אַ געשלעג לייכט פאַרטיק ווערן מיט פינף, זעקס מענטשן. יעדער האָט אין זיך געזען דעם העלד — ווי ער כאַפּט דעם נעגער, דער שעריף באַדאַנקט אים, טוט אים אָן פאַר אַלעמען אין די אויגן דעם מעדאַל!

אַ פולע לבנה האָט אַרויסגעפירט די ביימער פון וואַלד, זיי צעלייגט איבערן זאַמדיקן וועג, זיי איבערגעשטעלט, זיך געשפּילט מיט די בלעטער, ווי מיט פייגל. דאָ און דאָרט זיינען אויסגעוואַקסן מענטשן,

הויכע, ברייט־בייניקע, מיט ביקסן אין די הענט. די אָטעמס ביי די רייטערס זיינען געוואָרן אָפּגעהאקט, די קניען שטייף, זיך געקלאַמערט צו די פערדישע בייכער — האָבן די פערד זיך אַ צי געטאָן, פאַרבייגעלאָפן. שטומע, נישט צופרידענע, וואָס ס'איז געווען בוימער, האָבן די רייטערס זיך נאָך גיכער געטראָגן איבערן זאַמדיקן וועג. די שאָטנס זיינען גע־שפּרונגען אויף אַפריער, געבלענדט די אויגן, און די רייטערס האָבן, אונטערן טאַקט פון די קאָפּעטעס, ווייטער געשפּונען זייערע חלומות.

מעקלור, אויף אַ הויכער קאָבילע, די ביקס פאַרוואָרפן איבערן אַקסל, האָט אויסגעזען קריגעריש, דער מוח האָט זיך ביי אים געהויבן פון צופיל ביר, אַראָפּגעשפּאַרט ס'היטל, איז אים געוואָרן לייכטער, געפילט ווי ער הויבט זיך אויפן פערד, וועט באַלד אַריבערשטייגן די בוימער. ער האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן מיט זיך, געשאָלטן, געברויכט די גרעבסטע ווערטער, הנאה געהאַט פונ'ם געדאַנק, אַז ער שניידט ביים נעגער אַ גליד נאָך אַ גליד.

ביים וואַלד האָבן זיי זיך איינגעטיילט צו פינף אין אַ פּאַרטיע און זיך געלאָזט אין פאַרשיידענע וועגן, אַזוי אַז זיי זאָלן אַרומרינגלען די זומפּן פון אַלע זייטן. זיי זיינען געריטן פּאַמעלעך, זיך יעדע ווייַלע אָפּגעשטעלט, זיך איינגעהערט צום בילן פון די הינט, פון מאָל צו מאָל האָט זיך דער־הערט אַ בילעריי, פאַרשטיקט און אָפּגעהאַקט, ווי דאָס קול וואָלט זיך צעבראָכן אָן די בוימער. אין די זומפּן האָבן זשאַבעס געשאָלטן, אַ ווייַלע אנטשוויגן געוואָרן און נאָך מער מיט עקשנות זיך צעקוואַקעט, ווי זיי וואָלטן געוואָלט אויפוועקן אַלע באַשעפענישן פון וואַלד. ווען־נישט־ווען האָט זיך אַ פויגל צעשריען, אויפטרייסלענדיק די לופט מיט די פליגל, אַז ס'איז אומהיימלעך געוואָרן. דאָס פאַרבענקטע געשריי, ווי פון אַ קו, ווען מען נעמט ביי איר צו ס'קעלבל, האָט זיך געטראָגן פון פינצטערן וואַלד, און דאָס נישט וויסן פון וואַנען און פון וועמען ס'קומט, האָט נאָך מער פאַרשאַרפט די שרעק, אונטערגעזאָגט, אַז באַלד וועט פון דאָרט, פון דער געדיכטער פינצטערניש אַרויס אַ פאַרשאָלטענע נשמה, אַ שוואַרצע, ווי די נאַכט, און זיי פאַרשטעלן דעם וועג, פאַרפירן. האָבן טייל זיך געצלמט און אַנדערע, אום צו מאַכן זיך קוראַזש, האָבן געפייפט און געשפּיגן. מען איז געריטן אַ שעה, צוויי; דאָס שטילע רייטן האָט אָנגעהויבן צו דער־עסן, אַלץ גרעבער זיינען געוואָרן די רייד, אַלץ אָפּטער די קללות אין דער וועלט אַריין. קיינער האָט מער נישט געטראַכט וועגן די פופציק דאָלער, וועגן מעדאַל, וועגן דעם, אַז מען האָט באַליידיקט אַ ווייס מיידל. דער פאַרדרוס, אַז מען דאַרף זיך שלעפּן איבער אַ נעגער אַ גאַנצע נאַכט, האָט איבערגעשטייגט אַלץ, אָפּגעטעמפּט דעם קלענסטן געפיל, און ווען זיי כאַפּן אים איצט, וואָלטן זיי אים צעריסן אויף שטיקער.

דער שעריף מיט זיינע דריי שוואָגערס האָבן געשניטן צו די זומפּן, אָפּגעמאכט, אַז אויב זיי וועלן אים כאַפּן, וועלן זיי אים גלייך איבערטאָן און אָפּשיקן קיין אַטלאַנטע. ער וועט זיי ווייזן, די פּארמערס, אַז עס עקזיסטירט אַ געזעץ, וואָס מען דאַרף אָפּהיטן, וועט זיי ווייזן, צו וואָס אַ שעריף איז אין אַ דאָרף!

ד.

אין די זומפּן, וואו אַ מענטשנס פוס איז זעלטן ווען פאַר־קראָכן, און ווילדע חזירים האָבן זיך געוואַלגערט, איז געלעגן צווישן קוסטעס אַ זעקס־פוסיקער נעגער. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז הינט בילן, און ער איז אויפגעשפּרונגען. ער האָט צעעפנט זיינע גרויסע, שווארצע אויגן, וואו די ווייסלען האָבן ארומגעשוואומען, ווי אין געלבלעך צעשמאָלצענעם פּערלמוטער, און ארויסגעפינקלט צווישן די צווייגן, ווי אויגן פון אַן אויסגעהונגערטער חיה.

דאָס איז געווען בוקערט. ער האָט געוואוסט, אַז דער פּלאַץ איז זיכער און געטראַכט, אַז אויב אפילו מען זאָל וויסן, וואו ער געפינט זיך, וועט אויך נעמען איבער צוויי שעה, זיי זאָלן זיך אַהער פאַרקלייבן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער ביקס, וואָס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן קוסט און אָפּגעמאכט ביי זיך, אַז מען וועט אים קיין לעבעדיקן נישט כאַפּן, ביז דער לעצטער קויל וועט ער זיך פאַרטיידיקן. ער האָט כמעט קיין חרטה ניט געהאַט; ס'האָט אים בלויז באַנג געטאָן, פאַרוואָס ער האָט ניט דערהרגעט מעקלורן. אַן עוולה, אַ גרויסע עוולה איז געגן זיין משפּחה באַגאַנגען געוואָרן, און קיינער פון דאָרף האָט זיך צומאָל נישט ווייסנדיק געמאכט. נאָך מער, דאָס דאָרף האָט ווי אויף צו להכעיס אויס־געקליבן מעקלורן פאַר אַ בעל־הבית פון דער קירכע!

שוואָמען מיט ברייטע, פליישיקע קעפּלעך האָבן צוגעצויגן זיין אויפ־מערקזאַמקייט. ער האָט אָן אַלעם פאַרגעסן, געטראַכט, אַז די שוואָמען וועט די מוטער אָפּפּרעגלען אין פּוטער, און ס'מויל איז ביי אים פול געוואָרן מיט וואַסער. ער האָט אָפּגעריסן אַ שוואָם, זי צעקוועטשט און זיך גע־וואונדערט, וואָס אַזעלכע נארישקייטן קריכן אים איצט אין קאָפּ אריין.

בוקערט איז געוואָרן אַלץ טרויעריקער, געקוקט אויף דער פינצטערער נאַכט, און כאָטש ער האָט געגלויבט, שטאַרק געגלויבט, אַז ס'איז דאָ אַ גאָט, איז ער זיכער געווען, אַז קיין ווייסער גלויבט ניט אין אים, גייט ניט אין זיינע וועגן און מיט גערעכטיקייט קען מען אויף דער וועלט נישט פיל אויפטאָן. מעקלור נעמט צו אַלע גנבות, און דער גלח, מיסטער האַרפּער, עסט ביי אים יעדן זונטיק מיטאָג. ער האָט געציטערט, געשוואָרן נקמה

צו נעמען. ער וועט זיי אָנלערנען, אונטערצינדן איינס ביי איינס, אוועקלאָזן דאָס גאַנצע דאָרף מיט פייער!

עס האָט זיך געהערט דאָס הירזשען פון אַ פערד. בוקערט האָט גענומען די ביקס, זיך אוועקגעשטעלט צווישן די קוסטעס, אָנגעשפּיצט די אויערן און געוואַרט. עס איז געווען שטיל. בלויז זשאַבעס האָבן געקוואַקעט אין די זומפּן, בולטער געמאַכט די שטילקייט. עס האָבן זיך גענומען הערן קולות, זיך דערנענטערט, דערנענטערט, געקומען פון אַלע זייטן. דאָס קוואַקן האָט אים גערעגט, געשטערט צו הערן פון וואַנען די קולות קומען. ער איז געווען זיכער, אַז ער האָט געהערט דאָס וואָרט „נעגער", נישט געוואוסט, צי אים האָט זיך אויסגעדאַכט, צי דער שונא איז טאַקע אַזוי נאָענט, און מיט אַמאָל האָט ער פאַר זיך דערזען אַ הונט. דער הונט האָט זיך צוגעזעצט אויף די הינטערשטע פיס און זיך געקליבן אַ שפּרונג טאָן אויף אים. ער איז געווען גרייט אויסצושיסן, אינסטינקטיוו זיך אָבער געכאַפּט, אַז מיטן שיסן וועט ער זיך אַליין פאַרמסרן, אויסגעדרייט די ביקס, אָפּגעמאָסטן דעם הונט מיט דער הילצערנער זייט, אַז יענער האָט פאַרוואָרפן די פיס און אַרויסגעלאָזט אַ כאָרכל.

ס'איז צוריק שטיל געוואָרן, און בוקערט האָט געפילט ווי ס'קלינגט ביי אים אין די אויערן, אין מוח. ער האָט זיך אויסגעצויגן ווי גרויס ער איז געווען, געקראָכן אויף אַלע פיר, אויפגעכאַפּט יעדן קלאַנג, יעדן שאָרך. די אויגן האָבן געברענט, דורכגעריסן דאָס פינצטערניש, באַמערקט ס'קלענסטע בערגל מאָך, און אין גאַנצן האָט ער דערמאָנט זיינס אַן אורזיידע, וואָס האָט זיך געגנבעט אויף אַלע פיר אויפן ברעג פון דער קאָנגאָ, וואו פינקלדיקע שלאַנגען האָבן געצישעט און געבליצט מיט זייערע גרינע אויגן צווישן די הויכע פאַלמען.

ער האָט אָפּגעמאַכט אויפצוכאַפּן מיט דער ביקס איינעם נאָכן צווייטן, נישט געבן זיינע אָנגרייפער קיין געלעגנהייט אים צו באַפאַלן.

עס האָבן זיך שוין געהערט די טריט פון די פערד, דאָס טאָפּטשען אין די בלאָטעס. בוקערט איז געוואָרן אומגעדולדיק, געוואַרט ס'זאָל שוין עמיצער אונטערקומען. מיט אַמאָל האָט אַ שיין־וואַרפער אים פאַרבלענדט די אויגן, אויף אַ רגע בלינד געמאַכט. דער געדאַנק, אַז זיי האָבן אים אַ לייבעדיקן, האָט אים ווי פאַראַליזירט, און ער האָט פון שרעק אויסגעשאָסן. ס'איז נאָך געוואָרן שטילער ווי פריער. דער אָפּקלאַנג פון שאָס איז געבליבן ביי אים אין די אויערן, און ער האָט דערהערט אַ שטימע:

— בוקערט, דאָס בין איך, דער שעריף! כ'ווייס דו קענסט מיך שיסן, קענסט אויך שיסן מיינע דריי שוואָגערס, וואָס זיינען מיט מיר! וואָס וועט דיר אָבער אַרויסקומען? סוף־כל־סוף וועט מען דיך כאַפּן!

איך דארף דיר ניט זאָגן, מיט וואָס דאָס שמעקט. פאָלג מיך און גיב זיך איבער אין מיינע הענט...

— נישט ביים לעבן! — האָט בוקערט אים איבערגעריסן.

— איך מיין אין די הענט פון געזעץ, — האָט דער שעריף ווייטער גערעדט — דאָס געזעץ ווייסט נישט פון קיין ווייסע, פון קיין שווארצע. ביים געזעץ זיינען אַלע גלייך! איז אויב דו פילסט, אַז דו ביסט אומשולדיק, וועט מען דיך באפרייען, און אויב אפילו דו וועסט זיין שולדיק, וועט מען דיר אויך דאָס לעבן שענקען. הא, וואָס זאָגסטו?

בוקערט איז געלעגן ווי אין היץ, די רייד פון דעם שעריף האָבן אים ווי צעמישט, אָנגעלאָזט רויך אין קאָפּ, און דער קוראַזש איז פון אים אַוועק. ער האָט געפילט, אַז דאָס איז דער גלייכסטער וועג, אַז אויב דער שעריף וויל, קען ער אים אוועקשיקן קיין אַטלאַנטע, און דאָרט איז מעגלעך, ער זאָל זיך דערשלאָגן צו „קריגן גערעכטיקייט".

— נו, וואָס שווייגסטו? — האָט זיך ווידער געהערט דעם שעריפס שטימע — גיב זיך אונטער, איידער דער עולם קומט אָן, דעמאָלט וועט זיין שפּעט!

— טאָ שווער מיר צו, — האָט בוקערט זיך אויפגעשטעלט — אַז דו וועסט מיך נישט איבערגעבן אין זייערע הענט!

— איך שווער, — האָט דער שעריף אויפגעהויבן אַ האַנט — אַז נאָך היינט ביינאַכט וועל איך דיך אָפּשיקן קיין אַטלאַנטע!

בוקערט איז אַרויס פון די קוסטעס. ער האָט געלאָזט שטיין די ביקס און איז אונטערגעגאַנגען צום שעריף.

— אָט בין איך, אַרעסטיר מיך!

ער האָט באַמערקט, ווי דער שעריף האַלט אָנגעגרייט אַ פּאָר „אייזערנע מאַנזשעטן", איז ער געוואָרן אָנגעברוגזט און זיך געפרעגט:

— דאָס גייט איר מיך שמידן?

— יעם!

— איך האָב זיך דאָך אַליין איבערגעגעבן, צו וואָס דאַרפט איר מיך שמידן?

דער שעריף האָט פלינק אים געשלאָסן די הענט. בוקערט האָט געזען, אַז ס'קומען רייטערס, האָט ער אַ נערוועזן דריי געטאָן מיט די הענט, זיך דערפילט געפּענטעט און געליטן, צו וואָס ער האָט זיך אונטערגעגעבן. אַ מינוט צוריק איז ער נאָך געוועזן פריי, זיך געקענט אָפּרעכנען מיט יעדן פון זיי, און איצט קאָן אים יעדער באַליידיקן, שלאָגן... און ער? אים בלייבט נאָר איבער צו שטשירן מיט די ציין, ווי אַ הונט אויף אַ קייט. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ס'איז שפּעט חרטה צו האָבן, זיך געשעמט פאַר די יונגען פון דאָרף, וואָס ער, בוקערט, וועלכער האָט געקאָנט בייקומען

פינף פון זיי, איז געשמידט, און זיי אלע זיינען פריי. און דאָס וואָס ער איז געווען געשמידט האָט אים אזוי דערשלאָגן, אז ער אליין האָט זיך דערפילט שולדיק, ערגער פון די ארומיקע, געוואַרט זיי זאָלן זיך נעמען אָפּרעכנען מיט אים און געווען זיכער, אז ער וועט שוין פון די זומפּן קיין לעבעדיקער ניט ארויס.

— אָט איז דער נעגער! אָט שטייט ער! — זיינען די רייטערס מיט געשרייען אראָפּ פון די פערד, און איינער האָט פון גרויס פרייד אויס־געשאָסן — הוררײ פארן שעריף!

— הוררײ! הוררײ!

איינציקווייז זיינען די רייטערס אָנגעקומען, ארומגערינגלט דעם נעגער, אים געוויזן די שטריק, אויף וועלכע זיי וועלן אים הענגען, געשלאָגן מיט די פויסטן אין פּנים אריין, און ער, אַ געשמידטער, אַ צעדרייטער, האָט נאָך יעדן קלאַפּ געמרוקעט, מיט די אויגן דאַכט זיך געשמייכלט, און געוואַרט מען זאָל אים ווידער שלאָגן.

מעקלור איז ארויפגעפאלן אויפן שעריף, אים גענומען קושן, זיך צעוויינט. ער איז צוגעגאנגען צום נעגער און אים אַ שפּיי געטאָן גליך אין פּנים אריין:

— בעסטיע, איצט וועל איך זיך אָפּרעכנען מיט דיר!

ער האָט איינגעקוועטשט די פויסטן, איינגעבויגן דעם קאָפּ מיטן ברייטן קארק, און ווי אַ צערייצטער ביק, זיך אַ לאָז געטאָן צום נעגער. דער נעגער האָט אַ הויב געטאָן אַ פוס, און מעקלור האָט זיך איבער־געקייקלט.

— נעמט אים! נעמט אים! האָט זיך געטראָגן פון אלע זייטן.

דער שעריף איז אריין אין דער מיט:

— בירגער און שכנים! געדענקט, איר האָט מיר צוגעזאָגט; איר האָט מיר צוגעזאָגט העלפן אים איבערצוגעבן דעם געזעץ אין די הענט!

— מיר זיינען ס'געזעץ!

— אַ נעגער איז קיין מענטש ניט!

— אַ הונט!

— גערעכט! אַ הונט! אַ משוגענעם הונט דערשיסט מען!

— איך אַפּעליר צו אייך אין נאָמען פון געזעץ! — האָט דער שעריף נאָך העכער געשריען — גייט אריין אין מיין לאַגע! צו וואָס בין איך דאָ? פארוואָס צאָלט מיר די רעגירונג? ס'געזעץ זאָל אָפּגעהיט ווערן. איך וויים עם טוט אייך ווי, כ'וויים אז מעקלורס האַרץ בלוטעט, ער איז אַ טאַטע! מיר זיינען אָבער פריער פאַר אַלץ בירגער פון די פאַראייניקטע שטאַטן, און ס'געזעץ פון די פאַראייניקטע שטאַטן דארף אָפּגעהיט ווערן, אז נישט וואָס פאַר בירגער זיינען מיר? אז נישט וועט איינער דעם

צווייטן לעבעדיקערהייט אויפעסן! פריינט און שכנים! גייט אריין אין מיין לאגע, קיינער פון אייך וואלט אויף מיין אָרט נישט בעסער געוועזן! איך אפעליר . . .

— העלפט מיר „באים", — האט מעקלור זיך א לאז געטאן צום נעגער, ביי וועמען די אויגן זיינען געווען אָנגעלאָפן מיט בלוט, ס'מויל אָפן, ווי ער וואלט געוואלט מיט די שארפע ציין זיך פארטיידיקן.

דער שעריף האט מעקלורן אפגעשטופט, האבן נאך עטלעכע זיך א לאז געטאן. ס'איז געווארן א געשלעג. דער שעריף האט געשלאגן מיט זיין „קלאב" רעכטס און לינקס, נישט צוגעלאזט צום נעגער.

דער כעס ביים עולם איז געוואקסן, פארדראסן, פארוואס דער שעריף נעמט זיך אָן, שלאגט גאר! און מיט אמאל האט זיך ביי איינעם פון א קלאפ געלאזט ס'בלוט פון קאפ. דאס איז געווען געווען. מיט א געשריי האט זיך דער עולם א שפאר געטאן צום שעריף, אים אומגעווארפן, געטראטן מיט די פיס. ביז פארטאג האבן זיי געפייניקט דעם נעגער און מיט געזאנג אים געפירט אין דארף אריין.





מ. ראָזנפעלד.

# א נבואה

אַזוי ווי איר קענט דאָס געפערלעכע מויל
פון ווילדן וואולקאַן ניט פאַרמאַכן,
ווען פּלוצלונג ער קאָכט זיך פאַנאַנדער מיט גרויל
און וואַרפט פון זיין גליענדן ראַכן
די יאָרנלאַנג קלייענדע גלוט מיט אַ גוואַלד,
אַזוי וועט איר אויך ניט פאַרמאַכן
דעם קראַטער פון צאָרן, ביי דעם, וואָס איר האַלט
פאַרשקלאַפּט איצט, ווען ער וועט דערוואַכן.

איז שטיל, דאַכט זיך, רואיק, פון אויפרעגונג ווייט,
און גיט זיין געדולד אייך צושטייער,
דאָך טיף אין זיין בוזעם פאַרפאַרטיקט די צייט
אַ גרויסן און שרעקלעכן פייער...
און וויי, ווען דערדאָזיקער פייער ברעכט אויס!
אָ וויי אייך פאַר יענע מינוטן,
ווען ענדלעך עס וועלן מיט שרעקן אַרויס
די יאָרנלאַנג קלייענדע גלוטן!

אויף אייערע טעמפּלען, אויף אייער פּאַלאַסט,
אויף איי׳רע סאַלאָנען זיך שפּרייטן
וועט יענער געוואַלדיקער פלאַם, מיט אַ האַסט,
אויף אייערע ווענט מיט די קווייטן.
אין בלומענטאָפּ וועט ער פאַרצערן די רויז,
וואָס בליט אייער ברוסט צו פאַרצירן,
און לאָזן אייך נאַקעט און לאָזן אייך בלויז
אין שאַנדע צום קבר מאַרשירן.

צעשמאָלצן וועט ווערן דער גאָלדענער געץ,
פאַר וועלכן איר קניט און איר פלאַטערט,
און איר, אין זיין הייסע און בלוטיקע פעטס
וועט ווערן צעקאָכט און געפּטרט;
זאָגאַר אויף די בערג וועט איר טרעפן דעם בראַנד
פאַרצערן דעם שפּיץ פון די אייכן —
אומזיסט וועט איר הויבן צום הימל די האַנט —
איר וועט אים ניט קענען דערגרייכן!

דען העכער וועט ווערן אין יענעם מאָמענט
דער הימל, גאָט וועט זיך דערהויבן
און אָפּקערן פון די פאַרבלוטיקטע הענט,
פאַרשמירטע פון מאָרדן און רויבן.
און איר וועט דאַן בלייבן אַ רויב צו דעם כעס,
וואָס איר נאָר אַליין האָט געשאַפן,
דורך אייער צעלאָזנקייט און משוגעת —
אין אייערע עלנדע שקלאַפן...

פון מזרח ביז מערב וועט גרייכן דער פלאַם,
פון דרום ביז צפון זיך ציען —
ער וועט ווי אַ וואונדער אַריבער דעם ים
און קומען ווי כישוף צעפליען.
עס וועט קיין פאַרלעגענער ווינקל נישט זיין,
וואו איר וועט זיך קענען פאַרשטעקן,
דען העל וועט עס זיין איבעראַל פון אַ שיין,
וואָס וועט אויף אייך ווייזן מיט שרעקן.

אָ, דאַן וועט איר זען אייער שרעקלעכן סוף,
פון וועלכן איר ווילט יעצט ניט הערן;
דאָס וועלט־געריכט וועט אייך באַשטימען די שטראָף,
און איר וועט ניט קענען זיך ווערן;
איר וועט, ווי אַ חלום אין טונקעלער נאַכט,
פאַרשווינדן אין רויך און אין שאָטן,
און ענדיקן וועט זיך די הערשאַפט פון מאַכט,
געשטיצט אויף דער קראַפט פון האַרמאַטן.

א. מ. ווייסנבערג.

# די באַוועגונג

עס איז אָראָפּגעקומען עפּעס אַ פרעמדער יונגערמאַנטשיק אויף אַ שבת, און דערצו נאָך אַזוינער, וואָס דאָס גאַנצע שטעטל האָט נישט אָנגעהויבן צו וויסן, ווער ער איז, ווייל ער איז נישט איינגעשטאַנען ביי הערשל מנשהס, וואו אַלע „אָגולניקעס" שטייען איין. און עפּעס אַ מאָדנע בריאהלע איז דאָס: אַן איידלס, מיט אַ בלאַסלעך לענגלעך געזיכט, אַ בלוי העמדל, אונטערגעבונדן מיט רויטע פּאָמפּאָניקלעך, אַ שפּינקעלע אונטערן האַלז, אַ שוואַרץ קאַפּעליושל אויפן קאָפּ און שוואַרצע לאַנגע לאָקן ביז איבער די אַקסלען צעלאָזט. און דאָס האָט געשוועבט איבער דער גאַס גרינג ווי אַ פייגעלע.

איז עס אוס שבת געוועזן, די זון האָט פּונקט געשיינט, און חברה יונגוואַרג האָט זיך אַרומגעדרייט הין און צוריק איבער דער גאַס, עפּעס שטאַרק צערודערט. ווייבלעך און מיידלעך זיצן אויף דער „פּאָטשינע", אַזוי ווי שבת בייטאָג נאָך דעם עסן, אויסגעפּוצט אין די שבתדיקע קליידער און קלאָרע פּאַרטוכלעך — ווייסן שוין אַפילו, וואָס פאַר אַ קונצן דער דאָזיקער וועט מאַכן ביים גלח אויפן הויף... און די חברה יונגען אין מיטן גאַס קוקן אים אויך נאָך שטיל און שוויינגדיק און טיילמאָל טוט מען זיך אַ שמייכל איבער איינס צום אַנדערן. און יעקל סטאָליער, זעט מען, קלעפּט גאָר אָן אים, שוועבט אויך איבער די גאַסן הין און צוריק און אַלע מאָל וואַרפט ער עפּעס אַ סוד צווישן חברה; נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, ביז דער עולם איז ביסלעכווייז ערגעץ פאַרשוואונדן געוואָרן, און די גאַס איז ליידיק געבליבן...

און צומאָרגנס האָט שוין דאָס גאַנצע שטעטל געוואוסט, אַז נישט קיין קונצנמאַכער איז דאָס געווען, נאָר אַ וואַרשעווער, איינער פון יענע „פאַרשווינדלעך"... און די יונגען אין די וואַרשטאַטן זיינען עפּעס שטילער געוואָרן און אָנגעהויבן צו חלומען איבערן שטייול, וואָס מען האַלט אויף די קני אין מיטן איבערנייען אָדער קאָווען. יענעס בלאַסלעך געזיכט, וואָס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן בוים מיט פאַרטראַכטע אויגן, קען זיי גאָרנישט פון זינען ניט אַרויס. עס זיצן אין איין וואַרשטאַט אַרום צוועלף מאַן, געזעלן מיט האַנט־יונגען, קוקט זיך איינער צום צווייטן נישט אום, און יעדער פאַר זיך איז פאַרטראַכט, מיט אַ רואיק אַראָפּגעלאָזט געזיכט און שטילע אויגן, וואָס שטייען אומבאַוועגלעך איבער דער אַרבעט. און

טײלמאַל שטעלט זיך אַ האַנט אָפּ, דאָס העמערל לאָזט זיך אַנמעכטיק נאָך און בלײַבט ליגן אויף דער זויל, פלאַך, איבערגעדרײט, װי אַן אָפּגעשטאַנען פישל מיטן בײַכל אַרויף. און ער, דער יונג, האַלט בײַם עק שטילעכל און קוקט מיט אַזעלכע אויגן, װי אַ קינד, װאָס האָט זיך פאַרטראַכט אין מיטן גאַס מיט דעם בײגל אין דער האַנט...

— װאָס זיצסטו, תּם?... — רײַסט איבער אַן עלטערער געזעל.

— הום... — כאַפּט זיך דער יונג ערשט אויף, און טוט פאַרשעמט אַ שמײכל, און װי צו פאַרענטפערן זיך, לאָזט ער פאַלן עטלעכע װערטער: „אי... װער עס האָט נישט געזען..."

און װאָס געזען, װען געזען, זאָל מען אים שױן אַ גליד איבערהאַקן, װעט ער נישט דאָס מויל עפענען, אײדער ער קוקט זיך ניט אום, צי דער מײַסטער איז נישטאָ אין שטוב...

עס טרעפט טײלמאָל פאַרקערט, װען די אויגן בליצן אויף, דאָס פּנים קנײטשט זיך העפטיק, װי פאַליעס װאָלטן איבערן קאָפּ געיאָגט — דעמאָלט יאָגט מען די פּלעקלעך מיט אַן אימפּעט אין דער געלעכערטער זויל אַרײַן, צוטאַנצנדיק מיטן העמערל: אײנס־אײנס! אײנס־אײנס! און מיט אַזאַ גע־שװינדקײט, װי מען דעריאָגט עפּעס, װי מען דערכאַפּט עפּעס, װי מען װיל זיך מיט עפּעס צוזאַמענשטויסן, עס זאָל קנאַקן, הילכן! און אין אַזאַ צײַט מוז שױן װער עס איז אַרויסשפּרינגען מיט אַ לידל:

„װאָס טויג אײַך דען, ברידער, אַזאַ לעבן —
אַ לעבן אין הונגער און אין נויט?..."

און דער גאַנצער עולם, װי אין כאָר, טוט באַלד אַן ענטפער אָפּ מיט געזאַנג און געקלאַפּערײ מיט די העמערלעך, מען שמעטערט די שטיפטלעך אין דער געלעכערטער זויל אַרײַן, װי די קױלן אין ערגסטן שונא. און דאָס געזאַנג צעטראָגט זיך דורך די אָפענע פענצטער אויף דער גאַס אַרויס, מעכטיק און מיט אַ רעש.

און עס טרעפט גראָד, יעקל סטאָליער גײט פאַרבײַ און דערהערט דאָס געזאַנג, פאַרגנבעט זיך אים אַ שמײכל אין די װינקלען פון די ברעמען, און די אויגן שטראַלן מיט האַרציקער פרײד צו די אָפענע פענצטער...

פאַרנאַכט, מען לײגט אַװעק די אַרבעט, לאָזט מען זיך אין גאַס אַרײַן. מען גײט שװײַגנדיק, מען באַגעגנט זיך מיט די אידן, װאָס שטײען אויפן שול־הויף, אַרומגעגאַרטלט מיט רויטע פאַטשײלעס און װאַרטן אויף אַ שטערן... קוקט מען זיך איבער מיט זײ און מען גײט װײַטער... מען שפּאַצירט פאַרלעכװײַז, אָדער מען כאַפּט זיך אַרײַן צו מאָטלען אין טײ־הויז, הערן אַ אידיש װאָרט... װער שמועסט אַ לידל — איז אַװדאי גוט...

שבת בײַטאָג קען מען דאָס גאַנצע שטעטל אויסשאָקלען פאַר אײן יונג. די גאַסן זײַנען לער, די לאָדנס צוגעלײגט, עס הערט זיך אַ שנאָרכן, און

די יונגען זיינען פארקראכן מיט יעקל סטאָליער אונטערן נייעם בית־עולם ארונטער...

נאָר ווען די זון לאָזט זיך שוין אראָפּ פון יענער זייט טייך, אין וואסער שפּיגלען זיך שוין אָפּ די רויטע הימל־פלאַמען, און איידעלע יונגע־לייט מיט בלאַסע צורות, מיט שיך און זאָקן און מיט פארשטעקטע הענט אין די גארטעלעך פון די שלאַפראָקן, גייען זיך בנעימות שפּאצירן אויף דעם ברייטן וועג — הערט מען שוין די חברה צוריקגיין מיט א געזאַנג אין שטאָט אריין...

און איינמאָל, שבת פארנאכט, האָט זיך דער „סטארשי סטראַזשניק" פארגנבעט הינטערן שעכטהויז און אפּיגעקוקט פון הינטער א ווינקל־וואנט, מיט די שליפעס און מיט דעם שטערנדל אויפן היטל...

און אז די חברה איז אין שטאָט אריין, אין דער ערשטער גאַס, איז פאר א טיר פון א הויז מיט ווייס־געמאָלטע לאָדנס געשטאַנען אייזיק־פייגע־ליבעס, דער גרעסטער פאבריקאנט פון שטיוול; ער מיט זיין איידעם הערשעלע, — די סאקן צעלאָזט, מיט די קיטלען איבער די גרינע פּליושענע וועסטן, און האָבן נאָכגעקוקט מיט פארביסענע ליפּן, אראָפּגעלאָזטע קעפּ און פארבאָרגענע בליקן פון אונטערן שטערן אַפּיר. חברה האָבן אויך די קעפּ אראָפּגעלאָזט... און אייזיק מיטן איידעם האָבן זיך איבערגעקוקט, מיט א פארברענטן שמייכל אין די בלישטשענדיקע אויגן...

דערנאָך, ווען דער „סטארשי" איז צוריקגעגאַנגען פון הינטערן שעכט־הויז, האָבן זיי אים אריינפארבעטן אין שטוב אויף חלה און אידישע פיש.

פון דאמאָלסט אָן איז דער „סטארשי סטראַזשניק" געוואויר־געוואָרן פון נאָך א ניי וואָרט — „אחדות"! אידישע ווערטער קען ער פיל און האָט זיי ליב. די ווערטער האָבן פארשיידענע טייטשן, נאָר קומען קומט פון זיי ארויס בולקע מיט פיש... אצינד נאָך א וואָרט, וואָס גיט חלה מיט פיש: „אחדות"!

יעקל סטאָליער ווייטער איז דערגאַנגען, אז ער דארף מאכן כסדר פארזאמלונגען און דער „סטארשי" דארף זיך פארגנבענען אונטערן שעכט־הויז.

אין א צייט ארום האָט שוין דער „סטארשי" געהאַט פארשריבן אין ביכל אלע נעמען פון די אחדות לייט; יעקל סטאָליער איז געשטאַנען אויפן ערשטן זייטל, אויבנאָן.

קיינער האָט אָבער נישט געקוקט דערויף. חברה אין „טשיינע" מערט זיך. עס קומט אָן אויפדערנאכט, ווערט ענג אין לעצטן שטיבל. וואו נאָר א בעל־מלאכה, א האַנט־יונג, קומט ער אהער, פארברענגט דאָ א שעה, צוויי און ווערט שוין א חברה־מאַן. יעקל סטאָליער האָט השגחה אויף אלעם. אפילו זיך לוסטיק מאכן לאָזט ער נישט; ער וויל, מען זאָל נישט

שפּרינגען אויף טיש און בענק, נישט איינברעכן די בעטן. ער פירט אָן א קאָרעספּאָנדענץ מיט ווארשע... לייענט פאַר די בריף, און פון דעם וואקסט אויך די חברה פון טאָג צו טאָג: וואָס א נאכט — ווערט אין שטיבל ענגער, פריילעכער, לעבעדיקער.

און איינמאָל האָט יעקל געבראכט א גאנצן פּאַק פּראָקלאמאציעס און אָנגעהויבן צעטיילן, אזוי ווי אין די גרויסע שטעט. איז אָבער דער עולם — ווי איטשעלע קאמאשן־שטעפּער זאָגט — געהרגעט אויף דער „עברי"... און ווי יעקל סטאָליער קלאָגט זיך — „תלמוד־תורה־קאָליקעס" — מוז ער אַליין פאַרלייענען. דער עולם רינגלט אים ארום, מען שטייט איבער טיש און בענק, איינער אויפן אנדערן, איינער איבערן אַנדערן, איבער די קעפּ און איבער די אַקסלען, מען כאַפּט זיך אין דער לופטן. און יעקל סטאָליער הויבט אויף די פּראָקלאמאציע צום לאָמפּ:

— „גענאָסן און גענאָסינען!"

— פּארטייטש, — רופט איטשעלע.

— חברים און חברטעס... — ענטפערט יעקל.

— וואָס פאַר א חברטעס?...

— אין גרויסע שטעט—דערקלערט יעקל—באטייליקן זיך מיידלעך אויך.

— הייסט עס, מישן זיך אויך אריין?... — פרעגט מען נייגעריק.

— אַוודאי...

— נאָר דאָ הי... — שמייכלט איטשעלע — א פאַרשאָלטענע שטאָט דאָס איז...

איטשעלע הייבט אָן צו קלאַפּן איבער די אַקסלען, ווערט גאָר א גע־קאָכעריי, אז גאָט זאָל אָפּהיטן. און מען הייבט זיך אָן צו ווארפן איבער די טישן און איבער די בעטן. היטלען פליען אין דער הויך, די קולות שלאָגן אָן אין באלקן. דערווייל טרעט עמיץ אָן א קינד אויף א פּיסל, צעשרייט זיך עס; קומט אריין צולויפן טויבעלע, מאָטעלעס ווייב, מיט א גוואלד, כאַפּט דאָס קינד אויף דער האַנט, שטילט עס איין. חברה ווערט דערווייל א ביסל געלאַסענער, צעלייגט זיך אויף די בעטן אין דער ברייט, מיט די קעפּ אָנגעשפּארט אין דער וואַנט און מיט די בייכער ארויף, ווי די לעשצעס. און אויב איטשעלען פאַרגלוסט זיך ארויפקריכן מיט די קניען אויף די בייכער, ווערט א געשלעג, מעג מען שוין פון שטוב אנטלויפן. יעקל סטאָליער וויל דערפאַר שטראָפן, מען דאַרף לייענען! מען הערט נישט, אַלע זיינען צוזאַמען און ס'איז פריילעך. „אחדות" — ווייסט מען שוין אזוי אויך: דאָס איז א מין „באַשטיין, וואָס אַלע באַשטיין"... — זאָגט איטשעלע. לאָזט יעקל סטאָליער אָפּ און בעט נאָר זיך צעגיין אהיים: גייט, קינדער, שלאָפן, — זאָגט ער — איר וועט דאַרפן מאָרגן ארבעטן, א טאָג א יאָר.

# די רייד פון די נביאים

## דער נביא ירמיהו — זיין לעבן און ליידן.

### א.

א. און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:

ב. איידער איך האָב דיך אין מוטערלייב געפורעמט,
האָב איך דיך דערקענט,
און איידער דו ביסט פון טראַכט אַרויס,
האָב איך דיך געהייליקט;
אַ נביא פאַר די פעלקער
האָב איך דיך געמאַכט.

ג. האָב איך געזאָגט: ווײ, גאָט דו האַר, איך קען דאָך ניט רעדן, וואָרום איך בין אַ אינגל.

ד. האָט גאָט צו מיר געזאָגט:
זאָלסט ניט זאָגן: איך בין אַ אינגל,
נייערט אומעטום, וואו איך וועל דיך שיקן,
זאָלסטו גיין,
און אַלץ, וואָס איך וועל דיר באַפעלן, זאָלסטו רעדן.

ה. זאָלסט ניט מורא האָבן פאַר זיי,
וואָרום איך בין מיט דיר, דיך מציל צו זיין,
זאָגט גאָט.

ו. און גאָט האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט און צוגערירט צו מיין מויל,
און גאָט האָט צו מיר געזאָגט:
אָט האָב איך געגעבן מיינע ווערטער אין דיין מויל;

ז. זע, איך האָב דיך געשטעלט היינטיקן טאָג
איבער די פעלקער און איבער די קעניגרייכן,
אויסצורייסן און איינצוואוואַרפן,
און אונטערצוברעננען און צו צעשטערן;
צו בויען און צו פלאַנצן. . . (א: ד־י.)

## ב.

א. צו וועמען זאָל איך רעדן און וואָרענען,
אַז זיי זאָלן הערן?
זע, זייער אויער איז פאַרשטאָפּט,
און זיי קענען ניט פאַרנעמען;
זע, גאָטס וואָרט איז ביי זיי צום געשפּעט,
זיי ווילן עס ניט.
ב. דרום בין איך פול מיט דעם גרימצאָרן פון גאָט,
איך קען מער ניט איינהאַלטן.
(ו: י—יא.)
ג. איבער דעם בראָך פון דער טאָכטער מיין פאָלק
בין איך צעבראָכן,
פינצטער בין איך,
אַ שרעק האָט מיך אָנגענומען.
ד. איז קיין באַלזאַם ניטאָ אין גלעד?
צי איז קיין רופא ניטאָ דאָרט?
פאַרוואָס דען קומט ניט קיין היילונג
צו דער טאָכטער מיין פאָלק?
ווער מאַכט מיין קאָפּ וואַסער,
און מיין אויג אַ קוואַל טרערן,
איך וואָלט באַוויינט טאָג און נאַכט
די דערשלאָגענע פון דער טאָכטער מיין פאָלק!
ה. ווער גיט מיר אין מדבר
אַ האַרבעריק פאַר וואַנדערער,
איך וואָלט פאַרלאָזן מיין פאָלק, און אַוועקגיין פון זיי!
וואָרום אַלע זיינען זיי פאַלשע,
אַ געזעמל פון פעלשער.
ו. און זיי שפּאַנען זייער צונג — זייער בויגן פון ליגן,
און ניט פאַר אמת זיינען זיי שטאַרק אין לאַנד;
וואָרום פון בייז צו בייז גייען זיי
און מיך קענען זיי ניט, זאָגט גאָט.
(ח: כא־כב, ט: א־ב.

ז. און גאָט האָט מיך געלאָזט וויסן, און איך וויים;
דענסמאָל האָסטו מיר באַוויזן זייערע מעשים.

ח. און איך בין געווען ווי אַ שאָף אַ מילדע,
וואָס ווערט צו דער שחיטה געפירט;
און איך האָב ניט געוואוסט,
אַז זיי טראַכטן אויף מיר טראַכטונגען:
„לאָמיר אומברענגען דעם בוים מיט זיין פרוכט,
און אים פאַרשניידן פון לאַנד פון די לעבעדיקע,
אַז זיין נאָמען זאָל מער ניט געדאַכט ווערן״.

ט. און דו, גאָט פון צבאות, וואָס משפּטסט גערעכט,
וואָס פּרואווסט די נירן און דאָס האַרץ,
לאָמיך זען דיין נקמה אויף זיי,
וואָרום צו דיר האָב איך אַנטפּלעקט מיין קריג.
(יא: יח־כ.)

י. ווי מיר, מוטער מיינע,
וואָס דו האָסט מיך געבוירן
אַ מענטש פון קריג,
און אַ מענטש פון שטרייט קעגן גאַנצן לאַנד;
ניט איך מאָן, און ניט מע מאָנט ביי מיר,
פונדעסטוועגן שעלטן זיי מיך אַלע.

יא. דו, גאָט, ווייסט דאָך,
געדענק מיך, און דערמאָן זיך אָן מיר,
און זיי זיך נוקם אָן מיינע נאָכיאָגער;
פון וועגן דיין לאַנגמוטיקייט ניט נעם מיך אַוועק;
מערק מיין ליידן פון דיינעטוועגן שאַנד.

יב. ווי דיינע ווערטער זיינען געפונען געוואָרן,
אַזוי האָב איך זיי איינגעשלונגען,
און דיין וואָרט איז מיר געווען פאַר אַ פרייד,
און פאַר אַ שמחה פון מיין האַרצן,
ווייל דיין נאָמען איז אויף מיר גערופן געוואָרן,
יהוה דו גאָט פון צבאות.

יג. איך בין ניט געזעסן אין געזעמל פון פריילעכע
און זיך לוסטיק געמאַכט;
פון וועגן דיין האַנט בין איך געזעסן אַליין,
וואָרום מיט צאָרן האָסטו מיך אָנגעפילט.

יד. פאַרוואָס איז אייביק מיין ווייטיק,
און מיין וואונד איז מסוכן, זי וויל זיך ניט היילן?
ווילסטו מיר זיין ווי אַ טייך אַ פאַלשער,
ווי וואַסערן אומגעטרייע?

(טו: י; טו—יח.)

## ג.

א. און ירמיהו איז געקומען פון תופת, וואָס גאָט האָט אים אַהין געשיקט נביאות זאָגן, און ער האָט זיך געשטעלט אין הויף פון גאָטס הויז און האָט געזאָגט צום גאַנצן פאָלק:

ב. אַזוי האָט געזאָגט יהוה פון צבאות,
דער גאָט פון ישראל:
זע, איך ברענג אויף דעמדאָזיקן כרך,
און אויף אַלע זיינע שטעט,
דאָס גאַנצע בייז, וואָס איך האָב אָנגעזאָגט אויף אים,
ווייל זיי האָבן האַרט געמאַכט זייער נאַקן,
ניט צוצוהערן מיינע ווערטער.

ג. און פשחור דער זון פון אמר דעם כהן, וואָס איז געווען דער אויבעראויפזעער אין הויז פון גאָט, האָט געהערט ירמיהון נביאות זאָגן די דאָזיקע ווערטער.

ד. און פשחור האָט געשלאָגן ירמיהו הנביאן, און האָט אים אַריינגעשטעלט אין דעם צוואַנגקלאָץ, וואָס אין אויבערשטן טויער פון בנימין, וואָס אין הויז פון גאָט.

ה. און עס איז געווען אויף מאָרגן, אַז פשחור האָט אַרויסגענומען ירמיהון פון צוואַנגקלאָץ, האָט ירמיהו צו אים געזאָגט: ניט פשחור האָט גאָט גערופן דיין נאָמען, נייערט מגור־מסביב (אַ שרעק רונד אַרום).

(יט: יד־טו, כ: א־ג).

* * *

ו. האָסט מיך איבערגערעדט, גאָט,
און איך בין איבערגערעדט געוואָרן,
האָסט מיך איבערגעשטאַרקט, און ביסט
בייגעקומען;
איך בין געוואָרן צום געלעכטער אַ גאַנצן טאָג,
איטלעכער טוט שפּעטן פון מיר.

ז. וואָרום ווען נאָר איך רעד, טו איך שרייען,
„אומרעכט און רויב!" רוף איך אויס.
פאַרוואָר, דאָס וואָרט פון גאָט איז מיר געוואָרן
צו שאַנד און צו לעסטערונג אַ גאַנצן טאָג.

ח. און איך האָב געוועסט געזאָגט: איך וועל אים
ניט דערמאָנען,
און וועל מער נישט רעדן אין זיין נאָמען;
אָבער עס איז אין מיין האַרצן ווי אַ ברענענדיק פייער,
איינגעשלאָסן אין מיינע ביינער,
און איך מאַטער זיך עס איינצוהאַלטן,
אָבער איך קען ניט.

ט. יאָ, איך האָב געהערט די בייזע רייד פון פיל,
אַ שרעק רונד אַרום:
„מסרט, און לאָמיר אים פאַרמסרן!"
אַלע מיינע גוטע פריינט
לויערן אויף מיין בראָך:
אפשר וועט ער פאַרנאַרט ווערן,
און מיר וועלן אים בייקומען,
און נעמען אונזער נקמה פון אים.

י. אָבער גאָט איז מיט מיר
ווי אַ גבור אַ מאַכטיקער,
דרום וועלן מיינע נאָכיאָגער געשטרויכלט ווערן,
און וועלן ניט אויספירן;
זיי ווערן פאַרשעמט זייער, ווייל זיי האָבן ניט באַגליקט,
אַן אייביקע שאַנד, וואָס וועט ניט פאַרגעסן ווערן.
יא. און דו גאָט פון צבאות, וואָס פּרואווסט דעם גערעכטן,
וואָס זעסט די נירן און דאָס האַרץ,
לאָמיך זען דיין נקמה פון זיי,
וואָרום צו דיר האָב איך אַנטפּלעקט מיין קריג.
יב. זינגט צו גאָט,
טוט לויבן גאָט,
וואָרום ער האָט מציל געווען די זעל פון דעם אָרעמען
פון דער האַנט פון די שלעכטסטווער.

(כ: ז—יג.)



קנות האָמסון.

# איינער אַליין

דער לאַנגער, לאַנגער וועג איבערן זומפּלאַנד און אַרויף ביז צום וואַלד — ווער האָט דער ערשטער אים אויסגעטראָטן? אַ מענטש, אַ מאַן, דער ערשטער, וואָס איז אַהער געקומען. פאַר זיין אָנקום איז קיין וועג נישט געווען. נאָך אים האָבן פאַרשיידענע חיות זיך באַוויזן, נאָכגעפאָלגט די שוואַכע שפּורן פון זיינע טריט און זיי אויסגעטראָטן טיפער; נאָך זיי ווידער האָט דעם וועג דער־שמעקט אַ לאַפּ און מיט אים זיך געלאָזט אויף זיין וועג איבער די בערג, אַכטונג געבנדיק אויף זיינע הירשן. אַזוי איז אויסגעטראָטן געוואָרן דער וועג דורכן גרויסן אַלמענינג — דער רשות־הרבים, דאָס לאַנד אָן אַ באַלעבאָס, קיינעמס לאַנד.

דער מענטש קומט אָן און זיין פּנים איז געווענדט צו צפון. ער טראָגט אַ זאַק, און אין אים שפּייז און אַביסל געצייג. אַ געזונטער, פאַרהאַרטעוועטער יונג מיט אַ רויטער אייזערנער באָרד, מיט קליינע שראַמען אויף די הענט און אויפן פּנים. שפּורן פון אַלטע וואונדן — האָט ער געקראָגן זיי פון שווערער ארבעט אָדער פון געשלעג? אפשר איז דער מענטש אַנטלאָפן פון אַ תפיסה און זוכט אַן אָרט, וואו צו באַהאַלטן זיך; אָדער אפשר אַ פילאָזאָף, וואָס זוכט רו. אַזוי צי אַזוי, ער קומט. אַ געשטאַלט פון אַ מענטשן אין דער גרויסער ווילדערניש. ער שפּאַנט און שפּאַנט; אַרום איז שטיל, ס'הערט זיך קיין פּיפּס נישט פון קיין פויגל אָדער חיה; ווען־נישט־ווען רעדט ער אַרויס אַ וואָרט אָדער צוויי; רעדט צו זיך אַליין. „איאַה — וואויל, וואויל...“ — אַזוי רעדט ער צו זיך אַליין. דאָ און דאָרט, וואו עס ווייזט זיך אין זומפּלאַנד אַ גינסטיקער אָרט, אַן אָפענער שטח אין דער מיט פון'ם וואַלד, לייגט ער אַוועק דעם זאַק אויף דער ערד און לאָזט זיך אַליין אויספּאָרשן דאָס אָרט; נאָך אַ ווײַלע זאַמען זיך, קערט ער זיך אום צוריק, נעמט דעם זאַק אויף די פּלייצעס נאָכאַמאָל און שפּאַנט ווייטער. אַזוי שפּאַנט ער דעם גאַנצן טאָג און ווייסט די צייט נאָך דער זון. נאַכט קומט, ציט ער זיך אויס אויפן ווילדגראָז און שפּאַרט אונטער דעם קאָפּ מיט אַ האַנט.

עטלעכע שעה רוט ער און דערנאָך ווייטער אין וועג: „איאַה — וואויל...“ — און זעצט פאָר זיין וועג צפון־צו, די זון זאָגט אים אָן די צייט. ער עסט זיין מאָלצייט — אַ שטיק פאַרדאַרט ברויט מיט קעז פון ציגן־מילך, אַ טרונק וואַסער פון אַ שטראָם, און ווייטער אין וועג. אויך דעם גאַנצן היינטיקן טאָג וואַנדערט ער אום, ווייל אַ סך גינסטיקע שטחים זיינען פאַראַן דאָ אין די וועלדער אויסצופאָרשן. וואָס זוכט ער? אַן אָרט, אַ שטח לאַנד? אַן אויסוואַנדערער, אפשר פון אַ היימיש־דאָרפישן שליאַך? ער האַלט זיינע אויגן וואַך און קוקט זיך אַרום, ווען־נישט־ווען קלעטערט ער אַרויף אויפן שפּיץ פון אַ באַרג און קוקט זיך איין אַרום און אַרום. די זון פאַרגייט נאָך איין מאָל.

ער שפּאַנט מיט דער מערב־זייט פון אַ טאָל; וואַלדיקער באָדן מיט בלעטערדיקע ביימער צווישן נאָדל און טענענבוימער, מיט ווייך גראָז פון אונטן. לאַנגע שעהן גייט ער מיט דער זייט, און דער בין־השמשות פאַלט צו. נאָר אָט כאַפּט אויף זיין אויער אַ שוואַכן מורמל פון לויפנדיק וואַסער, און דאָס מונטערט אים אויף, ווי אַ קול פון אַ לעבעדיק באַשעפעניש. ער קלעטערט אויפן שפּיץ

פונ׳ם באַרג און זעט דעם טאָל האַלב אין פינצטערניש אונטן; אויבן איבער אים — דער הימל אויסגעשפּרייט דרום־צו. ער לייגט זיך צו אָפּרוען.

אינדערפרי דערזעט ער פאַר זיך אַ שטח פּאַשע־לאַנד און וואַלד־לאַנד. ער לאָזט זיך אַרונטערגיין, און דאָרט איז אַ גרינער אַראָפּ־באַרג; ווייט אַרונטער, אַ שימער פונ׳ם שטראָם, און אַ האָז שפּרינגט אין דער קווער. דער מענטש שאָקלט זיין קאָפּ, ווי צו־שטימענדיק — דער שטראָם איז נישט אַזוי ברייט, אַז אַ האָז זאָל אים מיט אַ שפּרונג קאָנען אַריבערשפּרינגען. אַ ווייסע וואַלד־הון הויבט זיך אויף פון איר נעסט לעבן זיינע פיס מיט אַ ברוגזן צישען, און ער שאָקלט זיין קאָפּ ווידער: פעדערדיקע פויגלען און פוטער — אַ גוט אָרט דאָס דאָזיקע. היידעקרויט און ברוסניצע און ווילד־מאַלינע באַדעקן די ערד; פאַראַן אויך קליינע פאַרנקרויטן און זיבן־שפּיציקע שטערן־בלומען ווינטערגרין. דאָ און דאָרט שטעלט ער זיך אָפּ צו גראָבן מיט אַן אייזערנעם ווערקצייג און געפינט גוטן פורעם און טאָרפיקע ערד, געמיסטיקט מיט איבערגעפוילט האָלץ און אַראָפּגעפאַלענע בלעטער פון אַ טויזנט יאָר. ער שאָקלט מיטן קאָפּ צו זאָגן, אַז דאָ האָט ער געפונען אַן אָרט פאַר זיך אויף צו בלייבן און לעבן. דאָ — יאָ, דאָ וועט ער באַזעצן זיך. צוויי טעג גייט ער נאָך אַרום אויסצופאָרשן דעם געגנט אַרום, אומקערנדיק זיך יעדן אָוונט צום גרינעם אַראָפּבאַרג. ביינאַכט שלאָפט ער אויף אַ קופּע צונויפגעשאַרטע בלעטער, שוין פילט ער זיך אין דער היים דאָ, מיט אַ בעט פון צונויפגעשאַרטע בלעטער אונטער אַן אַרויסגע־שטאַרצטן פעלז.

דאָס שווערסטע איז געווען צו געפינען דאָס אָרט; דאָס דאָ־זיקע קיינעמס אָרט, נאָר זיינס. איצטער איז געווען אַרבעט אויף גאַנצענע טעג. גלייך האָט ער זיך גענומען אָפּשיילן בירקן־קאָרע טיפער אין וואַלד, ווי לאַנג דער זאַפט איז נאָך געווען אין די ביימער. די קאָרע האָט ער געפּרעסט און געטריקנט, און ווען ער האָט שוין געהאַט אָנגעקליבן אַ שווערן פּאַק, האָט ער אים אָוועקגע־טראָגן איבער די אַלע מיילן צוריק אין דאָרף אַריין צו פאַרקויפן אַלס מאַטעריאַל צום בויען, דערנאָך זיך צוריקגעקערט צום גרינעם אַראָפּבאַרג, מיט נייע זעק פול שפּייז און געצייג; מעל און חזיר־פלייש, אַ קאָך־טאָפּ, אַ גראָבאייזן, געגאַנגען היין און צוריק דעם גאַנצן וועג, פון וואַנעט ער איז געקומען, מיטברענגענדיק יעצט מעל פולע זעק. אַ געבוירענער טרעגער פון משאות, אַ שפּאַנענ־דיקע לאַסט־שיף צווישן די ביימער אין וואַלד — אָ, ווי ליב וואָלט

ער געהאַט זיין באַרוף, צו שלעפּן זיך איבער לאַנגע וועגן אָנגע־לאָדן מיט שווערע משאות, — ווי דאָס לעבן אַן אַ משא אויף די פּלייצעס וואָלט געווען אַ געמיין לעבן, נישט קיין לעבן פאַר אים.

אין איינעם אַ טאָג איז ער צוריקגעקומען מיט עפּעס מער ווי די משא, וואָס ער האָט געטראָגן; אויף אַ שטריקל האָט ער גע־פירט דריי ציגן, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען רינד־פי, און זיי אָפּ־געהיט מיט ליבשאַפט. דאַן איז אָנגעקומען דער ערשטער דורכ־גייער, אַ וואַנדערנדיקער לאַפּ; דערזעענדיק די ציגן האָט ער גלייך פאַרשטאַנען, אַז דער מענטש איז געקומען אַהער דאָ צו פאַרבלייבן, און האָט אָנגעהויבן רעדן צו אים.

— איר באַזעצט זיך דאָ אויף שטענדיק?

— יאָ, — האָט דער מענטש געענטפערט.

— ווי איז אייער נאָמען?

— איזאַק. ווייסט איר אפשר פון אַ פרוי, וואָס וואָלט געקאָנט קומען מיר העלפן?

— ניין. נאָר איך וועל זאָגן וועגן דעם וועמען כ׳וועל אָנ־טרעפן.

— יאָ, טוט עס. זאָגט, אַז איך פאַרמאָג פי דאָ, נאָר קיינעם נישט, ווער ס׳זאָל אויף זיי אַכטונג געבן.

דער לאַפּ איז זיך אַוועק זיין וועג. איזאַק, — יאָ, ער וועט זאָגן אַ וואָרט וועגן דעם. דער מענטש אויפן אַראָפּבאַרג איז נישט געווען קיין אַנטלאָפענער; ער האָט אָנגערופן זיין נאָמען. אַן אַנטלאָפענער? קאָן מען אים אויסגעפינען. ער איז נאָר אַן אַר־בעטער; און אַן אַרבעטער אַ מוטיקער. ער האָט זיך גענומען צו פאַרגרייטן ווינטער־שפּייז פאַר זיינע ציגן, אָפּצורייניקן דאָס לאַנד, גראָבן אַ פעלד, איבערטראָגן שטיינער, צונויפשטעלן אַ וואַנט. צו הערבסט־צו האָט ער שוין געהאַט אויפגעבויט אַ שטוב פאַר זיך, אַ געצעלט פאַר טאָרף, שטאַרק און פעסט און וואַרעם; אַ שטורם האָט עס נישט געקאָנט אומוואַרפן, און אַ פייער האָט עס נישט גע־קאָנט פאַרברענען. אָט האָט ער אַ היים; וויל ער, קאָן ער אַריינ־גיין אינווייניק, פאַרמאַכן די טיר הינטער זיך, און דאָרטן בלייבן; וויל ער, קאָן ער שטיין אינדרויסן לעבן דער טיר, זען זאָל יעדער, וואָס וועט דורכגיין, אַז ער איז דער בעל־הבית פון דער שטוב. אין געצעלט זיינען געווען צוויי צימערן; איינער פאַר אים און איינער פאַר די ציגן. אין וווייטסטן עק איבער דער וואַנט פונ׳ם פעלז איז געווען דער היי־בוידעם. דאָרטן איז געלעגן אַלצדינג.

נאָך צוויי לאַפּן גייען דורך, אַ פאָטער מיט אַ זון. זיי שטייען

אַנגעשפּאַרט מיטביידע הענט אויף זייערע לאַנגע שטעקנס און באַטראַכטן דאָס געצעלט מיט דעם אָפּגעריייניקטן פעלד און פאַר־נעמען דעם קלאַנג פון די גלעקלעך אויף די ציגן, וואָס פּאַשען זיך אויפן באַרג.

— גאָדדאַג, — זאָגן די לאַפּן. — און אָהער זיינען פיינע מענטשן געקומען וואוינען. — לאַפּן רעדן אַזוי, מיט חניפה.

— ווייסט איר אפשר פון אַ פרוי, וואָס וואָלט געקאָנט קומען מיר העלפן? — זאָגט איזאַק, טראַכטנדיק נאָר וועגן דער איינער זאַך.

— אַ פרוי צו העלפן אייך? ניין. נאָר מיר וועלן איבערגעבן וועגן דעם.

— יאָ, אַז איר׳ט זיין אַזוי גוט; אַז איך האָב אַ שטוב און אַ שטיק ערד דאָ, און ציגן, נאָר נישט קיין פרוי, וואָס זאָל העלפן. זאָגט עס.

אָ, ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אַ פרוי צו העלפן אים, יעדעס מאָל, וואָס ער איז געגאַנגען אין דאָרף אַריין מיט זיינע פעק קאָרע, נאָר ער האָט קיין איינע נישט געקאָנט געפינען. זיי פלעגן קוקן אויף אים, אָן אלמנה אָדער אָן אַלטע מויד, נאָר זיי האָבן זיך געשראָקן אים אָנצובאָטן זייער הילף. איזאַק האָט נישט געוואוסט פאַרוואָס. ער האָט נישט געוואוסט פאַרוואָס? ווער וועט עס גיין דינען ביי אַ מענטשן אין דער ווילדערניש, אין אַזאַ וייטן מרחק פון אַ ישוב — אַ טאָג פאָרן צום נאָענטסטן שכן? און דער מאַן אַליין איז נישט געווען קיין ליבלעכער און שיינער אויפן אויסזען, וויט פון דעם; און ווען ער האָט גערעדט, איז זיין שטימע נישט געווען קיין טענאָר־שטימע, מיט אויגן געווענדט צום הימל, נאָר אַ שטימע אַ פאַרהאַרטעוועטע, ענלעך צו אַ חיהשער.

נו, וועט ער מוזן אויסקומען אַליין.

ווינטער האָט ער געמאַכט גרויסע הילצערנע קאָרעטעס און זיי פאַרקויפט אין דאָרף, צוריקגעטראָגן זעק מיט שפּייז און גע־צייג איבער די שווערע שניי־וועגן; שווער איז אים געווען צו זיין לאַנג וויט פון זיין היים. דאָרטן האָט ער געהאַט די ציגן, און קיינעם נישט, ווער ס׳זאָל אויף זיי אַכטונג געבן. וואָס־זשע האָט ער געטאָן? די נויט האָט אים געמאַכט קלוג; זיין מוח איז געווען שטאַרק און ווייניק גענוצט; האָט ער אים אָנגעהויבן צו נוצן מער און מער. צוערשט האָט ער אַרויסגעלאָזט די ציגן איי־דער ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין, און זיי האָבן שוין געפונען פאַר זיך פּאַשע צווישן די ביימער אין וואַלד. נאָר דערנאָך האָט ער

אויסגעפונען אַן אַנדער פּלאַן: ער האָט גענומען אַן עמער, אַ גרויסע כלי, און אים אויפגעהאַנגען לעבן טייך אויף אַזאַ אופן, אַז דאָס וואַסער זאָל אין אים קאַפּען טראָפּנסווייז און ס'האָט געדויערט פערצן שעה די כלי אָנצופילן. און ווען ער איז שוין געווען פול ביז איבער די ברעגעס, האָט ער געהאַט די נויטיקע וואָג: דער עמער האָט דאַן אַראָפּגעזונקען, און זינקענדיק געצויגן אַ שטריק, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן היי-בוידעם; אַ פאַל-טירל האָט זיך געעפנט און דריי בינטלעך פיטערונג זיינען אַרויסגעפאַלן — און די ציגן האָבן געפונען זייער עסן.

דאָס איז געווען זיין שטייגער.

אַ גלענצנדער איינפאַל; אַ מחשבה, געקומען אפשר פון גאָט. דער מענטש האָט נישט געהאַט קיינעם, וועד עס זאָל אים העלפן, בלויז ער איינער אַליין. דער איינפאַל האָט אים געדינט ביז שפּעט אין הערבסט. דאַן איז אויסגעפאַלן דער ערשטער שניי, דערנאָך רעגן, דערנאָך ווידער שניי און ס'האָט שוין געשנייט די גאַנצע צייט. און זיין מאַשין איז קאַליע געוואָרן; דער עמער איז אָנגעפילט געוואָרן פאַר דער צייט און געעפנט דאָס פאַל-טירל צו פרי. האָט ער אַרויפגעטאָן אַ דעקל פון אויבן און ס'האָט ווייטער געאַרבעט גוט אַ שטיקל צייט. דערנאָך אָבער האָט זיך געשטעלט דער ווינטער, דער טראָפּן וואַסער איז פאַרפרוירן געוואָרן און אָפּגעשטעלט די מאַשין אויף שטענדיק.

די ציגן מוזן נאָכטאָן דעם באַלעבאָס — זיך צוגעוואוינען אויסקומען אָן דעם.

שווערע צייטן — דער מענטש האָט זיך גענויטיקט אין הילף, און נישט געקראָגן, דאָך האָט ער געפונען אַן אויסוועג. ער האָט געאַרבעט און געאַרבעט אין הויז; ער האָט געמאַכט אינ'ם געצעלט אַ פענצטער מיט צוויי שויבן פון אמתן גלאָז, און יענער טאָג איז געווען אַ ליכטיקער און וואונדערלעכער טאָג אין זיין לעבן. מער נויטיקט ער זיך שוין נישט אָנצוצינדן פייער אויף צו זען; ער קאָן זיצן אינווייניק אין שטוב און אויסהאַקן זיינע הילצערנע קאַרעטעס ביים טאָג-ליכט. בעסערע טעג, ליכטיקערע טעג... איאה!

ער האָט קיינמאָל קיין ביכער נישט געלייענט. נאָר זיינע מחשבות זיינען געווען מיט גאָט; זיי זיינען געווען עכט, געקומען פון פשטות און יראת-הכבוד. די שטערן אויפן הימל, דער ווינט צווישן די בוימער, די איינזאַמקייט און דער ווייט-פאַרשפּרייטער שניי, דער כוח פון דער ערד און פון איבער דער ערד האָבן אָנגעפילט זיין האַרץ יעדן טאָג מיט אַ טיפן ערנסט. ער איז געווען אַ

זינדיקער און האָט מורא געהאַט פאַר גאָט. אין די זונטיק־טעג האָט ער זיך אָפּגעוואַשן פון יראת־הכבוד פאַרן הייליקן טאָג, נאָר פונדעסטוועגן געאַרבעט, ווי אין די אַלע אַנדערע טעג פון דער וואָך.

פרילינג איז געקומען; ער האָט געאַרבעט אויף זיין שטח ערד און געפלאַנצט קאַרטאָפל. זיין לעבעדיקער אינווענטאַר האָט זיך פאַרמערט; די צוויי ציגן האָבן געבוירן יעדע אַ צווילינג, און אַרומגעלאָפן זיינען אַרום הויז איצט שוין זעקס ציגן מיט איין צאָפּ. איזאַק האָט פאַר זיי געמאַכט אַ גרעסערע שטאַל, גרייט פאַר ווייטערער פאַרמערונג, און אַריינגעשטעלט אויך אַהין צוויי גלעזערנע שויבן. יאָ, ס׳איז געווען ליכטיקער און העלער איצט אין יעדן פרט.

(פון „די ברכה פון דער ערד״.)



באַסטיען ל׳פּאַזש שניטצייט.

א. באַריק.

# ב ר ו י ט

1

— אַזוי, צי אַזוי, נאָר סע שמעקט שוין מיט מאַרט,
האָבן אידן געגרייט זיך, גערעדט און געוואַרט.

איז פון שטאָט אָנגעקומען אַ יונגער יעווסעק,
די ערדן צעטיילט זיי, — און פאָרט, און אָן שרעק!

זיינען קינדער און רינדער, און טאַטעס און פערד,
געפאָרן, געקומען, — און אָט איז די ערד.

שטייט דאָרט אַ פּאַלאַץ צעשטויבט און צעשטערט,
און מיט לאָזע און גראָז איז באַוואַקסן די ערד.

האָבן זיך עלטערע אידן פאַרקלערט...
— וואָס טוט מען, ווי טוט מען, גיי שפּיל זיך מיט ערד!

קוקט מען און שווייגט מען... אַז גרויס איז די לאַסט,
צי וועט מען דאָ בלייבן, צי קומט מען צו גאַסט...

איז דער איננגסטער, אַ פלינקער, אַראָפּ אויף דער ערד:
— וואָס איז דאָ צו טראַכטן? — און שפּאַנט אויס די פערד.

איז דער איננגסטער דער ערשטער צום פּאַלאַץ אַוועק,
זיינען אַלע אַראָפּ פון די פערד — און אַן עק.

**2**

דער פֿאַרטאָג איז פֿריש און זומערדיק און ווייך,
און גרינגע ווינטן קומען און פֿאַרגייען.
ציען זיך די זאַנגען מיט מײַלער אין דער הויך
און ציטערן און בויגן זיך אין צווייען.

ליגט אין טוי דער זומער אויפֿן פֿעלד,
דער הימל האָט זיך שוין אויף ראָז צעגאָסן.
מען קוקט אין שויב: דער הימל איז שוין העל.
— אַ גאַנצן טאָג וועט מען היינט קענען קאָסן!

איז גוט אַרויס אין לײַוונטענעם העמד,
די ברייטע הענט אַ פּאָך טאָן אין דער לופֿטן.
שאַ און שטיל. עס וואַכט די גאַנצע ערד,
יונגע זאַנגען וויגן זיך און רופֿן...

**3**

עס קלינגט און בלאַנקט אין ברייטן טאָל,
און קלונג־און־קלאַנג פֿון שאַרפֿן שטאָל
פֿאַרגייט זיך אין די קאָסעס...
טוי און זון און שטיקער גאָלד
רינט פֿון הויך און פֿאַלט אין טאָל,
צעמישט זיך מיט די גראָזן.

די זון איז דאָ, ס'איז ניט הייס,
נאָך ליגן טראָפּנס טוי, ווי שווייס, —
צעטרייסל און צעשפּריץ זיי!
קאָסעס ראַנגלען זיך אין גראָז,
קאָסעס ווערן פֿייכט און ראָז,
פֿייכט, און ראָז און היציק.

פייכטע גראָז בלייבט שטיל און רוי.
— ברידער, הערט, ניט איילט אַזוי:
קאָסעס ציטערן פאַר שטיינער!
די זון איז הויך, און ס'העלט און ס'ברענט.
עד, וואו נעמט מען טויזנט הענט,
איין פאָר הענט איז ווייניק!...

4

און צו דער נאַכט. די זון האָט זיך געזעצט,
און ס'לעשט זיך אוים סוף־מערבדיקער פלאַקער, —
ווערט דאָס גאַנצע לייב אין מידקייט אויסגענעצט,
און ס'הילכט שוין אָפּ דער לעצטער בלאַנק פון אַקער.

מען קריכט אַרויף אַ מידער אויפן פערד,
אַ צי דעם צוים און, — פערדעלעך, געשווינדער!
אַ גאַנצן טאָג האָט מען געאַרבעט שווער,
מוז צו אָוונט ווערן גרינגער...

גייען שווער און שווייגנדיק די פערד,
אַ מידקייט פאַלט און שלעפּט די ברעמען.
— אוי, ווער האָט דאָס געזאָגט און ווען,
אַז גרינג איז, ערדעלע, דיך קענען?

נאַ, נעם צעווייע אונזער שוויים,
נעם, דריק צו די מידע גלידער!
און ס'ווילט זיך עפּעס שווער און הייס
אַזוי אַ פאַל טאָן אין דער נידער.

צעיאָגט אַ ליד זיך אויף בּאַראָט.
— אוי, ווער האָט דאָס אַ ליד פאַרצויגן? —
גייען פערדלעך טראָט־נאָך־טראָט
מיט מידע צוגעמאַכטע אויגן...

5

ס'איז קיין ברויט אין שטוב ניטאָ נאָך,
שלאָף מיין קינד, מיין שטיפּס.
איך קען נאָך איצטער דיר ניט זינגען
פון אַ פעלד, וואָס רייפט...

פעט און זאַפטיק זיינען פעלדער,
און אין שטוב איז לער.
נאָענט גייט אַרום דיין טאַטע,
רייסט אויף ברייט די ערד.

גייט דיין טאַטע נאָכן אַקער
שווער און אויסגעדרייט,
וועט כאָטש גיין ביי דיר דער אַקער,
ווי אַן אַקער גייט...

דו וועסט וואַקסן, דו מוזט וואַקסן
מיטן וואוקס פון בוים,
שווערע מי וועט זיין דיין חבר,
פעטע ערד — דיין היים.

און ווען ס'וועט ווערן, — ווי מע זאָגט אונז, —
גרינג אויף גאָרער ערד, —
זאָלסטו וויסן, אַז דיין מאַמען
איז געווען שווער...



וו. קאַראַלענקאַ.

# פרעמד

מאַטווי האָט זיך אויפגעכאַפּט אין מיסטער באַרקס איינפאָר־הויף, איינגאַנצן באַגאָסן מיט שוויס, און זיך אנידערגעזעצט אויפן בעטל.

ער האָט געריבן די אויגן און זיך ניט געקאָנט דערמאָנען, וואו ער איז. אין צימער איז געווען פינצטער, אָבער עמיצער האָט ארומגעשפּרייזט, עמיצער האָט געטופּעט, עמיצער האָט געסאָפּעט און עמיצער איז גע־שטאַנען גראָד איבער זיין בעט.

נאָכדעם איז אין צימער פּלוצלונג ליכטיק געוואָרן, ווייל עמיצער האָט אָנגעצונדן דעם גאַז־לאָמפּ מיט א שוועבעלע. דער צימער איז ליכטיקער געוואָרן, אָבער מאַטוויי איז אַלץ געזעסן און האָט גאָרניט פאַרשטאַנען און געריידט מיט שרעק:

— געלויבט און געבענטשט זאָל זיין דער, וואָס לעבט אייביק.

— נו, וואָס איז ווייטער? וואָס האָסטו זיך אזוי דערשראָקן? — האָט ער דערהערט א באַקאַנט קול. דאַכט זיך דימעס קול, נאָר עפּעס א מאָדנער און א פרעמדער. און דער מענטש, וואָס איז געשטאַנען איבער מאַטוויס בעט, איז אויך געווען דימא, נאָר עפּעס אַן אַנדערער, ניט געראָטן אין דימאָן... מאַטוויי האָט געמיינט, אַז דאָס אַלץ איז א חלום, און האָט גענומען רייבן מיט די פויסטן די אויגן. ווען ער האָט זיי גע־עפנט, איז אין צימער געווען נאָך ליכטיקער, און ס'האָבן זיך באַוועגט עפּעס מענטשן, וואָס האָבן זיך נאָר וואָס אומגעקערט מיט א גאַנצער מחנה... מאָדנע מענטשן, פרעמדע מענטשן, מענטשן ניט־פאַרשטענדלעכע און אומבאַקאַנטע, מיט פּנימער, וואָס מ'קען ניט דערקענען, צי זיינען זיי גוטע אָדער שלעכטע, צי געפעלן זיי דיר, אָדער ניט... זיי האָבן פאַר־פלייצט דעם צימער, ווי א מחנה ווילדע רוחות, וואָס קומען דעם מענטשן אמאָל צו חלום — און שטיל, אָן א גערויש, פאַרנומען זייערע ערטער. און מאַטוויי האָט נאָך לאַנג ניט געקענט באַגרייפן — ווער איז דאָס, פון וואַנען, וואָס טוען זיי דאָ, און וואָס טוט ער צווישן זיי...

און נאָכדעם האָט ער זיך דערמאָנט: דאָס זיינען דאָך אמעריקאַנער. די, וואָס פליען אין דער לופטן, לאַכן ביים דאַווענען אין קלויסטער, וואָס האָבן חתונה ביים רב, וואָס קלייבן זיך אַליין אויס אַן אמונה, ווי וועמען

ס׳געפעלט... די, וואָס באַהערשן אײנגאַנצן דעם פרעמדן, און דאַמאָלסט בײט זיך אויך בײ אים זײן אמונה...

און דער, וואָס שטײט איבערן סאַמע בעט, איז עס טאַקע דימאַ? יאָ, ס׳איז טאַקע דימאַ, אָבער עפּעס אַזעלכער, פּונקט װי ער װאָלט אים געקומען צו חלום. ער האָט זיך זײער געאײלט אויסטאָן זיך און האָט אַלץ אָפּגעדרײט דעם פּנים. מאַטװײ האָט אָבער דערזען, אַז דימאַ טוט אויס ניט זײנע מלבושים. ער האָט ניט געטראָגן ניט די װײסע סער־מיענגע, ניט דעם רויטן גאַרטל, װאָס ער האָט געקויפט אין שטעטל פאַרן סאַמע אָפּפאָר, ניט די הויכע שטיװל, ניט די ברײטע שאַראַװאַרעס. אָנשטאָט דעם אַלעמען האָט ער זיך איצט געמאַטערט גיכער אַרויסצוקריכן פון עפּעס אַן אויסגעװאַקסענער דײטשער קורטקע, װאָס האָט אפילו ניט פאַרדעקט װי געהעריק דאָס, װאָס אַן אָנשטענדיקער מלבוש דאַרף פאַר־שטעלן; זײן האַלז האָט אונטערגעשפּאַרט אַ הויכער קאָלנער פון אַ געפּרעסט העמד, און פון די פיס האָט ער ניט געקענט אַראָפּשלעפּן די שמאָלע הויזן. אַז ער האָט זיך שוין סוף־כל־סוף אויסגעטאָן און איז אַרונטערגעקראָכן צו מאַטװײען אונטער דער קאָלדרע, האָט מאַטװײ זיך אַ טרײסל געטאָן: אַזױ פרעמד איז אים געװאָרן דימאַס פּנים. די האָר, קורץ אָפּגעשוירענע, זײנען געשטאַנען איבערן שטערן װי אַ באַרשט, די װאָנסעס איבער דער ליפּ אונטערגעהאַקט, און פון דער באָרד האָט זיך אָפּגעשטעלט בלויז אַ שמאָלע אַמעריקאַנער לאָפּאַטקע.

— האָב גאָט אין האַרצן, דימאַ! — האָט מאַטװײ געזאָגט — װאָס האָסטו געמאַכט פון דײן פּרצוף?

דימאַ האָט זיך אַפּנים געפילט פּונקט װי אײנער, װאָס איז אַרויס אויפן מאַרק און פאַרגעסן אָנטאָן די הויזן. ער האָט אַלץ אָפּגעדרײט דעם פּנים, פאַרדעקט דאָס מויל מיט דער האַנט און געזאָגט מיט אַ לאַקריץ־זיסן קול, װי אַ פאַרשולדיקטער:

— אָט אַזױ װי דו זעסט מיך... אַרײן מיטן פאַרשאָלטענעם איר־לענדער אין פּריזוריע, מ׳זאָל מיך אַביסל אָפּשערן. גלויב מיר אויף נאמנות, מאַטװײ, איך האָב בלויז געװאָלט אַ קאַפּעלע, האָט מען מיך געמאַכט אַזױ. אַװעקגעזעצט אויף אַ שטול, זאָג איך דיר, אַ מחיה־דיקער, האָב איך זיך אָבער אַרײנגעזעצט — איז שוין פאַרטיק. עפּעס האָט מען מיר אַ כאַפּ געטאָן די פּיס, אַ װאָרף אין דער לופטן, דעם קאָפּ אַ זעץ אויף הינטן: אויף נאמנות װי אַ שעפּס אין שעכטהויז... איך זע, דער דײטש מאַכט עפּעס נישט װי מ׳דאַרף, איך קען זיך אָבער ניט רירן. נאָכדעם אַ קוק אין שפּיגל — גאָר אַן אַנדער מענטש. „װאָס האָסטו

געמאַכט פון אַ מענטשן, שרייַ איך, דו הינטישער זון?" און זיי ביידע קלייבן נחת, פּאַטשן מיר אין פּלייצע: „וועל, וועל".

דימאַ האָט זיך שטילערהייט אַרונטערגערוקט אונטער דער קאָלדרע און האָט זיך אַלץ געוּרוקט צום עק פון בעט. נאָר אַז אין חדר איז פינצ־טער געוואָרן, און דער לעצטער אַמעריקאַנער איז געגאַנגען שלאָפן, האָט ער לכתחילה נאָך אַלץ זיך געמאַכט זיפצנדיק, נאָכדעם האָט ער זיך איינ־געלייגט און לסוף געזאָגט:

— פונדעסטוועגן, זיי זיך מודה, מאַטוויי... פּאָרט אַ בעסערער פּנים, מער געראָטן אין אַן אַמעריקאַנער.

— און וואָס האָסטו דערפון, וואָס דו ביסט געראָטן אין אַן אַמערי־קאַנער? — האָט מאַטוויי קאַלט געענטפערט.

— דו ווייסט, — האָט דימאַ פריילעך ווייטער גערעדט, ניט הערנ־דיק — ווען איך האָב ביים אידן אויפן מאַרק אויסגעביטן דעם מלבוש, טאַקע מיט אַ קליינעם צוליינ, איז אויפן גאַס צוגעגאַנגען צו מיר עפּעס אַ פּאַרשוין און אָנגעהויבן רעדן מיט מיר ענגליש...

— עך, איוואַן, איוואַן, — האָט מאַטוויי געזאָגט אַזוי פאַרבי־טערט, און דימאַן האָט עס עפּעס ווי אַ שטאָך געטאָן און ער האָט אָנ־געהויבן זיך דרייען אויפן אָרט — אמת זאָגט טאַקע דער בערקאָ: דו וועסט שוין דיין אמונה אויך אין גיכן פאַרגעסן...

— מאָדנע נפשות, — האָט דימאַ אַ ברום געטאָן, זיך אומדרייענ־דיק — עקשנים, פּונקט ווי די אָקסן אין לאַזישטשע! אייך וואָלט בעסער געפעלן, מ'זאָל אייך נאָכוואַרפן מיט שטיינער אין די גאַסן.

— אָט וואַרפסטו מיר שוין אויף מיט לאַזישטשע, וואו דו ביסט גע־בוירן געוואָרן, — האָט מאַטוויי געענטפערט און געבליבן שטיל, אַביסל הכנעהדיק.

— צו וואָס דאַרפסטו בערקאָס רייד? אָט האָט ער אָפּגעזידלט דעם אירלענדער, אָן אַ פאַרוואָס... ווייסט, כ'האָב זיך טאַקע דערוואוסט, וואָס איז עס אַזוינס דער טעמעני־האָל און וואו מ'פאַרקויפט די שטימעס... די זאַך איז גאַנץ פּשוט. זיי קלייבן דאָך דאָ ריכטערס, אַ שטאָט־פּרעזידענט און אַנדערע באַאַמטע. נו, פאַרשטייסט, יעדערער וויל כאַפּן אַ גוטע שטעלע, צאָלן זיי... דו, זאָגן זיי, שטים נאָר פאַר מיר. ווער ס'קלייבט אויף מער שטימעס... מאַטוויי, דו שלאָפסט?

מאטוויי האָט זיך ניט אָפּגערופן, נאָר ער האָט ווייטער געטענהט:

— פון מיינעטוועגן, זיינען זיי דאָך גערעכט: ווילסט פאַר זיך אַ טובה, דאַרפסטו באַצאָלן... ווייסט נאָך וואָס?

דימאָ האָט אָנגעהויבן רעדן נאָך שטילער און האָט זיך אומגעדרייט אינגאַנצן צו מאַטווייען:

— זיי זאָגן, דער אירלענדער און דער איד, ביי וועמען כ'האָב געקויפט די מלבושים, אַז מיר וואָלטן אויך געקענט... אמת, אונזערע שטימעס זיינען ניט קיין ריכטיקע, אָבער עפּעס זיינען זיי אויך ווערט...

מאַטוויי האָט אים געוואָלט אָפּענטפערן גאָר יאָדערדיק, אָבער אין דער רגע האָט זיך פון אַ צווייטן בעט דערהערט אַ בייזער געשריי פון עפּעס אַן אַמעריקאַנער. דימאָ האָט פאַרשטאַנען איין וואָרט „דעוויל", נאָר דערפון האָט ער פאַרשטאַנען, אַז מ'שיקט זיי ביידע צום טייוול דערפאַר, וואָס זיי לאָזן ניט שלאָפן. ער האָט זיך אויסגעדרייט און באַהאַלטן זיך אונטער דער קאָלדרע.

ווען ס'האָט נאָר אָנגעהויבן צו טאָגן, האָט מאַטוויי זיך געטאָן אַ כאַפּ־אויף נאָך אַ קורצן דרעמל און זיך פּרובירט דערמאָנען, וואו ער איז, און וואָס ס'איז מיט אים פאָרגעקומען. די שטאָט, וואָס איז אויף אַ ווײַלע שטיל געוואָרן, האָט זיך אויפגעכאַפּט. די רעדער אויף אַ נאָענטער סטאַנציע האָבן זיך האַסטיק געדרייט, און ס'האָט זיך פאַרבייגעטראָגן אַ צוג, רוישנדיק ווי אַ ווינט אין וואַלד אין אַ רעגנדיקן פרימאָרגן. דערנעבן, אויף אַ צווייטן קישן, איז געלעגן דימאָס קאָפּ, אָבער מאַטוויי האָט קוים דערקענט זיין חבר. דימאָס פּנים איז געווען רויט, ווייל אים האָט שטאַרק אונטערגעשפּאַרט דער שטייפער קראַגן פון דעם אָנגעקראָכמאַלעטן העמד, וואָס ער האָט ניט אויסגעטאָן אויף בייַנאַכט. זיינע לאַנגע קאָזאַקישע וואָנסעס זיינען געווען אונטערגעשוירן, און איין וואָנס האָט נאָך אַרויסגעסטאַרטשעט מיטן אָנגעפּאַרבטן שפּיץ. אַ קוק־טוענדיק אויפן דאָזיקן פרעמדן פּרצוף, האָט מאַטווייען עפּעס פאַרדראָסן... אים האָט זיך געדאַכט, אַז דימאָ ווערט אים פרעמד...

(פון „אָן אַ לשון".)





ש. אַש.

# דער סטרייק פון די קוזמינער לאַנדסלייט

עס איז געשען אַ וואונדערלעכע זאַך — די לאַנדסלייט פון קוזמין, אָנקל מאָזעסעס משפחה, זיינען אַרויס אין סטרייק. צוערשט האָט אָנקל מאָזעס גאָר ניט פאַרשטאַנען, וואָס ס'איז געשען; געזען, ווי די לאַנדסלייט הויבן זיך אויף אין מיטן טאָג און לייגן אַוועק די נאָדל און פאַרלאָזן דעם שאַפּ, האָט ער געמיינט, עפּעס אַן אומגליק איז געשען.

— וואָס איז געשען? וואוהין גייט איר?

די לאַנדסלייט האָבן זיך אַרויסגעגנבעט פון שאַפּ, ווי זיי וואָלטן באַגאַנגען אַ גנבה, און געשעמט זיך צו קוקן דעם אָנקל אין די אויגן אַריין. איינציקווייז האָבן זיי זיך אַרויסגעשלייכט. האָט דער אָנקל אָפּגעשטעלט שלמה דאָרפס-גייער, אַ גוטן באַקאַנטן פון דער היים:

— שלמה, וואוהין גייסטו?

— איך ווייס ניט. מען האָט מיר געהייסן, גיי איך.

— וואָס בין איך, אַ פרעמדער? — האָט דער אָנקל געשריען — ביי מיר סטרייקט מען? פאַר מיין גוטס, וואָס איך האָב אייך אַראָפּגעבראַכט קיין אַמעריקע, האַלט אייך אויס מיט ווייב און קינדער — די ביזנעס זיינען דאָך נאָר צוליב אייך — סטרייקט מען ביי מיר! גוט, גוט, איך וועל זיי שוין וויזן סטרייקן.

די לאַנדסלייט האָבן גאָרנישט ניט געענטפערט, פאַרלאָזט דעם שאַפּ און צונויפגעקליבן זיך אין דער „חברה אנשי קוזמין", טאַקע אין דער שול, פון וועלכער דער אָנקל איז געווען פּרעזידענט.

לאַנג האָט געדויערט, ביז עס איז געלונגען דער יוניאָן פון די שניידער צו אָרגאַניזירן אָנקל מאָזעסעס שאַפּ. די לאַנדסלייט האָבן דעם אָנקל ניט געקענט מעיז פנים זיין; זיי האָבן זיך ניט פאָרגעשטעלט ווי אַזוי זיי וועלן קענען דעם אָנקל שלעכטס טאָן. ער איז דאָך אונזער „פרנסה-געבער", — האָבן זיי אויף אַלע טענות אָפּגעענטפערט. נאָר פון זינט אָן דער אָנקל האָט חתונה געהאַט, און סעם האָט זיי געלאָזט פילן זיין האַנט, איז ביסלעכווייז געוואַקסן די אומצופרידנקייט צווישן די

לאַנדסלייט מיטן אָנקל, און טשאַרלין מיט אייניקע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַני־זאַטאָרס פון דער יוניאָן איז ענדלעך געלונגען אין דער שטיל צו אָרגאַניזירן דעם אָנקלס שאַפּ, אין געהיים, פון איין לאַנדסמאַן צום אַנדערן, ביז דער סטרייק האָט אויסגעבראָכן אומגעריכט פאַרן אָנקל און פאַר אַלע זיינע באַהעלפערס.

אין אָנפאַנג איז קוזמין געווען זייער ענטוזיאַסטיש צו קעמפן. אַז מען האָט געדאַרפט גיין „פּיקעטן" פאַרן אָנקלס שאַפּ, האָבן זיך אַלע גע־ריסן. אויסגעקליבן אָבער האָט מען שלמהלע פאַרמאַן, יאָסל דאָרפּס־גייער, אידן סעדער־האַלטער און פישערס, אידן וועלכע קענען געבן צוריק אַ קלאַפּ, ווען מען וועט דאַרפן. זיי האָבן גענומען ברויט און אָפּגעזאָטענע קאַרטאָפליעס אין די קעשענעס און האָבן זיך אַוועקגעשטעלט, אַזיינער זעקס אין דער פרי, פאַרן אָנקלס שאַפּ, געשטאַנען און געהיט.

טיילמאָל איז דער אָנקל אַרויס צו זיי און פּרובירט מיט זיי רעדן:

— וואָס וועט זיין דער סוף פון שטיין?

— מיר ווייסן ניט. געהייסן שטיין, שטייען מיר, — האָבן די אידן אָפּגעענטפערט.

— אָבער וואָס ווילט איר? לאָזט מיך הערן, וואָס איר ווילט.

— מיר ווייסן גאָרניט. טשאַרלי — אַלץ טשאַרלי... מיר זיינען פּראָסטע סאָלדאַטן, געהייסן שטיין, שטייען מיר, — האָבן די אידן אָפּ־געענטפערט מיט אַ זעלנערישן טאָן, דערמאָנענדיק זיך אָן דער היים פון אויף דער וואַך ביי די סאָלדאַטן.

— וואָס, טשאַרלי האָט אייך געבראַכט קיין אַמעריקע? טשאַרלי האָט אייך געגעבן אַרבעט? פּרנסה געגעבן? אַ גאַנץ יאָר גייט איר אויך צו טשאַרלין — אָל־רייט!

— אַזוי געהייסן.

— וואָס שטייט דער אָנקל און טענהט זיך אוים מיט זיי? מיט וועמען איז דאָ צו רעדן? אָנקל, אַריין! — האָט סעם אים געצויגן ביים אַרבל מיט חוצפּה.

— לאָז מיך, איך וויל מיך מיט זיי דורכרעדן.

— אָנקל, — האָט סעם געשריען — איך וויל, אַז דער אָנקל זאָל אַריין. מען דאַרף ניט רעדן מיט זיי, אוים משפּחה, אוים לאַנדסמאַן. איך לאָז ניט מער קיין משפּחה איבער דער שוועל אַרויף.

— אַלעס צו טשאַרלין. מיר ווייסן גאָרניט, — האָבן די לאַנדסלייט אָפּגעענטפערט.

און טשאַרלי איז געווען דער גאָט. טשאַרלי איז געקומען יעדן אָוונט אין חברה אַנשי קוזמין און גערעדט צו די לאַנדסלייט. טשאַרלי האָט געבראַכט אַנדערע רעדנער; טשאַרלי איז אַרומגעלאָפן צו די צייטונגען;

טשאַרלי האָט פון ערגעץ־וואו געלט געקראָגן; טשאַרלי איז געווען דער צווייטער משה, וואָס איז געקומען אויסלייזן די לאַנדסלייט פון אָנקל מאָזעס, פּרעה מלך מצרים.

אין דער „חברה אנשי קוזמין״ זיינען געווען פאַרזאַמלט די סטרייקנ־דע לאַנדסלייט. קוזמין האָט גערוט, און עס האָט אויסגעזען ווי חול־המועד אין דער היים. ניט קיין שבת, ניט קיין יום־טוב — ס׳איז אינ־דערוואָכנס און מען אַרבעט ניט. און צו דעם איז קוזמין אַזוי ניט צו־געוואוינט געווען. שוין אַכט טעג ווי דער סטרייק האַלט אָן. דער ערשטער ענטוזיאַזם איז שוין פאַרשוואונדן, און קוזמין האָט שוין געפילט אַ בענק־שאַפט נאָכן שאַפּ. זיי האָבן נאָך ניט געפילט קיין הונגער: אביסל האָט יעדער געהאַט אַליין אָפּגעשפּאָרט און באַהאַלטן פאַרן סטרייק, און אביסל האָט די יוניאָן מיט מי צונויפגעשלעפּט. נאָר קוזמין האָט ניט געקענט אַרומגיין ליידיק. דאָס „באַלאַמוטשען״ האָט זיי ניט געלאָזט רוען. דער „תכלית״ האָט געפּיקט אין די געהירן און גענאָגט דאָס האַרץ ווי אַ שלעכטער וואָרעם.

— וואָס וועט זיין דער תכלית פון דעם באַלאַמוטשען? — האָט איי־נער אין דער שטיל געפרעגט דעם אַנדערן.

— און וואָס פאַר אַ תכלית האָסטו ביים אָנקל אין שאַפּ? פאַרן טרוקענעם שטיקל ברויט — דאָס איז דער תכלית?

— מילא, מן הסתם, ווייסט דאָך, אַז קהל הייסט אַזוי — קהל ווייסט, וואָס עס טוט.

נאָר קוזמין האָט דערווייל ניט באַלאַמוטשעט. איינער האָט זיך דערווייל אָנגעגרייט אַ שטיקל יענע וועלט און אַריינגעכאַפּט אַ יום תהילים; אַן אַנדערער, וואָס האָט געקענט אביסל לערנען, — אַ פּרק משניות; גאָר די פּראָסטע און די עם־הארצים האָבן געכאַפּט אַ קערטל ביי דער טיר פון שול, און די עלטערע האָבן געהאַט תרעומות: אין אַ מקום קדוש! האָבן די אינגערע געטענהט: עס איז אַ סטרייק־זאַל.

קוזמין האָט זיך אַרומגעדרייט פראַנק און פריי און האָט גאָרניט ניט געטאָן; קוזמין האָט דערווייל באַקאַנט זיך מיט זייערע ווייבער און קינ־דער, אויף וואָס זיי האָבן קיין צייט ניט געהאַט, ווען זיי האָבן געאַרבעט; קוזמין האָט דערווייל אַרומגעשפּאַצירט, אָפּגעגעבן זיך מיט הויז־זאַכן, צורעכט געמאַכט זייערע אייגענע קליידער, אָבער קוזמין איז ניט צו־פרידן געווען.

— גוואַלד, וואָס ציט עס זיך אַזוי לאַנג? וואָס וועט זיין דער תכלית?

און טשאַרלים פּאָפּולאַריטעט ביי די קוזמינער לאַנדסלייט האָט אָנ־געהויבן ביסלעכווייז צו פאַלן. וואָס לענגער עס האָט זיך געצויגן דער

סטרייק, און מען האָט קיין רעזולטאַטן ניט געזען, האָבן די קוזמינער לאַנדסלייט, ווי אַמאָל זייערע עלטערן אין דער מדבר, אָנגעהויבן צו „מורמלען” אויף טשאַרלין:

— וואָס וועט זיין דער סוף? אַלטע אידן לאָזן זיך פירן פון אַ אינגל; העט, שיין זעען מיר אויס.

סעם איז דערוויל אויך ניט געשלאָפן. סעם האָט פאַררופן אַ משפחה־ראַט, געשיקט נאָך דעם קאָזין מאַנעס און זיך מיט אים אַן עצה געהאַלטן. מען האָט צונויפגערופן די נאָענטע משפחה און זיי געשיקט אין געהיים צו די לאַנדסלייט אַהיים. צוערשט איז מען געגאַנגען צו די באַקאַנטע, וואָס מען קען פון דער היים, וועלכע דער אָנקל האָט אַמ־מערסטן טובות געטאָן, און געמאַכט מיט זיי אַ שמועס:

— וואָס זאָגט ער אייך צו, טשאַרלי, ער וועט פאַר אייך אַ שאָפּ עפע־נען? נו, לאָמיר זען. וואָס ווייזט ער ניט, וואָס ער קען? וואָס לאָזט ער אייך הונגערן? אַז ער האָט אייך פון דער אַרבעט אַראָפּגענומען, פאַרוואָס גיט ער אייך ניט אַ לעבן צו מאַכן? ער עסט, ער נעמט שכירות פון דער יוניאָן. פאַר וואָס סטרייקט ער ניט? ער סטרייקט ניט, אייך הייסט ער סטרייקן.

און די לעצטע ווערטער האָבן איבערצייגט. ס'האָט ניט לאַנג גע־דויערט, און סעמען מיטן קאָזין מאַנעס איז געלונגען צו געווינען אַ טייל פון די לאַנדסלייט צו דער אַרבעט. ניט דער הונגער, ניט די נויט האָט דאָ געזיגט, נאָר קוזמין האָט ניט געקענט באַלאַמוטשען, איז ניט גע־וואוינט געוועזן ארומצוגיין ליידיק און האָט געבענקט נאָך דעם שאָפּ.

צומאָרגנס אין דער פרי, אַז טשאַרלי איז אַריינגעקומען אין דער „חברה אנשי קוזמין”, האָט ער געטראָפן די שול געפּאַקט מיט ווייבער פון די סטרייקנדע לאַנדסלייט. קוים האָבן זיי אים דערזען, זיינען זיי צו אים צו, און חנה־ראָזע, שלמהלע דאַרפסגייערס ווייב, האָט זיך אָוועק־געשטעלט אויסטענהן פאַר אַלעמען:

— ווער האָט דיך געבעטן, איך בעט דיך, אַז דו זאָלסט זיך פאַר אונז אָננעמען? אַז דו האָסט עפּעס צום אָנקל, דאַרפן מיר ליידן דערפאַר, אויסגיין מיט אונזערע קינדער פאַר הונגער? וויפל האָסטו גענומען דערפאַר?

— פאַר וואָס?

— אַז דו זאָלסט זיי, די אַלטע נאַראָנים, פון וועג אַראָפּפירן.

— ניין, דו פרעג אים בעסער, פאַרוואָס סטרייקט ער ניט. אונז הייסט ער סטרייקן. פאַרוואָס סטרייקט ער ניט? — האָט אַ צווייטע אידענע געשריען.

— ביי וועמען זאָל איך סטרייקן?

— ביי דער יוניע — פאַר וואָס סטרייקסטו ניט? פאַרוואָס הייסטו אונז סטרייקן?

— אָבער איך האָב דאָך ניט ביי וועמען צו סטרייקן. איך אַרבעט דאָך ביי קיינעם ניט. איך אַרבעט דאָך ביי מיר אַליין. ביי וועמען זאָל איך סטרייקן? — האָט טשאַרלי געלאַכט.

— דו הערסט, ער אַליין סטרייקט ניט, אונז הייסט ער סטרייקן.

— וואָס רעדט איר מיט אים? ווער איז ער אין גאַנצן, וואָס ער וואַגט זיך אַנטקעגנצושטעלן געגן דעם אָנקל? און מיר, אַלטע אידן, לאָזן זיך פאַרפירן פון אַזאַ שנעק, פון אַזאַ אינגל!

— קומט, אידן, קומט. די הענט דאַרפן מיר קושן דעם אָנקל, אַז ער זאָל אונז צוריקנעמען. געהערט אַ מעשה?

און שוין האָבן זיך די קוזמינער לאַנדסלייט געוואָלט אַרויסלאָזן פון דער חברה. טשאַרלי איז געשטאַנען אין מיטן אַ פרעמדער וועלט — און ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס זיי צו זאָגן. ער האָט יאָ פּרובירט עפּעס רעדן, וועגן אויסהאַלטן, וועגן אַ בעסער לעבן, וועגן אַ גערעכטער אָרדנונג, נאָר די אידן האָבן אים ניט געהערט, געלאַכט הינטער אים, און אַ אידענע האָט גערופן צו אים:

— דו באַזאָרג זיך צוערשט, אַז דו זאָלסט ניט גיין מיט אָפּגעהאַקטע אָפּצאַסן און מיט אָפּגעריבענע הויזן, דערנאָך וועסטו די וועלט פאַרזאָרגן. מיין פאַרזאָרגער...

טשאַרלי איז געווען פאַרצווייפלט. עס איז געווען זיין אַמביציע, זייט ער האָט זיך אינטערעסירט מיט אָרגאַניזירן אַרבעטער, צו אָרגאַניזירן אָנקל מאָזעסעס שאַפּ, דעם שאַפּ אין וועלכן זיין פאָטער, זיין משפחה און זיינע אַלע לאַנדסלייט זיינען געווען פאַרשקלאַפט. ער האָט עס געהאַלטן פאַר זיין חוב, צו אַמעריקע, צו דער אַרבעטער באַוועגונג, אַלס אַ קינד פון זיין פאָטער, צו אָרגאַניזירן אָנקל מאָזעסעס שאַפּ. און מיט אַמאָל האָט ער געזען זיין אַרבעט פון חדשים און יאָרן צונישט. ער האָט פּרובירט אויסנוצן זיין גאַנצע רעדנער קונסט, זיינע אידעען און זיינע איבערצייגונגען, און ער האָט דערציילט קוזמין וועגן דער גרויסער פאַרברידערונג, אין וועלכער זיי טרעטן אַריין, אָנשליסנדיק זיך אין דער יוניע מיט די וועלט־אַרבעטער; נאָר קוזמין האָט געקוקט אויף אים מיט שפּאָט און מיטלייד, די פאַרברי־דערונג האָבן זיי איבערגעלאָזט פאַר אים. זיי האָבן מורא געהאַט פאַר דער פּרנסה.

נאָר אין דעם האָט זיך אויפגעהויבן ר׳ אהרן זשאַבלינער. ר׳ אהרן זשאַבלינער איז געווען טשאַרלים פאָטערס אַ חבר פון דער היים. ביידע האָבן זיי אָנגעהערט צו איין חסידים־שטיבל אין דער היים, און דערנאָך, ווען טשאַרלים פאָטער איז אַהיים געפאָרן שטאַרבן, האָט ר׳ אהרן

איבערגענומען זיין שטעל. ער האָט געדרשנט יעדן שבת אין דער חברה אנשי קוזמין, געלערנט מיט די אידן מדרש שבת פארנאכט, און שמחת־תורה פאר זיי געלייענט דעם מדרש פון משה רבנוס טויט. ר׳ אהרן זשאַבלינער האָט פארנומען ביי זיי דעם אָרט פון אַ שטיקל דיין, און די קוזמינער לאַנדסלייט, וועלכע האָבן אים געקענט אַלס למדן און פרומען אידן פון דער היים, האָבן פאר אים דרך־ארץ געהאַט, דעריבער האָבן זיך אַלע איינגעשטילט און אויסגעהערט, וואָס ר׳ אהרן האָט צו זאָגן.

— עס איז דאָך פונקט אַזוי, ווי די אידן ביי יציאת־מצרים, — האָט ר׳ אהרן אָנגעהויבן מיט זיין דרשה־ניגון, מיט וועלכן ער פלעגט יעדן שבת האַלטן זיין מדרש־דרשה — אַז משה רבנו האָט די אידן פון מצרים אַרויסגעצויגן, — הויבט זיך אָן ר׳ אהרן צו שאָקלען — שטייט אין דער תורה הקדושה אַזוי געשריבן: האָט ער זיי אין מדבר געפירט. און ווי זיי זיינען אין מדבר געקומען, נאָך קריעת ים־סוף און אַנדערע גרויסע נסיונות, אַזוי האָבן די אידן אָנגעהויבן צו בענקען נאָך די טעפּ פלייש, וואָס זיי האָבן אין מצרים געהאַט ביי פרעהן. האָבן זיי אָנגעהויבן צו מורמלען אויף משה רבנו, און האָבן געזאָגט: לאָמיר זעצן אַ עלטסטן און לאָמיר צוריקקערן נאָך מצרים. אַזוי איז אויך דאָ. קוים מיט צרות און גרויס מאַטערניש זיינען מיר אַוועק פונ׳ם אָנקל, פרעה, און פון זיין נוגש, סעם, וועלכער אַרבעט מיט אונז עבודת־פרך, ווי די אידן פון מצרים, און טשאַרלי גייט אויסאַרבעטן פאר אונז אַן אחדות, וואָס דאָס זאָל זיין אַ חיזוק, אַ תקון רבים, אַז מען זאָל מיט אונז אַזוי שווער ניט אַרבעטן, וואָס דער יונג סעם, ימח שמו, אַרבעט מיט אונז, וואָס איז שווער אַריבערצוטראָגן; און קוים זיינען מיר שוין באַלד אויסגעלייזט, נאָך אַביסל אַריבערצוטראָגן דעם צער פון הונגער איידער דעם צער פון בושות און פון עבודת־פרך — פאַר־בענקט איר זיך נאָך די טעפּ פלייש און איר זאָגט: לאָמיר זעצן אַן עלטסטן און צוריקקערן צום אָנקל. נאָר דאָרטן אין מצרים האָט עס דער ערב־רב געזאָגט, און דאָ זאָגט איר עס אַלע. זאָג איך אייך, ווי דער מדרש זאָגט אויף די אידן אין מצרים: איר אַלע וועט אויסשטאַרבן אין מדבר, ווי דער ערב־רב, און וועט ניט די זכיה האָבן אַריינצוקומען אין „ארץ״ אַריין — ווייל איר זייט ווי דער עבד כנעני, וועלכער זאָגט: אהבתי את אדוני — איך האָב ליב מיין האַר...

אַ שרעק איז אָנגעפאַלן אויף קוזמין, און אַ שעמעוודיקייט האָט אַרומ־גענומען די אידן. זיי האָבן זיך געשעמט איינער דעם אַנדערן צו קוקן אין די אויגן אַריין. עס האָט זיך מיט אַמאָל אויפגעוועקט אין זיי די אַלטע אויסגעהאַלטנקייט פונ׳ם אידישן פאָלק, דער אַלטער קשה־עורף, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן שטענדיק, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אום עפּעס ערנסטעס. עס איז מיט אַמאָל פאַרשוואונדן די שרעק פאַר דער פרנסה;

אוועק איז די וואָכעדיקייט פון „תכלית”, וואָס האָט אַזוי געפּיקט זייערע מוחות און גענאָגט זייערע הערצער. די קוזמינער לאַנדסלייט האָבן מיט אַמאָל דערפילט אַ גאַנץ אַנדערן טעם אין קאַמף מיט אָנקל מאָזעס,— אַז עס איז ניט בלויז אַ קאַמף פאַר אַ שטיקל ברויט און אַ לעפל זופּ, נאָר עס איז אַ קאַמף פאַר מעבדות-לחירות. און די אַלטע קאַמפּסלוסטיקייט פאַר עפּעס ערנסטעס און ווירקליכעס האָט זיך אויפגעוועקט אין דעם אידישן בלוט פון די קוזמינער לאַנדסלייט. און שלמהלע דאַרפסגייער האָט זיך געגעבן אַ רוף אָן פאַר אַלע:

— אידן, מיט מיר! קומט, מיר וועלן אַרויסטרייבן די לאַנדסלייט פון שאָפּ. אַז ניט אַרבעטן — זאָל קיינער ניט אַרבעטן.

— שלמה, וואוהין גייסטו? איך וועל דיך ניט לאָזן! — האָט חנה-ראָזע געשריען, אָנכאַפּנדיק שלמהן פאַרן לאַץ.

— גיי דיר, גיי דיר אַהיים. אידן, קומט!

און די לאַנדסלייט האָבן זיך אַרויסגעלאָזט באַלאַגערן דעם אָנקלס שאָפּ.

(פון „אָנקל מאָזעס”).



י. י. סיגאַל.

# שבת

נאָך גרויסן יאָך און שווערער וואָך,
דעם גרויסן שבת וועסטו ברענגען. —
אַ שטילער גרייז מיט אַ ווייסער באָרד
און קלאָרע, לויכטנדיקע אויגן.

ער וועט זיך וואַשן זיינע הענט,
וועט אויבנאָן ביים טיש זיך זעצן,
המוציא נעמען פונ׳ם ברויט
מיט פרומער שטילקייט אין די אויגן.

אויף אונזער גרויען אָרעם ברויט
וועט קלאָר און העל זיין בליק צעשטראַלן;
דאָס ברויט וועט ווערן חלה-ווייס,
אַזוי ווי זיינע הענט די ווייסע.

וועט קידוש מאַכן איבער אונז,
ווי איבער קידוש־בעכער פולע.
מיר וועלן פול־זיין מיט זיין רו,
ווי בעכער גאָלדענע מיט ווײַן.

אַן אייניציק־דינע חלב־ליכט
וועט אונזער קליינעם טיש באַלייכטן,
נאָר לייכטן וועט זיין ווייסע באָרד
אַזוי ווי זילבער פון לבנה.



# די רייד פון די נביאים

## די אמתע גאָטספאָרכטיקייט.

א. רוף מיט קעל, זאָלסט ניט צוריקהאַלטן,
אַזוי ווי אַ שופר הייב אויף דיין קול,
און זאָג מיין פאָלק זייער פאַרברעך,
און דעם הויז פון יעקב זייערע זינד.

ב. און זיי זוכן מיך נאָך טאָג פאַר טאָג,
און ווילן מיינע וועגן באַגערן זיי!
אַזוי ווי אַ פאָלק וואָס טוט גערעכטיקייט,
און פאַרלאָזט ניט דאָס געזעץ פון זיין גאָט,
פאַרלאַנגען זיי פון מיר משפטים גערעכטע,
די נאָענטקייט פון גאָט באַגערן זיי.

ג. „פאַרוואָס פאַסטן מיר, און דו זעסט ניט?
פייניקן מיר אונזער זעל, און דו מערקסט ניט?"
זעט, אין טאָג פון אייער פאַסטן געפינט איר אַן עסק,
און אַלע אייערע אַרבעטער טוט איר דריקן.

ד. איר פאַסט דאָך נאָר פאַר קריג און שטרייט,
און צו שלאָגן מיטן פויסט פון אומרעכט;
איר פאַסט ניט אין אַזאַ טאָג
צו מאַכן הערן אין דער הויך אייער קול.

ה. איז אַזאַ דאָס פאַסטן, וואָס איך האָב אויסגעוויילט?
אַ טאָג פאַר אַ מענטשן צו פייניקן זיין זעל?
צו ביינגן ווי אַ וואַסער־ריטל זיין קאָפּ,
און זאַק און אַש זאָל ער זיך אויסבעטן?
צי דאָס רופסטו פאַסטן,
און אַ טאָג פון באַוויליקונג צו גאָט?

ו. איז ניט דאָס דאָס פאַסטן, וואָס איך האָב אויסגעוויילט:
לויז מאַכן די קייטן פון אומרעכט,
אָפּבינדן די בינדשטריק פון יאָך,
און אַרויסלאָזן פריי די געדריקטע,
און יעטוועדער יאָך זאָלט איר צעברעכן?

ז. איז עס ניט, אָפּצוברעכן פון דיין ברויט דעם הונגעריקן,
און פאַרוואָגלטע אָרעמע זאָלסטו אריינברענגען אין הויז?
אַז דו זעסט אַ נאַקעטן, זאָלסטו אים באַדעקן,
און פון דיין איינגן פלייש זאָלסטו זיך ניט פאַרהוילן?

ח. דענסמאָל וועט אויסברעכן ווי דער פרימאָרגן דיין ליכט,
און דיין היילונג וועט אַרויסשפּראָצן גיך;
און דיר פאָרויס וועט גיין דיין גערעכטיקייט,
און די פּראַכט פון גאָט וועט דיך נאָכבאַלייטן.

ט. דענסמאָל וועסטו רופן, און גאָט וועט ענטפערן;
וועסט שרייען, און ער וועט זאָגן: דאָ בין איך!
אַז דו וועסט אָפּטאָן צווישן דיר פאַריאָכונג,
טייטלען מיטן פינגער, און רעדן אומרעכט;

י. און וועסט אויסשטרעקן צום הונגעריקן דיין זעל,
און די געדריקטע זעל וועסטו זעטן;
דענסמאָל וועט אויפשיינען אין חושך דיין ליכט,
און דיין פינצטערקייט ווי מיטן טאָג.

יא. און גאָט וועט דיך פירן תמיד,
און וועט זעטן אין טריקענישן דיין זעל,
און דיינע ביינער וועט ער שטאַרקן;
און וועסט זיין ווי אַ גאָרטן אַן אָנגעטרונקענער,
און ווי אַן אויסגאַנג וואַסער,
וואָס זיינע וואַסערן טוען ניט פעלשן.

יב. און מען וועט אָפּבויען ביי דיר אייביקע חורבות,
גרונטפעסטן פון דור־דורות וועסטו אויפשטעלן;
און מע וועט דיך רופן פאַרמויערער פון בראָכן,
באַנייער פון וועגן צום וואוינען.

(ישעיה, פרק נח: א־יב.)





ד. פינסקי.

# אייזיק שעפטל

## צווייטער אקט.

### פערזאנען.

אייזיק שעפטל, אַ שמוקלער.
ביילע, זיין פרוי.
נאָטע גאָלדין, אייזיקס בעל־הבית.
ארקע, נאָטעס זון.

מיכל דער אַלטער,
בערע דער רויטער,
זעליק קאָמעדיאַנט,
לייוויק,
סענדער,
היליע,
יאָשקע,
} גאָלדינס אַרבעטער

טעמע,
מלכה.
} אַרבעטערקעס ביי גאָלדינען.

אָרט: גרויסע שטאָט אין „תחום המושב".
צייט: אָנהויב פון די ניינציקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט.

גאָלדינס ווערקשטאָט. אַ גרויס ברייט צימער. לינקס צוויי וועבשטולן. אין דער רעכטער וואַנט צוויי פענצטער, אונטן מיט נישט דורכזיכטיקע שויבן. דאָס הינטערשטע פענצטער איז פאַרשטעלט מיט אַ דריטן וועבשטול. ביים פאָדערשטן פענצטער שטייט אַ טיש מיט צוויי שטולן ביי די זייטן. צווישן דעם טיש און דעם וועבשטול שטייט אַייזיקס פרעס און פעטליצעס מאַשינקע. אין דער הינטער־וואַנט די טיר, וועלכע פירט רעכטס אין הויף און לינקס אין געשעפט. דער דיל איז שמוציק און באַדעקט מיט שטיקלעך פאַפיר, קאַרדאָן, געוואַנט, נאָדלען, גאָלדענע פעדים, פליטערלעך א. אַ. וו.

עס איז מיטאָג־צייט. לעבן טיש אין מיטן צימער מיטן רוקן צו דער טיר זיצט ז ע ל י ק און ענדיקט זיין עסן; פינף־און־צוואַנציק־יעריק; לאַנגע, נישט פאַרקעמטע טונקל־בלאָנדע האָר; אַ גאַנץ קורץ אָפּגעשאָרן בערדל און קליינע

וואַנצן; ענדיקט זיין עסן; אויפֿן פֿאָדערשטן האַלב אָפֿענעם פֿענצטער זיצט סענדער, קוקט אויס אין הויף און פֿייפֿט אונטער. פֿון זעליקס עלטער; קאַשטאַניען־פֿאַרביק, מיט אַ שויט פֿריזירטע האָר; ריין געגאָלט, מיט דיקע, פֿאַר־דרייטע רויטלעכע וואַנצן. צווישן די ביידע וועבשטולן ליגט מיכל דער אַלטער, גאַנץ גרוי מיט אַ מישונג פֿון געלע האָר, אָן אַ ראָק, אין אַן אַרבע־כּנפֿות איבערן העמד. ביים הינטערשטן טיש זיצט יאַשקע, אַ אינגל פֿון אַ יאָר 14־15, דער קאָפּ אַוועקגעלייגט אויף דער לינקער האַנט, און דרייט אום אויפֿן טיש מיט אַ בלייפֿעדער, וועלכן ער האַלט אין דער רעכטער האַנט. ער טראָגט גרויסע שיך פֿון אַ דערוואַקסענעם. — פֿון געשעפֿט הערט מען אָפֿט דאָס קלינגען פֿון אַ גלעקל, וואָס איז צוגעשלאָגן צו דער גאַסטיר.

**זעליק** (ענדיקט עסן, שפּאַרט זיך אָן אָן װענטל פֿון שטול, רייניקט זיך די ציין מיט אַ שוועבעלע, בלאָזט פֿון זיך און ווענדט זיך צו יאַשקען אויף „דייטשמעריש", מאַכנדיק אַן ערנסט געזיכט). קעלנער, אַ פֿלאַש פּאָרטוויין! — אַבער שנעל, איך קאַנן נישט וואַרטן. אַבער, קעלנער!

**יאַשקע** (קוים דירנדיק זיך). זאראַז, פּראָשע פּאַנאַ. (זוכט אַרויס די קעראָסין־פֿלאַש און ברענגט זי אים, פֿויל גייענדיק און שטאַרק קלאַפּנדיק מיט זיינע גרויסע שיך). דאַ האַבן זי, שמעקט נאָר אַביסל מיט קעראָסין.

**זעליק** (מאַכט אַן אומצופֿרידענע מינע). מיין הערר, וואָס ערלויבן זי זיך! ווענן זי קיין פּאָרטוויין האַבן, דאַ ברענגען זי מיר באָרדאָ אָדער שאַטאָ לאַפֿפֿיק.

**יאַשקע**. שאַדע, לאַ־פֿפֿוי־איק? זאראַז, פּראָשע פּאַנאַ, דאָס האָבן מיר פֿון דעם בעסטן סאָרטע.

**זעליק**. אַבער שנעל!

**יאַשקע** (שווער און קוים באַוועגלעך, שלעפּט אַרויס אַ פֿון בוימל שמוציקע בירפֿלאַש, פֿון וועלכער דער אויבערשטער טייל איז אָפּגעבראָכן). דאָס וועט אייך זייער געפֿעלן זיין, פּראָשע פּאַנאַ.

**זעליק** (צעשרייט זיך מיט נישט דייטלעכע טענער און ענדיקט מיט): לאַבוזיע, פּסיאַ קרעוו!

**מיכל** (אויפֿגעוועקט פֿון שלאָף). האַ, זעליקל האָט זיך שוין צע־שפּילט.

**זעליק** (בלייבט זיצן מיט אַ וויכטיקן ערנסטן געזיכט, דרייט זיך די וואָנצן און קוקט בייז אויף יאַשקען).

**יאַשקע** (שטעלט צוריק אַוועק די פֿלאַש און זעצט זיך אויף זיין אָרט, אָננעמענדיק די פֿריערדיקע פּאָזע).

שווייגן.

**סענדער** (פֿייפֿט אָפּ אַ פּאָר מאָל, ווי ער וואָלט עמיצן געגעבן אַ צייכן).

**זעליק**. נאַ, איך זאָל נישט האָבן מיין וויין נאָכן עסן! נע, מער גיי

איך שוין אין דעם רעסטאָראַן ניכט עסן! (שטויסט דעם טעלער פון זיך). קעלנער, צאָלן!

מיכל. א פגירה זאָל ער איינגעמען, דער קאָמעדיאַנט, ווי ער לאָזט מיך ניט שלאָפן.

זעליק (דרייט זיך זיינע וואָנצן מיט אַ שטרענגער מינע).

סענדער (שרייט אַרויס פון פענצטער הויך, אָבער איינגעהאַלטן, מאַכנדיק מיט די הענט). וואו האָט איר געשטעקט? ערשט אָפּגעגעסן? הפנים זיבן געריכטן?

זעליק (שפּרינגט אויף). וואָס? די דיקע? (שפּרינגט צו צום פענצ־טער, וואו סענדער זיצט, קוקט אַרויס און הויבט אָן צו מאַכן אַלערליי פאַרבויגונגען). גוטן טאָג, ווי גייט עס?

סענדער. נעכטן זענט איר נישט געווען ביי דראָביטשן אין דער טאַנץ־שול? ניין? געווען? אַ סך געטאַנצט?

זעליק (צו סענדערן). פרעגט ביי איר, וואו איז באַשע. (שרייט אַרויס מיט אַן איינגעהאַלטענער שטימע). וואו איז באַשע? באַ־אַ־שע!

סענדער. לאָז, איך וויל זי רופן היינט פאַרנאַכט אין גאָרטן. (שרייט). וואָס האָט איר היינט ביינאַכט צו טאָן? קומט אין גאָרטן. אין דער לאַנגער אַלעע. אין דער לאַנגער אַלעע! אין דער לאַנגער!

זעליק (טייטלט מיטן פינגער). באַשע אויך? אויך? איז גוט. טאַ טאַנצן מיר. (הויבט אָן צו טראָמפּייטן מיט די ליפּן דעם וואַלץ „די דאַנוי וועלן" און טאַנצט. ער דרייט זיך איבערן צימער, ביז ער טאַנצט צו צום אַלטן מיכל און פאַלט אויף אים אַרויף).

מיכל (הויבט אים אָן אָפּצושטויסן און צו באַאַרבעטן מיט די פיס).

זעליק. פאַרדאָן, פאַרדאָן... טפררר! אַי, אַי, אַי,... נישט בריקען זיך, נישט בריקען זיך.

מיכל. איך וועל דיר דעם קאָפּ צעשפּאַלטן, קאָמעדיאַנט!

זעליק (אויפשטייענדיק און אָפּשטויבנדיק זיך). ער בריקעט זיך דאָך גאָר.

פון הויף לאָזן זיך הערן אַ סך קולות און געלעכטער און גלייך קומען אַריין בערע, הילינע, לייוויק, מלכה און טעמע.

זעליק (רייסט איבער זיין געשפּרעך מיט סענדערן און ווענדט זיך צו די אַריינקומענדיקע אין דעם אַלטן גאָלדינס קול). וואָס איז — וואָס איז — וואָס איז פאַר אַן אופן? ווי קומט מען אַזוי שפּעט? נאַ, אַז מען גייט אוועק, ווערט מען גאָר פאַרפאַלן!

מיכל (זעצט זיך אויף). אויף אַ מינוט ווערט ער גאָרנישט שטום.

בערע, אַ יאָר 45, מיט אַ גרויסער געלער באָרד, אַ גרויסער, דיקער, פון שנאַפּס קאַרמעזינפאַרביקער נאָז אויף אַ ברייטן קנאַכיקן פּנים, אין אַ לאַנגן,

שוואַרצן, צעריסענעם ראָק, נעמט אַראָפּ זיין היטל פון קאָפּ, טוט אָן אַן אַלטע יאַרמולקע, און מאַכט זיך צו טאָן לעבן דעם וועבשטול רעכטס.

הילִיע, עטוואָס איבער צוואַנציק, אָנגעטאָן ריין און גאַנץ. זעצט זיך אַרויף אויף יאַשקעס טיש און נעמט זיך צונויפדרייען אַ פּאַפּיראָס.

לייוויק, מיטן די צוואַנציקער, דער קאָפּ געדיכט באַוואַקסן מיט טונקל־בלאָנדע האָר, גוטמוטיקע אויגן, אָנגעטאָן ריין און גאַנץ, גייט צו צום פענצטער לעבן סענדערן און קוקט אַרויס.

מלכה, אַן עלטער מיידל, שיין אָנגעטאָן, נעמט אַראָפּ דעם טעלער פון טיש און שטעלט אים אַוועק אויף אַ פּאָליצע.

טעמע, אַ יונג מיידל, מיט אַ ביסל אַ פאַרחלומטן פּנים, בלייבט שטיין מיט אַ ברייטן שמייכל לעבן זעליקן.

**זעליק** (איז זיין נייער ראָליע). אַ נייע הויט ציט זיך גאָר אָן אויף זיי, אַז זיי דאַרפן נישט אַרבעטן. די גייען אַוועק און ווילן גאָר צוריק נישט קומען, און דער — (ווייזט מיט ביידע הענט אויף מיכלען) — לייגט זיך אַוועק פּאָפן, איז אים נישט אויפצואוועקן, וואָלט ער אָפּגעפּאָפּט דעם גאַנצן טאָג. נאָ, פון היינט אָן און ווייטער איז נישטאָ נישט קיין וואַרמעס עסן גיין און נישט קיין שלאָפן.

**מלכה.** ווער איר מסתמא העכערן די שכירות, הער מייסטער?

**זעליק.** וואָס? וואָס? וואָס נאָך ווער ווילן? שכירות וועל איך אייך העכערן!

לייוויק און סענדער לויפן אָפּ פון פענצטער מיט געלעכטער.

**זעליק** (שטאַרק פאַראינטערעסירט, פאַלט אַרויס פון זיין ראָלע). וואָס איז דאָרטן געוועזן? וואָס איז דאָרטן געוועזן? (לויפט צו צום פענצטער, זעט אָבער גאָרנישט און ווענדט זיך ווידער צו די לאַכנדיקע סענדער און לייוויק). איז די אַלטע צוגעגאַנגען צום פענצטער? וואָס לאַכט איר? רעדט! (נעמט ווידער אָן גאָלדינס טאָן). און די וואָלטן אַ גאַנצן טאָג געשטאַנען ביים פענצטער און איבערגעקוקט זיך מיט מיידלעך! אַ חברה איז עס! נישט ווערט וואָס די ערד טראָגט זיי.

**מלכה און טעמע** (פון לעבן פענצטער). אייזיק גייט, אייזיק גייט! (אַלע איילן זיך צום פענצטער, מיכל שטייט אויף פון דער פּאָדלאָגע. מען שרייט): ברוך הבא, אייזיק! שלום־עליכם, אייזיק... האָסטו די מאַשינע?

**סענדער.** ער גייט דאַכט זיך אָן אַ מאַשינע.

**הילִיע.** ער גייט מיר עפּעס מיט אַן אַראָפּגעלאָזענער נאָז. (אַלע שטעלן זיך אויס געגן טיר).

**זעליק.** מיר וועלן אים מקבל פּנים זיין מיט אַ הוראַ און מיט אַ מאַרש.

אייזיק קומט אַריין, בלייך, טרויעריק, נידערשלאָגן. אַ פריילעכער הוראַ באַגריסט אים.

זעליק הויבט אָן צו טראָמפּייטן מיט די ליפּן אַ מאַרש, מאַכנדיק מיט די הענט ווי אַ קאַפּעלמייסטער.

יאַשקע און טעמע זינגען אונטער.

אייזיק גייט אַרויס פון דעם רעדל נאָך טרויעריקער און נידערשלאָגענער און גייט צו צו דעם פאָדערשטן וועבשטול לינקס. קעמפּט מיט זיך, נישט צו צעשרייען זיך.

בערע. וואָס איז עס מיט דיר, אייזיק? — וואו איז דיין נייע מאַשינע?

אייזיק ענטפערט נישט.

הילע. הפנים, אַז מיט דער מאַשינע איז עס שוואַך.

אייזיק (אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך דעם קאַפּעלוש, בייז און ביטער). שרייט הורראַ, שרייט!

לייוויק. איז נאָך די מאַשינע נישט פאַרטיק?

הילע. איז זי נאָך נישט פאַרטיק, אָדער וועט זי קיינמאָל נישט פאַרטיק ווערן?

זעליק. אָדער האָט די פּלוניתטע אַרויסגעטריבן פון שטוב?

סענדער. אָדער דו מאַכסט שוין גאָר אַ נייע מאַשינע?

אייזיק (עוסקנדיק זיך אַרום דער שטול, בייז). וואָס זייט איר צוגע־שטאַנען? וואָס איז אייער דאגה?

מיכל. טאַקע, וואָס? וואָס? וואָס?

זעליק. שאַ, אונזער אינזשינער איז נישט צו שפּרעכן. ששש, שטיל... (גייט אויף די שפּיץ פינגער, הויך הויבנדיק די פיס).

אַ וועקער קלינגט: צייט צו אַרבעטן. מען צעגייט זיך צו די פּלעצער. מיכל און בערע בלייבן נאָך לעבן אייזיקן, זיי קוקן זיך אין די בערד פאַרזאָרגט און רעדן נישט קיין וואָרט.

אייזיק זעצט זיך צו דער אַרבעט.

מיכל (קוקט אים טרויעריק אָן). איז גאָרנישט? — וואָס, אַ שווע־רע מאַשינע? — דאַרף אַ סך דויערן? (אַז ער קריגט נישט קיין ענטפער, זיפצט ער אָפּ און לאָזט ווידער אַראָפּ די אויגן אין באָרד).

בערע זיפצט אויך אָפּ. דאַן גייען זיי ביידע צו זייערע וועבשטולן; מיכל לעבן אייזיקס שטול, בערע צום וועבשטול רעכטס.

אַרקע באַווייזט זיך אין דער טיר. באַמערקנדיק אייזיקן גיט ער אַ מאַך מיטן קאָפּ ווי: אַהאַ, ער איז דאָ! מאַכט אַ באַוועגונג אַריינצוגיין אין צימער, דערמאָנט זיך אָבער עפּעס און גייט אַוועק צוריק אין געשעפט.

זעליק (מיט אַ לוסטיקן זיפץ). אַך, די מאַשינע האָט זיך ניט אויס־געמאַשינקעט.

מלכה. דערווייל דריטהאַלבן טעג נישט געאַרבעט.

הילע. זאָל זיך אים נישט ווילן זיין קיין אויסטראַכטער.

לייוויק. דאָס איז לייכט צו זאָגן. עס ווילט זיך נישט, עס ליגט

שוין אזוינס אין דעם מענטשן. איך ווייס, אז איך בין געווען א קליין אינגל, האָט זיך מיר שטאַרק געוואָלט ווערן א מאַלער...

סענדער. אפשר א מילער און מאָלן מיט די ציין?

לייזויק. וואו איך פלעג קריגן א שטיקל פאַפיר, פלעג איך מאָלן: מענטשן, סאָלדאַטן, פערד...

הילי̇ע. זיך, הייסט דאָס.

לייזויק. אין דער היים און אין חדר פלעגט מען מיך שלאָגן מכות אכזריות דערפאַר, ווייל איך האָב גאָר נישט געטאָן און נאָר געמאָלט. אז מען האָט מיך אוועקגעגעבן צו א שמוקלער, האָב איך געוויינט.

סענדער (ווײנענדיק) הו־אום.

לייזויק. און יעצט נאָך, אז איך זע אַמאָל א גוט בילד, ווערט מיר אזוי אומעטיק, עס זיצט עפּעס אין מיר און ציט און ציט.

זעליק. אָי, אין מיר אויך.

הילי̇ע. אָך!

לייזויק. ניין, און אן אנדערס מאָל, ווען איך ליג אזוי און טראַכט, וואָלט זיך מיר געוואָלט אזוי מאָלן...

זעליק. און איך וואָלט אזוי געוואָלט זיין אן אַקטיאָר.

הילי̇ע. אפשר א קלאָאון אין צירק?

זעליק. ניין, טאַקע אן אַקטיאָר. ארויסגיין אויפן סצענע און רעדן. (ער לייגט אַרויף די לינקע האַנט אויף דער ברוסט, די רעכטע הויבט ער אויף אין דער לופטן, פאַררייסט דעם קאָפּ און דעקלאַמירט). „ווי ליב ביסטו מיר, מיין טייער הארץ!"

סענדער. אָך, און מיר אויך.

זעליק. „דו, ענגל..."

טעמע. מיר ווילט זיך טאַקע אויף צו׳נ׳אַמת שפּילן אויפן סצענע.

מלכה. ווי געפעלט אייך די אַרטיסטקע?

הילי̇ע. ווייסט איר וואָס, נעמט אייך ביידע צונויף און מאַכט א טרופּע.

זעליק לאָזט זיך פלוצלונג אַראָפּ אויף די קני פאַר טעמען.

טעמע (דערשרעקט זיך). אָי!

זעליק (שפּרייט אויס די הענט). קום אין מיינע אָרעמס, דו קרוין פון מיין קאָפּ! (מען לאַכט).

מיכל און בערע באַטראַכטן די סצענע מיט קאָפּ־שאָקלען. הינטער דער טיר הערן זיך טריט.

זעליק שפּרינגט אויף. — מען אַרבעט.

מיכל. א חברה איז דאָס אביסל.

בערע. אין גם אחד צווישן זיי.

מיכל. נישט ווערט, וואָס די ערד טראָגט זיי.

בערע. לאָבוזעס, ליידאַקעס.

אַרקע (קומט אריין און גייט גלייך צו צו אייזיקן). נו, וואָס הערט זיך מיט דיין מאַשינע?

זעליק. האָט זיך נישט אויסגעמאַשינקעט.

אַרקע. וואָס? עס קומט טאַקע גאָרנישט ניט ארויס? האָסטו זי דאָ?

יאַשקע. דער הער אינזשינער איז נישט צו שפּרעכן.

בערע. דו שוויַיג, דו!

זעליק שלעפּט דעם שטול פון אונטער אייזיקן.

אייזיק (אויפגעבראַכט). דו, קאָמעדיאַנט, זאָלסט זיצן רואיק!

אַרקע. אָבער איך האָב אים גלייך געזאָגט, ווי איך האָב נאָר א קוק געטאָן אויף זיין מאַכעריי, אַז ער האָט נישט וואָס צו זיצן און רייבן די צייט. איך האָב גלייך באַמערקט, אַז עס איז אַן עברה זיין טרחה. און אַז איך האָב אים געוואָלט עפּעס וויַיזן...

לייוויק. ווער? איר האָט אים שוין עפּעס געוואָלט באַוויַיזן?

אַרקע. אויף מיין ערנוואָרט, אַז ער וואָלט מיך געלאָזן, וואָלט איך אים עס געמאַכט אין איינס און צוויי.

זעליק (קרייט אויס). קוקוריקו האָן!

יאַשקע. אַפּטשיק!

לייוויק. ווי לאַנג זייט איר דאָס געוואָרן אַזאַ מאַכער?

סענדער. ער קאָן עסן, קאָן ער.

אייזיק (דרייט אויס דעם קאָפּ צום צימער). פרעגט ביי איהם... (האַקט אָפּ און רעדט נישט מער).

הילע. נו, נו, גיב ווערטער.

אַרקע (זעצט זיך אויפן ברעג טיש לעבן זעליקן). אָבער האָט ער מיידלעך שכנות!... (געפינט גאָר קיין ווערטער נישט פאַר אַנטציקונג און מאַכט מיט דער רעכטער האַנט און מיטן קאָפּ).

סענדער. אַט יעצט הערט מען פון דיר א לעבעדיק וואָרט.

מיכל און בערע קוקן זיך איבער, שאָקלען מיט די קעפּ און זיפצן טיף אָפּ. — אין געשעפט קלינגט דאָס טיר גלעקל.

אַרקע לויפט אַרויס.

זעליק (שרייט אים נאָך). דווקא ביי דעם אינטערעסאַנטסטן.

לייוויק. אָבער ווי ער איז עס מיט אַמאָל געוואָרן א פאַרשטייער.

מלכה. ער קען דאָך א קאַץ אָן עק נישט פאַרבינדן.

בערע. דאָס איז פון די בעל-גאווהס, וועלכע עס איז גוט צו שלאָגן.

מיכל. דער אַלטער אויך אַזוי. ער קאָן אויך אַלץ.

מלכה. נאָר מיטן מויל.

לייוויק. האָט ער דיר טאַקע געוואָלט עפּעס באַווייזן, אייזיק?

מלכה. ער איז היינט נישט צו שפּרעכן, דער מאַשינענמאַכער.

זעליק. ניין.

לייוויק. איך שטעל מיר פאָר, ווי ער האָט אים דאָרטן דערעסן.

בערע. ער קאָן שוין דערעסן.

אַרקע קומט אַריין.

מלכה. נו, אויף גיך וועגן די שכנות.

אַרקע (פאַרדרייכערט אַ פּאַפּיראָס; ציענדיק, עס זאָל זיך גוט פאַנאַנדערברענען, גייט ער צו צום מיטלסטן טיש און זעצט זיך אַרויף אויפן עק לעבן זעליקן). אָבער איך זאָג אייך, עס איז פאַראַן וועמען צו זען. (צו אייזיקן). ווי הייסט דאָס מיידל, מיט וועלכער איך בין אַוועק? ווי הייסט זי, אייזיק? — וואָס ביסטו משוגע, אייזיק? קאָנסט נישט ענטפערן? (לאָזט אים אַראָפּ אַ שטאַרקן פּאַטש איבער דער קני). ענטפער, זאָג איך דיר.

אייזיק (אַ צוק טוענדיק מיטן קערפּער פאַר ווייטיק, מיט קוים איינגעהאַלטענעם כעס). לאָז מיך צורו! האָסטו זי געזאָלט פרעגן...

אַרקע. ער מאַכט מיר עפּעס צופיל קוראַזש.

אייזיק. און זיי מיר נישט קיין פאַני בראַט און פּאַטש מיר נישט איבערן קני.

אַרקע. צופיל קוראַזש מאַכט ער מיר עפּעס.

בערע און מיכל מאַכן מיט די הענט און בעטן אים שטום, ער זאָל שווייגן.

מלכה. איך קען דאָך זיינע שכנות. די צוויי שוועסטער, הינדע און סאָסיע — דו קענסט זיי דאָך אויך, טעמע, — זיינען גאַנץ שיינינקע. אָבער די אַנדערע, די גלע, געפעלט מיר נישט, אַ גרוים מויל...

אַרקע. אַז איך זאָג אייך, מען דאַרף ווערן אַן אָפּטער אַריינגייער צו אים.

זעליק. מאַך אַ באַל...

אַרקע. לכבוד דער מאַשינקע, וועלכע ער האָט נישט געמאַכט.

מיכל (בייז). וואָס? וואָס? וואָס? נאַ־אַ! (דריקט מיט די פלייצעס).

זעליק. און פאַררוף אונז אַלעמען.

בערע. דו, קאָמעדיאַנט, מעגסט שוין אויפהערן צו קאַלאַטירן.

אַרקע. וואָס איז דאָס אייך פאַר אַ דאגה? אַרבעט! וואָס נעמט איר זיך אָן פאַר אייזיקן?

בערע און מיכל מאַכן פאַרצווייפלט מיט די הענט.

איזיק (איינגעהאַלטן). איך בעט קיינעם נישט פאַר מיר זיך אָנ־צונעמען. (עס קלינגט אין געשעפט).

אַרקע לויפט אַרויס.

שווייגן.

בערע. דאָס איז אַ זונדל!

מיכל. מ־מ־מ־נאַ־אַ!

זעליק, סענדער, מלכה, טעמע און יאַשקע זינגען אַלע באַזונדערע ניגונים.

סענדער (איבערדרייסנדיק דאָס זינגען). איזיק, דיין פּלוניתטע גייט.

מלכה (לאָזט זיך צום פענצטער). טאַקע, און זי טראָגט עפּעס.

זעליק גיט איר אַ שטאָך מיט אַ נאָדל און איילט צוריק אויף זיין אָרט.

מלכה (שרייט אויס). אַי! (קוקט זיך אַרום). ווער האָט מיר אַ שטאָך געטאָן, האַ? — איך זע שוין, אַז דאָס איז זעליקל. (הייבט אים אָן צו שלאָגן).

זעליק (אָפּבאָרנדיק). וואָס? וואָס? ווער האָט אייך געשטאָכן?

ביילע קומט אַריין. אין די הענט אַ טעפּל איינגעבונדן אין אַ טיכל, אויף איר „גוט־מאָרגן", ענטפערט מען איר: „גוט־יאָר", „גוט מאָרגן", „באָן זשור", „דיען דאָברי". צוגייענדיק צו איזיקן.

ביילע. נאַ, איך האָב דיר געבראַכט וואַרמעס. זאָלסט עסן, הערסט! (ביטערער). נעם שוין און עס. (נאָך ביטערער). הער מיך שוין אויף צו פּוילן.

איזיק (שטיל). איך וויל נישט עסן.

ביילע (פאַרצווייפלט). ווי הייסט, דו ווילסט נישט עסן! פון וואָס ביסטו זאַט, פון וואָס?

טעמע. איז ער גאָר אוועקגעגאַנגען אָן וואַרמעס?

ביילע. אָן וואַרמעס! און אַזוי האָט ער עפּעס געגעסן? איז אויפגעשטאַנען, ווי עס איז נאָר געוואָרן ליכטיק און גענומען זיך צו זיין אומגליקלעכער מאַשינע, האָט ער נאָך גאָרנישט אין זיין מויל נישט געהאַט. (צו איזיקן מיט טרערן). נעם און עס, נעם!

בערע. מאַך דיך נישט נאַריש, איזיק. נעם און עס. וואָס איז דאָס פאַר אַן אופן? פע, כ'לעבן!

ביילע (וויינט). די גאַנצע דריי טעג אַזוי: נישט געשלאָפן און נישט געגעסן און נאָר געווען באַשעפטיקט מיט זיין אומגליקלעכער מאַ־שינע. (צו איזיקן) וועסטו עסן, צי נישט?

איזיק (ווי פריער). איך וויל נישט עסן.

ביילע. נו, זאָגט איר שוין אַליין, קאָן מען עס איבערטראָגן? (יאָמערט) איך קאָן עס שוין נישט איבערטראָגן.

מלכה. וואָס אַרט אייך, אַז ער עסט נישט. פּשש, מיך וואָלט דאָס טאַקע אַ סך אַרן.

ביילע. ווי הייסט, א מענטש עסט נישט א גאנצן טאָג.

בערע (לייגט אַוועק די אַרבעט, גייט צו צו אייזיקן און נעמט איס אָן פאַר דער האַנט). נו, זיי נישט קיין נאַר, לייג אַוועק די ארבעט און וואַש דיך און עס.

אייזיק. אַך, לאָזט מיך, איך קאָן נישט עסן.

בערע. ווי הייסט, דו קאָנסט נישט עסן? וואָס איז דאָס פאַר ווערטער? שיק נאָך א שנאַפּס, נעם אביסל בראָנפן, וועסטו קענען עסן. גיי, יאַשקע, ברענג אים א שנאַפּס.

ביילע (האַלט איין דאָס וויינען). שיק טאַקע נאָך א שנאַפּס.

אייזיק. איך האָב קיין געלט נישט און וויל קיין שנאַפּס ניט.

לייזוויק. איך קאָן דיר לייען, אייזיק. (נעמט אַרויס אַ רובל). איך קאָן דיר לייען דעם גאנצן רובל.

ביילע (נעמט ביי אים דעם רובל; צו אייזיקן). וועסטו שיקן נאָך א שנאַפּס?

בערע. נישטאָ וואָס צו פרעגן. גיי, יאַשקע, ברענג א פלעשעלע. נאַר מאַך עס אויף גיך. (שטופּט אים אַרויס און רעדט פאַרגניגט) אָט אזוי אַ, וועסטו נעמען א שנאַפּס, וועסטו פריילעכער ווערן און וועסט עסן. (זעצט זיך צו דער אַרבעט און רעדט, צופרידן מיט זיך אַליין). א שנאַפּס איז די בעסטע סגולה. ביי מיר איז עס די ערשטע זאַך. דאָס, יענעס, קאַפּוויִיטיק, האַרצווייטיק — א שנאַפּס און פאַרטיק. (ווענדט זיך צו אייזיקן).. און דו זאָלסט טאַקע קיין נאַר נישט זיין און אריינקערן דאָס גאַנצע פלעשל, וועסט בעסער עסן.

ביילע. שוין פון דריי טעג, אז ער האָט כמעט ווי גאָרנישט ניט געגעסן. איך וויים גאָרנישט, מיט וואָס ער האָט געלעבט.

מלכה. מיט דער מאַשינקע.

ביילע. סיידן מער נישט ווי מיט דער אומגליקלעכער מאַשינקע.

זעליק. און וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט דער מאַשינקע? נישט געמאַכט זי?

ביילע. וואו מאַכן! געאַרבעט און געאַרבעט, די גאַנצע דריי טעג האָט מען אים נישט געקאָנט אָפּרייסן פון טיש און פּלוצלונג כאַפּט ער און גיט זי א וואָרף, אַז־ז־ז, ע...

לייזוויק (שטאַרק פאַרוואונדערט) הם!

ביילע. עס האָבן מיר גענומען ציטערן אַלע אברים, הענט און פיס. א פאַרטרייסלטע בין איך געבליבן. און ער איז געבליבן זיצן מיט אויס־געלופּעטע אויגן...

מלכה. א משוגענער.

לייוויק. נע־נע, דאָס איז דווקא נישט משוגעת. דאָס איז... דאָס איז...

ביילע. וואָס איז עס? (לאַכט איראָניש). נישט קיין משוגעת איז עס!

אייזיק. טו מיר א טובה און גיי אהיים.

ביילע (וואַרפט אויף אים אַ בייזן און דערשראָקענעם בליק). נישט קיין משוגעת איז עס!

בערע. גייט טאַקע אהיים, וועט זיין א סך גלייכער. (ווינקט איר, זי זאָל גיין).

מיכל ווינקט אויך.

ביילע (גרייט זיך אַוועקצוגיין, באַליידיקט). איך מער נישט מאַך אים שטענדיק ענג. (בייז) זאָלסט עסן, משוגענער!

בערע. ער וועט שוין עסן, גייט אהיים, וואָס אַרט אייך. וועט נעמען א שנאַפּס און וועט עסן.

ביילע. און זאָלסט ברענגען דאָס טעפּל.

בערע. גוט, גוט, וועט שוין ברענגען.

ביילע (אין טיר) משוגענער! (גייט אַוועק).

מיכל. א אידענע בלייבט א אידענע.

מלכה. איך האָב נאָך געקענט די ביילען מיט אַכט יאָר צוריק, אז זי איז נאָך געווען אַ מיידל. אַך, איז זי געווען אַ לעבעדיקע זאַך! איצט ווי זי זעט אַביסל אויס. מען קען דאָך אויף איר נישט אַ קוק טאָן.

בערע. און ווי האָט ער אויסגעזען מיט אַכט יאָר צוריק! א משוגענער איז ער אַפילו שטענדיק געווען, אָבער אַזוי איז דאָס געווען...

יאָשקע קומט אַריין מיט בראָנפן.

בערע (לייגט אַוועק די אַרבעט, גייט אים אַנטקעגן, נעמט ביי אים צו דאָס פלעשל מיט דעם רעשט פון רובל און ווענדט זיך צו אייזיקן). נאַ, וועסט נעמען אַביסל בראָנפן און וועסט עסן, וועסטו ווערן נאָר א נייער מענטש, דער אמאָליקער אייזיק. (גיסט אָן דאָס גלעזל, קוקנדיק מיט תאווה אויף דעם פליסנדיקן געטראַנק, שטעלט אַוועק דאָס פלעשל, נעמט אייזיקס הוט און טוט אים אָן אייזיקן אויפן קאָפּ). נאַ, נו, מאַך א ברכה און טרינק. (נעמט ווידער דאָס פלעשל). נעם דאָך, אייזיק, זיי נישט קיין נאַר. אייזיק, זע.

מיכל. אייזיק, פע! לאָז זיך נישט בעטן. נעם און טרינק און עס. וואָס מאַכסטו דיך נאַריש, וואָס?

בערע (אונטערטראָגנדיק דאָס גלעזל צו אייזיקס ליפּן). טרינק, זאָג איך דיר, פערד!

זעליק. אז נישט, טרינקט ער אויס.

איייזיק וויל אָפּקערן דעם קאָפּ און פּלוצלונג כאַפּט ער דאָס גלעזל און קערט עס אין זיך אַריין.

**בערע.** אַט אַזוי ביסטו אַ מענטש. אָ, אַט אַזוי האָב איך דיך האָלט. (נעמט דאָס ליידיקע גלעזל ביי אייזיקן). און נאָך איינס. (הייבט אָן אָנגיסן און שמעקט דעם בראָנפן).

**אייזיק** (האַלט איין זיין האַנט). גיט מיר דאָס פלעשל. (נעמט אַרויס דאָס פלעשל פון בערעס האַנט, שטעלט עס צו צו די ליפּן און טרינקט עס אויס אויף איין מאָל).

**בערע.** און יעצט עסן.

אייזיק שפּאַרט זיך אָן מיט ביידע הענט אויפן וועבשטול און באַהאַלט דאָס געזיכט אין ביידע הענט.

**בערע.** עסן, עסן, אייזיק. אָבער גלייך. דאָס עסן איז שוין קאַלט...

אייזיק לייגט אַוועק דעם קאָפּ אויף דער לינקער האַנט.

**בערע.** נאַ, וואָס האָסטו דיך אַוועקגעלייגט? איך זאָג דאָך דיר, גלייך עסן. (וויל אים אויפהויבן).

אייזיק שטופּט אים אַוועק מיט דער פרייער האַנט.

**בערע** (באַליידיקט). נאַ, פון מיינעטוועגן ליג. איך היים דיר עסן, דו ווילסט נישט, טאָ טו וואָס דו ווילסט. (נעמט דאָס פלעשל, באַטראַכט עס, קוקט תאווהדיק אויף דעם ביסל בראָנפן אין גלזעל).

**הילע.** נו, בערע, לחיים!

**בערע.** עס נישט. איך וויל מיך מיט דיר מער נישט עוסקן. (גייט צו צו זיין שטול).

**לייוויק.** עס דאָך, אייזיק. דו מוזט דאָך עסן.

**זעליק.** מיר דאַכט, אַז ער וועט גאָר איינשלאָפן.

**מיכל.** זאָל ער שלאָפן. דאָס איז דאָס בעסטע.

**בערע.** נע-נע! איך ווייס, אַז איך נעם אַביסל בראָנפן, בין איך... ווער איך... ציט זיך אויף מיר אָן אַ נייע הויט. און ער האָט, דאַכט זיך, אויך געקאָנט אַריינגיסן! נע-נע, איך ווייס גאָר ניט, וואָס מיט אים איז געוואָרן.

**לייוויק** (צו זעליקן). שלאָפט ער טאַקע איין, זעליק?

**זעליק.** דאַכט זיך. (טרייסלט אים). אייזיק, דו שלאָפסט?

**לייוויק.** קאָמעדיאַנט!

**הילע** (זינגט). „שלאָף מיין פויגעלע, מאַך זשע צו דיין אויגעלע..."

**מיכל.** נאַ, אַ חברה!

**טעמע.** דאָס עסן וועט דערווייל קאַלט ווערן. (שפּרינגט אויף). איך וועל עס אַריינטראָגן צו אידען און אַריינשטעלן אין אויוון.

אייזיק זעצט זיך אויף און נעמט אַרויס זיין טאַשנטיכל.

**טעמע** (מיט שרעק). זע, ער האָט דאָך געוויינט!

**לייוויק, בערע, זעליק, מלכה** (שפרינגען אויף פון זייערע ערטער מיט אַן אויסגעשריי). געוויינט! (טרעטן צו אים צו און קוקן אויך מיט שרעק).

**מיכל** (דרייט אויס דעם קאָפּ און זאָגט אַרויס מיט אַ טאָן פון ביטערקייט, אומצופרידנהייט און עקל). געוויינט.

**בערע.** ביסט דאָך עפּעס גאָר קיין מענטש ניט. פּע, אויף מיין וואָרט. ווען איך וואָלט געוואוסט, אַז אסור, אויב איך וואָלט דיך צוגערעדט צו טרינקען. ביסט דאָך עפּעס גאָר קיין מענטש ניט.

**הילִיע.** זאָל ער גיין אַהיים און אויסשלאָפן זיך.

**בערע.** גיי טאַקע אַהיים און שלאָף דיך אויס. וואָס וויינסטו? פּע, אויף מיין וואָרט, עס איז גאָר אַ בושה און אַ חרפּה. גיי, פּאָלג מיך, אַהיים. וועסטו היינט אויך נישט אַרבעטן, מילא. זאָל דוכטן, אַז דו זיצסט נאָך איבער דיין מאַשינע. גיי, גיי, נאַ, און דאָ האָסטו דעם רעשט פון רובל. נאַ, נעם צו. זעסט, איך לייג דיר אים אַריין אין קעשענע. איז עס אַ גאַנצע קעשענע? (באַטאַפּט די קעשענע). אַ גאַנצע. נו, גיי.

אייזיק לאָזט זיך ווידער אַראָפּ אויף דער האַנט. זיין גאַנצער קערפּער טרייסלט זיך פון דעם שטילן געוויין.

**לייוויק.** אָבער, אייזיק, ביסט דאָך טאַקע...

**בערע.** אַ, דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבן מאַכט זיך מיר דאָס צו זען.

**הילִיע** (צו סענדערן). זע נאָר, טעמע וויינט אויך.

**טעמע** (טריקנט די אויגן). הילינקע, דו האָסט דאָך אַ גזלניש האַרץ.

**לייוויק** (ציענדיק אייזיקן). אָבער, אייזיק, אַך, פּע...

**אייזיק.** לאָזט מיך, לאָזט מיך, איך מוז... איך מוז...

**בערע** (ציענדיק אייזיקן). וואָס מוזטו, וואָס? מוזט גאָר נישט. געהערט עפּעס ווערטער, ער מוז גאָר וויינען.

**אייזיק** (בייז). לאָזט מיך צורו!

**בערע** (מאַכט מיט דער האַנט). נאַ, הייב זיך אָן מיט אַ משוגענעם. (מען צעגייט זיך אויף די ערטער).

**לייוויק** (טרויעריק). הם!

**בערע.** דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן...

**מלכה.** פּע, איך קאָן נישט זען, אַז אַ מאַנסביל וויינט.

**זעליק** (גערירט). נע־ע־ע!

טעמע נעמט דאָס טעפּל און גייט מיט אים אַרויס.

שווייגן.

אייזיק ווערט שטילער און שטילער און בלייבט צולעצט רואיק ליגן אויף זיין האַנט. מען קוקט זיך אַפּט אום אויף אים.

גאָלדין (קומט אַריין, גייט אין אייזיקס זייט, מאַכט מיטן קאָפּ). נאַ, וואָס ליגט ער עפּעס?

מלכה. ער האָט ערשט געוויינט.

גאָלדין. געוויינט? וואָס האָט ער עפּעס געוויינט? וואָס פון זיין מאַשינע האָט זיך גאַרניט ניט אויסגעלאָזן? (וועקט אייזיקן). דו, אייזיק, וואָס האָסטו געוויינט? שטיי אויף. (דערזעט די בראָנפן־פלאַש). ווער האָט עס געטרונקען? דאָס האָט ער געטרונקען?

מלכה. ער האָט נאָך גאַרנישט ניט געגעסן, האָט מען אים געהייסן נעמען אביסל בראָנפן.

גאָלדין. האָט ער זיך, הייסט עס, פּשוט אָנגעשיכורט. טע! צו־ערשט האָט מען אים נישט געקענט ארויסטרייבן פון שטוב, ווייל ער האָט זיך געפּאַרקעט איבער אַ שטיקל מאַשינע און יעצט, אַז ער איז שוין געקומען אַרבעטן, האָט ער זיך אָנגעזויפן ווי אַ חזיר און ליגט.

אייזיק מאַכט אַ נערוועזע באַוועגונג, גיט אַ הויב אויף דעם קאָפּ און לייגט אים גלייך אַוועק צוריק.

גאָלדין. ביסטו שיכור, טאַ גיי אהיים און לייג זיך שלאָפן. איך דאַרף דאָ קיין שיכורים נישט. — וואו איז טעמע?

אייזיק (הויבט זיך לאַנגזאַם אויף). איר זייט אין כעס, וואָס איך האָב אייך נישט געבראַכט אַ דריטע מאַשינע?

גאָלדין. פערד! איך דאַרף דיך אויף כפּרות מיט דיינע מאַשינעס צוזאַמען. — וואו איז טעמע, וואו?

מלכה. דאָ איז געוועזן זיין ווייב און האָט אים געבראַכט זיין וואַר־מעס, האָט טעמע אַרויפגעטראָגן דאָס טעפּל, עס זאָל ניט קאַלט ווערן, צו אידען.

גאָלדין. מער האָט זי שוין ניט וואָס צו טאָן, ווי מיט זיינע טעפּ־לעך...

אייזיק. אז איך וואָלט אייך געבראַכט די מאַשינע, וואָלט איר נישט אַזוי אין כעס געוועזן?

טעמע קומט אַריין.

גאָלדין. וואוהין גייסטו אַרום, וואוהין? דו דאַרפסט זיצן און אַרבעטן און ניט עוסקן זיך מיט זיינע טעפּלעך. איך האַלט ניט פון זיינעט־וועגן קיין משרתים.

אייזיק (מיט קוים איינגעהאַלטענעם כעס). איך האָב זי נישט גע־בעטן.

טעמע. דאָך אַ ווײַלע נאָר געדויערט. עס וואָלט דאָך קאָלט גע־וואָרן דאָס טעפּל.

גאָלדין. אַ מינוט אויך נישט. ער מעג עסן קאַלטע אָדער גאָרנישט ניט עסן, דאָס איז נישט דיין דאגה. דו דאַרפסט זיצן און אַרבעטן.

אייזיק. אַזוי שטאַרק האָט אייך אינטערעסירט מיין מאַשינקע?

גאָלדין (צעשרייט זיך). איך דאַרף דיך אויף כפּרות מיט דיין מאַ־שינקע, האָב איך דיר שוין איינמאָל געזאָגט, פאַרשטייסטו מיך? דו קאָנסט שוין...

אַרקע (איילט אַריין). וואָס האָסטו זיך דאָ אַזוי צעשריען?

גאָלדין. איז געקומען, האָט זיך אָנגעשיכורט...

אייזיק (אַ קלאַפּ טוענדיק מיט דער האַנט אין װעבשטול). איר זאָלט מיר אויפהערן מיט דעם „אָנגעשיכורט". פאַרשטייט איר מיך, צי נישט!

גאָלדין בלייבט שטיין מיט אַן אָפענעם מויל. אַלע רייסן איבער די אַרבעט.

אַרקע. טע, טע, טע, ער איז דאָך טאַקע גאָר שטאַרק אין כעס.

אייזיק. מיר דאַרפט איר נישט רעדן וועגן אָנשיכורן זיך, דאָס רעדט אייער אַרקען.

גאָלדין. דו עזות־מחוצף־פּנים! דו שטיק שייגעץ!

מיכל און בערע רינגלען אַרום גאָלדינען.

לייוויק און זעליק האַלטן אָפּ אייזיקן.

מיכל. הער אויף, נאָטע, זעסט דאָך.

לייוויק. באַרואיק דיך, באַרואיק דיך, אייזיק.

אַרקע. וועגן מיר דאַרפסטו נישט רעדן!

בערע. אַרקע, אַך, נע־ע...

לייוויק (צו אייזיקן). באַרואיק דיך, באַרואיק דיך.

גאָלדין. דו וועסט שוין ביי מיר נישט אַרבעטן.

אייזיק. איך טראַכט עס שוין. אָבער איר וועט מיר צוערשט אָוועק־געבן מיין פּרעס מיט מיין פּעטליצעס־מאַשינקע.

אַרקע (שטעלט אָן די האַנט צום אויער). וואָס, וואָס זאָל מען דיר אָוועקגעבן? איך האָב נישט געהערט, חזר איבער נאָך אַמאָל.

גאָלדין. דיין פּרעס מיט דיין מאַשינקע? פאַר דיין פּרעס מיט דיין מאַשינקע האָט מען דיר באַצאָלט גוט געלט.

אייזיק מאַכט אַ באַוועגונג.

לייוויק און זעליק האַלטן אים אָפּ.

זעליק. רואיק, רואיק.

גאָלדין. זיינע מאַשינעס זאָל איך אים אָוועקגעבן! זיינע איז עס. אַז איך האָב דיר באַצאָלט, זיינען זיי מיינע, נישט דיינע.

אַרקע. זיין פרעס און זיין מאַשינקע! די מוראַדיקע ערפינדונגען, גרויסע קאָפּ־שטיק! האָסט באַוויזן, וואָס דו קאָנסט. געפּאַרקעט און געפּאַרקעט זיך דריי טעג...

אייזיק. גרויסע קאָפּשטיק — דו קאָנסט בעסערע?

אַרקע. פּש־ש־ש... אָבער וואו איז דיין נייע מאַשינע?

אייזיק. איך פרעג ביי דיר, דו קאָנסט בעסערע?

אַרקע. אָבער דיין נייע מאַשינע וואו איז?

גאָלדין. וואָס רעדסטו מיט אים? יאַשקע, רוף שמערלען. זאָג אים, אַז דער שטול איז ליידיק. ער קען שוין קומען זעצן זיך אַרבעטן. — אַט וועט זיין געַנוג צו רעדן.

יאַשקע מאַכט לאַנגזאַמע הכנות.

אייזיק שטייט אויף, קנעפּלט זיך צו דאָס רעקל און הויבט אָן לאַנגזאַם צו גיין צו דער טיר, באַגלייט פון לייוויק און זעליק, וועלכע פּרואוון אים באַרואיקן. פּלוצלונג גיט ער זיך אַ לאָז צו דער פּרעס, הויבט זי אויף, וואַרפט זיך אַרויף אויף דער פּעטליצעס־מאַשינע און טרעט זי מיט די פיס, אַז עס פליען שפּענדלעך און רעדלעך, צורעדנדיק דערביי.

אייזיק. יעצט קאָן איך גיין, יעצט קאָן איך גיין.

לייוויק, זעליק און בערע ווילן אים אָפּהאַלטן.

גאָלדין. גייט רופט פּאָליציי. אַרקע, גיי נאָך פּאָליציי.

אַרקע. הילפע, גיי נאָך פּאָליציי.

אייזיק (טרעט נאָך מיט די פיס). יעצט קאָן איך גיין. (רייסט זיך אַרויס פון די הענט און גייט אַרויס ווי מעגלעך רואיק).

גאָלדין און אַרקע וואַרפן זיך נאָך אים, מען האַלט זיי אָפּ.

גאָלדין. זאָל מען גיין נאָך פּאָליציי, זאָל מען גיין.

אייזיק (פון הויף). נאַ דיר! (אַ שטיין פליט אין פענצטער מיט גרויסער קראַפט, צעברעכט אַלע שויבן און טרעפט אַרקען אין זייט. פון עולם רייסט זיך אַרויס אַן „אָך“!).

אַרקע. ער האָט מיך געהרגעט!

גאָלדין. פּאָליציי!!!



מ. קולבאַק.

# גאָט, גאָט, גיב אַ רעגן

גאָט, גאָט, גיב אַ רעגן
פון די פרישע מענטשנס װעגן!
די, װאָס װאַקסן שטייפע, רויע,
אונטער דיינע הימלען בלויע,
אַז זיי זאָלן זיך צעבליען,
װיים אין בלומען, װי אין שנייען,
אַז זיי זאָלן זיך ניט קניען
אין די זאַפטיק־שטאַרקע װייען...
אויסגעמישט מיט מאָך און באָדן,
זאָלן זיי װי דעמבעס װערן,
און אין רעגנס אויסגעבאָדן,
פון דער פעטער ערד זיך נערן.

גאָט, גאָט, גיב אַ רעגן,
אויך פון מענטשנס שטילע װעגן!
אַז זיי זאָלן גרינג דערלעבן
רו און ליכטיקייט אין שװייגן,
און װי פייגעלעך אומשװעבן
העל אין זייער הייליק שטייגן...
שטילע, שעמעװדיקע, צאַרטע,
פונקט װי גייענדיקע בלומען,
מייד זיי אויס פון בליקן האַרטע,
װאו זיי גייען און זיי קומען...
צאַרטע, שעמעװדיקע, שטילע —
איז דיין װעלט פאַר אָט די טויבן
װי איין גרויסע שעה פון נעילה,
דיך צו לויבן... דיך צו לויבן...



# די רייד פון די נביאים

## שיבת ציון

א. הערט מיר צו, איר אינזלען,
און פאַרנעמט, איר פעלקער פון דער ווייט:
גאָט האָט מיך פון טראַכט גערופן,
פון מיין מוטערס לייב האָט ער מיין נאָמען
דערמאָנט.

ב. און ער האָט געמאַכט מיין מויל ווי אַ שאַרפע
שווערד,
אין שאָטן פון זיין האַנט האָט ער מיך באַהאַלטן;
און ער האָט מיך געמאַכט פאַר אַ בלאַנקער פייל,
אין זיין פיילבייטל האָט ער מיך פאַרבאָרגן.

ג. און ער האָט צו מיר געזאָגט: מיין קנעכט ביסטו,
ישראל, וואָס איך רים זיך מיט דיר.
און איך האָב געוועסט געזאָגט: אומנישט האָב
איך מיך געמיט,

ד. אויף נישט און ניזועץ האָב איך מיין כוח פאַרלענדט;
אָבער מיין משפט איז ביי יהוה,
און מיין לוין ביי מיין גאָט.

ה. און אַצונד האָט גאָט געזאָגט —
דער וואָס האָט מיך געפורעמט פון טראַכט
פאַר אַ קנעכט צו אים —
אומצוקערן צו זיך יעקב,
און ישראל זאָל איינגעזאַמלט ווערן צו אים;
און איך בין געאַכט אין די אויגן פון יהוה,
און מיין גאָט איז מיין שטאַרקייט.

ו. און ער האָט געזאָגט:
קנאַפּ איז — ווייל דו ביסט מיין קנעכט —
אויפצוריכטן די שטאַמען פון יעקב,
און די צווייגן פון ישראל אומצוקערן;
נאָר איך וועל דיך מאַכן פאַר אַ ליכט פון די פעלקער.
אז מיין הילף זאָל זיין ביז צום עק פון דער ערד.

ז. אַזוי האָט גאָט געזאָגט,
דער אויסלייזער פון ישראל, און זיין הייליקער,
צו דעם פאַראַכטן פון מענטשן,
צו דעם פאַראומווערדיקטן פון פעלקער,
צו דעם קנעכט פון געוועלטיקער:
מלכים וועלן זען און וועלן אויפשטיין,
שררות — און וועלן זיך בוקן,
פון וועגן גאָט וואָס איז געטריי,
דעם הייליקן פון ישראל, וואָס האָט דיך
אויסדערוויילט.

ח. אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
אין צייט פון באַוויליקונג טו איך דיר ענטפערן,
און אין טאָג פון ישועה טו איך דיר העלפן;
און איך וועל דיך היטן, און דיך מאַכן
פאַר אַ בונד מיט די אומות,
כדי אויפצוריכטן דאָס לאַנד,
צו מאַכן אַרבן נחלות פאַרוויסטע;

ט. צו זאָגן צו די געפאַנגענע: גייט אַרויס!
צו די וואָס אין פינצטערניש: אַנטפּלעקט אייך!
ביי די וועגן וועלן זיי זיך פיטערן,
און אויף אַלע הויכע ערטער וועט זיין זייער פיטערונג.

י. זיי וועלן ניט הונגערן און ניט דאָרשטן,
און ניט פּלאָגן וועט זיי היץ און זון,
וואָרום זייער דערבאַרימער וועט זיי באַלייטן,
און ביי קוואַלן וואַסער וועט ער זיי פירן.

יא. און איך וועל מאַכן אַלע מיינע בערג פאַר אַ וועג,
און מיינע שטעגן וועלן דערהייכט ווערן.

יב. זע, די וועלן קומען פון דער ווייט,
און די אָ וועלן קומען פון צפון און פון מערב,
און די, פון לאַנד סינים.

יג. זינגט, איר הימלען, און פריי זיך, דו ערד,
און ברעכט אויס, איר בערג, אין געזאַנג,
וואָרום גאָט האָט געטרייסט זיין פאָלק,
און זיינע אָרעמע טוט ער דערבאַרימען.

יד. און ציון האָט געזאָגט: פאַרלאָזן האָט מיך יהוה,
און גאָט האָט פאַרגעסן אָן מיר.

טו. קען אַ פרוי פאַרגעסן איר ברוסטקינד,
ניט צו דערבאַרימען דעם זון פון איר לייב?
אַפילו די דאָזיקע זאָלן פאַרגעסן,
וועל איך אָן דיר ניט פאַרגעסן.

טז. זע, אויף די האַנטפלעכן האָב איך דיך אויסגעקריצט,
דיינע מויערן זיינען תמיד פאַר מיר.

יז. איילִיק קומען דיינע קינדער;
דיינע צעשטערער און דיינע פאַרוויסטער
וועלן אַרויס פון דיר.

יח. הייב אויף רונד אַרום דיינע אויגן, און זע:
זיי אַלע זיינען איינגעזאַמלט און קומען צו דיר.
אַזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט,
אַז זיי אַלע וועסטו ווי אַ צירונג אָנטאָן,
און וועסט זיי אָנקניפּן אַזוי ווי אַ כלה;

יט. וואָרום דיינע חורבות און דיינע וויסטענישן,
און דיין לאַנד דאָס צעשטערטע —
פאַרוואָר, וועסט אַצונד ענג זיין פון וואוינער,
און דערווייטערט וועלן זיין דיינע אומברענגער.

כ. זאָגן וועלן נאָך אין דיינע אויערן
דיינע אָנגעוואָרענע קינדער:
ענג איז מיר דאָס אָרט,
טרעט מיר אָפּ, איך זאָל קענען וואוינען.

כא. און וועסט זאָגן אין דיין האַרצן:
ווער האָט מיר די דאָזיקע געבאָרן?
איך בין געווען אָן קינדער און עלנד,
פאַרטריבן און פאַרוואָגלט;
און דידאָזיקע ווער האָט אויפגעצויגן?
זע, איך בין דאָך געבליבן אַליין,
דידאָזיקע וואו זיינען געווען?

כב. אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
זע, איך וועל אויפהייבן צו די פעלקער מיין האַנט,
און צו די אומות וועל איך אויפשטעלן מיין פאָן,
און זיי וועלן ברענגען דיינע זין אין בוזעם,
און דיינע טעכטער וועלן אויפן אַקסל געטראָגן ווערן.
(ישעיה, פרק מט: א—כב.)

ש. דיין.

# בראשית

(די ערשטע טעג פון נהלל).

## א.

ווינטערדיקע, כמורנע טעג. א ברוגזער מזרח־ווינט בלאָזט זייער שטאַרק. דאָס ברייטע פלאַכלאַנד, וואָס ציט זיך איבערן עמק צווישן די פאַרשלאָפענע דערפלעך ביי די זייטן פון די בערג און בערגלעך, ווערט אויפגעאַקערט פון אָקסן, איינגעשפּאַנטע ביי אַלטע אַקערס און געפירט פון אַרבעטער פון מושב. די ערד איז שוואַרץ, לייכט און ברעקלדיק.

א פאַרגעניגן אַנצוקוקן.

דאָס איז דער אָנהויב פון עמק יזרעאל, אָבער אים אינגאַנצן, זיין גאַנצע שיינקייט, גרויסקייט און ברייטקייט, קען מען פון דאַנען ניט אָנזען. אייניקע בערגלעך, וואָס קומען גרופּנווייז אַרויס פון די בערג פון נצרת, האָבן אַפּנים געוואָלט פאַנאַנדערטיילן דעם עמק, האָבן זיי אָבער קיין כוח ניט געהאַט, זיינען זיי געבליבן שטעקן אין מיטן און האָבן פאַרשטעלט נאָר א טייל זיינעם.

די בערג פון נצרת צוקאָפּנס, דער באַרג כרמל צופוסנס. די בערג זיינען פעלזנדיקע, און פון צווישן די פעלזן וואַקסן אַרויס רעשטלעך פון אַן אַלטן וואַלד: דעמבעס, באַקסער בוימער און פאַרשיידענע אַנדערע קוסטעס.

דער עמק איז אָפּגעשלאָסן, דער האָריזאָנט איז ניט קיין ברייטער, און דאָס אויג שלאָגט זיך אָן אָן משופּעדיקע בערג.

אין דרייען גייען מיר דאָ אַרום. מיר זיינען פון דער שטאָט געקומען — אָפּגעריסן פון באָדן, פון פעלד און פון אַרבעט שוין אייניקע חדשים. דאָס לאַנד איז אָפּגעלאָזן, פּאַסיוו, ניט־גלויביק אין דער באַנייאונג פון דער אַרבעט נאָך אַכט יאָר אָן ממשותדיקער קאָלאָניזאַציע טעטיקייט.

ס'איז געוואָרן א שטיקל באַוועגונג. גייען מיר אום איבער דעם פלאַכלאַנד, אַרבעט־זוכנדיקע, ערד־הונגעריקע און פול מיט צווייפלען אין אונזערע מעגלעכקייטן, אין דער ערנסטקייט פון אונזערע יעצטיקע מעשים — מיר פאָרשן אויס דעם געגנט.

דריי רייען בוימער, וואָס וואַקסן אויפן פלאַכלאַנד ווי די גערטנער, אָדער גאָר ווי אָראַנזשעררייען, ציען צו אונזערע אויגן. איינע איז ניט ווייט פונ׳ם וועג צו מזרח זייט. דאָרט אַרבעטן אייניקע אַראַבישע משפחות

ארום די פּרוכט־בוימער און גיבן זיך אָפּ מיט גרינצייג. אָט איז אַ קליין טייכל, און אַ קליינער קוואַל גיסט אויס זיין וואַסער פון ערגעץ אַ באַהעלטעניש אין פעלז אינ׳ם טייכל אריין, און זיי זעטיקן אָן די קירבעסן, פּאָמאַדאָרן, פייגנבוימער און די לימאָן בוימער.

איבערן וואַדי, וואָס קרייצט דורך די בערגלעך, ליגן אָפּן אייניקע אויבערשטע קוואַלן, איינער ניט ווייט פונ׳ם אַנדערן, און אַרום די קוואַלן הויערן אייניקע שאָף־טשערעדעס, וואָס שטילן זייער דורשט ביי די הילצערנע און ליימענע קאָרעטעס.

אַ סך שיינע שאָף און רינדער זיינען צעשפּרייט איבערן געגנט.

מיר האָבן שפּאַצירט איבער דעם באָדן, אין דער לענג און אין דער ברייט. מיר זיינען געגאַנגען אַרויף באַרג, אַראָפּ טאָל, און זיך גוט צוגעקוקט צו דער ערד, באַטראַכט די פלאַנצונגען, דעם ווידערוואוקס, די דערנער, די קוסטעס. מיר האָבן געריסן דעם שטרוי פון ווידערוואוקס און אים באַטראַכט; געשאַצט ווי הויך תבואה וואַקסט דאָ, ווי פעט די ערד איז, וואָס פאַר אַ תבואה זי וועט אַרויסגעבן און וויפל.

מיר זיינען אַרויפגעקומען אין דאָרף, וואו דער באָדן איז צום קויפן. דאָרט איז דאָ אַ תבואה־מאַגאַזין, אַ גרויס שטיינערן הויז, וואו ס׳האָבן זיך געפונען צוויי ערד־מעסטער. אין דאָרף איז געווען קאַלט, און אין מאַגאַזין איז געווען נאָך קעלטער. די דאָרפסלייט זיינען געווען געזונטע לייט. זיי האָבן געבעטן זייער ביליקע פרייזן פאַר זייער אייגנטום — אַ גוטער סימן דלות.

דאָס ערשטע מאָל האָבן מיר זיך באַקאַנט מיטן באָדן, און ער איז אונז געפעלן. מיר האָבן געזען דאָס פּלאַץ און זיינע מענטשן און מיר האָבן זיך אומגעקערט.

ב.

איך בין ווידער אַמאָל געקומען מיט צוויי חברים מיינע. מיר האָבן שטודירט די זומפּן. מיר האָבן געפאָרשט פון וואַנען זיי קומען, וואוהין זיי גייען און זייער גרויס.

ס׳איז געווען שווערלעך.

ווי די זון, וואָס אָט האָט זי אויפגעשיינט און אָט האָט זי זיך פאַררוקט צווישן די וואָלקן, אַזוי האָבן זיך ביי אונז אין הארצן געביטן האָפנונג און שרעק. מיר האָבן געציטערט פאַר אַ דורכפאַל, פאַרן גרעסטן דורכפאַל, וואָס נאָך אים איז שוין אַלעס פאַרלוירן: קדחת, דערנאָך בויך־טיפוס און דערנאָך...

שטיל פאַרטרויערט זיינען מיר אומגעגאַנגען. מיר האָבן גערעדט וועגן

די מעגלעכע אויסטריקענונגס מיטלען, און מיר האָבן זיך אַליין אויסגע־רעדט: דאָס גאַנצע לאַנד איז דאָך געווען באַדעקט מיט זומפּן, וואָס־זשע זאָלן מיר דאָס זיין יחסנים?

אויפן וועג האָבן מיר באַגעגנט אַן אַרטיקן אַלטינקן.

— זיידעניו, וואָס זיינען דאָ די חורבות?

— אַ וויסט־געוואָרענער ישוב.

— וואָס פאַר אַ ישוב איז דאָ געווען?

— אַ דייטשער.

— און וואו זיינען עס היינט די מענטשן?

— אויסגעשטאָרבן.

— געדענקט איר דעם ישוב?

— כ'בין דאַן אַ קינד געווען.

— פון דאַן אָן האָט דאָ קיינער ניט געוואוינט?

— געווען אַ צווייטער ישוב, אַן אַראַביש דאָרף.

— און וואו איז ער?

— ער איז אויך חרוב געוואָרן.

— און וואָס מאַכן די מענטשן?

— זיי זיינען אויסגעשטאָרבן, אַלע אויסגעשטאָרבן, — האָט ער געענטפערט און האָט זיך געלאָזט אוועקגיין.

— און פאַר וואָס, מיינט איר, קען מען דאָ ניט לעבן?

— דאָ אַ בייזער ווינט, דאָרט אַ שלעכט וואַסער. טרינקט מען דאָס וואַסער, ווערט מען געשוואָלן און אין דריי טעג שטאַרבט מען.

דעם אַלטנס ווערטער האָבן אונז געקלונגען ווי אַ בייזע נבואה, אָבער אין אמתע: מען איז געשטאָרבן, געשטאָרבן.

צוויי ישובים זיינען אויסגעשטאָרבן. און דער דריטער, אונזערער, פאַר וואָס זאָל ער זיין בעסער? די פראַגע האָט אונז געפּיקט דעם מוח.

מיר זיינען אַרויפגעקראָכן אויף אַ הויך בערגל. דאָס בערגל, נאַקעט און ריין פון פעלזן און קוסטעס, איז געווען צופוסנס פון די ווילד־באַוואָקסענע נצרת בערג. מיר האָבן געוואָלט פון דער הויך זען דעם עמק, דעם קינפטיקן עמק־ישוב.

ווען מיר זיינען אַרויפגעקומען, האָבן אונזערע פיס געטראָטן אויף אַלטע שטיינער, פון רעגן אָפּגעשווענקטע, באַוואָקסן מיט אַ גרינעם מאָך. די שטיינער זיינען געווען אויסגעלייגט אין עפּעס מטושטשדיק געוואָרענע פאָרמען. לכתחילה האָבן מיר ניט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ שטיינער דאָס זיינען, נאָר מיר האָבן באַלד דערפילט, אַז אונזערע פיס טרעטן אויף קברים.

שטיל זיינען מיר געבליבן אַ ווייל אויף אונזערע ערטער. שווער

אַטעמענדיק האָבן מיר אויפגעהויבן אונזערע אויגן אַרומצוקוקן זיך איבערן שטח פון בערגל, און פאר אונזערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ גרויסער בית־עולם, — הונדערטער ענגע קברים, גרויסע און קליינע.

מיר זיינען פאַרבליפט געוואָרן. מיר האָבן קיין ווערטער אין מויל ניט געהאַט. פאַר אונזערע אויגן צום מערב צו האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ פרוכטבאַרער ברייטער טאָל, און דאָ טרעטן אונזערע פיס אויף פאַר־געסענע קברים פון די געטרייע בויער פון'ם אַלטן ישוב...

טויט!... — דאָס האָט אונז געשושקעט די לופט אַרום, דער בית־עולם אויבן, דאָס פאַרשאָלטענע וואַסער אונטן, דער בייזער ווינט, וואָס האָט שוין אומגעבראַכט צוויי ישובים פאַר אונז. און די זומפּן אין טאָל זיינען אַזעלכע שוואַרצע, אָפענע, גרויזאַמע, אַרומגערינגלט מיט פאַר־שיידענע בוימער־קרייזן, ווי אַ קיילעכדיקער בלומען־קראַנץ איבער אַ מצבה.

מיר האָבן געשוויגן.

דער איינגסטער פון די דריי האָט געבראָכן די שטילקייט:

— מיר ווילן לעבן!

— מען דאַרף זיך באַזעצן! — האָט באַשטימט דער חבר, ניט מיט גאָר פולער איבערצייגונג.

דער דריטער האָט ווידער פאָרגעשלאָגן אַ פּלאַן פאַר טריקענען.

ס'איז אונז אין זינען אריין חדרה מיט אירע זומפּן צו דער צייט, ווען זי איז ערשט באַזעצט געוואָרן. ווען מיר זיינען אַראָפּגעקומען פון בערגל, האָבן מיר געוואוסט, אַז טראָץ אַלעמען, טראָץ אונזערע פעסט־באַגרינדעטע צווייפלען און אונזער קלאָרן פאָרויסזען אַלע מעגלעכע סכנות — וועלן מיר פון דאַנען ניט אָפּטרעטן, מיר וועלן דאָ אויפבויען אַ ישוב.

מיר האָבן זיך אומגעקערט מיט פּלענער פאַר טריקענען, געזונט מאַכן דעם באָדן און קאָלאָניזאַציע.

## ג.

עס זיינען אַוועק איינציקע חדשים פון איבערלייגן זיך, פון וואַרטן אויף פּלענער, פון גוטהייסן זיי און פון פאַרזיכערן זיך מיט די נויטיקע מיטלען. איידער דער לעצטער באַשלוס ווערט אָנגענומען, זיינען מיר, אַ גרעסערע צאָל חברים, אַרויפגעגאַנגען נאָכאַמאָל אויסצוזען דאָס פּלאַץ, וואו מיר זאָלן זיך באַזעצן.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אונזערע חברים פון פאַרשיידענע פונקטן אין יהודה ביים חיפה־זשעדאַ שאָסיי, זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן די חברים פון גליל, וואָס האָבן דאָ געאַרבעט אויפן שאָסיי, און גאַנץ פרי זיינען מיר אויף זייערע וועגענער אָנגעקומען צום נייעם באָדן.

אין אַ געהויבענער שטימונג, לעבעדיק, פול מיטן פריילעכן געפיל, אַז מיר דערנענטערן זיך צום וויכטיקסטן מאָמענט פון אונזער לעבן, זיינען מיר אַרויף אויף דעם העכסטן פונקט פון דעם טאָל, אויף דעם בערגל, וואָס די ערשטע חברים האָבן באַשטימט אַלס דאָס אָרט, וואו די וואוינונגען זאָלן געבויט ווערן.

מיר האָבן צוזאַמענגענומען אייניקע שטיינער און האָבן זיך אַוועק־געזעצט אָנבייסן.

מיר האָבן אַרומגעשפּאַצירט, האָבן זיך אַרומגעקוקט אויף יעדן טריט און שריט און האָבן געפּאַרשט די זומפּן. מיר האָבן געוואַרט אויפן דאָקטאָר, דעם ליבן דאָקטאָר פון די אַרבעטער, וועמען מיר האָבן אַלע געשעצט און געטרויט. איינער פון אונזערע חברים האָט אים געבראַכט.

אונטער אַ געדיכטן פייגנבוים, ביי איינעם פון די גרעסטע זומפּן, האָבן מיר זיך אויסגעזעצט אין אַ קרייז. אַ שווערער ערנסט איז געלעגן אויסגעשפּרייט איבער אונזערע פּנימער.

דעם דאָקטאָרס שטימע איז געווען רואיק און ערנסט. גאַנץ פעסט האָט ער אַרויסגעגעבן זיין אורטייל: דאָס פּלאַץ איז ניט וויניקער שלעכט פאַר יסוד המעלה. מען קען עס באַצייכנען מיט אַ 5-5½; אַז מען וועט עס געזונט מאַכן, וועט מען עם קענען באַצייכנען מיט אַ 3½. לגמרי גוט וועט עס קיינמאָל ניט זיין. זיכער איז, אַז מען קען זיך דאָ ניט באַזעצן, איידער מען וועט דאָס פּלאַץ געזונט מאַכן.

מיט אַ שטילן טרויער האָבן זיך די וועגענער פּאַמעלעך אומגעקערט צו די שאָסיי־וועגן. מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, זיינען מיר שטילשווייגנדיק געזעסן אין די וועגענער און האָבן קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. אייניקע האָבן געפּרובירט אונז צורעדן צו אַ שטיק לאַנד, נענטער צו דער שטאָט.

אין איינעם פון די געצעלטן פון דער אַרבעטער גרופּע, ביים שאָסיי, וואָס געפינט זיך אויף פרעמדע פעלדער, אָבער וועלכער ווערט אויס־געאַרבעט פון אונזערע חברים־חלוצים, איז געווען די אַנטשיידנדע פאַר־זאַמלונג.

זאָל מען אויף גאָרניט ניט קוקן און זיך דאָך באַזעצן?

„מיר ווילן נישט פרעגן קיין דאָקטוירים. ארץ־ישראל איז אונזערס, — מיט די זומפּן און וויסטעניש. מיר דאַרפן דאָס לאַנד באַזעצן. מיר מוזן עס געזונט מאַכן. נישטאָ וואָס איבערצוקלערן און צו קלייבן. ווער גיט אונז דאָס רעכט צו קלייבן? וועמען ווילן מיר לאָזן די זומפּן?...“

איינער נאָכן אַנדערן האָבן דאָס זעלבע ווידערהאָלט. די ווערטער האָבן אין אונז אַריינגעגאָסן מוט און טרייסט. אויפן האַרצן איז לייכטער געוואָרן.

דער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן און איז געבליבן.

אלול טעג. די פעלדער זיינען וויסט. דאָס נאָך ניט באַארבעטע פעלד איז נאָך פול מיט דערנער, וואָס הודיען, ווען דער ווינט בלאָזט אויף זיי. איבערן ווידערוואוקס ציען זיך טשערעדעס. איבערן גאַנצן טאָל איז ניט צום זען קיין אַנדער לעבעדיק באַשעפעניש, נאָר אויפן הויפט וועג — דעם חיפה־נצרת וועג — איז היבשלעך לעבעדיק.

ווען מיר האָבן אין אָוונט אַנגעצונדן דעם לאָמטערן אינ׳ם ראָגאָזשע־ביידל, זיינען די פאַרבייפאָרער אויפן שאָסיי איבערראַשט געוואָרן. דעם צווייטן טאָג זיינען פאַרבייגעפאָרן אידישע וועגענער, וואָס פלעגן גע־ווינלעך איבערנעכטיקן אין נאָענטן דאָרף, האָבן זיי געביטן זייער וועג און זיינען צו אונז אַריינגעקומען. אַן אַלטער איד איז צוגעקומען צו אונזער טיש און האָט ניט געוואוסט, ווי אַזוי אונז צו באַגריסן. האָט זיך אים פון מויל אַרויסגעכאַפּט די „שהחיינו״ ברכה.

מיר האָבן שוין לאַנג די ווערטער ניט געהאַט געהערט. ס׳איז אונז אָבער קלאָר געווען, פאַרוואָס דער אַלטינקער האָט זיי געזאָגט. ער איז שוין אַ סך יאָרן געוואוינט געווען פאַרבייצופאָרן דעם וועג. ניט איינמאָל האָט ער געטראַכט וועגן דעם טאָל און וועגן דער לאַנגער שטרעקע, אויף וועלכער ס׳איז ניטאָ קיין איין אידישער פּונקט. און אַט האָט ער זיך דאָס אויך דערלעבט. דאָס ערשטע מאָל האָט אים אַ שיין געטאָן אַ ליכט פון אַ נייעם אידישן ישוב. ווי שטאַרק נאָענט און צוציענד דאָס ליכט איז אים געווען, אַז ער האָט זיך אַנגעמיט און די בהמות אַנגעמאַטערט און זיך אַרויפגעשלעפּט מיט זיינע שווערע וועגענער צום שפּיץ באַרג.



א. ז. אַנכי.

# אונזער לאַנד

## א.

גייען טעג הייסע, ברענענדיקע. יעדער שטיין, יעדער בוים, יעדע בלום, יעדעס גרעזעלע — אַלץ ברענט. און פאַרשיכורט איז גאָטס וועלט פון דער זון, פון היץ און פייער. און די נעכט נאָך זיי זיינען קילע, שטי־לע, פול מיט נאַכט־חלומות און נאַכט־מחשבות. דער מזרח פאַרטיפט זיך אין זיינע וואונדער. וועבן זיך אונטער די הויכע, טיפע נאַכט־הימלען נייע אמונות? בענקען די אַלטע, גרויע שטיינער אין די טאָלן און אויף די בערג נאָך אַמאָליקע נביאים און משיחים?

אויפן גורן איז שוין דאָ היבשע תבואה, און פאַרנאַכט קומען זיך דאָרט צונויף די דאָרפסלייט. עס קומען אַלע, יונגע און אַלטע, מיט די ווייבער און די קינדער. מען שמועסט ערנסט: וועגן דער תבואה פון הייאָר, וועגן דער צוקונפט פון דערפל; וועגן דעם, אַז ניט רייך און שווער איז דאָס לעבן דאָ. מען רעדט וועגן פיבער און מען וויל זיך איינרעדן און מען איז פאַרזיכערט, אַז דאָ, אין זייער דערפל, איז דער פיבער ווינציקער, ווי אין אַלע אַנדערע ערטער.

דער עולם בלייבט זיצן שווייגנדיק. מען דערמאָנט זיך, אַז אי־בער יהודה און גליל זיינען שוין צעוואָרפן אַ סך אידישע דערפלעך, מיט זייערע גערטנער און סעדער און גרויסע תבואה־פעלדער. פילט יעדערער, אַז די נאַכט איז אַזאַ שיינע, און אַז דער גורן מיט תבואה, וואָס אויף איר זיצט ער, איז זיין אייגענע, פון אייגענע פעלדער געשניטן. קוועלט אַ פרייד אין די טרויעריקע הערצער. און די נאַכט פאַרטוליעט און פאַרסודעט דאָס קליינע הייפעלע מענטשן מיט זייער גורן, מיט זייערע הייזער הינטער זיי, וועלכע זיינען געקומען אַהער, צווישן ווילדע און פרעמדע, זיך באַזעצן אין זייער לאַנד, אין זייער אַלטער היים. הויבן אָן די אינגערע צו שטיפן. מען וואַרפט זיך מיט תבואה. און שטיפנ־דיק צעזינגט זיך דער יונגער עולם. מען זינגט אידישע לידלעך מיט פאַרחלומטע מזרח־מאָטיוון. די עלטערע הערן און זיינען פאַרטראַכט. ווערט אין דערינען עפּעס אַ טומל אין דערפל. עס זיינען דאָרט אייניקע געבליבן, האָבן זיי געכאַפּט אַן אַראַבער; ער איז געקראָכן גנבענען ווייץ. קומט מען און מען דערציילט עס, פאַרלאָזן אַלע דעם גורן און מען גייט אין דערפל אַוועק.

און די נאַכט איז שוין אינגאַנצן פאַרטיפט אין זיך — אַ שטילע, אַ טיפע, אַ ליכטיקע, פאַרוועבט אין שאָטנס, געפלאַכטענע מיט לבנה־שיין, איבער די בערג, איבער די טאָלן. באַלד וועט דער טוי פאַלן. און אַליץ אין גאָטס וועלט זינגט שטומערהייט:

— נאַכט, נאַכט, נאַכט.

אייניקע אייזלען, פון דאָ און דאָרטן, איינער נאָכן צווייטן, האָבן זיך ביטער און מיט די לעצטע כוחות צעשריען. און ווידער איז שטיל.

— נאַכט.

עס הערן זיך גלעקלעך פון אַ קאַראַוואַן. אויף אַ בערגל דאָרט ציט זיך אַ שורה קעמלען אָנגעלאָדן מיט סחורה. שטיל.

— נאַכט.

הערן זיך אין דערפל טריט. דאָס גייט אַרום לעבן זיין שטוב רב נחום. ער גייט אַרום און שטעלט זיך אָפּ און גייט ווידער. אים דאַכט,

ער הערט וואָס. טראַכט ער: „עס איז דאָך אונזער לאַנד. ארץ־ישראל. אַלע וואונדער זיינען דאָ מעגלעך".

— נאַכט.

גיט וואָס אַ שאַרך איילנדיק איבער דעם גראָז. אַ שלאַנג האָט דורכ־געפּויזעט און איז פאַרשוואונדן געוואָרן. שטיל.

נאַכט. נאַכט. נאַכט. עס איז אַן ארץ־ישראל נאַכט מיט אַלע אירע סודות און וואונדער.

## ב.

ביינאַכט. אין דערפל זיינען שוין אַלע געשלאָפן. איז אַ שומר, רייטנ־דיק, פון די פעלדער געקומען צולויפן אין דאָרף אריין, האָט אויסגעשאָסן עטלעכע מאָל אין שטילן, שלאָפנדיקן דאָרף. מען האָט דערהערט די שיסעריי, איז מען פון די הייזער ארויסגעלאָפן. האָט דער שומר דער־ציילט: מען איז די פעלדער באַפאַלן. דאָס גאַנצע דערפל איז וואַך. די ווייבער וויינען, ווילן ניט לאָזן די מענער אויף די פעלדער. מען הערט זיי ניט, מען טוט זיך גיך אָן, מ'זעצט זיך אויף די פערד און מיט ביקסן און רעוואָלווערן אין די הענט לאָזט מען זיך צו די פעלדער צו. מען יאָגט זיך, שיסנדיק אין דער לופטן פאַרויס זיך. וועמעס אַ פערד האָט זיך שלעכט אַ קער געטאָן, איז געפאַלן, דער רייטער — לעבן אים. זיי הויבן זיך ביידע געשווינד אויף. דער רייטער איז שוין ווידער אויפן פערד און לויפט. איינער שמייסט מיט אומגעדולד זיין פערד און קלאָגט זיך: דווקא נעכטן דאָרף מיין פערד פאַרהינקען. דער שומר פון גורן, געניין, איז אויך דאָ צווישן אַלעמען. ער איז געקומען פון גורן, געכאַפּט שטיל אַ פערד אין דערפל און האָט זיך געלאָזט יאָגן. די רייטער זיינען שוין חוצן דערפל, ווייט, דאָרט צו די פעלדער צו. ציט זיך אַ שטילע, שטומע ווילדע, שטיל און שטום ווי אַ נאַכט־געשעעניש. עס הערט זיך נאָר די יאָגעניש פון די רייטער. און פּלוצים טראָגט זיך פאַנאַנדער אין דער שטומער, ווילדער נאַכט אַ מלחמה־געשריי. מען שיסט, מען שרייט; מען יאָגט זיך דאָרט. מען האָט זיך דאָרט מיט די רויבער באַגעגנט. עס קומט דאָרט פאָר אַ גרויסע, אַ הייסע, אַ ווילדע מלחמה.

אין דערפל זיינען געבליבן נאָר די ווייבער אַליין. רב נחום אויך מיט זיי. זיינע קינדער האָבן אים ניט געלאָזן פון דערפל ארויס. די ווייבער שטייען אין איין קופּקע, עלנטע, אַליין געבליבענע, אין דער שטומער, וויל־דער נאַכט, ביי פּוסטע הייזער. זיי שטייען דערשראָקן און וויינען:

— ווייַ איז צו אונז, ווייַ איז צו אונז.

און פון די פעלדער טראָגט זיך דאָס געשריי אַלץ העכער און העכער. די שיסעריי ווערט שטאַרקער. די ווייבער קלאָגן:

— מיינער וועט געוויס געהרגעט ווערן.

— און מיינער קריכט דאָך אַלע מאָל אין פייער. ער איז דען פאַר־זיכטיק? אַלע מאָל דער ערשטער לויפט ער.

— אַלע לויפן זיי די ערשטע. אַלע קריכן זיי אין פייער.

— ווי איז צו אונז, ווי איז צו אונז.

רב נחום טרייסט:

— בעט גאָט, בעט גאָט. ער וועט העלפן. עס איז דאָך אונזערע, אונזער לאַנד. גאָט וויל אַזוי. פאַר ארץ־ישראל איז א מצוה מלחמה צו האַלטן.

באַווייזט זיך אין גאַס דער לערער פון דערפל מיט א רעוואָלווער אין האַנט, ער איז ביז איצט געשלאָפן. ער האָט נאָר אָט ערשט דער־הערט אַ שיסעריי. לויפט ער. דערציילט מען אים, וואָס עס האָט גע־טראָפן. לאָזט ער זיך לויפן צו די פעלדער צו. זאָגט ווער:

— מיר זיינען אין דאָרף. ווייבער אַליין. בלייבט מיט אונז.

באַטראַכט ער זיך און בלייבט שטיין לעבן די ווייבער און טרייסט:

— אָבער שרעקט זיך ניט. זיי וועלן די אַראַבער צעטרייבן.

און דאָרט אויף די פעלדער ווערט די מלחמה אַלץ שטאַרקער און ווייטער פון דערפל אַהין, אַהין, ווייט אין דער טיפעניש פון דער נאַכט אַריין. עס הערן זיך ווילדע געשרייען, עס לויפט אַ פייער נאָך אַ פייער, עס הילכט אַ שאָס נאָך אַ שאָס. און קאַלט ווערט יעדער לייב, און האָרט ווערן די האָר אויפן קאָפּ, און מען ווערט פאַרגליווערט פון שרעק. ווערט מיט אַמאָל שטיל דאָרט אויף די פעלדער. דאַכט עס, אַז אַלע זיינען דאָרט אויסגעהרגעט געוואָרן. דערהערן זיך ווידער אייניקע שאָסן, און ווידער שטיל. עס איז שווין דאָרט וואָס געשען. צעטריבן די רויבער, אָדער אויס־געהרגעט אַלע דאָרפסלייט? די ווייבער טוען זיך אַ ריס פון זייערע ערטער און וויינען ביטער:

— ווי איז צו אונז! ווי איז צו אונז!

דערהערן זיך אין אַ ווײַלע אַרום טריט פון רייטער פון די פעלדער אַהער, צום דערפל צו. און נענטער, און נענטער ווערן די טריט. עס הערט זיך, מען רעדט. מען לאַכט, דאַכט זיך? יאָ, מען רעדט פריילעך. די ווייבער טוען זיך אַ לאָז אַנטקעגן די רייטער. און עס קומען אָן די מענער, צופרידענע, פאַרמאַטערטע, צעהיצטע. די ווייבער שרייען אַנט־קעגן:

— אַלע? אַלע?

— יאָ. יאָ. מער נישט איין פערד לייכט פאַרוואונדעט. מיר האָבן זיי פאַרטריבן.

און מען דערציילט, צופרידענע מיטן ניצחון:

— קוילן זיינען, ווי האָגל, געפלויגן איבער אונזערע קעפּ, אָבער מיר זיינען ניט אָפּגעטראָטן. מיר האָבן זיי פאַרטריבן.

— און דער שומר נגנין — דערציילט מען — איז אַן אמתער העלד, אַ גיבור. ער איז פאָרויס אונז אַלעמען געלאָפן. אַ קויל האָט זיין היטל דורכגעשאָסן, און ער לויפט אַלץ פאָרויס. איין ווײַלע איז ער גע־לאָפן אַליין צווישן די אַראַבער. אַרום און אַרום אים זיינען נאָר אַראַבער. זיי שרייען אים: טרעט אָפּ, דו ביסט דאָ אַליין. און ער שיסט אַרום זיך און טענהט: ניין, איך וועל ניט אָפּטרעטן. איר וועט דאָ גאָרנישט ניט נעמען. איין זאַנג אַפילו נישט. ניין! מיר האָבן אים באַלד דעריאָגט. ער איז אין פייער געקראָכן — אַ העלד, אַ גיבור!

גייט מען אַראָפּ פון די פערד און מען בינדט זיי צו צו די בוימער. מען זעצט זיך אַלע אויף אַ פריזבע ביי אַ שטוב, מיט די ביקסן אויף די הענט. מען וואַרפט אַ בליק איבערן דערפל מיט זיינע צוויי שורות הייזער. די ווייבער שטייען אַרום און וויינען. דער עולם נעמט אַרויס טאַ־באַק־פושקעס, מען דרייט פאַפּיראָסן און מען הויבט אָן צו שמייכלען:

— וויינט, וויינט, ווייבער, נעבעך צעלאָפן די אַראַבער.

— אַ נס, וואָס איך האָב קיין פאות ניט. זיי וואָלטן היינט ביינאַכט פאַרברענט געוואָרן. אָט לעבן אויער אַ קויל דורכגעלאָפן.

— נו, וואָלט דאָך נאָר איין פאה פאַרלאָרן געגאַנגען. אָבער ווען איך וואָלט געהאַט אַ לענגערע נאָז, וואָלט געווען שלעכט, לעבן שפּיץ נאָז זיינען די קוילן געלאָפן.

די ווייבער בייזערן זיך:

— טאָ וואָס לאַכט איר נאָך? אַ היבשער געלעכטער. אַז איר קריכט אין פייער...

ראובן דער לץ קוקט אויף זיין שוואַכינקער, קליינינקער, דאַרינקער שׂרהן און שמייכלט:

— אַוודאי זיינען די ווייבער גערעכט. מיך האָט נאָר מיין ווייב גע־ראַטעוועט. איך האָב געגעבן אַ געשריי צו די אַראַבער: היט זיך, מיין ווייב שׂרה גייט אויף אייך, זיינען זיי זיך תיכף צעלאָפן.

דער עולם צעלאַכט זיך הילכיק. שׂרה אויך.

. . . איז שוין ווידער שטיל אין דערפל. עס איז ווידער אַ שטילע, שטומע, ווילדע, טונקל־בלויע ארץ־ישׂראל נאַכט, מיט אירע גרויסע שטערן, מיט איר ליכטיקער לבנה, מיט שטילע, טיפע וואונדער. נאַכט. שטיל און רואיק איז אַרום. די נאַכט־שאָטנס וועבן זיך שטיל און געהיים מיט

דעם לבנהְ־שיין און שפּרייטן זיך אויס אויף די בערגלעך און די טאָלן, פאַלן אויף אַן איינזאַמער פּאַלמע דאָרט. האָבן זיך וואו ווייט, ווייט אונטער אַ בערגל דאָרט, צעשריען הונגעריקע שאַקאַלן. און עס ווערט ווידער שטיל. אַלע שלאָפן שוין אין דערפל. נאָר ביי זיך לעבן שטוב שטייט רב נחום. ער קען ניט גיין שלאָפן. אַ מלחמה איז היינט געווען. אַ מלחמה אין אונזער לאַנד, פאַר אונזער לאַנד. שטייט ער און קוקט אין דער נאַכט אריין. דאַכט אים, ער הערט וואָס. איז עס אַ וואונדער? עס איז דאָך ארץ־ישראל: אַלע וואונדער זיינען דאָ מעגלעך. גייט ער חוצן דערפל ארויס, נעמט אראָפּ די שיך פון זיינע פיס, פאַלט צו דער ערד און ווערט פאַרגליווערט אין אַ שטומען, הייסן, לאַנגן קוש:

— אונזער לאַנד, אונזער לאַנד, ארץ־ישראל.



רחל.

# פאַר מיין לאַנד

איך האָב דיך, לאַנד מיינס, ניט באַזונגען
און דיין נאָמען ניט באַשיינט —
ניט מיט גבורות און נצחונות
דיינע קאַמפן ניט געקרוינט.
בלויז אַ בוים — האָב איך פאַרפלאַנצט וואו
אויף דעם ירדנס שטילן ברעג,
בלויז אַ סטעזשקע — אויסגעטראָטן
האָט מיין פוס אין פעלד אַ שטעג.

ס'איז אַן אָרעמע מתנה —
יאָ, איך ווייס עס, מאַמע־לאַנד, —
נאָר אַן אָרעמע מתנה
האָט געבראַכט דיין טאָכטערס האַנט.
בלויז אַ יובעל־שריי פון שמחה,
ווען עס טוט דיין טאָג אַ שיין,
בלויז אַ טיף־פאַרשטיקטן וויינען
אויף דיין פּיין.

ד. איינהאָרן.

# משיח

עס קלינגען די קייטן ביים טויער פון רוים —
דאָרט זיצט ער מיט אָפענע וואונדן.
זיי וויטיקן, קינד מיינס, מיט אונזערע לייד,
און ווערן נישט קיינמאָל פאַרבונדן.

און טויזנטער יאָרן פאַרגייען אַזוי
אין שטילע יסורים ביים טויער.
און טיף אין אים קלייבט זיך דער אייביקער וויי,
און ס׳וואַקסט אַלץ דער אייביקער טרויער.

נאָר תשעה־באָב, ווען עס קומט האַלבע נאַכט,
און פול ווערט מיט רחמים דער הימל,
דאַן פאַלן צוויי שטערן אַראָפּ, און ער ווערט
פאַרוויגט אין אַ הייליקן דרימל.

דאַן נידערט די שכינה אַראָפּ אויף זיין קאָפּ
און קושט אים מיט ליבע אין שטערן,
און טרייסט אים און וויזט אים די גאולה אין טרוים
און ווײנט מיט באַהאַלטענע טרערן.



פּ. הירשביין.

# לאָלאַ

.1

לאָלאַס טאַטע איז געווען אַן אוקראַינער. און ווען לאָלאַ האָט אים אָנגעהויבן אַזוי אָפט זען אַ פּאָרטרעטאָגעגעם, די אויגן, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך געריסן פון אַהינטער דעם שוואַרץ־באַברעמטן שטערן אַרויס — איז דאָס געווען אין פינפאונצוואַנציקסטן יאָר; דעמאָלט ווען ער האָט נאָך אָנגעהאַלטן די פּאַטענטן און ברייט געהאַנדלט.

ווייזט אויס, אַז לאָלאַ האָט עס אין איר טאַטן באַמערקט נאָך פריער פון דער מאַמען און אירע צוויי אינגערע ברידערלעך. ווייל בעת דער טאַטע איז דעם אייגענעם סוף זומער אַריינגעקומען אין שטוב און, ווי צו די פיר ווענט פון זיין גרויסן גאַסט־חדר, אַ זאָג געטאָן: ווערט עס פאַר־ברענט, איך קען שוין ניט מער... — דעמאָלט האָט איר מאַמע, אַ מיטל־יעריקע, מיטלוואוקסיקע און פּוכיקע, מיט אַמאָל זיך צעוויינט אויפן הויכן קול. זי, לאָלאַ, האָט גאָר אַנדערש געפילט. איר האָט זיך געגלוסט צוגיין צום טאַטן, אַ קלאַפּ טאָן אים אין פּלייצע און זאָגן:

— דו דאַגהסט דאָך אַוודאי צוליב די קינדערס וועגן — איז צוליב מיר האָב נישט קיין עגמת־נפש. איך וועל דיר העלפן. זאָג מיר נאָר ווי אַזוי.

יענעם טאָג האָט זיך אין שטיבל נישט אויסגעלייטערט מער. די גרויסע חדרים, אויסגעמעבלירט מיט גרויסשטעטיש מעבל, אַפילו דאָס אייבער־שטיבל, וואָס זי, לאָלאַ, האָט עס געהאַלטן אויסגעפּוצט — האָט אין פאַר־לויף פון יענעם טאָג געביטן דעם קאָליר. אַלץ אַרום האָט געביטן דעם פּנים. די חדרים זיינען געוואָרן צו גרויס און גלייך ווי דאָס מעבל וואָלט זיך מיט זיי ניט אָנגעקערט. יענע נאַכט איז אַפילו אין דעם ווייכן בעט געווען קאַלט איינצוליגן. און ווען דער טאַטע האָט דערקלערט, אַז ער גיט אויף אַלע געשעפטן און לאָזט זיך אוועק קיין כערסאָן בעטן אַ שטיקל ערד, וואו ער רעכנט אָנהייבן אַן אַנדער לעבן — האָט די מאַמע זיך איינגעקאַרטשעט און געזאָגט:

— צו וואָס פאַרן אַזוי ווייט? קען מען דאָך דאָ אויך אויסגראָבן אַ קבר און זיך אַריינלייגן לעבעדיקערהייט.

דעם אייגענעם טאָג האָט די מאַמע אַראָפּגענומען פון די אויערן די דימענטענע, אַלטמאָדישע, לענגלעכע אוירינגלעך און דריי שנירלעך פּערל

אָפּגעשפּילעט פון האַלז און אָוועקגעלייגט פון אויבן אויפן קאָמאָד, און אונטער די אויגן האָבן זיך ביי איר פון וויינען באַוויזן בלויע, ווייכע קישעלעך.

דעם טאַטנס בליק האָט זיך פון יענעם טאָג אָן פאַרענדערט. אַנשטאָט צו קוקן אין דער ווייט, האָט ער אָנגעהויבן קוקן אַראָפּ, צו דער ערד, גלייך ווי צום ערשטן מאָל וואָלט ער איצטער באַמערקט, אַז מיט די פיס גייט ער אויף דער ערד. לאָלאַ האָט געשוויגן, עס איז נאָר געווען אַ חידוש, וואָס מיט דער מאַמעס צושטימונג האָט זי אָנגעטאָן די לענגלעכע דימענ־טענע אויררינגלעך.

דער טאַטע האָט דעם אייגענעם סוף זומער באַזוכט בערסאָן. ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים ניט קיין אומעטיקער — נאָר אַן ערנסט־פאַר־טראַכטער. דער רוקן האָט זיך ביי אים אַביסל איינגעבויגן. אין זיינע שוואַרצע האָר פון קאָפּ און אין באָרד האָבן זיך באַוויזן ווייסע האָר. ווען ער האָט זיך אומגעקערט, האָט ער געזאָגט קורץ און שאַרף:

— איך ווייס שוין, וואו מיין ערד איז. כמעט ווי דערקענט. מיין ערד וועט מען שוין פאַרזייען היינטיקן אָסיען. מיין ערד האָב איך שוין געפונען צעאַקערט. גלייך פרילינג וועל איך אַהין אַוועק, און לאָלאַ וועט מיט מיר מיטפאָרן און העלפן, ביז מען וועט אַוועקשטעלן אַ שטוב. און אפשר וועט מען אַ פּאָר בהמות איינשאַפן, ביז וואַנען מען וועט קענען איינגאַנצן איבערציען.

.2

אין דער לעצטער רגע האָט דער טאַטע חרטה געהאַט און באַשטימט צו פאָרן גאָר אַליין. ער האָט געטראַכט:

— ווייבער וועלן קומען אין גאָלן סטעפּ, און קוקנדיק אויף אַזאַ רחבות, קענען זיי אָנהייבן צו קלאָגן. זאָלן די קינדער בלייבן מיט דער מאַמען.

אַליין איז ער אַוועקגעפאָרן. ער האָט זיך אין דער נייער פויערישער וועלט אַריינגעוואָרפן מיטן פולן ערנסט. ער האָט אַליין ניט געשפּירט, ווי ער איז געוואָרן חבר מיט די פּאָר אַש־קאָלירענע אָקסן, וואָס זייער טראָט איז אים אויסגעקומען איצט נאָכצוגיין. זיין שטוב האָט מען געמאַכט פון קאַליב — פון ערד מיט שטרוי געקנאָטענע שווערע ציגל. אים האָט עס תחילת אויסגעזען ווי אַ שפּילכל: פון בלאָטע אויסגעקלעפּט אַ שטוב... אים איז געווען פאַרדריסלעך, אַזאַ שיינעם רויטן, קאַכעלנעם דאַך אַרויפ־צולייגן אויף אַ שטוב פון בלאָטע. נאָר אַז מען האָט די שטוב אויס־געשמירט, אויסגעקאַלכט פון אינעווייניק און אויסוווייניק, כאָטש קיין דיל האָט מען ניט געלייגט, און אַז ער איז אַריין אין דער אויסגעווייסטער שטוב

און געפונען, אז צווישן טיר און פענצטער האָט א שפּין אָנגעהויבן צו וועבן א שפּינוועבס — האָט ער באַשטימט:

— א היים טאָר מען ניט פאַרלאָזן. איצטער באַדאַרף די שטוב האָבן א פרוי צווישן די פיר ווענט.

האָט ער געקויפט א רויטע קו מיט א ווייסן פלעק אויפן שטערן. די ערשטע צייט האָט ער זי אַליין געמאָלקן, נאָר זי האָט אים געבריקעט מיט די פיס. דאָס האָט אים ווידער באַוויזן, אז מען מוז שוין האָבן א פרוי... ווייל א קו האָט פיינט, אז מענערשע הענט זאָלן זי מעלקן. דריי הינער האָט ער אויך צוגעקויפט, צוויי ווייסע און איינע א שוואַרצע. און די הינער האָבן אויך געפאָדערט, אז א פרוי זאָל זיין אַרום שטוב. און אַז א ווייסע הון האָט געלייגט אַן איי אין סאַמע מיטן שטוב, דווקא אויף דער ערד און איז מיט א קאָקאָדאַק אַרויס דורכן אָפענעם פענצטער — איז אים קלאָר געוואָרן ווי דער טאָג, אז אָן א פרוי וועט די ווירטשאַפט גיין צו־גרונד. ער האָט וועגן דעם געשריבן אַהיים. אין סאַמע שניט־צייט, דעם אייגענעם זומער, איז אָנגעקומען לאָלאַ. די מאַמע איז נאָך געבליבן אינ־דערהיים, כדי זיך אָנצוקוקן גענוג אין דער גרויסער הויז, אין די גרויסע חדרים, אָן דעם שיינעם מעבל און באַקלאָגן דאָס שיינע לעבן, וואָס גייט פון איר אַוועק אויף אייביק.

3.

— דו וועסט, טאַכטער מיינע, היינט פּרואוון אויסמעלקן די קו, וואָרום א קו באַדאַרף מען קענען מעלקן. ביי דיר וועט זי געבן אַן עמער מילך. אפשר וועסטו טרעפן ווי זי צו מעלקן. פּשוט, וועסט זי מעלקן. מילך וועט זיך גיסן ניט שווער. מיר האָט זי א טבע ניט מיט אמאָל אָפּצוגעבן די מילך. אפשר דיינע הענט...

דאָס האָט ער איר גלייך דעם ערשטן טאָג געזאָגט. פונדעסטוועגן איז דער טאַטע געשטאַנען און אכטונג געגעבן, אז די קו זאָל איינשטיין. ווען לאָלאַ האָט מיט דער רעכטער האַנט א צי געטאָן די קו, און אז דאָס ערשטע שנירעלע מילך האָט אַראָפּגערונען צום דנאָ פון שעפל — האָט עס ביי זיי ביידן אָפּגעקלונגען אין בלוט.

ער האָט געטראַכט:

— אָט דאָס זיינען הענט פון א פרוי. צוליב אירע הענט וועט מען באַדאַרפן קריגן נאָך א קו.

לאָלאַ האָט בשעת מעשה גאָרנישט ניט געטראַכט. עס האָט אפילו דער טאַטע ניט געקענט באַמערקן, אז איר פּנים האָט געפלאַמט, ווייל איר פּנים איז געווען אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין דער רויטער קו, פון וועלכער

עס האָבן אַרויסגעריזלט צוויי שנירעלעך מילך, דורכשטראָמענדיק דורך אירע פינגער. עס האָבן איר געבראָכן די הענט און ווי געטאָן די פינגער, בשעת זי האָט געטראָגן דעם פולן, שוימיקן שעפל מילך אין שטוב אַריין. דער טאַטע האָט יענעם טאָג צום ערשטן מאָל געשפּירט אין מילך דעם טעם פון מילך. דעם אייגענעם אָוונט האָט דער טאַטע מיט איר זיך מיישב געווען וועגן באַקן אַ ברויט:

— מען וועט פּרואוון, — האָט ער געזאָגט. — די מאַנסבילן האָבן געפּרואווט, איז געווען ברויט חלשות. אַ פּרווו אפשר, כאָטש דו האָסט קיינמאָל קיין ברויט ניט געבאַקן...

.4

לאָלאַ האָט נאָך פאַרכאַפּט אַ טייל שניט־צייט. עס איז איר געווען עפּעס קאָמיש צו זען דאָס הייפל אידישע מאַנסבילן עסקן זיך אַרום פעלד. עס האָט איר אויסגעזען, אַז קריסטן האָבן פאַרפעלט צו קומען אַראָפּנעמען די תבואה פון זייער פעלד — זיינען אידן געקומען, און אַזוי ניט היימיש איז דאָס פעלד מיט זיי! זי האָט אויך ניט געוואוסט, ווי אַזוי מען דער־נענטערט זיך צום פעלד. איר טאַטע, וואָס האָט אין די לעצטע יאָרן געהאַנדלט מיט אַקעראייזנס, מיט תבואה, מיט זעק — דאָ קלעפּן זיך צו אים די דאָזיקע זאַכן ניט.

אַרום דער דרעש־מאַשין האָבן זיך געעסקט באַהאַוונטע מענטשן. פּרעמדע. די אידן האָבן אויף גרויסע מאַזשאַרעם צוגעפירט די תבואה פון פעלד, און די אָקסן האָבן זיך געעקשנט, געשלעפּט דעם וואָגן דווקא אויף רעכטס, ווען מען האָט באַדאַרפט לינקס. זי האָט שוין געזען די תבואה אויסגעדראָשן. איר טאַטע האָט אויך זיין תבואה אויסגעדראָשן. אין אַ ווינקל שטאָל האָט מען אָפּגעצאַמט און אויסגעשאָטן אין אַ בערגעלע נערשטן. אין שטוב, אין צווייטן חדר, האָט מען אָנגעשאָטן ווייץ. ניט נאָר קלאָר האָט זיך ביי איר געבונדן אין געדאַנק, ווי די דאָזיקע תבואה קומט צו זיי אין שטוב אַריין; ווי אַרום איז די דאָזיקע תבואה אויפ־געקומען...

איר פאַרבינדונג מיט דער ערד האָט זיך אָנגעהויבן, ווען דער טאַטע אירער האָט מיט דער הילף פון אַן אינסטרוקטאָר געבראָנעוועט אַ שטיק שוואַרצגרונט, און שפּעטער, אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, איז דער טאַטע נאָכ־געגאַנגען דעם בוקער, וואָס האָט מיט זיינע פינף שמאָלע אַקערלעך אויפ־גערירט די ערד און דורכגעלאָזן די ווייץ־קערנער אין דער ערד אַריין. דעם אייגענעם האַרבסט האָט זי באַמערקט, אַז דאָס פעלד, וואָס איר טאַטע האָט געבראָנעוועט און געזייט, ווערט צוגעדעקט מיט אַן איידלען גרין; אַן אַ

שיעור גראָזן־שפּיצן קריכן פון דער ערד אַרויס. זי האָט דערקענט, אַז דאָס איז אויפגעגאַנגען דער ווייץ, וואָס איז אַ פּאָר וואָכן געלעגן ביי זיי אין צווייטן חדר. זי האָט אַרויסגעשלעפּט אַ קערנדל פון דער ערד און געזען, ווי צום דרויסן אַרויס האָבן זיך אַרויסגעשלאָפן צוויי גרינע גרעזעלעך און אונטן, אין דער ערד — פינף בלאַסע וואָרצעלעך ווי ווייסע אָדערלעך. צו די וואָרצעלעך זיינען געווען אָנגעהאַנגען גרודעלעך ערד.

.5

דער ערשטער ווינטער איז געווען אַ שווערער. קאַלט. שווער געווען דאָס הויז צו באַהייצן מיט שטרוי. פון די זיבנאונצוואַנציק מאַנסבילן זיינען אין דאָרף פאַרבליבן נאָר פערצן, כאָטש צו די פינף הייזער זיינען נאָך דריי צוגעקומען — איין הויז אויף איר זייט, נאָר דער, וואָס האָט עס אויפגעשטעלט, איז אויפן ווינטער אַוועק צו זיך אין שטעטל, — האָט דאָס הויז פאַרשלאָגן און אַוועק אַהיים. די מאַנסבילן האָבן זיך דעם ווינטער צוממיינסטנס געקליבן ביי זיי אין שטוב. די קו האָט אָנגעהויבן געבן ווינציקער מילך און איז אומעטיק און שווער געוואָרן. דאָס פעלד האָט אַ שניי צוגעדעקט, אָבער אין גאַנצן ניט צוגעדעקט די גרינע, אויפגעגאַנגענע תבואה. די גרינע גראָזן האָבן פון שניי אַרויסגעשטעקט און זיך גע־קאָרטשעט: די הינער, דער האָן, די צוויי חדרים — אַלץ איז איינגע־שרומפּן. איר טאַטע איז קלענער געוואָרן. און דער דרויסן גופא, דער רחבותדיקער סטעפּ, האָט זיך צונויפגעצויגן.

יאָ, דער ווינטער איז געווען אַ שווייגעוודיקער. פון וואָס צו רעדן איז געווען ווינציק. און אַז אַ שמועס האָט זיך פאַרצויגן, האָט ער זיך גע־וויקלט מער אַרום דער היים, וואו די מאַמע מיט די צוויי קינדער זיינען געווען. ערשט צו פרילינג צו, אין אַ מיטן דער נאַכט, האָט זיך איר בלוט אויפסניי דערוואַרעמט, — יעמאָלט, ווען מען האָט דערהערט אַ גערודער אין שטאַל, וואָס האָט זיך געגרעניצט מיטן שטוב, און מען האָט אויך דערהערט, אַז די קו קרעכצט. און ווען זי איז מיטן טאַטן אַוועק אין שטאַל אַריין, האָט זי געזען, ווי לעבן דער רויטער קו מיטן ווייסן פלעק אויפן שטערן איז געשטאַנען אַ קעלבעלע — אויך אַ רויטע מיט אַ ווייסן פלעק אויפן שטערן און געזוכט מילך ביי דער מאַמעס אייטער.

דאָס איז געווען אַן אָנזאָג, אַז דאָס לעבן הייבט זיך ווידער אָן. און נאָך אין שטאַל האָט זי צום טאַטן געזאָגט:

— אין אַ וואָך אַרום וועל איך אַליין פאָרן און ברענגען אַהער די מאַמע מיט די קינדער...

(פון בוך „שוואַרצברוך".)

א. רייזען.

# אין די ווייטסטע לענדער

אין די ווייטסטע לענדער
זיינען מיר צעשפּרייט —
יעדער טייל אַ רינגל
אין דער לאַנגער קייט.

ביי די אַלע טייכן,
נישט פון בבל בלויז,
זיינען מיר געזעסן
זוכנדיק אַ הויז.

איצטער איז אונז טייער
גאָר די גאַנצע וועלט.
ס'שטייט ביי ווייטסטע ברעגן
אונזערם אַ געצעלט...

איצטער איז אונז טייער
ווייכסל און דער רהיין,
און דער ברייטער דניעפּר
רוישט אונז אויבעט שיין.

און דער פרייער האָדסאָן
ווינקט אונז פריינטלעך צו.
דאָ, ביי זיינע ברעגן,
קריגן מיר ערשט רו!

וועלכעם ליד מיר הערן —
איז באַקאַנט דער טאָן.
וועלכער טייך עס ריזלט —
ווייט אַ בענקשאַפט אָן.

וועלכע פאָן עס פלאַטערט —
גריסט זי אונז באַקאַנט,
וועלכע שיף עס זעגלט —
צו אַ ברודערס לאַנד!



ד. בערגלסאָן.

# דער לעצטער ראש השנה

1

קיין שמאָל גרין־באַוואַקסן דאָרף פון פאָרנט און קיין סימן נישט פון אַ געוועזענעם „קאַלוואַראָט" ביים אַריינפאָר. צווישן אַנדערהאַלבן־צענדליק אידישע הייזער, וואָס שטייען אין צוויי שורות אונטער אָפּגעבלאַ־קעוועטע טשערעפּענע דעכער, טוט זיך דאָרטן אַ ניי־געקומענע פור מיט אַמאָל אַ לאָז אַראָפּ פונ׳ם פלאַכן נאַקעטן באַרג און שלעפּט זיך נאָכ־דעם פּאַמעלעך, פּאַמעלעך אויף דעם לאַנגן גריבלדיקן ברוק.

אַ לאַנגע שורה ווערבעס בויגט זיך אין דער לינקער זייט ברוק צום בלאָטיקן טייכל צו, און אין דער רעכטער זייט טרייסלען זיך געדולדיק דעם אַלטן גערצנשטיינס צוויי גרויסע מילן. זיי זיינען תמיד פאַר־שטויבט און דערמאָנען, אַז מיסטיפּקע איז קליין, און אַז גלייכווערטלעך גייען אַרום אין דער סביבה:

„אָרעם, ווי אַ מיסטיפּקער גביר..."

„פריילעך, ווי מיסטיפּקע אום שמחת־תורה..."

„זיך אַביסל אַ לאָז געטאָן, ווי מיסטיפּקער בעלי־בתים קיין אַמע־ריקע..."

יונגע סוחרים אין דעם געגנט האָבן זיך די לעצטע צייט געמאַכט אַ געוואוינהייט זיך לוסטיק צו מאַכן איבער אָט דעם קליינעם ישוב.

אינמיטן דער שטילער נאַכט, ווען נאָך אַ געלונגענעם יאַריד קומט זיי אויס דעם דאָזיקן מקום אדורכצופאָרן, הייסן זיי צעשמייסן די פערד, שטעלן זיך אויף דער בעל־עגלהשער בריטשקע און הויבן אָן צו שרייען אַלע אינאיינעם און מיט אַלע כוחות: מיסטיפּקע!!! מיסטיפּקע!!! מיסטיפּקע!!!"

ס׳האָט זיך געמאַכט, אַז איבער די דאָזיקע ביינאַכטיקע קולות איז

א איד א בעל־הבית ארויסגעלאָפן אין די תחתונים אין גאַס. ער האָט געמיינט, אַז מיסטיפקע ברענט.

ס'האָט זיך אויך געטראָפן, אַז אַ האַלב־נאַקעטע אידענע האָט גלייך־גילטיק נישט געקאָנט אין בעט איינליגן; זי איז געשווינד פון איר שטוב ארויסגעשפרונגען און האָט גענומען נאָכשרייען די פרעמדע יונגעלייט אויפן קול: „מיסטיפקע גיט אייך אַ פייג!!!״

שוין לאַנג איז דאָס געווען.

איצט איז מיסטיפקע שוין לאַנג געוואוינט סיי צו דער אייגענער געפאַלנקייט, סיי צום בזיון, וואָס הערט זיך אין די ביינאַכטיקע קולות. זי צאַנקט פון טאָג צו טאָג און וואַרט געדולדיק אויף גראָבע בריוו פון אַמעריקע. ס'איז מער נישט, מען האָט נישט וואָס צו טאָן, און קיין לַמדנים איז מען אויך נישט, גייט מען אַמאָל ארוים אינ'ם געוועזענעם מאַרק, וואו עס נודעט זיך נאָך אין איר פוסטן קלייטל סך־הכל איין פאַר־אָרעמטע קרעמערן, און מען שמועסט וועגן דעם געוועזענעם רב, וועמען מ'האָט שוין פונדאַנען לאַנג אין אַ פרעמדער שטאָט צוגענומען, און וועגן דעם יונגנמאַן, דעם היגן שוחט, וועלכער קנעלט שוין דעם צווייטן זמן ערגעץ אין אַ ווייטלעכן דאָרף.

## 2

באַלד נאָך שבועות האָט אין עק שטעטל ביזן גרונט אָפּגעברענט הינדע דער אלמנהס שטוב. דאָס איז געווען אַ לאַנגע שטוב, וואָס איז נישט געשטאַנען, נאָר געלעגן אויסגעצויגן אויפן בויך און האָט גענאַרט צו זיך די גויים, וואָס האָבן אין גערצנשטיינס מיל ווייץ געפירט; די שטוב האָט פון תמיד אָן צו זיך גערופן:

„אפשר אַ שנעפּסל, אַ ? ... אַ געשמאַקן פאַרביים...״

צום אַלטן גערצנשטיינען איז דעמאָלט פון טאָמסק געקומען צוגאַסט זיין יונגסטע שטאַרק רייכע טאָכטער, רחל. בשעת די שטוב האָט גע־ברענט, איז זי אַליין געשטאַנען נישט ווייט פונ'ם פייער; זי האָט געזען, ווי הינדע די אַלמנה ליגט איין די וועלט און שלאָגט זיך מיט ביידע פויסטן אין קאָפּ; זי האָט די אַלמנה געטרייסט און האָט זיך נאָכדעם איינגעשפּאַרט שטאָל און אייזן:

„מען מוז דער אַלמנה צוריק אויפבויען די שטוב.״

זי אַליין האָט אויף דער שרפה געגעבן די ערשטע נדבה; זי האָט אויך אַליין בעלי־מלאכות געדונגען און האָט אַליין אַכטונג געגעבן, מען זאָל וואָס גיכער די ערשטע עקיקע פיר סלופּעס אין דער ערד פאַרגראָבן. הינדע די אַלמנה איז נאָכגעגאַנגען פוס־טריט די געדונגענע בעלי־

מלאכות, געווינט פון פרייד, קלויבנדיק די שפענדעלעך אין פאַדעליק אריין, און דערביי געשיט אַלערליי ברכות אויפן אַלטן גערצנשטיינס „פאַר־דייטשטער" משפחה.

אָבער סך־הכל אין אַ פּאָר וואָכן ארום, גערצנשטיינס טאָכטער איז שוין דעמאָלט געווען אוועקגעפאָרן צוריק אין טאַמסק, זיינען הינדען אָנ־געקומען פון אַמעריקע דריי שיפסקאַרטעס מיט אַ גראָבן ניו־יאָרקער בריוו, וואו איר אינגערע שוועסטער האָט געשריבן:

„מעגסט שוין זיין זיכער: ביי אונז אין אַמעריקע וועסטו איה"ש גאָר אין גיכן אויפגעריכט ווערן..."

די אַלמנה האָט גענומען די בריוו מיט די שיפסקאַרטעס און איז אַוועקגעגאַנגען וויינען צום אַלטן גערצנשטיינען אין הויף:

„וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך בין אַ געשטראָפטע אַלמנה, און דער קאָפּ איז קליין?... וואָס וויים איך? מען שרייבט מיר: קום צופאָרן, וועסטו איה"ש אין גיכן אויפגעריכט ווערן..."

דער אַלטער גערצנשטיין, אַן אַמאָליקער איינגעהויקערטער „דייטש", מיט אַ גרוי זקניש אונטערגעשוירן בערדל און מיט אַ בייזלעך פאַרקרימט געל־וואַקסן פנים, האָט איבער עפּעס מורא געהאַט די שיפסקאַרטעס מיטן בריוו אין די הענט צו נעמען. ער איז געשטאַנען אַקעגן דער אידענע איינגעהויקערט און פאַרקרימט, געצמאָקט די אַריינגעשטעלטע ציין פון נאָכן עסן און האָט הארציק באַדויערט:

„אי, אי, אי, ווידער קיין אַמעריקע... אי, אי, אי..."

איטלעכע פרעמדע נסיעה קיין אַמעריקע האָט אים דאָ אין שטעטל איבער עפּעס געשראָקן און האָט ביי אים אַרויסגערופן צי אַן אומצופרידנ־קייט, צי אַ פאַרדראָס:

„וואָס פליען זיי אין אַמעריקע, וואָס?"

גלייך ס'האָט ענדלעך געקענט קומען דערצו, אַז אויך ער זאָל דאָ אויף דער עלטער מוזן פאַרלאָזן זיינע מילן און אַליין אויך אַהין אוועק־פאָרן.

פון עגמת־נפש האָט ער זיך נאָך דער אַלמנהס וויזיט געפּרואווט צו־ליינען, נאָר אַנטשלאָפן ווערן נישט געקענט, זיך סוף־כל־סוף אָנגעטאָן אינ'ם מאַנטל מיטן הענגקאָלנער און איז אַוועקגעגאַנגען צו זיך אין די מילן. דאָרטן איז ער לאַנג געזעסן אין קאַנטאָר אַקעגן דעם יונגן בוכ־האַלטער, וואָס לאָזט לעבן זיך לאַנג קילן דאָס גלאָז טיי, און שרייבט איבער פון איין גראָבן בוך אין אַנדערן. פון היסח־הדעת וועגן האָט דער אַלטער עטלעכע מאָל אַרויסגענומען פון מויל די פרעמדע ציין, זיי אויס־געווישט, צוריק צום גומען צוגעקלעפּט; ער האָט אונטערגעהויבן די אַקסלען:

„אַט זאָל דער בוכהאַלטער אַזוי גוט זיין און אים זאָגן פּשוט. מען פאָרט שוין ווידער קיין אַמעריקע... ער וואָלט נאָר אַ בעלן געווען צו דערגיין דעם שכל: וועלכער כוח שלעפּט זיי אַהין אַזוי משוגענער־ווייז?..."

דער בוכהאַלטער, אַ יונגער בחור מיט מיידלשע פאַרביקע בעקלעך, וואָס איז פאַר דער צייט פון זיין גרויסשטעטיק עקסטערן־לעבן געוואָרן צי אַ ציוניסט, צי אַ טעריטאָריאַליסט, רוקט פאַמעלעך צו זיין אויסגעקילט גלאָז טיי און רעדט שעמעוודיק, ווי ס'פּאַסט אין דער אָנוועזנהייט פונ'ם באַלעבאָס. ער שמעלצט זיך פון גרוים נחת.

„יעדער איד,—זאָגט ער שעמעוודיק און קוקט נישט צום אַלטן—יעדער איד, וואָס פאָרט אַוועק קיין אַמעריקע, איז ביי מיר ווי אַן אַסיגנאַציע, ווי געלט־פּאַפּירן, וואָס מען באַהאַלט אין אַ זיכערער באַנק. דאָ אין אויסלאַנד איז מען דאָך ניט זיכער מיטן לעבן, סוף־כל־סוף וועט מען דאָ אויסקוילען אַלע אידן".

ער אַליין האָט שוין איבערגעפּעקלט קיין אַמעריקע זיין מוטער די אַלמנה, זיינע עלטערע צוויי פאַרזעסענע שוועסטער און זיינע צוויי קלע־נערע ברידערלעך; איצט האָט ער שוין ביי זיך אַ סך עמיגראַנטן־קאָ־לענדאַרן מיט אַלערליי אַמעריקאַנער ידיעות און איז מיט דעם באַוואוסט אויף דעם גאַנצן געגנט. אידן פון מיסטיפּקע און די אַרומיקע שטעט־לעך קומען צו אים אַהער אין מיל נאָך ידיעות. פאַרברענגט ער דאָ מיט זיי גאַנצע שעהן און רעדט זיי צו:

„וואָס פרעגט איר? פאָרט. אַז וואויל און גוט וועט זיין צו אייך".

דער אַלטער גערצנשטיין שרעקט זיך פאַר זיינע רייד. ער איז מיט אים נישט מסכים און קרימט נאָך:

„אויסקוילען... אויסקוילען... מען מאַכט זיך אַליין אָן פּחד. אידן — געפינט ער, דער אַלטער — וועט אין ערגעץ נישט גיין אַזוי גוט, ווי דאָ אין רוסלאַנד".

אָבער די וויינענדיקע אַלמנה הינדע איז צו אים אין הויף אַזוי לאַנג געגאַנגען און האָט אים דאָרטן אַזוי לאַנג דערעסן מיט די ווערטער „אויפגעריכט ווערן", ביז ער איז אין כעס געוואָרן. ער האָט מיט זיינע געל־וואַקסענע הענט די פייערקאַסע אויפגעשלאָסן און האָט איר מיט גרויס עקל אָפּגעגעבן דעם קאָנווערט מיט די הונדערט פופציק רובל, וואָס זיין איינגעסטע טאָכטער האָט דאָ און אין טאָמסק פאַר איר צונויפגעזאַמלט. די אידענע איז טאַקע אין גיכן אין איינעם מיט אירע צוויי אינגלעך קיין אַמעריקע אַוועקגעפאָרן, און דאָ אין שטעטל האָט זי נישט מער ווי איינעם אָן אָנדענק וועגן זיך געלאָזט: פיר גלייכע אַרומגעטעסעטע סלופּעס האָבן געשטעקט אין אַלע פיר ווינקלען פון איר ביז דער ערד אָפּגעברענטער

שטוב, געשטעקט, מאָדנע פאַריתומט און נאַריש און נישט געהאַט אויף זיך קיין באַלעבאָס.

ערשט שבת־ראש־חודש, ווען מען האָט זיך, ווי תמיד, ביים אַלטן גערצנשטיינען אין קלייזל ראש־חודש בענטשן צונויפגעקליבן, האָט מען זיך אַרומגעקוקט און באַמערקט:

„ס'איז פאַראַן פונקט אַ געציילטער מנין, און ס'פעלן פונקט הינדע דער אַלמנהס צוויי אינגלעך".

3

אויף דער ריי — פאַרן קיין אַמעריקע — איז שוין דערוויייל אין מיס־טיפקע געשטאַנען מלך שטעלמאַך, אַ יונגער, קרעפּטיקער, געראָטענער און תמיד שטרענגלעכער בעל־מלאכה, וואָס האָט אָקאָרשט צוריק מיט אַ יאָר אָפּגעקויפט ביי זיין שווערס יורשים די שטוב און איז געוואָרן ביי זיך אַ מיוחס. די אַרומיקע פריצים האָבן אים נישט אַנדערש אַהער אַהיים זייער אַרבעט געמוזט צושיקן.

נישקשה, פּרנסה האָט אָט דער מלך שטעלמאַך געהאַט, קיין גרויסער בעל־הוצאה איז ער אויך נישט געווען, שכל געהאַט דאָ אין מיסטיפקע אַ רובל אָפּצולייגן, און מיטן ווייב האָט ער, דווקא אויפן שטרענגן אופן, גוט געלעבט און האָט זי שטענדיק גערופן צוצונעמען ביי די קונים דאָס פאַרדינטע געלט; ער האָט צו איר בייזלעך געשריען אין שטוב אַריין:

„יוכבד! גיי, נעם צו ביים דבר־אַחר די פירערס".

ער האָט געגלויבט, אַז אינ'ם געלט, וואָס פאַלט אַריין גלייך צו יוכבדן אין די הענט, קומט אַריין די ברכה.

פאַלט אָבער אָט דעם יאָט פּלוצים אַריין אַ משוגעת אין קאָפּ אַריין, אַז ער איז דאָ עלנד, ווי אַ שטיין; אַז וויבאַלד זיין פעטער איציע מיט די פיר בנים זיינען שוין אַלע אין אַמעריקע, און דעם שווערסביידע זין זיינען שוין אויך דאָרטן, און ער האָט דאָ נישט שבת און יום־טוב צו ווען אַ וואָרט אויסצורעדן, צוליב וואָס־זשע טויג אים דאָ זיין שטוב מיטן גאַנצן פאַרמעגן און מיטן געלט, וואָס ער קלייבט אָן?

אָנגעהויבן האָט זיך מיט אים די דאָזיקע משוגעת נאָך באַלד נאָך פּסח, ווען קיין אַמעריקע איז אָוועקגעפאָרן זיין שכן, פיניע דער סאַרווער. דאָס איז געווען אַ הויכער, דאַרער און אַביסל איינגעהויקערטער ווערטל־זאָגער מיט אַ קלעזמעריש אונטערגעצופּט בערדל און מיט צוויי לאַנגע הענט, אָן וועלכע קיין נגיד פון סביבה האָט זיך נישט איינגעשטעלט אַ חתונה פּראַוועון.

צוויי טעג פאַרן אָוועקפאָרן האָט פיניע דער סאַרווער זיך געקויפט

א האלב טוץ שאליאָווקעס און האָט זיי צעשניטן מיט מלך שטעלמאַכס זעג אויף קליינע שטיקעלעך. ער האָט דערביי געשיט אַלערליי קללות אויף שונאי־ישראל און האָט פאַרשלאָגן די פענצטער פון זיין שטוב, וואָס אויף איר האָט זיך דאָ אין מיסטיפקע שוין קיין קונה נישט געפונען. אַזאַ מין גוואַלדיקער פּחדן איז שוין אָט דער פּיניע סאַרוועד געווען און אַזוי אומרואיק איז ער געווען די גאַנצע צייט, זינט אים האָט ערגעץ אין אַ גרויסער שטאָט דער פּאָגראָם פאַרכאַפּט.

מלך שטעלמאַך האָט זיך שוין דעמאָלט געפילט מאָדנע, געשטאַנען ביי דער אַרבעט הינטער פּיניעס פּלייצעס און צוגעקוקט ווי פּיניע מאָלט זיך אויס, אַז איטלעכס ברעטל איז אַ לעבעדיקער פּאָגראָמשטשיק; ער האַלט זיי אין איין שעלטן, בעת ער קלאַפּט זיי צום פענצטער:

„נאַ דיר אַ טשוואָק אין קאָפּ, וואַנקע ממזר".

„האָב דיר אַ קרענק אין די ביינער, כוליגאַנטשיק... אָט אַזוי; ווער באַגראָבן".

צוויי פענצטער האָט ער אַזוי פאַרקלאַפּט פון אויבן ביז אַראָפּ, נאָר ביי די איבעריקע האָט ער פּלוצים זיך אָפּגעשטעלט, אַרויפגערוקט דאָס היטל און פאַרטראַכטערהייט מכבד געווען זיך אַליין מיט די אמתע עטלעכע קללות:

„פּיניע סאַרוועד, טיפּש דו איינער, לאַנגער סטראָץ! צוליב וועמען פאַרקלאַפּסטו די פענצטער? די כוליגאַנטשיקעס ווילסטו דאָס אַ שיינע ירושה לאָזן?"

און נאָכדעם האָט ער שוין פון אַמעריקע אָנגעהויבן שיקן צו מלך שטעלמאַך אָפּטע ליבע־בריוולעך. צו וואָס האָבן אים די בריוולעך גע־נוצט? גלאַט אַזוי. ער האָט דאָרטן אין אַמעריקע פרייליכע און רו־איקע ימים־טובים געהאַט, און גוט איז אים דאָרטן אויך געווען, ווי אַ גוי, האָט ער געוואָלט אויך אַהער, אין דער אַלטער היים, טרעפן מיט זיינע גלייכווערטלעך:

„מלך־זשאַבע, באַקום די כאָראָבע. דיין מיסטיפּקע שטייט דאָך פּשוט אין דרויסן".

און דערנאָך:

„ס'לאָזט דיר פונדאַנען גריסן דיין פעטער איציע און בעט דיך, זאָלסט פאַר אים פאַרשלאָגן אין ראָד אַ שפּיצע".

קאָן מלך שטעלמאַך אַזוי אין מיטן הייסן זומער־טאָג שטיין אינ־דרויסן ביי דער אַרבעט, דרעלעווען אַ קלעצל אָדער אַרויפשלאָגן אַן אָוואָוד, און פּלוצים זאָל אים באַפאַלן עפּעס סתם אַ בענקשאַפט, און זיין גאַנצע מלאכה זאָל אים מיאוס ווערן, און דעם שטערן זיינעם זאָל באַשלאָגן אַ שוויים. צום אָנהויב מיינט ער, אַז שולדיק איז אין דעם זיין עלפּיאַריק

מיידעלע, וואָס דרייט זיך דאָ ארום באָרוועס און זוכט עפּעס צווישן די שפּענער. ער הויבט אָן צו קוקן אויפן קינד קרום, שטעלט אָן אויף דעם מיט רציחה זיינע בייזע טונקל־רויטלעכע אויגן און טוט אויף דעם מיט אַ מאָל אַזאַ געשריי מיט זיין קלינגענדיקער ברוסט־שטימע, אַז דאָס קינד ווערט אַזש פאַרציטערט:

„ווי אַזוי קלויבסטו די שפּענדלעך, ווי אַזוי?”

ס'דאַכט זיך, אַז קוקנדיק אויפן קינד מיט די רציחהדיקע אויגן, וועט ער דעם באַלד ווארפן אין קאָפּ אַריין די האַק, צי דעם עקבויער. ער טוט אויס דאָס פאַרטוך, וואַרפט אַוועק דאָס געצייג פון האַנט און גייט אַריין אין שטוב. דאָרטן האָט ער זיך נישט וואו אַהינצוטאָן. ער קוקט מיט שלעכטע אויגן אויף די נייע הילצערנע בעטן און וויל זיך עפּעס גע־פינען מיטן ווייב, וואָס קלייבט איבער פאַסאָליעס אויף וועטשערע:

„ווען נישט זי, דאָס ווייב זיינס, וואָלט ער דאָך אָט די בעטן נישט געוואָן געקויפט”.

נאָר דאָס ווייבל איז פון תמיד אָן אַ שווייגנדיקס, אַ שטילס. זי קוקט זיך אַפילו צו אים ניט אום. נעמט ער סוף־כל־סוף אַרויס פון שופלאָד דעם פעטער איציעס צוגעשיקטע קאַרטע און באַטראַכט זי:

אַן אַלטער, גרייז־גרויער און קלוגער איד, און אַן אַמעריקאַנישן צילינדער־הוט טראָגט ער שוין, שמייכלט גוטהאַרציק, ווייך און וויל, דאַכט זיך, זאָגן:

„טו איך שוין, הייסט עס, אַליין גאָרנישט... אויף מיר אַרבעטן שוין די קינדער...”

מלך שטעלמאַך גייט אַרויס צוריק אינדרויסן און נעמט זיך ווי־דער צו זיין אַרבעט. באַפאַלט אים אָבער באַלד נאָכאַמאָל די בענק־שאַפט, נישטאָ וואו זיך אַהינצוטאָן. ער ווערט זיך אַליין מאָדנע מיאוס, און אין קאָפּ הערט זיך אים דערבײַ נישט אויף צו דרייען:

„ס'לאָזט דיר גריסן דיין פעטער איציע און בעט דיך, זאָלסט פאַר־שלאָגן פאַר אים אין ראָד אַ שפּיצע”.

טוט ער סוף־כל־סוף אָן אויף זיך דאָס וואָכעדיקע ליכטיקע באַלאַטל און גייט אַוועק אין מאַרק אַריין צו אסתר־חיה דער קרעמערן. ער מאַכט מיט איר אַ שמועס וועגן איר איבערפאָרן קיין אַמעריקע:

— נו, וואָס הערט זיך? — פרעגט ער ביי איר — איר קלערט טאַקע אַמאָל פאָרן?

ענטפערט זי אים אָבער אַזוי פאַמעלעך און קאַלט. זי איז אַ פאַר־שוואַרצטע און גרוילעכע און פאַרשפּרייט אַרום זיך תמיד אַזאַ ריח, גלייך זי האָט נאָר־וואָס געסמאַלעט הינער.

— וואָס־זשע דען? — זאָגט זי — איך וועל נישט פאָרן?

אַליין קויפט זי שוין נישט פון נאָך פּסח אָן קיין נייע סחורה. איר האַלב־פינצטער קלייטל ווערט פון טאָג צו טאָג פּוסטער, און דאָס אינגל אירס, דער בן־יחיד, וואָס האָט געוואָלט עקזאַמען האַלטן, האָט זיך שוין צוליב אַמעריקע צום פּריזיוו נישט געשטעלט און קנעלט דערווייל אין אַ נאָענט דאָרף. נאָר אײַלן אײַלט זי זיך נישט, און קומט צו איר אַריין אַ גויע, וואָס האָט הינער צו פאַרקויפן, פאַרגעסט זי לחלוטין אָן אים, מלך שטעל־מאַך, און אָן גאַנצן שמועס וועגן אַמעריקע. זי פאַרקרימט דאָס פּנים פון גרויס אינטערעס צו דער נייער קניה, קראַצט זיך אונטערן קאָפּ־טיכל און האַלט די גויע אין איין נודען:

„סקילקי זשע דאַטע, נו?... וויסים הריווין דאַטע?"

מלך שטעלמאַך פאַרדריסט עס שטאַרק, ביז דער לעבער. ווען אָט די אידענע זאָל זיין זיין ווייב אָדער כאָטש אַ קרובה, וואָלט ער זי מכבד געווען מיטן אמתן „מי שברך". אומצופרידן גייט ער פון דאָרטן אוועק אין מיל אַריין און האָט מורא צו באַגעגענען זיך דאָרטן מיטן אַלטן גערצנשטיינען. אַלע וויסן: דער אַלטער גערצנשטיין האָט נישט ליב, אַז מען פאָרט קיין אַמעריקע.

און אין אַ ווײַלע אַרום שטייט ער שוין דאָרטן פאַרן יונגן בוכהאַל־טערס טיש, קוקט ווי יענער דרייט די טיי מיטן לעפעלע און הערט, ווי ער זאָגט:

„פאַרן קאָן מען דורך ברעמען און דורך ליבוי, שיפן גייען אָפּ צוויי מאָל אַ וואָך. און פאַר אַגענטן דאַרף מען זיך היטן, ווי פאַרן מלאך־המות."

4

אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט מלך שטעלמאַך, פּונקט ווי פּיניע דער סאַרווער, פאַרשלאָגן די פענצטער פון זיין שטוב און האָט זיך נאָכ־אַמאָל גוט אויסגערעכנט, דורך וואָסער וועג צו פאָרן.

דער בוכהאַלטער אַליין האָט פאַרן פאָרן אים און דעם ווייב זיינעם אין די אויגן אַריינגעקוקט און האָט אים מוט צוגעגעבן:

„מאָלאָדצע, ריין ווי גאָלד, נו אַרויף אויפן וואָגן און היידאַ, אוועק..."

און אַליין איז ער נאָך אינאיינעם מיט עטלעכע ווײַבער נאָכדעם גע־שטאַנען ביי דער פאַרלאָזטער שטוב און האָט מיט די אויגן די פור באַ־גלייט. דאָס האַרץ האָט, הפּנים, אין אים געשפּרונגען פון גליק, האָט ער פריילעך אַ כאַפּ געטאָן פאַר די אַקסלען איינעם אַ נאָענט־שטייענדיקן בחור און אים טרייסלען אָנגעהויבן:

— נו, אבא, ווען פאָרסטו?

דער אַלטער גערצנשטיין האָט וועגן דעם טאָקע אַ שטיק צייט נישט געוואוסט.

נאָר אין גיכן זיינען אין איינעם אַ קילן שבת־צונאַכטס אויסגעפאַלן די ערשטע סליחות. ארום האַלבע נאַכט האָט מען זיך צום אַלטן גערצנ־שטיינען צונויפגעקליבן אין קלייזל און מ׳האָט זיך ארומגעקוקט:

„ס׳גייט אָפּ צו אַ מנין טאָקע אָט דער מלך שטעלמאַך און נאָך איינער אָן אָרטיקער איד אַ חזן, וואָס האָט זיך, אַלע יאָר, ערגעץ וואוהין פאַר־דונגען אויף ימים־נוראים".

אידן זיינען געשטאַנען מיט שעמעוודיק־שמייכלדיקע פּנימער און האָבן זיך צום ערשטן מאָל אין לעבן דערפילט, ווי יום־טובניקעס:

„וואוהין קלערט מען, אשטייגער, פאָרן אויף ימים־נוראים?"

אַ פרעמדער סוחר, וועמען ס׳איז צופעליק אויסגעקומען אויף מאָרגן צו זיין דאָ אין די מילן, האָט עס נאָכדעם אינ׳ם היפשן ווייטלעכן שטעטל צעפּויקט:

„גרייט צו עליות, מיסטיפקע פאָרט צו אייך אויף יום־טוב".

און דער אַלטער גערצנשטיין, דער אמאָליקער דייטש, האָט זיך נאָך אַלץ עפּעס ווי נישט ווויסנדיק געמאַכט און האָט קיין הכנות נישט ארויס־געוויזן.

צי האָט ער געקלערט, אז עמיצער אין שטעטל וועט פאַלן אויפן שכל און וועט פון ערגעץ אראָפּברענגען אויף ימים־נוראים אַ פּאָר גע־דונגענע אידן?

צי, אפשר, האָט ער זיך גלאַט אזוי נישט געגלויבט, אַז זיין קליין שולכעל זאָל שטיין אום ימים־נוראים פּוסט, און האָט זיך סומך געווען אויף אַ נס?

אָקאָרשט ערב ראש־השנה, ווען צו זון־זעצן זיך איז שוין געבליבן נישט מער, ווי אַ פּאָר שעה, האָט ער געהייסן דעם פאַעטאָן שפּאַנען, זיך אריינגעזעצט אין אים אַ ברוגזער, אַן איינגעהויקערטער און ווארעם אָנגעטאָנענער און איז ערגעץ וואוהין די מיסטיפקער בעלי־בתים אויף יום־טוב נאָכגעפאָרן.

אין מיסטיפקע זיינען געבליבן נישט מער ווי אסתר־חיה דער קרע־מערנס אינגל און גערצנשטיינס בוכהאַלטער. דער ערשטער דערפאַר, וואָס צוליב אַמעריקע האָט ער זיך צום פּריזיוו נישט געשטעלט, און באַ־וויזן זיך אין שטעטל איז פאַר אים געווען אַ סכנה, און דער בוכהאַל־טער, גלאַט אזוי: קיין איבעריק פרומער איז ער דאָך פון תמיד אָן נישט געווען, חוץ דעם, האָט ער געהאַט נארישע געדאַנקען אין קאָפּ:

— כדאַי — האָט ער געזאָגט — צו זען, סאַר אַן אויסזען האָט אום

ראש־השנה א פאַרלאָזט שטעטל מיט צוויי פוסטע געשלאָסענע בתי־מדרשים".

ס'האָט זיך גענומען זעצן די ערב־ראש־השנהדיקע אייליק־פרומע זון. דער בוכהאַלטער האָט אָפּגעגעבן א פּאָר באַפעלן אין די מילן, וואָס האָבן באַלד אָן זיין השגחה שוין אויף גאַנץ ראש־השנה זיך גענומען טרייסלען, און אַליין האָט ער פאַרשלאָסן די קאַנטאָר און איז אַוועקגעגאַנגען איי־נער אַליין איבערן שטעטל. ס'איז דאָרטן דורכאויס געווען שטיל און פוסט. אויף טירן פון געשלאָסענע הייזער זיינען געהאַנגען שלעסלעך. דאָ און דאָרטן האָבן הינער אַרומגעשפּאַנט, ווי אויף די שפּיצפינגער, נישט געגלויבט דער שטילקייט, אויסגעצויגן ווי ווייט מעגלעך די קעפּלעך און געוואָרפן איבערגעשראָקענע בליקן אויף רעכטס און אויף לינקס. אין איינער אַ פאַרשלאָסענער שטוב האָט מען פאַרגעסן אַריינלאָזן די קאַץ. זי האָט זיך דאָרטן געהויקערט ביי דער טיר און אומעטיק געמיאַוקעט.

דער בוכהאַלטער איז צוגעגאַנגען צו דער קרעמערנס אויסגעלאָשענער שטוב און האָט אָנגעקלאַפּט אין פענצטער:

„ברוך, קום אַרויס אַביסל".

און די בחורים, וואָס האָבן זיך אַמאָלביידע צו די עקזאַמענס גע־גרייט, זיינען געגאַנגען ביידע אַרויף דעם באַרג, צווישן דעם פאַרלאָזטן מיסטיפקע, געגאַנגען פאַמעלעך און געשמועסט מכוח זיך, מכוח פאַרלאָזטע שטעט און מכוח אידן:

אָט אַזוי באַדאַרפן דאָ בלייבן אַלע שטעטלעך; מען דאַרף זיי וויכן... פּשוט ווייכן".

און ביידע האָבן דאָך געפילט אַ נאָגנדיקע חרטה, א חרטה פאַרן שטעטל, א חרטה אויף זיך אַליין, אַלעמאַי זיי זיינען דאָ געבליבן און אין ערגעץ אויף ראש־השנה נישט געפאָרן, און געשוויגן האָט זיך מאָדנע אומעטיק, בענקענדיק.

דאָרטן פון אויבן, אין עק באַרג, לעבן די פיר סלופּעס, וואָס האָבן געשטעקט אין הפקר־געלאָזטן פּלאַץ פון הינדע דער אלמנהס אָפּגעברענטער שטוב, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט, און דער בוכהאַלטער האָט באַמערקט דאָס גראָז, וואָס הייבט אָן דאָס פּלאַץ צו באַוואַקסן.

— זע נאָר, זע נאָר, — האָט ער געזאָגט — גראָז, ווי אויף א בית־עולם, אויף א קבר.

און פּלוצים האָט ער זיך פאַרטראַכט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיטן פּנים קיין מזרח, זיך פאַמעלעך פאַנאַנדערגעשאָקלט און האָט פּלוצים אָנגעהויבן צו דאַווענען מיט א טרויעריקן נוסח פון ראש־השנה:

„ה' צבאות עמנו משגב לנו אלהי יעקב סלה".

„ה' צבאות עמנו משגב לנו אלהי יעקב סלה".

ס׳איז געווען שטאָק נאַכט, און ס׳האָט ערגעץ וואוהין אַוועקגעבּרענט אַ ווייטער עק הימל. ווייט, ווייט, רעכטס פון פּוסט־פאַרלאָזענעם מיסטיפּקע האָבּן זיך אַוועקגעצויגן די ברייטע נישט געאַקערטע שמיטה־פעלדער און האָבּן ערגעץ־וואו דערגרייכט אַ ווייטלעך שטעטל מיט אַן איבערפילט באַלויכטענעם בית־מדרש, וואו ס׳האָבּן פרום געדאַוונט און תשובה געטאָן ראש־השנהדיק שימערירנדיקע אידן. ווייט איז געווען אַהין, צו יענעם שטעטל, און פון אונטן, ביים בריק, זיינען שוין באַלויכטן געשטאַנען דעם אַלטן גערצנשטיינסביידע מילן און האָבּן וואָכעדיק זיך געטרייסלט, געטרייסלט.



א. כאַריק.

# אומרו

ווילקלט זיך אַ שטאָט אין אומרו און אין שוואַרצן,
אַלע שויבּן זיינען היינט פאַרדעקט...
קלאַפּט אַ שרעק און ווינט זיך אום אין האַרצן,
ס׳האָט אויף שטאָט זיך אָנגערוקט אַ שרעק.

אַ גאַנצן טאָג האָט זיך אַ לעצטער צוג געראַנגלט
און אָפּגעגאַנגען מיד נאָך אָרשע און סמאָלענסק,
שטיקט זיך איצט די שטאָט מיט אומרואיקע קלאַנגען:
ווען איז מען און אין וועמעס הענט?

ווידער קאָן דער שונא מאָרגן קומען,
ווידער „בלאָפּי״ און „פּסיאַ־קרעוו״.
אומרו, אומרו, אומרואיקער אומרו,
ס׳וועט די שטאָט ניט אויסהאַלטן די שרעק...

א. פעפער.

# קינדער

אָוונט שטילער.
אויף די קלייטן הענגען שלעסער,
שאָטנס אויף די גאַסן ווערן גרעסער.
הונגעריקע, בלייכע און פאַרשמירטע
זיצן קינדער און דערציילן אַ געשיכטע:

— איך בין פון פראָסקוראָוו, — זאָגט דער ערשטער —
און מיין טאַטע איז געווען אַ בערשטער,
נאָכדעם איז אַוועק אין דאָרף מיין טאַטע,
איז מיט קאָרן פול געווען די כאַטע.
אַלע זונטיק קאָרזשיקלעך געגעסן,
קיינמאָל אין דער כאַטע ניט געזעסן,
האָבן טעג געגאָסן זיך ווי האָניק,
ווי די זון בייטאָג אויף אונזער גאַניק.
נאָכדעם הויבט זיך אָן אַ הונגער,
פעלדער ליגן דאָרשטיקע און דאַרע,
נאָר דער הימל שיקט ניט זיינע כמאַרעס,
נאָר דער הימל קאָן ניט מאַכן גרינגער.
אין אַ טאָג אַ פראָסטיקן, אַ קאַלטן,
טאַטע-מאַמע כ'האָב אַליין באַהאַלטן.

אויפן הימל בליצן ווייסע שטערן,
זיצן קינדער דאָרשטיקע און הערן.
ליגט אַ נאַכט אַ הויכע און אַ ברייטע,
לעצטע קרעמער שליסן שוין די קלייטן.
קאַלט און האַרט און פינצטער ווי די וואַנט —
האָט אַ צווייטער זיך דערמאָנט:

— ווען פעטליורע איז אַריין צו גאַסט,
האָט זיך באַלד צערוישט די גאַנצע גאַס,
גאַנצע טעג ניט אויפגעהערט צו שיסן,
האָט מען קישנס, האָט מען בעבעכעס געריסן.
ווען מיט כולעוועס האָבן געיאָגט די יונגען,
האָבן טאַפּליעס אין די געסעלעך געקלונגען.
גאַנצע טעג איז מען געגאַן מיט פּיקעס
און געזוכט אין קעלערס באָלשעוויקעס.
ווען דער טאָג דער ווייסער איז פאַרשוואונדן,
זיינען זיי צו אונז געקומען,
טאַטע־מאַמע צוגענומען
און מיט שטריק מיט גראָבע זיי געבונדן.
ווען איך בין אַרויס פון שטוב מיט גוואַלדן און געשרייען,
זיינען זיי געהאַנגען שוין אינצווייען.
כ'האָב געוויינט, געוואָרפן זיך, געשריגן,
נאָר דער טאַטע איז געהאָנגען און געשוויגן.

אויף די שליאַכן רעדער רוישן העכער,
ווינטן מידע כראָפּן אויף די דעכער,
רויכערן זיך שטערן און זיי שווייגן,
די לבנה גיסט זיך פון די צווייגן.
שטערן ווערן קויטיק און צערינען,
קאַלט איז דאָ און ווייט איז ביז באַגינען.
מיט יונגן ווירעוודיקן ציטער
זאָגט דער דריטער:

— ס'איז געווען אַ שטיבל, האָט מען עס פאַרברענט,
און מיין טאַטן האָב איך ניט געקענט.
כ'האָב געהאַט אַ מאַמע — האָט מען זי געטויט,
האָב איך ניט קיין הויזן, האָב איך ניט קיין ברויט.
כ'האָב געהאַט אַ מאַמע — האָט מען זי געטויט.

וויפל מענטשן זע איך — זיינען אַלע פרעמד,
כ'וואָלט געגאַן פאַרדינען, האָב איך ניט קיין העמד.
טירן וויפל — זעט נאָר, פענצטערלעך מיט שיין,
כ'וואָלט געגאַן אַהינצו — לאָזט מען ניט אַריין.
די אַכסניות שטייען אויסגעפּוצט און פּוסט,
כ'וואָלט געגאַן אַהינצו — לאָזט מען ניט אומזיסט.

מ'האָט אַמאָל געפּאַקט מיך אין אַ קאַלטער נאַכט,
אין אַ הויכן מויער האָט מען מיך פאַרשפּאַרט,
מ'האָט געהייסן לערנען און געגעבן ברויט,
איז געווען מיר סקוטשנע, סקוטשנע ביז צום טויט.
שלאָפט מיין דאַרער לערער — שלאָפן אַלע שלעק,
דורכן פענצטער — היידאַ! היידאַ און אַוועק.

הודעט אויף די שטאַנגען שלעפעריק דער דראָט,
לעשן זיך די שטערן, כאַפּט זיך אויף די שטאָט,
גייען לעצטע שומרים שלאָפן שוין אַוועק.
און די מעשה ציט זיך, ציט זיך אָן אַן עק.

אויף די גאַסן פרישע ווינטלעך ציען,
אויף די גאַסן הויבט שוין אָן שאַריען.
אויף די גאַסן,
אויף די וועגן,
זעט מען מענטשן — העמערלעך און זעגן.
פון'ם הימל, אויפן בלויען דרויסן,
קויקלט זיך אַ זון אַ גרויסע.
לעצטע שטערן זיינען שוין אַנטלאָפן,
זיצן קינדער הונגעריק, פאַרשלאָפן.
קוקן קינדער אויף די מענטשן מיט די זעגן,
און מע ווייסט ניט, מאָרגן אָדער שפּעטער
וועט מען אויך אַוועק אויף יענע וועגן, —
וועט מען שוין ניט נעכטיקן אין דרויסן,

ווען מען שלאָפֿן ווי די מענטשן אין אַ צימער,
און אַ גאַנצן יאָר וועט זיין נאָר זומער.
קייקלט זיך אַ זון אַ גרויסע,
קייקלט זיך פֿון אַלע עקן —
אַלץ וועט זי, די זון, באַדעקן!





מאַני לייב.

# שטילער! שטילער!

שטילער! שטילער! רעדט ניט הויך!
שטייט געבויגן שוואַרץ און בלייך.
איינגעבויגענע אין פּיין,
שווייגט און האַלט דעם אָטעם איין.

פֿון דער טיפֿער נאַכט אַרויס
און פֿון קיינעם ניט געהערט,
וועט ער אויף אַ ווייסן פֿערד
קומען שטיל צו אונזער הויז.

פֿון זיין לויטערן געזיכט
און זיין קלאָרן ווייסן קלייד
ווייען וועט אויף אונז די פֿרייד,
פֿאַלן וועט אויף אונז זיין ליכט.

זייט נאָר שטילער! רעדט ניט הויך!
שטייט געבויגן שוואַרץ און בלייך.
איינגעבויגענע אין פּיין,
שטייט און האַלט דעם אָטעם איין.

אויב מען האָט אונז אָפּגענאַרט,
און מען האָט אונז אויסגעלאַכט,
און די גאַנצע, לאַנגע נאַכט
האָבן מיר אומזיסט געוואַרט, —

וועלן מיר אין אונזער בראָך
בויגן זיך צום האַרטן דיל
און מיר וועלן שווייגן שטיל,
שטילער נאָך און שטילער נאָך.

זייט זשע שטילער! רעדט ניט הויך!
שטייט געבויגן שוואַרץ און בלייך.
אײַנגעבויגענע אין פּיין,
שטייט און האַלט דעם אָטעם אײַן.



א. ראבאָי.

# גייען דאָ זינדיקע מענטשן

יענעם אָוונט איז מאַניס געגאַנגען אַהיים פון דער פאַבריק, ווי נישט קיין דאָ געוועזענער. זיינע פיס, פילט ער, טראָגן אים שווער. ער איז מיד. אפשר דאָס ערשטע מאָל זינט ער איז אין אַמעריקע, אַז ער פילט זיך אַזוי מיד. אמת, ער וויל זיך נישט אונטערגעבן, אַז ער איז מיד. אמת, ער וויל זיך ניט אונטערגעבן, אַז ער איז מיד פון דער אַרבעט. וואָ־רום עס איז אפשר דאָ אַ גרעסערע און שווערערע זאַך, וואָס ליגט זיך אויף זיין געמיט, ווי דער טאָג אַרבעט: מיט וואָס קומט ער אַהיים היינט אָוונט?

אין דרויסן איז וואַרעם. טראָפּנס שווייס זעצן אַרויס ביי אים אויף זיין שטערן און אויף זיינע הענט. עס איז נישטאָ קיין שום ווינטל. דער הימל איז אַזוי ווי פון הייסן קופּער, און די שטיינער אין גאַס זייַ־נען ווי די שטיינער אין אַ קאַלך־אויוון. עס שלאָגט אַ היץ פון הימל און אויך פון די שטיינער. עס איז שרעקלעך ענג. מענטשן אָן אַ שיעור גייען איינער נאָכן אַנדערן. ביי די ברעגן פון די טראָטואַרן זיצן מענטשן אויף בענקלעך און פאָכן זיך מיט פאַפּירענע פעכערס. מאַניס מיינט,

אז דאָ מוז זיין דער אמתער גיהינום, און ער און אַלע, וואָס גייען דאָ, זיינען זינדיקע מענטשן. עס פאַרשווינדט דאָס רעאַלע, און עס ווערט פון אַלעם מעשה חלום. גייען דאָ זינדיקע מענטשן מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, מידע פון דער שווערער שטראָף, וואָס זיי האָבן שוין באַקומען, און נעמען צו מיט ליבשאַפט די ווייטערדיקע שטראָף. עס איז נאָך נישט געקומען די צייט פון ריינקייט. מען מוז נאָך ווידער און ווידער ליידן און ליידן...

אַזוי פאַרטראַכט איז מאַניס געווען, אַז ער האָט נישט באַמערקט זיין אַריינקומען אין דילענסי סטריט. דאָ איז ער געגאַנגען אין מיטן פון גאַס מיט די אייזערנע ליניען פון דער קאַר. עס איז באַלד אָנגעקומען פון הינטן אַ קאַר, און דאָס געשריי פון דעם קאָנדוקטאָר האָט מאַניסן אויפ־געוועקט. ער איז אַרויף אויפן טראָטואַר און געבליבן שטיין און געקוקט, ווי דער קאָנדוקטאָר האָט צו אים געשאָקלט בייז מיט דער בייטש. צוויי ווייסע פערד האָבן געשלעפּט מיט זייערע לעצטע כוחות די דאָזיקע קאַר. דער קאָנדוקטאָר איז געשטאַנען פון פאָרנט אויף דער פּלאַטפאָרמע און געדרייט מיט דער בייטש, און די פענצטער פון דער קאַר זיינען געווען אָפן. און געפּאַקט פול מיט מענטשן, אי פון אינווייניק, אי פון דרויסן, איז געווען די דאָזיקע קאַר. אַפילו אויף דעם דאַך פון דער קאַר זיינען געזעסן מענטשן. „וואוהין פירט מען זיי? — האָט מאַניס צו זיך גע־טראַכט — מסתמא איז זיי שוין בעסער פון אונז, וואָס גייען דאָ... מען פירט זיי שוין...” און איז צוריק אַראָפּ פון טראָטואַר און גענומען גיין גיך צווישן די צוויי רעלסן, אַזוי ווי וועלנדיק אָניאָגן די געפּאַקטע קאַר.

און באַלד איז מאַניס ווידער געקומען צו זיך. דילענסי סטריט האָט אים געבראַכט צו זיך. דילענסי סטריט איז געוואָרן איצט אַזוי שיין, באַ־זוימט פון ביידע זייטן מיט צוויי שוואַרצע שטראָמען, וועלכע האָבן זיך געצויגן אַזוי ווי וויקלענדיק זיך פון עפּעס אַ ראָד, אַן אומזעבאַרעס. אין דער מיט זיינען געפלויגן וועגן מיט פערד אַהין און אַהער, און צום טאַקט פון די טריט פון די פערד און פון די רעדער אויף די שטיינער, איז מאַניס געגאַנגען. אין דער לופט איז געשטאַנען דאָס געפילדער פון מענטשלעכן וואָרט. מאַמעס האָבן דורך די פענצטער גערופן זייערע קינדער. און קינדער זיינען געלאָפן און געשריען אויף אַלערליי קולות. און אַ איד שטייט אויף דעם קאָרנער און באַווינט דעם טאָג, וואָס גייט אַוועק, און בשעת ער ווינט אַזוי, האַלט ער אַ פּעקל מיט צייטונגען אויף אַ רימען, אַרום זיין האַלז, און ער שרייט אַזוי טרויעריק. קומט צולויפן אַ אינגל מיט אַ פּעקל צייטונגען און שרייט פריילעך, און דער איד טרייבט אים אַוועק פון זיך און שרייט וויינענדיק, און דאָס אינגל קומט צוריק און שרייט, אויף צו להכעיס דעם אידן, דווקא פריילעך. מאַניסן דאַכט זיך אויס, אַז אי דער איד, אי דאָס אינגל זיינען ביידע משוגע. וואָרום אויב זיי זיינען

נישט משוגע, וואָלטן זיי ביידע געקאָנט לעבן בשלום. די גאַס איז לאַנג געצויג. שטייט איינער דאָ, קאָן דאָך דער אַנדערער שטיין דאָרט ווייטער. ניין, נאָר דאָ ווילן זיי ביידע שטיין.

— וואָס איז דאָ פאַר אַ מין מדינה? — פרעגט מאַניס ביי זיך און ער גייט און באַטראַכט די מענטשן, וואָס זיינען פאַר אים אַרום און אַרום. קיינער האָט נישט אויף זיך קיין ראָק, מיט די אַרבל פון די העמדער פאַרקאַטשעט און מיט די נאַקעטע הענט אין דרויסן. גראָב! טראַכט מאַניס. און אין מיטן דערינען, אין מיט פון גאַס, שטייט אַ רעדל. מען שטופּט זיך איינער איבער דעם אַנדערן אויף צו דערהרגענען. וואָס איז דאָרט? ווער ווייסט, ווער עס ליגט דאָרט אַ דערהרגעטער, אָדער ווער ווייסט וואָס? מאַניס וויל אויך זיך צושטופּן און אַ קוק טאָן. ער ווערט אויך אָנגעצונדן מיט דער אייגענער נייגעריקייט, מיט וועלכער אַלע זיינען אַרומגעכאַפּט: כאָטש ס'איז אים שווער, אָבער פונדעסטוועגן דערשלאָגט ער זיך צום סאַמע מיט פון דעם רעדל. און דאָרט שטייט אַ בחור מיט אַ רענצל און ווייזט אַ קונץ: ער לייגט אַנידער אַ מטבע אויף זיין האַנט און טוט אַ בלאָז און די מטבע איז נישטאָ. אָבער דאָס, זאָגט ער, איז נישט דער עיקר, וואָס ער וויל ווייזן. ער עפנט דאָס רענצל און נעמט אַרויס פון דאָרטן צוויי זאָקן־בענדלעך, אַ קעמעלע און זאַפּינקעס גאָל־דענע און אַ ביכעלע, אַ שיינס און אַ בלייפעדער, און דאָס אַלץ אינאיי־נעם גיט ער אַוועק כמעט אומזיסט. נאָר פאַר איין ניקל קויפט, ווייל דאָס רענצל איז פול. אַ פינצטער וויסט יאָר צו זיין קאָפּ! אָט צוליב דעם אָ שרעקט מען איבער מענטשן און מען מאַכט אַ רעדל אין דער מיט גאַס...

מאַניס קומט אַריין אין שטוב. שבע באַגעגנט אים פריילעך און מיט אַ מונטערקייט אין איר קול. זי נעמט אַראָפּ פון זיין מידן קאָפּ דעם קאַ־פּעלוש און טוט אים אָן די יאַרמעלקע. און מאַניס בלייבט שטיין פונקט הינטער דער גאַז־באַלייכטונג אין מיטן שטוב און שטייט מיט זיינע ברייטע פיס צעשפּרייט, און די הויזן זיינען אויף אים גרויס און מיט קנייטשן און צעדרייט.

שבע נעמט זיך צו דער אַרבעט אַזוי ווי אַלע אָוונט. זי קלייבט אַראָפּ פון אים די שטיקלעך בוימוואָל. איבעראַל בוימוואָל. שבע טוט דידאָזיקע אַרבעט מיט ליבשאַפט. עס דאַכט זיך איר, אַז זי באַדאַרף האָבן אַ חלק אין איר מאַנס טאָג אַרבעט, און דאָס איז איר חלק, דאָס אַראָפּקלייבן די שטיקלעך בוימוואָל.

מאַניס שטייט אַזוי אומבאַהאָלפן ווי אַ קינד און ווערט פון צייט צו צייט אומגעדולדיק און בייט זיינע פיס אונטער זיך און פרעגט אַלע מאָל, צי שבע איז שוין פאַרטיק.

נאָכדעם באַוואַשט ער זיך געוויינלעך ביים קראַן אין קאָרידאָר און קומט אַריין אין שטוב צוריק אַ נאַסער און אַן אָפּגעפרישטער.

— שבע, וואו איז דאָס האַנטוך? קיינמאָל איז דאָס האַנטוך נישט אויף זיין טשוואָק! — בייזערט זיך מאַנים.

— אָט דאָס איז דאָך דאָס האַנטוך, — טראָגט אים שבע אָקעגן דעם האַנטוך.

— פאַרוואָס זאָל עס נישט הענגען אויף זיין טשוואָק? — קאָן מאַנים נישט פאַרשטיין.

— כ׳וויים? נאָר דאָס ליגט מיר אין קאָפּ... — מאַכט שבע אַוועק דידאָזיקע האַנטוך־סיטואַציע מיט דער האַנט — וואָס הערט זיך בעסער, האָסט גערעדט מיטן באַלעבאָס?

— מיטן באַלעבאָס? — פרעגט מאַנים איבער און באַהאַלט זיין פּנים אין האַנטוך און רייבט זיך דאָס פּנים ענערגיש און קרעכצט, אי־בערנעמענדיק זיך, ווי אַ קינד נאָכן אויסוויינען זיך — מיטן באַלעבאָס האָב איך ניט גערעדט.

— האָסט נישט געקאָנט? — פרעגט שבע און ס׳פילט זיך אין איר שטים אַזוי פיל צערטלעכקייט.

— ניין.

— וואָס זשע וועט זיין דער סוף?

— כ׳זאָל אַזוי וויסן פון בייז, — איז מאַנים אַזוי ווייך, פּשוט פאַרטיק זיך צוצעוויינען — וואָס וועט טאַקע זיין דער סוף?

— מוזט דאָך זיין הונגעריק, וועלן מיר גיין עסן, מאַנים, — האָט שבע געזאָגט שוין אַביסל טרויעריק.

— אפשר וואָלסטו אַ רוף געטאָן דעם אייבערעמען אונזערן, — האָט מאַנים זיך נישט געקאָנט געבן קיין עצה — עס קאָן זיין, אַז ער וועט אונז געבן אַן עצה.

— ביסט גערעכט. כ׳ל אים אַ רוף טאָן, — האָט שבע זיך געלאָזט גיין צו דער טיר.

— זאָג אים גאָרנישט, ביז ער וועט דאָ אין שטוב נישט אַרויפ־קומען. זאָג אים נאָר, אַז איך וויל אים זען נויטיק.

— דאַרפסט מיך נישט לערנען קיין שכל, — שריט שבע פון יענער זייט טיר.

— דאָ ביי אייך איז קיל, — האָט אייבערעם אָפּגעכאַפּט זיין אָטעם און זיך אַנידערגעזעצט ביים אָפענעם פענצטער.

— זייער קיל, — איז שבע געוואָרן גרויסהאַלטעריש ביי זיך.

— הערט, מר. אייבערעם, כ׳האָב אייך מטריח געווען, כדי ביי אייך צו פרעגן אַן עצה, — האָט מאַנים געזאָגט.

— וואָס איז שוין ווידער נייעס? — שטעלט אייברעם אָן אַ לאַנג פּנים.

— איר ווייסט דאָך, מיין באַלעבאָס...

— גאָט באַהיט, איר ווילט שוין בייטן דעם באַלעבאָס, — האָט אייברעם אויסגעכאַפּט נאָך איידער מאַניס האָט געענדיקט.

שבע האָט זיך נישט געמישט אין דעם דאָזיקן געשפּרעך. זי האָט דערווייל געגרייט צום טיש און אַלעמאָל אויפגעדעקט די פּאָקרישקע פון טאָפּ און אַריינגעלאָזט אין שטוב אַריין דעם געשמאַקן ריח פון פּעטרישקע און געקאָכט פלייש.

— חלילה, ווער טראַכט גאָר פון בייטן באַלעבאַטים, — האָט מאַניס אַזוי ווי באַרואיקט אייברעמען.

— וואָס דען?

— הערט.

— איך בין דאָ, אַז איך זאָל הערן, — האָט אייברעם געזאָגט און בשעת מעשה געוואָרפן אויגן אַהין צום טאָפּ, פונוואַנען דער ריח פון פּעטרישקע איז געקומען.

— עס קומט מיר שוין צו באַצאָלן פאַר מיין אַרבעט. נישט? — פרעגט מאַניס ביי אייברעמען.

— וואָס דען, נישט?

— פאַרוואָס־זשע גיט מען מיר נישט?

— ווייל איר מאָנט נישט, — האָט אייברעם געזאָגט מיט אַן אויס־דרוק אויף זיין פּנים פון עפּעס אַ וועלט־חכם — דאָ איז אַ לאַנד וואו מען דאַרף נאָר קאָנען נעמען.

— און געבן האָט מען דאָ פיינט? — פרעגט איבער מאַניס.

— מען גיט דאָ אַוועק אייז ווינטערצייט... — האָט אייברעם זיך אָנגעשפּאַרט אָן וואַנטל פון בענקל און געלאַכט פון דעם, וואָס ער האָט געמיינט, אַז ער האָט געזאָגט זייער אַן אָריגינעל קלוג וואָרט. — ווי איך פאַרשטיי, שעמט איר זיך. דאָ אין אַמעריקע לייגט מען אַוועק די בושה אין סטריט און מען לאָזט זי ווערן איבערגעפאָרן פון דער קאַר, פאַר־שטייען זי? איך וועל מיט אייך צוגיין מאָרגן אין דער פרי און רעדן מיט דזשייקאָבסן... כ'קאָן אים דאָך נאָך פון יענע יאָרן, ווען ער האָט נישט געהייסן דזשייקאָבס. אַז איך וועל אים זאָגן: באַצאָלן זי... כ'בין נישט קיין גרינער און וועל אייך בעטן אַ טעלערל זופּ... עס האָט מיר אַזוי פאַרשמעקט, — האָט אייברעם אויסגעלאָזט די לעצטע ווערטער, קוקנדיק מיט פיל געבעט אין זיינע אויגן צו שבען.

— גראָד האָב איך היינט פאַר אייך אויך. איר קאָנט מיט אונז עסן וועטשערע, — האָט שבע וואויל־שמייכלענדיק געזאָגט.

— ניין. עסן וויל איך נישט. אָבער אביסל זופּ וועל איך טרינקען, — איז אייבערעם באַשטאַנען אויף זיינעם — כ'וועל אים זאָגן: באַצאָלן זי...

מאָנים האָט זיך דערפילט אַזוי זיכער און אויפגעלייגט, ווען ער האָט מיט זיינע אויערן געהערט דאָס לאַנג־אויסגעצויגענע „באַצאָלן זי" פון אייבערעמען, אַז ער איז געווען קאַפּאַבל איצט אַוועקשענקען וואָס ער פאַרמאָגט.

(פון „איז געקומען אַ איד קיין אַמעריקע").

▲ ▲ ▲ ▲ ▲

<u>ש. אַש.</u>

# מאָמענטן פון די פרייהייטס טעג

5טן אַפּריל, אין יאָר 1905.

איך בין אין וואַרשע.

לעבעדיק איז אויף די גאַסן. טויזנטער לויפן און זיינען גרייט מקריב צו זיין זיך אויף קידוש השם...

אין פּאַוויאַק (אַ טורמע, וואו עס זיצן פּאָליטישע געפאַנגענע) איז געשטאָרבן איינער פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע. טויזנטער האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן פאַרן פּאַוויאַק און פאַרלאַנגען דעם טויטן. זעלנער זיינען באַפאַלן דעם עולם און האָבן אָנגעהויבן צו שיסן. דער עולם איז געשטאַנען ווי אַ וואַנט, און עס זיינען געפאַלן איין קאָפּ נאָכן צווייטן...

אַ פאַרוואונדעטן האָב איך געזען. די קויל איז אים אין בויך אריין, דאָס בלוט האָט זיך געגאָסן, ער איז אומגעפאַלן, דער פּאָליציייסקער איז צו אים צו און האָט אים געשלאָגן. דאָך זיין פאַרלאַנג איז אויף זיינע ליפּן געלעגן, ביז דער שכל האָט אים נישט פאַרלאָזט...

---

מיט צוויי שעה שפּעטער.

איך בין געגאַנגען אין גאַס, טויזנטער איילן זיך אהין צום פּאַוויאַק, קיינער ווייסט נישט, אויב ער וועט צוריקקומען. די אַלע זיינען גרייט מקריב צו זיין זיך און מיט גוואַלד אַרויסבאַקומען דעם טויטן.

---

ביינאַכט.

עס איז שוין גאָר שפּעט אין דער נאַכט. איך שטיי אין פענצטער.

די נאַכט איז שוואַרץ, ווי אין אַ ים. אין דער שוואַרצער נאַכט קען איך נאָר אָפּשיידן די שוואַרצע שאָטנס פון די פאַבריקן־קוימענס. איך הער אַ גוואַלד. — מענטשן לויפן. דעם אויער רייסט דורך אַן עכאָ פון אַ שיסעריי.

עמיצער קלאַפּט אין מיין טיר.

— ערלויבט.

עס קומט אַריין מיין חבר אברהם. ער ווינקט צו מיר.

— וואָס איז?

— ווילסט גיין?

— וואו?

— דאָרט אַהין...

פון דעם „דאָרט" האָב איך שוין פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט.

און מיר זיינען געגאַנגען.

איך געדענק ניט וואו און וואוהין. ער האָט מיך ערגעץ־וואו אין די אידישע גאַסן פאַרפירט, אַריין מיט מיר אין אַ לאַנגן, שוואַרצן קאָרידאָר, דערנאָך אויף טרעפּ, און אַרום אונז איז אַזוי שוואַרץ געווען. דאַכט זיך, אַז נישט נאָר די רוסישע ביוראָקראַטיע איז עס ניט אימשטאַנד צו געפינען, נאָר אַפילו ניט דער טייוול אַליין. אַרויפגייענדיק אויף די טרעפּ, האָט מיין האַרץ געקלאַפּט. אָט דאָ קום איך אין ריכטיקן „מקור"...

מיין חבר האָט ערגעץ־וואו אָנגעקלאַפּט, צי אין אַ טיר, צי אין אַ וואַנט, געגעבן אַ פּאַראָל, און אַ טיר האָט זיך געעפנט.

מיר זיינען אין אַ קליין פינצטער שטיבל. דער פלאַם פון דעם ברע־נענדיקן לעמפּל איז פאַרטרונקען אין אַ וואָלקן רויך פון פּאַפּיראָסן. איידער מיר זיינען אַריין, זעט זיך אויס, האָט מען געמוזט זיין פאַרנומען אין זייער אַן ערנסטן שמועס, נאָר ביי אונזער אַריינקומען איז דער שמועס געוואָרן איבערגעהאַקט, און עס איז זייער שטיל געוואָרן.

איינער האָט אויפן צוויטן געקוקט.

אויף אַ בעט, ביי אַ קליין טישל, איז געזעסן אַ מיידל מיט זייער שוואַרצע האָר. אַרום איר האָבן זיך איצט אַרומגעקליבן אַ פּאָר יונגעלייט און מען האָט זיך אָנגעהויבן צו סודן.

אין דער קופּקע איז אויך אַריין מיין חבר אברהם, ער האָט עפּעס זייער ערנסט געטענהט, מער מיט די הענט ווי מיטן מויל. אייניקע האָבן פּראָטעסטירט, דאָך, נאָך אַ לאַנגער ווייל, האָט זיך דאָס מיידל אָפּגערופן:

— חברים, רעדט ווייטער!

ווי עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, האָט מען גערעדט וועגן אַ גראַנדיעזער מאַניפעסטאַציע אויף מאָרגן צום צענטן פּאַוויליאָן פּאָדערן די קערפּערס פון די הינגעריכטעטע חברים: יענקלס און נאָך אַנדערע.

אין א ווינקל איז געזעסן איינער א יונגערמאַן, זייער מאָדנע אָנגעטאָן (דערנאָך בין איך געוואָר געוואָרן, אַז עס איז א זעלנער פון שלאָס), און האָט דערציילט פון דער נאכט, ווען מען האָט יענקלען זיין רעכט געטאָן.

זיכער, מיט רואיקע טריט, איז יענקל געגאנגען, געפירט צווישן די צוויי זעלנער צו דער תליה. איידער דער תליון האָט אים דעם שטריק איבערן האלז פארלייגט, האָט ער זיך געווענדט צו די זעלנער מיט די אָפיצערן:

„זעט, מענטשן זיינען זיך מוסר נפש, גייען מיט זיכערע טריט צום טויט, קעמפנדיק פאַר דער פרייהייט, פאַר א בעסערער צוקונפט, פאַר אונז, פאַר אייך...”

דער אָפיצער האָט געהייסן פויקן, אַז מען זאָל ניט הערן, וואָס ער רעדט. נאָך דער זעלנער מיט דער פויק האָט זיך א מינוט פארווייגט, געוואָלט הפנים אויסהערן, וואָס טראכט א מענטש פארן טויט.

און עס האָט זיך געהערט זיין קול...

— באָם־מ־מ־! — האָט די פויק געקלאפט.

און שוין — א לאנגער כאָרכל, א צאפּלען מיט די פיס, און פאַר אונ־זערע אויגן האָט שוין געהאנגען א טויטער קערפער, איינגעוויקלט אין א קאפּאָטע, טויט און שטום, נאָר מיט א טיפן סוד פון „יענער וועלט”... — —

דער עולם האָט די „מעשיות” אויסגעהערט שטיל, אָבער דאָך געגנוג גלייכגילטיק; זעט זיך אויס, אַז זיי זיינען געוואוינט צו אזעלכע „מעשיות”, און זיי מאכן שוין אויף זיי קיין איינדרוק ניט.

דער עולם האָט זיך איצט גענומען האנדלען איבער דעם, ווי טעכניש די מאניפעסטאציע אויסצופירן, צו פארשטענדיקן זיך מיט אנדערע אָרגאַ־ניזאציעס, א. ד. גל.

אין דעם קלאפּט מען אין טיר.

דער עולם ווערט שטיל.

מען גיט א פּאראָל און א קליין מענטשל גיט א קום אריין און פירט מיט נאָך וועמען דאָרט. מען רוימט זיך עפּעס.

עס ווערט זייער שטיל.

די אָנגעקומענע פארלאָזן באלד דאָס חדר.

— חברים! — רופט זיך אָפּ דאָס מיידל, נאָכדעם ווי זיי זיינען ארוים — ווארשע איז געוואָרן דערקלערט אין קריגס־צושטאנד, דער גענעראל־גובערנאַטאָר האָט געגעבן א באפעל די זעלנער צו שיסן ביי דער קלענסטער מאסנפארזאמלונג!

— חברים! מיר מוזן זיין גרייט אויף קרבנות צוליב דער מאניפעס־טאציע. עס שרייט אין די גאסן! — האָט זיך אָפּגערופן א קול פון אן אָנגעזעענער פערזאָן.

— געוויס! — האָבן זיך אָפּגערופן אנדערע קולות. — —

מאַנטיק.

די זון האָט אין מיין פענצטער געקוקט, באַגאָסן מיין אָרעם שטיבל מיט ליכט, און מיין הארץ האָט עפּעס ניט־ווילנדיק אָנגעהויבן צו קלאַפּן:

— מענטש, שטיי אויף!

און אָנגעצונדן מיט ענערגיע, האָט עס מיך פון די טרעפּ געהויבן. איך בין אין גאַס געקומען. שטיל איז אין גאַס. די געוועלבער זיינען צו, די שויי־פענצטער פארהאַקט. מאַסן מענטשן דרייען זיך איבער די טראָטוארן, ר'איק, מיט איינגעהאַלטענע טריט, האַנט ביי האַנט, אַקסל ביי אַקסל. און איין נשמה לעבט אין דער שווארצער מאַסע — אַ נשמה פון אחדות.

עס קומט צוגיין אַ מענטשל און וואַרפט אַ וואָרט... און ווערט פאַרשוואונדן. מען ווייסט ניט ווען, ניט וואו. און דער עולם איז שוין אַראָפּ פון טראָטואַר, פאַרנומען די גאַס, און מען גייט.

צוויי הויכע שערענגעס הייזער ציען זיך גאַנץ ווייט אַוועק און ווערן ערגעץ ווייט פאַרנעבלט. און צווישן די שערענגעס הייזער — די מאַסע, אַ ים קעפּ.

און אויף דעם ים קעפּ שווימט, ווי אַ זעגל־בוים, אַ פאָן אַ רויטע, און ווייזט אַ וועג...

ניט פון גאָלד געהעפט, ניט רייך געפּוצט, איז די אַרבעטער־פאָן. אין דער שווארצער נאַכט, אין פינצטערן קעלער, האָט די מאַמע — די נויט — דעם פאָדים געשפּינט, די שוועסטער — די סוכאָטקעניצע (פון דער טאַבאַק פאַבריק), האָט די פעדים אויף דעם וועב־שטול אויפגעצויגן, און דער ברודער — דער דלות, האָט די פאָן געשפּינט.

אין בלוט זיינען די פעדים געטונקען געוואָרן; אין בלוט פון די הרוגים, פון אָרעמקייט, פון נויט און דחקות.

פלאַטער, אָרעמקייט, פלאַטער איבער דעם ים קעפּ! און שאַרף און שטאַרק זאָג דיין וואָרט, וואַרף דיין וואָרט אין מענטשנס געזיכטער.

שאַרף און שטאַרק, ווי דיין האַמער, ווי דיין האַנט איז.

און פון טויזנטער ברוסטן איין גוואַלד, איין געשריי און איין קול.

און די „שבועה", ווי גאָטס וואָרט, ווי אַ ווינט, וואָס איז אָקאָרשט ארויסגעלאָזט פון אונטער דעם „אוצר הרוחות", טראָגט זיך אין גאַס. דער „יחיד" איז אוים יחיד געוואָרן. יעדער איז געוואָרן אַ חלק אין דעם גרויסן, גרויסן כלל — אין דעם פייער פון אחדות — וואָס איין אומגעהויערע, אומבאַוואוסטע קראַפט האָט זיי אַלע צוזאַמענגעבונדן.

פייער, אָרעמקייט, דיין יום־טוב, דיין רויטן יום־טוב — דעם יום־טוב פון דיינע הרוגים!

זעלנער קומען אָן.

א גאַנצע ראָטע. אַ מינוט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. אַ מינוט האָט זיך די מאַסע אויך אָפּגעשטעלט. באַלד ווי גאָרנישט. איינער איז אַריין אין צווייטן, און עס איז שטיל געוואָרן, זייער שטיל.

צוויי רוחות האָבן איינער דעם צווייטן אַ מינוט אין פּנים געקוקט.

מען האָט נאָך ניט געוואוסט, צי עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן... מען האָט נאָך ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָס איז. — עפּעס אַ ווינט איז דורך אונזערע קעפּ דורכגעפלויגן.

— טראַכ־כ־ך!

דאָ און דאָרטן האָבן זיך מענטשן איינגעבויגן אין דער מאַסע. און אין דעם ים קעפּ זיינען עפּעס לעבער געוואָרן. טראַכ־כ־ך!

אַ ווינט האָט מיין קאַפּעלוש אַראָפּגעשלעפּט.

מיין חבר אברהם בויגט זיך איין.

— וואָס איז דיר?

ער ענטפערט מיר ניט.

— זוכסטו עפּעס?

זיינע פיס גליטשן זיך אונטער אים.

איך בייג מיך אַראָפּ, איך טאַפּ אָן, עפּעס רינט מיר דורך מיין האַנט.

וואָס איז דאָס?

עס איז ווער געפאַלן איבער מיר.

מיין קאָפּ ליגט אויף עפּעס זייער ווייכעס.

עס איז מיר זייער פינצטער אין די אויגן...

---

פריטיק פאַרנאַכט.

די גאַס איז ווי זי וואָלט געוואָרן פון גלות אויסגעלייזט... פון אַלע הייזער האָבן זיך טיר און טויער געעפנט, און כוואַליעס מענטשן האָבן זיך פון די הייזער אַרויסגעגאָסן. אין גאַס איז היימלעך. די גאַס איז פריילעך.

אַלע מיט יום־טובדיקע פּנימער, רויטע בלימעלעך אין די קלאַפּעס, מיידלעך מיט רויטע בענדער אויף דער ברוסט, מיט געזאַנג אויף די ליפּן, לאָזן זיך פון גאַס צו גאַס. איינער קען ניט דעם צווייטן, און איינער באַגריסט דעם צווייטן; מענטשן קושן זיך אויף דער גאַס, אומבאַקאַנטע מיט אומבאַקאַנטע נעמען זיך אונטער די אָרעמס, שפּאַצירן אינאיינעם, און זינגען אינאיינעם איין פריהייטס־ליד. קיין זעלנער מיט אַ ביקס זעט מען אין גאַס ניט. די איינצלנע זעלנער, וואָס גייען אין גאַס, האָבן זיך אויס־געמישט אינאיינעם מיטן פובליקום; דאָרט קושט זיך אַ יונגערמאַן מיט אַ זעלנער, דאָרט כאַפּט דאָס פובליקום אַ זעלנער אויף די הענט און טראָגן אים אין מיטן גאַס.

— באַגריסט די פריהייט!

— עס זאָל לעבן די פרייהייט!

— הוררא!

אין די פענצטער ווייזן זיך אילומינאציעס. פון איבער דעכער שיסן אויס ראַקעטן, וועלכע צינדן אַ האַלבן הימל אונטער. און איבער די גאַסן גיסן זיך כוואַליעס מענטשן, איינע אויף די צווייטע; אויף אַלע געזיכטער שיינט איין האָפנונג, און עס גיסט זיך דאָס געזאַנג פון טויזנטער מיילער.

אַלט און יונג, קינד און קייט, זיינען אויף דער גאַס. פריי און אָפן איז אַלץ געוואָרן, עפּעס אַ גרויסער יאָך איז פון אַקסל געפאַלן, און דיר דאַכט זיך, אַז די גאַנצע וועלט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אָט יענער וועלט, פון וועלכער מיר האָבן זיך אין אונזערע קינדער־יאָרן אַזוי פיל לעגענדן אָנגעהערט — אין דער פרייהייטס־וועלט, וואָס איז אויף יענער זייט ים. דאָס פאָלק קושט דעם סאָלדאַט, וואָס עס טרעפט אָן אויפן וועג, שטעקט אָן די קעשענעס פון דעם סטראַזשניק מיט אַלע גוטע זאַכן, און וואַרעם דריקן אים יונגע מענטשן די האַנט און באַגריסן אים:

— פרייע בירגער!

פאַרגעסן האָט דאָס פאָלק די שנאה פון נעכטן, פאַרגעסן אָן דער נקמה, וואָס עס האָט געשוואוירן ביי די קברים פון די קרבנות. פאַרגעסן האָט דאָס פאָלק אָן אַלעס. און איין גרויסע ליבע האָט אַרומגענומען דעם מענטשנס האַרץ. און ברייט און ווייט האָבן זיך די אָרעמס אויסגעשפּרייט:

— גאָט, ווי ברייט איז דיין וועלט!

און צו דעם טיראַנישן באַדריקער האָט דאָס פאָלק די האַנט אויסגע־שטרעקט און הערצלעך און ברידערלעך זיין האַנט געדריקט.

— זיי באַגריסט, דו פרייער בירגער!

און די פרייהייט האָט זיך אין דער לופט געטראָגן, אָנגעפילט דעם גאַנצן רוים, און ווער עס האָט די לופט געשעפּט האָט אין זיך די פרייהייט געפילט.

— זיי באַגריסט, דו פרייער בירגער!

נאָר דאָרט ווייט אין עק גאַס, צווישן די הויכע צייזן הייזער, איז די זון אונטערגעגאַנגען אין אַ רויט געשטאַלט, און אַ נעבל האָט איינגעהילט די גאָס. דער רויטער זונען־אונטערגאַנג האָט פון דעם נעבל אַרויסגעקוקט און דערמאָנט אָן עפּעס...

עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָרט זיינען פאַרגליוועט געוואָרן די שטראָמען בלוט פון די טויזנטער יונגע לעבנס, וואָס די איינע מינוט פריי־הייט האָט אָפּגעקאָסט, און פון דאָרט, פון יענער זייט וועלט, ווינקט אַהער צו אונז דאָס בלוט און גריסט פון דער ווייטן:

— זיי באַגריסט, דו פרייער בירגער!

— צום פּאַוויאַק! פאָרן ראַטהויז!

— באַפרייען די אַרעסטירטע!

— אַמנעסטיע!

פון עק גאַס קומט אָן צו ציען אַ לאַנגע און אַ ברייטע מאַניפעסטאַציע מיט רויטע פענער און מיט געזאַנג. פאָרויס לויפט אַ יונגערמאַן, מיט אַ שטעקן אין דער האַנט, און מאַכט עפּעס מיטן שטעקן אַהין און אַהער. עס לויפט איין יונגערמאַן נאָכן צווייטן, שטעלן אָפּ וועמען זיי טרעפן אויפן וועג:

— צום פּאַוויאַק! צום פּאַוויאַק!

פאַרן פּאַוויאַק זיינען שוין געשטאַנען איין דעמאָנסטרירנדע מאַסע נאָך דער צווייטער. יעדע פּאַרטיי מיט איר פאָן. פאַר יעדער פּאַרטיי־מאַסע איז געשטאַנען אַ רעדנער אויפן צווייטנס אַקסל, און גערעדט פאַרן עולם:

— . . . מיר גניסן פון דער פרייהייט, וואָס זיי האָבן אונז געגעבן, יעצט אין דער מינוט, ווען זיי שמאַכטן נאָך אין די פינצטערע קאַמערן פון פּאַוויאַק! ניין! ניט פריער וועלן מיר אָפּטרעטן פון דאַנען, ביז זיי וועלן ניט זיין צווישן אונז!...

און וואָס אַמאָל מער זיינען אָנגעקומען איין הויפן נאָך דעם צווייטן, איין מאַניפעסטאַציע נאָך דער צווייטער און האָבן פאַרנומען די גאַסן.

פאַרן פּאַוויאַק, פנים אין פנים פון די מאַניפעסטאַנטן, זיינען געשטאַנען קאָזאַקן אויף פערד, מיט די ביקסן אין די הענט, און האָבן ניט צוגעלאָזט די מאַניפעסטאַנטן צום פּאַוויאַק צו. די מאַניפעסטאַנטן האָבן אַרויסגעשיקט פון זיך דעלעגירטע — פאָרשטעלן זייערע פאַרלאַנגען פאַר די אָפיצערן פון די קאָזאַקן:

— מיר ווילן אונזערע ברידער דאָ צווישן אונז! — האָבן די דעלעגירטע געזאָגט צו די אָפיצערן.

— חברים, לאָמיר אויפהויבן אונזערע שטימען, לאָמיר הויך זינגען אונזער פרייהייטס־ליד, אַז זיי דאָרט אין די פינצטערע לעכער פון פּאַוויאַק זאָלן אונז דערהערן! זאָלן זיי וויסן, אַז מיר זיינען געקומען הינטער די טויערן פון פּאַוויאַק זיי באַפרייען, און פריער וועלן מיר זיך ניט רירן פון אָרט, ביז זיי וועלן ניט זיין צווישן אונז! — האָט איינער געשריען פון עולם, רייטנדיק אויף אַ צווייטנס אַקסל.

„עדות די ליכטיקע שטערן...״

און פון ערגעץ־וואו גאַנץ טיף, וואו עס מוז זיין זייער טונקל און פייכט, האָבן שטימען פון ציטערנדיקע ברוסטן אָפּגעענטפערט, און עס האָט זיך געדאַכט, ווי זיי וואָלטן פון אַ הוילן פּאַס אַרויסגעגאַנגען:

„מיר שווערן! מיר שווערן!״

דאָס איז געווען די שבֿועה פון זיי דאָרט, פון שוואַרצן פּייכטן, גרויסן פּאַוויאַק...

פול מיט מענטשן איז געווען דער פּלאַץ.

אַ גרויסע אומגעהייערע שווארצע מאַסע. די מאַסע איז באַלויכטן געווען פון די פאַרשיידענע קאָלירטע לעמפּלעך, וואָס זיינען געווען אָנגעבונדן ביי די רויטע פאָנען און אָן דעם קייזערס מאָנאָגראַם, וואָס איז געהאַנגען פאַרן ראַטהויז. פון דעם טעאַטער־באַלקאָן האָבן זיך אַראָפּגעגאָסן די מוזיק־טענער פון דער „רויטער פאָן". די טענער זיינען געפאַלן אין דער מאַסע אריין, די מאַסע האָט זיי צוריק אויפגעהויבן, און עס האָט אַ ווייטער עכאָ פון טויזנטער קולות וווּיט־ווייט אָפּגעקלונגען. דאָ און דאָרט האָבן זיך געהערט רעדעס פון אַגיטאַטאָרן. בעלי־בתים, וואָס האָבן מיט אַמאָל זייערע צימערן פאַרלאָזן נאָך מאָנאַטן־לאַנגן קריגס־צושטאַנד, האָבן זיך איינגעהאָרכט מיט נייגעריקייט צו די רעדעס פון די אָראַטאָרן; זיי האָבן זיך צוגערירט מיט נייגעריקייט צו די רויטע פענדלעך, וועלנדיק וויסן, ווי זעט דאָס אויס, וואָס האָט נאָך נעכטן געשמעקט מיט טויט און היינט איז עס שוין אַזוי אָפן...

אויפן באַלקאָן פון ראַטהויז האָט זיך געוויזן דער פּאָליציימייסטער. אַ טייל פון פּובליקום האָט אים באַגריסט... און ער האָט זיך גענייגט... איין רעדנער, אַ צווייטער, אַ דריטער רעדנער — האָבן פאַרלאַנגט פון אים, אין נאָמען פון פאָלק, אַז ער זאָל באַפרייען די פּאָליטישע ארעסטירטע, מיט וועלכע עס זיינען דורך דעם קריגס־צושטאַנד פול געוואָרן אַלע טורמעס, שלעסער און גלאַט קאַזאַרמעס. ער האָט צוגעזאָגט צו באַפרייען די, וועלכע ער האָט אַרעסטירט און זיצן ביי אים אין ראַטהויז.

---

דער עולם האָט זיך צעשטעלט אין צוויי רייען. דער הויכער שווערער טויער פון ראַטהויז האָט זיך אויפגעעפנט און עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע פּאָליטישע ארעסטירטע. דאָס איז געווען אַ הויכע מאָגערע פרוי מיט אַ קינד אויף דער האַנט, איינגעוויקלט אין אַן אַלטן צעריסענעם טוך. די פרוי האָט מען געפירט דורך די רייען אונטער דער חופּה פון אַ רויטער פאָן. די מוזיק פון טעאַטער־באַלקאָן האָט אַראָפּגעגאָסן אַ שאַל־מעלאָדיע, און דער צען־טויזנט־קעפּיקער עולם האָט זי באַגריסט מיט אַ דונער־שטאַרקן „הורראַ!" אַזוי האָט מען אַרויסגעלאָזט פון ראַטהויז אַ צוואַנציק, דרייסיק ארעסטירטע.

און ווידער אַמאָל האָט זיך דער גרויסער שווערער טויער פון ראַטהויז פאַרקלאַפּט מיט זיין אייזן־ריגל פאַר די אינוויינינקסטע.

נאָר דאָס פאָלק איז אַלץ ווייטער געשטאַנען. אויפן באַלקאָן ווייזט זיך ווידער אַמאָל דער פּאָליציימייסטער מיט אַ ברוסט באַלייגט מיט אָרדנס

און נייגט זיך צום פאָלק... זיין פרוי שיקט צום פאָלק דורכן פענצטער מיט דער האַנט קושן אַראָפּ...

און דאָס פאָלק באַגריסט זיי.

נאָר נאָך ווילט זיך דאָס פאָלק. נאָך איז ניט פאַרזויערט געוואָרן דער דאַנקבאַרער שמייכל אויפן בעל־הביתעס געזיכט, וואָס דעם פאָליציי־מייסטערס ערשיינונג האָט אַרויסגערופן. מיט אַמאָל, פּלוצלונג, מען ווייסט ניט ווי אַזוי עס איז געוואָרן, אין פּובליקום ווייזן זיך קאָזאַקן אויף פערד. דאָס פאָלק באַגריסט זיי... אַ פרוי שטרעקט איר האַנט אויס צו אַ קאָזאַק.

— זאָל זיין באַגריסט די פרייהייט!

מען דריקט זיך... דאַכט זיך מען לויפט...

— וואָס איז געשען?

אַ גרויזאַמער גוואַלד דערשרעקט די לופט... אַ פרויען גוואַלד... קינדער וויינען...

מען האָט אָנגעהויבן צו לויפן. איין מענטש איז איבערן צווייטן געלאָפן. אַ שווערד האָט אַ בלישטש געטאָן, עס האָט זיך דערהערט אַ געשריי, און דער געשריי איז אין מיטן פּלוצלונג אָפּגעריסן געוואָרן... איין מענטש איז געפאַלן אויפן צווייטן, איינער האָט זיך הינטער דעם צווייטנס קערפּער באַהאַלטן. יעדער איינציקער האָט זיין קאָפּ אין יענעמס קערפּער אַריינגעשטעקט; מאַמעס האָבן זייערע קינדער הינטער זיך באַהאַלטן, באַשיצנדיק זייערע לעבנס מיט זייער פרויען־קערפּער...

די קאָזאַקן האָבן זיך מיט די פערד געגעבן אַ לאָז אַרויף אויפן פאָלק. פערדישע פּאָדקאָוועס האָבן אויף פרויען־קעפּ, אויף פרויען־ברוסטן געטראָטן. די שווערדן זיינען געפאַלן אויף קעפּ, אויף פּנימער, איבער האַלז און נאַקן. טייל האָבן באַשיצט זייערע קעפּ פאַרן קאָזאַקס שווערד מיט די פינגער פון זייערע הענט... נאָר די פינגער פון די הענט זיינען געפאַלן, ניט קענענדיק ראַטעווען די שאַרבנס פון די קעפּ. טייל האָבן אויס משוגעת זיך אַליין אונטער דעם קאָזאַקס פערד געוואָרפן, שיצנדיק זיך פון בלאַנקן שווערד, וואָס האָט געלויכטן קעגן דעם ליכט פון קייזערס מאָנאָגראַם. נאָר דער גרעסטער טייל פון עולם האָט זיך געגעבן אַ לאָז צו דעם סקווער, וואָס איז מיט אַ שוואַרץ־אייזערנעם צוים אַרומגערינגלט. אַזוי האָבן זיך מענטשן־קערפּערס צום שטאָל און אייזן זיך געפּרעסט און געשטיקט, באַגיסנדיק דאָס קאַלטע אייזן מיט דעם וואַרעמען בלוט פון זייערע יונגע לעבנס...

שוואַרץ און פינצטער זיינען שוין געווען די גאַסן אין וואַרשע. איבער

די שטיינער האָט נאָר אָפּגעקלונגען דאָס שווערע גיין פון די געדיכטע פּאַט־רולן. טיילמאָל האָט פאַרציטערט די איינזאַמע שטילקייט אַן איינזאַמע סאַלווע, וואָס האָט זיך געהערט פון אַ ווייטער גאַס... טיר און טויער זיינען געווען פאַרהאַקט. נאָר נאָך דאָ און דאָרט איז געהאַנגען פאַר אַ הויז אַן איינזאַם אילומינאַציע־לעמפּל, וואָס מען האָט אָנגעצונדן לכבוד דער פריי־הייט, און וואָס דער סטרוזש האָט ניט צייט געהאַט עס אַרונטערצוכאַפּן, איידער ער האָט דעם טויער פאַרקלאַפּט פאַר די אַנטלאָפענע, וואָס די קאָזאַקן האָבן זיי נאָכגעיאָגט... און ווי פאַרשעמט, אַן איינזאַמס, האָט דאָס לעמפּל געהאַנגען, ווי אַן אַרויסגעוואָרפענעם אויף דער גאַס...

שוואַרץ און פינצטער איז די נאַכט געווען...

שטום זיינען געשטאַנען די הייזער, איינגעהילט אין טונקלקייט. נאָר נאָך האָבן די שטילע שוואַרצע נאַכט געשטערט איינזאַמע טריט פון אַ מאַמען אין אַ שוואַרץ טוך געהילט, און אַ מאַמעס אַ קול האָט אין דער פינצטערער נאַכט געוויינט, לויפנדיק גאַס־אויס, גאַס־איין:

— מיין קינד! מיין אָרעם קליין קינד!

דאָס קלאָגנדע קול פון דער מאַמען איז אין דער שוואַרצער נאַכט פאַרטרונקען געוואָרן, ווי אַ שוואַרצער טראָפּן אין אַ שוואַרצן ים...

און ווייט אין גאַס, אין דער שוואַרצער נאַכט, האָט דער מאַמעס קלאָג־געוויין אָפּגעקלונגען:

— וואו איז מיין קינד? מיין אָרעם קליין קינד?

נאָר שטום זיינען געשטאַנען די הייזער, פאַרקלאַפּט ווי אַ טורמע פאַר די בירגער פון דעם ערשטן פרייהייט־טאָג.





א. ליעסין.

# דער באַהעלפער

זשומעט זומער אין דער פרי,
טוט אַ ליבע פרייד אַ צי,
טוי־געבאָדן, זון־באַהעלט,
דורך דער מאָרגנדיקער וועלט.

גייט זיך אַ באַהעלפערל און גייט,
זינגט פאַר זיך אַ ניגון שטילערהייט,
גייט זיך לייטזעליק פון הויף צו הויף,
קלייבט די קליינע קינדערלעך צונויף.
קינדערלעך אין אַנגסט פאַרלאָזענע,
מעקענע פון ווינט צעבלאָזענע,
פון די שחיטה־טעג געבליבענע,
פון אַ טויט־שרעק אומגעטריבענע, —
נעמט ער זיי אין חדר טריי אַוועק,
לייגט ער אָן דעם שיינעם זומער־וועג,
פירט זיי וויט אין פרישן פרי אַרויס,
לופטערט זיך דער בייזער חלום אויס.

גייט אַרויס די זון פון שייד,
גייען קינדערלעך אין פרייד,
ועלדל אויס און וועלדל איין,
אין אַ שפּיל פון גרינעם שיין.

גייט ער, דער באַהעלפער, טריי פאָרויס.
וואַקסן הינטער זיינע אַקסלען אויס
סאָסנע־שטאַמען רויטע, ריזיקע,
סאָסנע־שפּיצן גאָלדן־שפּיזיקע,

וואַלד געדיכטקייט איינזאַם־איינזאַמער,
פול מיט סומנעקייט מיט גרויזאַמער,
שפּירן קינדערלעך אין יעדן טראָט,
אַז זיי גייען, ווי חנוך, מיט גאָט.
זעען זיי אין ווילד פון וואַלד אַליין,
מאָרגן־ריין, גאָטס חסד און גאָטס חן.
צווייגן אין געדויש באַגריסן זיך,
פויגלען אין געזאַנג צעגיסן זיך,
און אַ זון אַ הייסע אויפן קאָפּ
שיקט צו זיי אַ הייסע טרייסט אַראָפּ.
ציט זיי דורכן סכך צו זון אַהין,
טאַנצן זיי פאַר איר אין גאָלד און גרין.

הודזשען צו די קינדערלעך,
סאָסנעס הויך און וואונדערלעך,
וואַלד־ווייט גומל בענטשנדיק,
מיט די קרוינען גלענצנדיק.

הויבט ער, דער באַהעלפער, אויף זיין שטים,
זינגען אַלע קינדערלעך מיט אים.
זינגט אַ זיבן־זונענדיקער שיין
כתר מלכותדיק אין וואַלד אַריין.
זינגט דורך זיבן הימלען הויך אַ שול
מיט צדיקים אין עטרות פול,
און זיי טוען זיך דערבאַרעמען,
און זיי לויכטן און דערוואַרעמען,
נעמען אַלע קינדערלעך אַריין
אין דעם זינגענדיקן שכינה־שיין.

זינגט מיט זיי אַזוי דער גאַנצער וואַלד,
און דער גרויסער פּרק שירה שאַלט,
זשוק און זשאַבע, גרילן, פויגעלעך,
בלימלעך מיט באַטויטע אויגעלעך,
אַלטער מאָך און יונגע גרעזעלעך,
ברוינער בער און ראָזע העזעלעך,
גיסן זיך צונויף אַנטציקטערהייט
אין איין גרויסער, זינגענדיקער פרייד.
גייט די שירה אין די הימלען הויך,
זינגען מיט אין כאָר די הימלען אויך.

איז פאַר גאָט דער לויב־געזאַנג
זיסער פון דעם האַרפן־קלאַנג,
ליבער פון לוויִם־קול
אין זיין טעמפּל־שטאָט אַמאָל.

אָן אַ זייט נאָר, טיף פאַרשטעקט איז סכך,
שטייט וואו דער מכשף אויפן וואַך,
אין אַ וויסטן וואָלקולאַק פאַרקליידט,
און ניט ווייט פון אים, פאַרטראַכטערהייט,
שטייט דער אשמדאי, זיין בייזער האַר.
ביידע קוקן מיט אַ טייוול־צער,
זעען דעם באַהעלפער ווי ער גייט,
און אַ נייע, וואונדערלעכע פרייד
אויפן פאָלק ישראל גייט מיט אים,
און עס זינגט דאָס וועלטאַל אין זיין שטים.

ביידע שטייען שוואַרץ און ברומען:
דער בעל־שם־טוב איז געקומען!
דער בעל־שם־טוב איז געקומען!



י. ד. בערקאָוויטש.

# דער לעצטער

(אַן אַלטע מעשה פון אַן אַלטן פּנקס)

## א

דורות־לאַנג זיינען זיי געווען רבנים אין דער אַלטער, אָרעמער, מיט גראָען כבוד באַדעקטער, אין געדיכטע פינצטערע וועלדער פאַרבאָר־געגער אידישער קהילה מוראַוואַנקע. דורות־לאַנג האָבן זיי געשמט אַרום און אַרום, נאָענט און ווייט, וואו אַ אידיש וואָרט דערגרייכט נאָר, וואו נאָר עס קלינגט הילכיק דאָס קול פון דער תורה אין די אַלטע וואָרעמע בתי־מדרשים.

גערעדט האָט מען פון זיי אומעטום, ווי מע רעדט פון אַ וואונדער אין אַ צייט, בשעת קיין וואונדער געשעען שוין ניט, ווי מען רעדט פון אַ טרייסט אין אַ צייט, בשעת די האָפנונגען זיינען שוין לאַנג־לאַנג פאַר־לוירן געגאַנגען... אויך האָט מען פון זיי גערעדט, ווי עס רעדן אוראייניקלעך פון דעם עלטערזיידנס עשירות, וואָס איז שוין איצט אויף דער וועלט נישטאָ, און פון דער גרויסער זיבנרעריקער אַלטמאָדישער זילבערנער מנורה, וואָס ער האָט זיי געלאָזט בירושה פון אַמאָליקע גוטע צייטן.

ווייל פונקט ווי אַ זיבנרעריקע אַלטמאָדישע מנורה, וואָס ברענט אין דער פינצטער, האָבן זיי געלויכטן אַרום און אַרום — אָט די אַלטע משפחה פון די באַרימטע מוראַוואַנקער רבנים.

דאָס איז געווען פאַרצייטנס, גאָר פאַרצייטנס. דענסטמאָל איז מו־ראַוואַנקע נאָך געלעגן פאַרזונקען אין מיטן פון די גרויסע פינצטערע ליט־ווישע וועלדער. די אַלטע נידעריקע, מיט מאָך־פאַרוואַקסענע הייזער זיי־נען נאָך געשטאַנען אין ברייטע גרינע גערטנער; אין די גערטנער האָבן נאָך געוואַקסן באַטווינע מיט ציבעלע, אויף די פאַרקאַנעס האָט זיך נאָך געדרייט און געגרייזלט דער געדיכטער האָפּן... דענסטמאָל זיינען שיינע אידישע בעלי־בתים נאָך אַרומגעגאַנגען אין לייוונטענע קאַפּאָטעס און גע־רויכערט אַ ליולקע פון געטריקנטע קרויט־בלעטער. געלעבט האָט מען פון דעם וואַלד, וואו מע האָט אַ גאַנצע וואָך „געטריבן סמאָלע”, און געגעסן האָט מען אין אידישע הייזער קאָרן־ברויט מיט קרופּניק.

אַן אַלטע משפחה פון רבנים זיינען געווען די מוראַוואַנקער, אַ לאַנגע קייט פון גדולים, וואָס האָט זיך געצויגן פון דור צו דור. געווען זיינען זיי אַלע הויכע, פעסטע, ברייטבייניקע אידן, אַלע אין טיפן עלטער, מיט

געדיכטע, געקרויזטע בערד. זעלטן האָט זיך ביי די דאָזיקע זקנים דורכ־
געזילבערט אַ האָר אין באָרד. געווען זיינען זיי אַלע שטרענגע און שוויינג־
דיקע, וואָס געהערט האָבן זיי אַלץ און געזען האָבן זיי אַלץ, אָבער גערעדט
האָבן זיי מער מיט די געדיכטע ברעמען און מיט די טיף־געשניטענע
קנייטשן פון שטערן, איידער מיטן מויל. אז אַ מוראוואנקער רב האָט
אַרויסגעלאָזט פון מויל דאָס וואָרט „נו" — איז שוין געווען גענוג.

דאָס רבנות איז זיי איבערגעגאַנגען בירושה, פון טאַטע צו קינד,
און צוזאַמען מיט דעם רבנות־שטול און די אַכצן גילדן אַ וואָך שכירות
האָט אַ זון געירשנט פון פאָטער אויך אַ הויכן אַלטן, פון ליכט צעברענטן
שטענדער אינ'ם אַלטן בית־המדרש, אין ווינקל פון אָרון־קודש, אַ גראָבן,
שווערן געשטופּלטן שטעקן און אַן אַלטע שבתדיקע קאַפּאָטע, אַ ליוסטרי־
נענע, וואָס בשעת מע גייט אין איר אין אַ ליכטיקן זומערדיקן שבת,
גלאַנצט זי קעגן דער זון און „שרייט" אויף אַ קול.

אָנגעקומען אין מוראוואנקע זיינען זיי מיט דורות־לאַנג צוריק, בשעת
אין שטאָט האָבן נאָך געוועלטיקט אַלטע ווילדע הײדאַמאַקן מיט מוראדיקע
גרויע וואָנסעס און מיט גרויסע בייזע הינט. איין מאָל אין אַ הושענאָ־
רבה אינדערפרי האָט זיך אין דעם אַלטן בית־המדרש באַוויזן עפּעס אַ הויי־
כער בחור, משמעות אַ דאָרפישער, פון אַ וויטן ישוב, אַ באָרוועסער,
מיט פאַרקאַטשעטע הויזן, מיט אַ פּאָר שטיוול, פאַרוואָרפענע אַהינטער
אויף די אַקסלען אויף אַ גרויסן געשטופּלטן שטעקן, מיט אַ גרויסן פּאַק
פרישע הושענות. דער בחור איז געשטאַנען אין מיטן בית־המדרש מיט
אַן אָפן מויל, אַ צעטומלטער. די הושענות האָבן ביי אים קונדייסים באַלד
צעכאַפּט. אידן האָבן זיך אַרומגעשטעלט, באַטראַכט דעם דאָזיקן מאָד־
נעם נפש, גענומען אויספרעגן ביי אים, ווער ער איז, פון וואַנען ער
קומט, וואָס איז זיין באַגער, צי האָט ער טאַטע־מאַמע, צי איז ער שוין
אַ באַווייבטער? דער בחור האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און אַ לאַנגע צייט
געשוויגן, דערנאָך האָט ער זיך באַטראַכט און געענטפערט בלויז דריי
ווערטער:

— איך וויל לערנען!

און פון דענסטמאָל אָן איז ער פאַרבליבן אינ'ם אַלטן בית־
המדרש. פון דענסטמאָל אָן האָט מען אין מוראַוואַנקע אָנגעהויבן דער־
ציילן וואונדערלעכע זאכן וועגן דעם כוח פון עקשנות — ווי אַזוי א
הויכער באָרוועסער בחור, געקומען צופוס ערגעץ פון מרחקים, האָט זיך
אַיינגעעקשנט צו ווערן אַ גדול בישראל און איז געוואָרן; ווי אַזוי ער
פלעגט עפּענען ווינטער אין מיטן נאַכט די אויוונס און לערנען ביים שיין
פון די גליענדיקע קוילן; ווי אַזוי ער האָט איינמאָל דריי טעג און דריי
נעכט נאָכאַנאַנד איינגאַנצן פאַרגעסן אָן עסן און טרינקען און איז גע־

שטאַנען איבער אַ שווערער סוגיא מיט אַ טיף־פאַרקנייטשטן שטערן, מיט אַ פּאָר שאַרפע שניידנדיקע אויגן, דערביי שטייף געהאַלטן אין דער האַנט זיין געשטופּלטן שטעקן און נישט גערירט מיט קיין גליד, און אַז ער האָט פּלוצים אויסגעפונען די סוגיא, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ געשריי „נו" און אַ זעץ געגעבן מיטן שטעקן איבערן שטענדער, אַזש דאָס בית־המדרש האָט אויפגעציטערט. דאָס האָט פּאַסירט גראָד אין אַזאַ צייט, בשעת דער עולם איז שטיל געשטאַנען שמונה־עשרה...

דערנאָך האָט מען דערציילט, ווי דער דאָזיקער בחור איז געוואָרן רב אין מוראַוואַנקע, ווי אַזוי זיין כוח האָט גענומען איבערגיין צו זיינע קינדער און קינדס־קינדער, ביז שפּעט אין די דורות. און וואָס אַ דור שפּעטער, אַלץ שטאַרקער איז געוואַקסן דער דאָזיקער כוח. עס זיינען אויפגעשטאַנען איינע נאָך די אַנדערע די ריזן, די גרויסע עקשנים פון דער תורה, מיט האַרטע און שאַרפע בליקן, וועלכע האָבן געהאַקט אין שטיין און אין פעלז.

דענסטמאָל איז מוראַוואַנקע באַלויכטן געוואָרן ווי מיט זיבן זונען. בתי־מדרשים זיינען פול געוואָרן מיט לומדים, יונגע און אַלטע קולות האָבן געהילכט איבער די גמרות, געזונגען, געוויינט, געבעטן זיך... טאַטעס און פעטערס, פאַרצאָרנטע, פאַרשוואַרצטע, וואָס אַ גאַנצע וואָך טרייבן זיי סמאָלע אין די וועלדער, פלעגן אַריינקומען בין מנחה למעריב אין די שולן, צעשטעלן זיך פאַוואָליע ביי די טירן און ביי די אויוונס, אָנשטעלן די אויערן און האָרכן. אידן בעלי־עגלות, וואָס פירן אום פאַרשוינען פון שטעטל צו שטעטל, פלעגן זיך אַמאָל אינדערפרי אַראָפּכאַפּן אין בית־מדרש אַריין, מיט די בייטש־שטעקעלעך אונטער די פאַכוועס, הערן אַ שיעור אין גמרא. און ווייבער, וואָס וואַשן זומער גרעט ביי די ברונעמס, האָבן מיט די פראַלניקעס אויף די נאַסע וועש אויסגעפּאַטשט צום טאַקט דעם ניגון פון דער תורה, וואָס האָט זיך, ווי אַ לאַנג־דערוואַרטעטע זיסע בשורה, געטראָגן פון די אָפענע פענצטער אין גאַס אַריין...

אַזוי איז מוראַוואַנקע גרויס און באַרימט געוואָרן. ווייל פון דור צו דור איז אַלץ געוואַקסן דער וואונדערלעכער כוח, דער כוח פון עקשנות, ביי די באַרימטע מוראַוואַנקער רבנים.

און דענסטמאָל האָבן אַלטע לייט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ סוד, אַז אויב עס וועט אָנשטיין אַ צענטער דור פון די דאָזיקע גדולים, וועט ביי אידן געשען נייעס אם ירצה השם...

## ב

קיין צענטער דור איז אָבער נישט אָנגעשטאַנען. דער נייַנטער פון די מוראַוואַנקער רבנים איז געווען — דער לעצטער.

ער האָט געהאַט צוויי זין, נאָר קיין גליק האָט זיך ביי אים אין שטוב ניט געהאַלטן. די זין האָבן זיך צופיל פאַרקלערט, צופיל געפרעגט קשיות און האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין ווייטע וועגן, אין פרעמדע וועגן.

איינמאָל איז אַרויס אַ קלאַנג אין מוראַוואַנקע, אַז דער עלטערער זון דעם רבס איז ערגעץ ווייט, אין דער גרויסער פרעמדער וועלט, באַ־רימט געוואָרן מיט אַ בוך, וואָס ער האָט געמאַכט, און האָט געקראָגן דעם נאָמען „פּראָפעסאָר”. אַז מען האָט עס דערציילט דעם אַלטן רב, האָט ער פריער געשוויגן, געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט די ברעמען. דערנאָך האָט ער די ברעמען אויפגעהויבן און אַ זאָג געטאָן:

— נו...

און מער קיין וואָרט נישט. לייט האָבן נאָר באַמערקט, אַז דער רב איז עפּעס בלייכער געוואָרן, און זיין בליק איז געוואָרן עפּעס שאַר־פער און טיפער.

מער האָט מען פון דעם אַלטן רבס קינדער אין שטאָט שוין ניט גע־רעדט, מען האָט נישט געקאָנט רעדן פון אַ זאַך, וועלכע דער רב אַליין פאַרשווייגט.

נאָר איינמאָל, אַ שבת־הגדול, האָט עפּעס פּאַסירט אין דעם גרויסן אַלטן בית־המדרש. דער רב איז דענסטמאָל געשטאַנען ביים אָרון־קודש איינגעוויקלט אין טלית און געדרשנט פאַר אַ פול געפּאַקטער שול. אַ שטימע האָט ער געהאַט אַ הילכיקע, אַ קלאָרע, אַ לייבן־שטימע, און בשעת ער פלעגט דונערן מיט איר איבער די קעפּ פון דעם עולם, פלעגט די לופט אָנגעצונדן ווערן, און אידן פלעגן בלייבן שטיין פאַרגאַפטע, באַצויבערטע.

פּלוצים האָט דער אַלטער אָפּגעהאַקט אין מיטן זיין דרשה און איז אַנטשוויגן געוואָרן. דער עולם האָט אויפגעשוידערט אין שטומער דער־וואַרטונג. דער רב האָט אַ ווײַלע אָנגעקוקט דעם עולם מיט זיינע שאַרפע דורכדרינגענדע בליקן, דערנאָך האָט ער פּאַמעלעך אָפּגעשאַרט דאָס פּרוכת, פּאַמעלעך צעעפנט די טירן פון אָרון־קודש און געווענדט זיך צו דער עדה:

— הערט, אידן! איך ווייס, אַז אַ סך פון אייך טראַכטן דאָס זעלבע, וואָס מיר איז איצט אַרויפגעקומען אויף די געדאַנקען. איר פרעגט זיך: ווי אַזוי שטעל איך זיך אַוועק צו זאָגן תורה פאַר אַ שטאָט מיט אידן אין דער צייט, וואָס מיינע אייגענע קינדער זיינען פון דער תורה ווייט־ווייט אַוועקגעגאַנגען? דאַרום עפן איך איצט אויף דעם אָרון־קודש און זאָג אייך, אידן, פאַר די הייליקע ספרי־תורה: קיין קינדער האָב איך שוין מער ניט! פון אונזער גאַנצער משפחה בין איך ביי אייך רב דער לעצטער...

דעמאָלט האָט זיך פון דער ווייבערשער שול געלאָזט הערן א יאָמער־לעך געוויין, אָבער דעם רבס לייבן־שטימע האָט זיי שטיל געמאכט. הילכיק, קלאָר און פייערלעך האָט ווידער געדונערט זיין קול פון תורה איבער די קעפּ פון דעם פאַרוואונדערטן, פאַרגאַפטן עולם.

עס זיינען פאַרגאַנגען יאָרן, צענדליקער יאָרן. און נאָך אַלץ איז דער אַלטער רב ניט געבויגן געוואָרן, נאָך אַלץ האָט זיך א האָר נישט דורכגע־זילבערט אין זיין אַלטער געקרויזטער באָרד. נאָך אַלץ פלעגט אים די שטאָט זען פאַרטאָג, אין דער פינצטער, ווי איינער אַליין גייט ער, א הויכער, א שלאַנקער זקן, מיט א שטעקן און מיט א לאַמטערן אין האַנט, צו לערנען ביחידות אין דעם גרויסן אַלטן בית־המדרש.

## ג.

. . . ביז וואַנען מוראַוואַנקע האָט פאַרקלונגען מיט איר גרויסן „חריף".

דאָס איז געווען אַן אָרעמען שניידערס א זון — א דאַר, בלאַס אינגל מיט א שפּיציק נעזל, מיט שפּיציקע שוואַרצע אויגלעך, וועלכער האָט זיך אַוועקגעלאָזט א בר־מצוה בחורל אין מרחקים, אין די גרויסע, באַרימטע ישיבות, און פון דאָרטן האָט פאַרקלונגען זיין נאָמען וווייט אַרום און אַרום. מען האָט דערציילט אויף אים, אַז דאָס וואַקסט א מאור הגולה, וואָס מיט זיין חריפות וועט ער איבערשטייגן די שאַרפסטע מוחות פון אַלע דורות; מען האָט דערציילט וועגן אים, אַז ער האָט אין זיך א וואונדערלעכע קראַפט, וואָס צעמאַלט „בערג" פון תלמוד און מאַכט זיי צו שטויב. ידיעות זיינען אָנגעקומען, אַז א סך באַרימטע אידישע קהילות האָבן שוין געשיקט צו אים זייערע שליחים, ער זאָל קומען און ווערן רב ביי זיי.

מוראַוואַנקע האָט אויפגערודערט. מוראַוואַנקער בעלי־בתים זיינען אומגעגאַנגען שטאַרק באַזאָרגט, וואָס זייער רב איז שוין אַלט, זיינע טעג זיינען געציילטע און קיין קינדער האָט ער ניט אויף צו לאָזן נאָך זיך אין שטאָט.

איז מען געקומען צום אַלטן רב אין שטוב אַריין פרעגן אַן עצה, צי איז אפשר א סברה, מען זאָל אַראָפּבאַכטן אין שטאָט דעם מוראַוואַנקער „חריף", דעם שניידערס זון, ער זאָל איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר פאַרנעמען די שטול פון רבנות? וואָרום נאָר דער יונגער „חריף" איז דער איינציקער, וואָס וועט זיך מעגן זעצן אויפן שטול פון די אַלטע מוראַוואַנקער גדולים.

דער אַלטער רב האָט אויסגעהערט די בעלי־בתים, אַראָפּגעלאָזט דערביי

די גערדיכטע ברעמען און זיי שוין מער נישט אויפגעהויבן. ער האָט זיי געענטפערט איין וואָרט:

— נו . . .

האָט מוראַוואַנקע אַוועקגעשיקט אַ שליח צו דעם יונגן חריף פאַר־לייגן אים דאָס רבנות; עס האָט נישט גענומען קיין סך און אין שטאָט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער חריף קומט אָן.

אַז די בעלי־בתים האָבן געדאַרפט אַרויסגיין אויסער דער שטאָט מקבל פּנים זיין דעם יונגן גדול, האָט זיך דער אַלטער רב געבעטן, אַז ער וויל אויך גיין מיט זיי. האָט מען מיטגענומען אַ שטול פאַר אים.

צוזאַמענגעטראָפן האָט מען זיך ביים וואַלד, אויסער דער שטאָט, דאָרט וואו אַ גאַנצע וואָך טרייבן אידן סמאָלע און ציען דערפון זייער שטיקל חיונה. שוואַרצע פאַרהאָרעוועטע אידן האָבן יעדע מינוט געוואָרפן זייער אַרבעט און פאַרשעמט אַרויסגעקוקט פון צווישן די ביימער, צי פאָרט שוין די בויד . . .

דאָס איז געווען פּרייטיק. אַ העלער, ליכטיקער ערבסט־טאָג. פון אַ גרויסן הויפן שטויב איז זי אַרויסגעפאָרן — די בויד, אין וועלכער עס איז געזעסן דער באַרימטער חריף. מען האָט גענומען שטעקן „שלום עליכם" פון אַלע זייטן, דער אַלטער טאַטע דער שניידער האָט זיך צוגעשפּאַרט צו אַ בוים און פאַר פרייד געיאָמערט הויך אויף אַ קול.

נאָר דאָ האָט זיך אַוועקגעשטעלט דער אַלטער רב און האָט גוזר געווען, אַז ער וועט ניט אַריינלאָזן דעם חריף אין שטאָט אַריין, וואו ער וועט ניט אויסהערן פון אים אַ שטיקל תורה.

דער יונגער חריף איז באַשטאַנען אויף דעם תנאי. עס האָבן זיך אויסגעשטעלט אידן, ווייבער און קליינע קינדער. אַלע אויגן האָבן זיך געווענדט צום שניידערס זון, אַלע הערצער האָבן האַסטיק געקלאַפּט.

געזאָגט די תורה האָט דער חריף, שטייענדיק אין בויד. צום אָנהויב האָט ער אויסגעקוקט מאָדנע צעטומלט. די שפּיציקע שוואַרצע אויגלעך האָבן דערשראָקן אומגעבלאָנדזשעט איבער די קעפּ פון דער שטיל־שווייגנ־דיקער עדה אידן. באַלד אָבער איז דאָס גאַנצע געזיכט זיינס באַלויכטן געוואָרן מיט אַ שאַרפן, שניידנדיקן געדאַנק. ער האָט גענומען זאָגן. דאָס זיינען ניט געווען קיין פּשוטע ווערטער פון דער פּשוטער הייליקער תורה, וואָס אַלע לערנען זיי און אַלע פאַרשטייען זיי. דאָס זיינען געווען — שנעלע פייערדיקע בליצן, וואָס פליען און שווינדלען איינע נאָך די אַנדערע, וואָס שניידן דורך אין איין סעקונדע אַ האַלבן הימל און באַלויכטן אים.

דאָס איז געווען א געפּעכט פון הונדערטער בלויזע שאַרפע שווערדן, ביי וועלכן קיין ווערטער זיינען נישט אָנגעגאַנגען, ביי וועלכן עס האָט געקלעדט נאָר דער ריינער קלאַנג פון געשליפענעם שטאָל . . .

דער אַלטער רב איז געזעסן אויפן שטול, אָנגעשפּאַרט אויף זיין אַלטן געשטופּלטן שטעקן, און האָט זיך צוגעהערט. ער האָט געהערט, נאָר בייזע געדאַנקען האָבן אים געטומלט, און טיפע האַרטע קנייטשן האָבן זיך איינ־געשניטן אין זיין שטערן. ער האָט געזען פאַר זיך דאָס אויסגעוויקטע, אויסגעדאַרטע בחורל מיט די שאַרפע, שפּיציקע אויגלעך, מיט דעם שאַרפן, שפּיציקן נעזל, און דער בייזער געדאַנק האָט אים אונטערגעזאָגט: דאָס זיינען נאָדלען, שניידערשע נאָדלען . . . דער דינער דאַרער פינגער פון דעם יונגן חריף, וואָס האָט געטייטלט געשווינד אין דער לופטן, האָט עפּעס אויסגעוויזן אויך פּונקט, ווי א שניידער וואָלט אײַלנדיק געמאַכט מיט דער נאָדל.

„דו שטעכסט נאָך שאַרפער, ווי דיין טאַטע...”, אָט דאָס האָט געוואָלט זאָגן דער אַלטער רב, בשעת דער חריף האָט געענדיקט זיין דרשה. ער האָט עס אָבער נישט געזאָגט. דער גאַנצער עולם האָט מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס געקוקט אויף זיינע געדיכטע אַראָפּגעלאָזטע ברעמען, נאָר די ברעמען האָבן זיך א ריר נישט געטאָן. אַנדערע האָבן מיט וואונדער געטראַכט, אַז מחמת אַלטקייט איז ער אפשר גאָר אַנטדרימלט געוואָרן.

פּלוצים האָט מען דערהערט אין דער שטילקייט א מאָדנעם טרוקענעם טרישטש און געזען האָט מען, ווי דער רב האָט זיך א צאַפּל געטאָן אויף זיין שטול. אז מען האָט זיך א וואָרף געטאָן צו אים, האָט מען אויסגע־פונען, אַז דאָס האָט זיך אונטערגעבראָכן זיין גראָבער געשטופּלטער שטעקן.

א בלייכער, א געבויגענער איז געשטאַנען דער אַלטער הויכער רב צווישן זיין עדה דערשראָקענע אידן. ער האָט פּאַמעלעך א מאַך געטאַן מיט דער האַנט צו דער שטאָט צו און שטיל א זאָג געטאָן צום יונגן חריף:

— נו, איצט קאָנסטו גיין אַהין . . .

יענעם פּרייטיק צו נאַכט איז דער אַלטער רב געקומען אין בית־מדרש אָן דער ליוסטרינענער קאַפּאָטע, ווי אַן אָבל. אידן האָבן געזען, ווי ער האָט צוגעפירט דעם יונגן רב צום ווינקל פון אָרון־קודש, אַוועקגעזעצט אים ביים הויכן אַלטן שטענדער און געזאָגט צו אים:

— אַט דאָ וועסטו זיצן . . .

אַליין איז ער אוועקגעגאַנגען און געזעצט זיך הינטער דער בימה, צווישן די אורחים אויף שבת.

א רגע האָבן אַלע געשטוינט, אין דער צווייטער רגע איז דאָס בית־מדרש פאַרהילכט געוואָרן פון אַ הויכער יללה. עס האָבן געוויינט יונג און אַלט אויף אַ קול. דער יונגער רב איז געזעסן ווי אַ קינד הינטער דעם הויכן אַלטן שטענדער און האָט דאָרט געציטערט, ווי אין פיבער.

דער אַלטער רב האָט זיך אָבער אוועקגעשטעלט מיט זיין גאַנצן הויכן וואוקס און האָט גוזר געווען:

— מע זאָל נישט וויינען . . .

ד.

דאָס איז געשען אַרום ימים־נוראים. מוראַוואַנקע געדענקט נאָך עד היום יענע טעג, אין די פאַרנאַכטן, בשעת דער הימל פלעגט ווערן רויט, ווי מיט פייער באַגאָסן. אידן פלעגן שטיין פאַרטראַכטע, פאַריתומטע, מאַמעס פלעגן טוליען די קינדער אין זייערע פאַרטוכער.

יום־כיפור צו נעילה האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער אַלטער רב איז אויסגעגאַנגען אין טלית און קיטל.

נישט לאַנג האָט געלעבט נאָך אים אויך דער יונגער חריף. ער איז געשטאָרבן ביי זיין טאַטן אין שניידער־שטיבל, און זיין לוויה איז געווען הושענא־רבה, אין אַ רעגנדיקן הערבסט־טאָג. אַלטע לייט האָבן דערציילט, אַז דאָס איז ער געבעטן געוואָרן אין הימל צו שטעלן זיך מיטן אַלטן מוראַוואַנקער רב פאַר אַ דין־תורה.



מענדעלע־מוכר־ספרים.

# מענדעלע און אַלטער אין וועג

א

קוים גיט אַ שיין די ליכטיקע זון און זומער־לעב איז אין דעם לאַנד, מענטשן ווערן ווי ניי געבוירן, און דאָס הארץ פרייט זיך זיי, קוקנדיק אויף גאָטס וועלט דער שיינער, — דענסטמאָל הויבט זיך ביי אידן אָן די רעכטע אומעטיקע צייט, צו קלאָגן און פארגיסן טרערן, עס גייט דאָס גאַנצע צעטל טרויער: תעניתים, פייניקן זיך, יאָמער און געוויין פון ספירה ביז העט אין די גרויסע בלאָטעס און נאַסע הארבסטיקע קעלט. דענסטמאָל שטעלט זיך פאר מיר, מענדל מוכר־ספרים, דער גרויסער יאריד; איך ארבעט, פאָר באַשטענדיק אַרום, צו פאַרזאָרגן אידישע קינדער אין אַלע שטעטלעך מיט די אַלע נויטיקע מאַטעריאַלן צום וויינען — מיט קינות, מיט סליחות, ווייבערשע תחינות, מענה־לשונס, שופרות און מחזורים. הכלל, אידן קלאָגן, פאַרוויינען דעם זומער — און איך מאַך דערוויל געשעפטן. נישט דאָס בין איך אויסן.

אונטערוועגס איינמאָל, שבעה עשר בתמוז, גאַנץ פרי, זיץ איך מיר אויף דער קעלניע פון מיין ביידל אין טלית און תפילין מיט דער בייטש אין דער האַנט, גאַנץ אידישלעך. די אויגן זיינען מיר צוגעמאַכט, בכדי נישט אַנצוקוקן ביים דאַוונען די ליכטיקע וועלט. מעשה־שטן אָבער איז זי, די נאַטור, ווי הייסט מען עס, געוועזן וואונדערשיין. גאָר אַ בילד. און עס האָט מיך געצויגן, עפּעס ווי אַ כישוף, אַ קוק צו טאָן. איך האָב אַ היבשע צייט מיך געראַנגלט מיט מיר אליין. דער יצר־טוב זאָגט: „פע!... מען טאָר נישט!" דער יצר־הרע אַקעגן טאָרעט: „נישקשה! האָב הנאה, נאַרעלע!" און עפּנט מיר דערביי טאַקע אויף איין אויג. עס טוט מיר אַ שיין, נאָר ווי אויף צו להכעיס, עפּעס אַ בילד־שיינע פּאַנאָראַמע: פעלדער געשפּרענקלט מיט בליענדע רעטשקע ווייס ווי שניי לעבן געל־גילדערנע ראַצעמאַרענע פּאַסן פון ווייץ און מאַט־גרינלעכע, הויך געוואַקסענע קוקו־רוזעס; אַ שיינער גרינער טאָל, באַדעקט פוןביידע זייטן מיט וועלדלעך ניס־ביימער; אונטן פליַיצט אַ טייכל, ריין, קלאָר ווי קרישטאָל, אין וועלכן עס טוקן זיך די שטראַלן פון דער זון און באַלייגן עס מיט פינקלדיקע גילדענע פינטעלעך.

„פע, פע!" — מוסרט מיך דער יצר־טוב מיט יענע ווערטער פונ'ם פּרק: אַ איד אונטערוועגס, אַז ער איז מפסיק דאָס לערנען און זאָגט: „ווי שיין דער בוים איז, ווי שיין דאָס פעלד, איז גלייך ווי ער טוט זיך אַליין אַ מעשה אָן." דער יצר־הרע אָבער פאַרטראָגט מיר אונטער דער נאָז מחיהדיקע ריחות פון סטערטעס היי, געווירצן און קרייטעכצער, וואָס צעגייען זיך אין אַלע אברים; ער צעגיסט זיך אין קונציקע ניגונים פון אַלערליי שפּיל־פייגעלעך, וואָס קיצלען ביי דער נשמה; ער לאָזט מיך פילן אויף מיין פּנים אַ וואַרעם ווינטעלע, וואָס קרייזלט מיר די פּאות, שושקעט מיר אין די אויערן: קוק, האָב הנאה און זיי אַ מענטש, דו נאַרישער איד איינער! — איך בעבע, מריקע מיר, מ'שטיינס געזאָגט, אַליין ניט רעכט צו הערן, וואָס איך בעבע. עפּעס טראָגט מיר דער מוח, עס פּיקט מיר אין קאָפּ און עס טראַכט זיך זידלערייען: געפּגערטע נפשות! ... אָן לייב, אָן לעבן.... נשמות פאַררוקטע אין טשאָלנט! ... אָן ריח, אָן טעם... דראַ־פּאַטשעס צעשאָטענע! ... פאַרדאַרטע אָפּגעשלאָגענע הושענות! ... איך צעשאָקל מיך מיט געמאַכטער כוונה, בכדי עס זאָל זיך ניט טראַכטן, און דערהער גראָד, ווי דאָס מויל לאָזט פון זיך אַליין אויס יענעם שטיקל דאַוונען מיט די ווערטער: „המחזיר נשמות לפגרים מתים", דאָס הייסט אויף קרבן־מנחה־טייטש: דער דאָ קערט אום די נשמות צו די טויטע פּגרים.

האַ, וואָס! אַקעגן וועמען? — טו איך מיך אַ כאַפּ, פאַרשעמט פון מיינע אייגענע מיאוסע געדאַנקען. און בכדי צו פאַרגלעטן מיין פעלער אַקעגן דעם ריבונו של עולם, מאַך איך קלאָמפּערשט אַ מינע, ווי נישט זיי מיין איך, דאָס פערדל מיין איך... דערלאַנג דעם שלים־מזלניק מיינעם אַ שמיצל מיט דער בייטש, מאַכנדיק דערביי: אַ־אַ־אַ, פּגירה איינע!

אַ שיינער איינפאַל אפילו! נאָר היינטיקס מאָל האָט עס ווייניק גע־ווירקט: עס האָט מיך שטאַרק געקרענקט, פאַרוואָס גראָד היינט זאָל מיר גאָר איינפאַלן אַזעלכע געדאַנקען — היינט, ווען וויינען און קלאָגן באַדאַרף מען אויף דעם גרויסן חורבן, אויף די גרויסע צרות, וואָס די קינדער ישראל האָט געטראָפן: — די קאָמאַנדע פון נבוכדנצר מלך בבל איז אריין אין ירושלים און פון איר אַ תל געמאַכט... איך מאַך אַ רחמנות פּנים און זאָג די סליחות צום היינטיקן שווערן טאָג אויף אַ וויינענדיק קול, וואָס איז געגאַנגען אַלץ העכער און טרויעריקער.

אַ איד, אַבי ער שרייט זיך אַביסל אויס מיט אַ פּיזמון, רעדט זיך אָן ווי אַ פּויק און זאָגט אָפּ אַ סליחה, דאַכט זיך אים, ער האָט שוין אַלצדינג אָפּגעטאָן און איז, ווי אַן אָפּגעשמיסן קינד נאָכן אויסוויינען זיך, ווייטער זיך גאַנץ צופרידן. איך זיץ מיר אָנגעלענט אויף דער קעלניע, גלעט מיר דאָס בערדל, שוין מיט אַ גרינגן געמיט, גלייך ווי איינער רעדט:

„מיינס האָב איך געטאָן, גענוג יוצא געווען, אצינד, גאָטעניו, איז נאָר געווענדט אָן דיר. ווייז זיך, טאַטע־פּאָטער, רחום צדיק.‟

— גיי שוין, גיי, זיי מוחל! — מאַך איך צום פערדל מיט גוטן, איבערבעטנדיק עס אין הארצן פאַר דעם צונעמעניש „פגירה‟ פריער. מיין שלים־מזלניק טוט זיך אַ קני אויף די פאָדערשטע פיס, אַ בוק מיטן קאָפּ צו דער ערד און קרעכצט, אזוי ווי גערעדט: אדוני־פּריץ! און וואָס איז עפּעס מכוח עסן? — קלוג, כ'לעבן, ווי דער טאָג! — זאָג איך, געבנדיק אים בשעת מעשה אַ ציטשן, אז ער מעג אויפשטיין, זיך שטעלן אויף די פיס, נישט אומזיסט שטייט אין די קינות: „ציון, בך כל בהמה ועוף הכמו‟, דאָס הייסט: ביי דיר, כנסת־ישראל, זיינען אַלע בהמות קלוג!... נישט דאָס בין איך אויסן.

פון דער דאָזיקער מימרא בין איך טראַכטנדיק ווייטער אַרויף אויף דער כנסת־ישראל, זיך פאַרטיפט אין די געדאַנקען מכוח זייער חכמה, זייער פירונג, זייערע פיינע־בריות און מכוח זייער לאַגע נעבעך. דער קאָפּ טאַלאַבענדעט זיך מיר אהין, אהער. עס דאַכט זיך מיר עפּעס דער פּיפּער־נאָטער, נבוכדנצר מיט דער קאָמאַנדע, אַ שרעקלעכע מלחמה, אַ קלאַפּעריי, אַ געשלעגעריי, די קאָמאַנדע ברעכט ווענט, זעצט אויס טירן, שויבן. אידן, אַ טייל מיט פעקלעך סחורה און אַלטע חפצים, טוען זיך אָן אַ כוח, שרייען גוואַלד און לויפן... איך כאַפּ אַ שטעקן, לאָז מיך — און בוך אויף דער ערד, אויסציענדיק זיך, ווי גרויס איך בין.

הפנים, אין דאַוונען האָב איך, זאָל נישט אויסגערעדט זיין, געכאַפּט אַ דרימל. מיין ביידל, טו איך אַ בליק, איז אַריין אין אַ קאַליוזשע, וואָס אויף בעל־עגלהשן לשון הייסט עס אַ „טינטערל‟; אין דעם הינטערשטן רעדל איז פאַרטשעפּעט אַן אַקס פון עפּעס אַן אנדער ביידל. דאָס פערדל מיינס שטייט אין געהאַקטע וואונדן מיט איין פוס איבער דער האָלאָבליע, פאַרדרייט אין די לייצן און סאָפּעט ווי אַ גאַנז. פון יענער זייט ביידל שיטן זיך טויטע קללות, אויף אידיש, מיט אַ קייכן און הוסטן אינאיינעם „אַ איד‟, — טראַכט איך מיר „איז אָן סכנות‟. — און טו מיך אַ לאָז אין איין כעס אויף יענער זייט וואָגן. דאָרט אונטערן וואָגן ליגט פאַר־פּלאָנטערט אין טלית און תפילין אַ איד, די בייטש פאַרדרייט מיט די רצועות, צאַפּלט און אַרבעט מיט אַלע כוחות זיך אויסצודרייען. איך שריי: סטייטש! ער — סטייטש, סטייטש! איך בטל צו אים אויס אַלע חלומות, ער בטלט צו מיר, — נישט אָנצוקוקן איינער דעם אנדערנס פּנים. איך פּילדער: ווי שלאָפט עס אין דאַוונען אַ איד! ער צוריק: ווי פּאָפּט עס אַ איד! איך גיב אים אין טאַטן, ער מיט אַ צוגאָב אין דער מאַמען אַריין! איך שמיים זיין פערדל, ער, אויספּלאָנטערנדיק זיך, לויפט און שמייסט מיין פערדל, ביידע פערדלעך שטעלן זיך דיבאָם, און מיר, שטאַרק

אָנגעצונדן, לאָזן איינער צו דעם אַנדערן זיך צו הענדום־פֿענדום, ווי די הענער, מיט דער דעה אָנצונעמען זיך פֿאַר די פּאות. אקעגן אַ רגע שטייען מיר שטיל, שאַרף אָנקוקנדיק איינער דעם אַנדערן. עס האָט געמוזט זיך אויסזען משונה־ווילד, האָבן דעם זיבעטן חן: צוויי אידישע גיבורים אין טלית און תפילין שטייען אָנגעדרודלט גרייט צו באַווייזן זייער גבורה און זיך פּאַטשן אויפֿן פרייען פעלד, ווי אין אַ בית־מדרש להבדיל!... אַזעלכעס האָט מען באמת געמעגט אויף חידושים גיין זען. מיר שטייען, קוקן, און אָט באַדאַרפֿן שוין פֿליען הייסע פּעטש; פּלוצים שפּרינגען מיר איינער פֿונ׳ם אַנדערן אויף עטלעכע טריט אָפּ און לאָזן ביידע שטאַרק פֿאַרזוואונדערט אין איין קול אַרויס: אוי, ר׳ אַלטער!... אוי־אוי, ר׳ מענדעלע!

ב

אַלטער יקנה״ז איז אַ יאָדערדיק אידל, אַ געשפּיקעוועטער מיט אַ דיק בייכל. זיין פּנים איז געדיכט באַוואַקסן מיט שמוציק־געלע האָר, פֿון וועלכע ס׳איז דאָ גענוג אויף פּאות, אויף אַ באָרד און אויף וואָנצעס אי פֿאַר זיך, אי אויף נאָך עטלעכע אידן צו באַטיילן. אין דעם ים האָר ליגט אָ וויספּע — אַ ברייטע, פֿליישיקע נאָז, וואָס איז דאָס רוב יאָר פֿאַרלייגט, אָן אַ שום התמנות. נאָר ווען עס מאַכט זיך אין איר אַ מאָל עפּעס אַ פֿאַרענדערונג, אונטער אַ פֿאַר־פּסח, אַשטייגער, בשעת עס לאָזט אומעטום, עס גייט די קריע, און דער באַלעבאָס אירער נעמט זי אין דער אַרבעט מיט אַלע פֿינף פֿינגער, דענסטמאָל בלאָזט זי הילכנדיקע תקיעות, ווי אַ שופר; דענסטמאָל קלינגט מיט איר גאַנץ טונעיאַדעווקע. אינאיינעם מיט די אינדיקעס דאָרט גיט זי דענסטמאָל קאָנצערט. אַלע אין שטעטל בלייבן פֿאַרגאַפֿט, און עס שיטן זיך איר שמעק־טאַבעקעס פֿון אַלע זייטן מיט ווינ־שעוואַניעס יקנה״ז אָן אַ צאָל: אַסים, אַסים!

אַלטער יקנה״ז איז אַ טונעיאַדעווקער מוכר־ספרים, מיינער אַ באַקאַנ־טער פֿון אַלטע יאָרן. ער איז אַ מענטשל פֿאַר זיך, נישט שטאַרק איבער־געשפּיצט, נישט קיין גרויסער בעל־דברן, שטענדיק אָנגעבלאָזן, ווי ברוגז אויף דער וועלט — הגם ער איז בטבע נישט קיין שלעכטער מענטש.

נאָך דעם ברייטן שלום עליכם פֿון ביידע צדדים, נעמען מיר זיך איינער דעם אַנדערן אויסצופֿאָרשן, דאָס הייסט ביי אונז אידן געוויינטלעך: אַ טאַפּ טאָן אין וואָגן, אָדער אַ שמעק טאָן, וואָס הערט זיך.

— וואוהין פֿאָרט אַ איד? — גיב איך אַלטערן אַ טאַפּ.

— וואוהין עס פֿאָרט אַ איד? עט... — ענטפֿערט אַלטער צוריק מיט אַ פֿרעג, ווי דער שטייגער איז פֿון אידן, נישט צו ענטפֿערן גלייך, אָפּצופּטרן יענעם מיט „עט" און אָנצושטויסן זיך אויפֿן וואונק — די אַלע חכמות,

וואָס אין דער מלאכה אָנשמעקן, אַ טאַפּ טאָן, שטעקן... — אַ איד פאָרט! אין דער ערד מיט דעם קאָפּ פאָרט ער... און ר׳ מענדעלע פאָרט עס וואו־הין? — טוט ער מיך צוריק אַ טאַפּ.

— אַהין!... וואוהין געוויינלעך איך פאָר אין דער צייט.

— איך שטוים מיך שוין אָן וואוהין; אַהין, קיין גלופּסק, וואוהין איך פאָר אויך אַצינד, — מאַכט אַלטער מיט אַזאַ מינע עפּעס, ווי עס אַרט אים, צום פּדיון זאָל עס חלילה נישט שאַדן — נאָר פאַרוואָס, ר׳ מענדעלע, איז ביי אייך היינט עפּעס מן הצד, מיט אַ הינטער־וועגעלע, און איר פאָרט נישט אַהין מיטן גלייכן שליאַך?

— היינטיקס מאָל איז מיר גראָד אַזוי אויסגעקומען, ס׳איז רעכט! שוין טאַקע אַ לאַנגע צייט בין איך אויף דעם וועג נישט געוועזן. און ביי אייך, ר׳ אַלטער, פאַרוואָס איז דאָס עפּעס הינטן־אַרום? — טו איך אַ שמעק — פון וואַנען קומט עס אַ איד?

— פון וואַנען אַ איד קומט! פון אַלדע שווארצע יאָר!... פון דעם שיינעם יאַריד. נאַט אייך אַ יאַרמעליניץ! איינגעזונקען זאָל זי ווערן!

און דערוויל ווי אַלטער מיינער שילט, פלוכט יאַרמעליניץ מיט דעם יאַריד דאָרט, פאָרן אָן אַקעגן גוויישע פורלעך מיט אַ געשריי, פאַרוואָס דער וועג איז פאַרשטעלט. דערנאָך ווי זיי האָבן דערזען, צוקומענדיק, מיך און אַלטערן, ביידע אין טליתים מיט גרויסע של־ראשן אויפן קאָפּ און לאַנגע ברייטע רצועות, צעשרייען זיי זיך שוין גראָבלעך, מיט געשפּעט:

— באַטשיטי, יאַקי פּאַני־בערי, ע־ע! טראַסצאַ וואַשי מאַטערי, דאַיטע דאָראָגי! היי כודקאָ זשידקי, לאַבסאַרדאַקי!

איך מיט מיין אַלטערן טוען מיר געשווינד זיך אַ נעם צו די ביידלעך מיט אימפּעט. אַ פּאָר פון די פויערן, כאָטש נישט פון אידישע קינדער, נאָר דעם אמת מוז מען זאָגן, האָבן געהאַט אַזויפיל יושר צו העלפן אונז אין דער נויט. און בזכות זייער שטופּן טאַקע איז מיין ביידל באַלד אַרויס פון׳ם טינטערל. זיסט, וואָלטן מיר זיך אַוועקגעבאָברעט, גאָט ווייסט וויפל, און נאָך געקענט מיאוס צערייסן אונזערע טליתים. מיט די עשום אינ־איינעם איז שוין אויסגעקומען גאָר עפּעס אַנדערש: זיי האָבן געשטופּט אויפן רעכטן אמת טאַקי, והידים ידי עשו, באַלד געוועזן צו דערקענען עשום הענט, און ביי אונז, להבדיל, איז נאָר געוועזן הקול קול יעקב, דאָס הייסט, מיר האָבן זיך נאָר געקוועטשט, זיך געמאַכט ווי מיר שטופּן קלאָמפּערשט... נישט דאָס בין איך אויסן. ווי באַלד נאָר דער וועג איז געוואָרן פריי, זיינען די גראָבע חמוליעס זיך געפאָרן זייער וועגס, אויסדרייענדיק די פּרצעס צו אונז און אַליץ געלאַכט, געשפּעט, וואָס מיר גייען אָנגעטאָן, ווי גלחים, להבדיל, לעבן די פערד אין וועג, און דינען דעם בורא מיט דער בייטש אין דער האַנט... אַ טייל האָבן, טייטנדיק אויף אונז מיט אַן עק

פאַלע, ווי אַ „חזיר־אויערל״, געשריגן: „זשיד כאַלאמיי!״ אלטערן האָט עס נישט געאַרט. אויך מיר לייט! — מאַכט ער מיט אַ קנייטשל — פאַר ווּעמען, מ׳שטיינס געזאָגט, מען האָט זיך דאָ צו שעמען!... מיך אָבער האָט דאָס שפּעטן זייערס יאָ געאַרט: גוואַלד, ריבונו־של־עולם, פאַרוואָס? פאַרוואָס? פאַרוואָס?...

(פון „פּישקע דער קרומער״.)



ש. אַש.

# הכנסת אורחים

דאָס ווייבל האָט געוואָלט דעם מאַן געפעלן ווערן. זי האָט זיך אין שטוב ארומגעקוקט צי איז אַלץ אַזוי צוגעגרייט, ווי ער האָט עס ליב. זי האָט באַמערקט דעם צוגעשטעלטן טיש פאַר די אורחים מיט די וואָכעדיקע מעשענע לעפל און מעשענע לייכטער און מיט די ברענענדיקע ליכט אין זיי; און געוואוינט איז זי געווען פון דער היים אויס, אַז אַלץ זאָל זיין שיין, יעדע זאַך אויף איר אָרט, און עס האָט איר געשטערט אַט דאָס וואָכעדיקע, וואָס רייסט זיך אריין אין איר שבת אריין. זי האָט נישט פיינט געהאַט די אורחים, — נאָר זיי מיט זייערע שמוציקע קאַפּאָטעס, דאָ ביי דעם הערלעך־געדעקטן טיש!... פאַר ליכט צינדן איז עס נאָך געווען, האָט זי געהייסן די דינסטן גרייטן פאַר די אורחים אַ באַזונדערן טיש אין קיך און אַרויפ־שטעלן די מעשענע לייכטער מיט דעם וואָכעדיקן געפעס, כדי אַז זי מיט דעם מאַן און די קינדער זאָלן זיין ביי דעם טיש אַליין. זי האָט געמיינט, אַז עס וועט אים געפעלן אַזוי. דער טיש איז אַזוי שיין, שבתדיק!

עס איז אַראָפּגעקומען די עלטערע טאָכטער פון דער הויך, אויך שבתדיק אָנגעטאָן, מיט איר צירונג באַפּוצט. זי האָט געזען דעם באַזונ־דערן טיש, וואָס איז אין קיך געגרייט געווען, און איר האָבן פאַרדראָסן די נייע מאָדעס, וואָס מען פירט דאָ איין נאָך איר מוטערס טויט. נאָר דער „מומען״ זאָגן עס האָט זי נישט געוואָלט, האָט זי געוואַרט ביז דער פאָטער וועט קומען אַהיים פון שול. און כאָטש זי האָט די „מומע״ ליב געהאַט און זיך גוט פאַרטראָגן מיט איר, האָט זי דאָך אין האַרצן נקמה געוואָלט דערלעבן אָן איר, דערפאַר, וואָס זי פאַרנעמט דער מוטערס אָרט. זי האָט געוואוסט, אַז דעם פאָטער וועט פאַרדריסן די גרויסאַרטיקייט, וואָס דאָס ווייבל פירט איין אינדערהיים. דאָס ווייבל האָט זיך אפילו

געוואָלט מיט דער טאָכטער מיישב זיין, האָט זי אָבער געוואוסט, אַז אַ טאָכטערס האַרץ איז שטענדיק אָנגעקניפּט אָן דער מוטער... און איבע־ריקנס איז זי די בעל־הביתטע אין דער שטוב און טוט, וואָס איר געפעלט.

דערווייל איז דער שבת אָנגעקומען מיט רואיקע טריט. איבערן הימל האָט זיך די טונקעלע נאַכט אויסגעשפּרייט, ווי אַ שוואַרץ זיידן טוך מיט שטערן באַנייט. דאָס שטעטל האָט זיך אין טונקעלן שאָטן געהילט, די געוועלבלעך זיינען געווען פאַרמאַכט, די שבת־ליכטלעך האָבן פון די פענצ־טער אַרויסגעקוקט. און אַ שבת־יום־טובדיקייט איז איבערן שטעטל ווי אַ זאַנפטער שלאָף געפאַלן. אידן גייען שוין פון דאַוונען אַהיים. רב שלמה מיט דעם איידעם און קינדער, מיט די יונגען, זיינע מענטשן — און אַ פּעקל אורחים הינטער אים. רואיק, מיט שבתדיקע טריט, טרעט זיך רב שלמה און מאַכט זיך מיט דער האַנט די שוואַרצע געדיכטע באָרד גלייך, פאַרשפּרייט זי איבער זיין וויים־געפּרעסטן העמד, איבער זיין שוואַרצן זיידענעם ראָק, און די אידישקייט שמעקט אַראָפּ פון אים. ער קוקט אויף די אָרעמע שטעטלשע גויים, וועלכע דרייען זיך אַרום האַלב־שכור אין געסל, אין זייערע וואָכעדיקע קליידער, און באַדויערט זיי פון טיפן האַרצן, וואָס דער ריבונו של עולם האָט מיט זיי דעם חסד נישט געטאָן און זיי דעם שבת ניט געגעבן. עס בעט זיך דער איד און ווינטשט פון גאַנצן האַרצן, אַז משיח זאָל קומען, די וועלט זאָל ווערן אויסגעלייזט, און אַלע גויים פון דער וועלט זאָלן אָננעמען אידישקייט.

אַריינגעקומען אין שטוב, געזאָגט גוט־שבת; מיט אַ שטילן רואיקן שמייכל, וואָס שיינט איבערן פּנים פון אַ פול האַרץ מיט פרייד, באַגעגנט חנהלע זיין „גוט־שבת" און ענטפערט אָפּ אין דער שטיל: „גוט־שבת, גוט־יאָר". רב שלמה דערפילט אין איר טאָן און אין איר מינע די וואַרעמ־קייט פון איר האַרץ, וואָס ליגט ווי אַ ליכט אויסגעגאָסן איבער איר גאַנצער געשטאַלט, און מיט אַ האַרץ פול פרייד באַגריסט ער די שבתדיקע מלאָכים, וואָס קומען מיט אים אין שטוב אַריין. ער קוקט אויף דעם וויים־געדעקטן טיש, אויף די זילבערנע לייכטער און דאַנקט דעם ריבונו של עולם פאַר אַלץ, וואָס ער טוט מיט אים. און אַ גרויסע שטאָלצקייט פילט אים אָן, אַ שטאָלצקייט אויף זיין אידישקייט, אויף גאָט און אויף דער תורה, וואָס ער האָט די אידן געגעבן. ווי אַ קיניג פילט ער זיך אין זיין היים. אַוועק איז דער גלות, חורבן ירושלים איז קיינמאָל ניט געווען, און בבל און רוים האָבן קיינמאָל נישט עקזיסטירט. און ווי אַ נצחון־ליד איבער זיינע אייביקע שונאים, די גריכן מיט די רוימער, ווי ער וואָלט ערשט פון בית־המקדש צוריקגעקומען, און דאָ איז זיין ירושלים, זינגט ער „שלום־עליכם, מלאכי השרת".

אָבער פּלוצלונג דערזעט ער דעם געדעקטן טיש אין קיך פאַר די

אורחים. אַ צער דריקט זיין הארץ, וואָס זיין שבת ווערט פאַרשטערט. ער ווייס, וואָס דאָס איז, און האַלט זיך איין מיט אַלע מעגלעכקייטן נישט צו שטערן זיין שבת. ער זעט, ווי די אורחים זעצן זיך שוין אויס אין קיך ביים טיש — און דער צער אין הארץ ווערט נאָך גרעסער. פאַר־שעמט ווערט ער פאַר זיך. „אַן אורח איז געגליכן צום ריבונו של עולם; אַז דו ביסט מכבד אַן אורח, איז ווי דו וואָלסט דעם ריבונו של עולם מכבד געווען", — דערמאָנט ער זיך, וואָס דער גאָסטינינער רבי האָט אים אַמאָל געזאָגט. און ווער איז ער דען, וואָס ער זעצט זיך ביי זיין שיינעם טיש, און דעם ריבונו של עולם לאָזט ער אין דער קיך? אָבער שבת איז עס. קיין איין וואָרט רעדט ער נישט, גייט צו צום טיש, נעמט אַראָפּ די פלאַש מיט וויין מיט דעם כוס פון זיין טיש, טראָגט עס אין דער קיך אַריין און זעצט זיך אַוועק ביי די אורחים. באַלד האָבן זיך אַלע אויפגעהויבן פון טיש און זיינען נאָכגעגאַנגען דעם פאָטער אין קיך אַריין. קיינער האָט נישט דערוועגט זיך קיין וואָרט צו רעדן, ניט צו פרעגן. די אורחים האָבן באַלד צווישן זיך אָרט געמאַכט. מען האָט אָנגעהויבן איבערטראָגן אין קיך אַריין די שטולן, די טעלער און די לעפל. אַלע האָבן זיך אין קיך אויסגעזעצט ביים אָרעם־געדעקטן טיש, מיט די מעשענע לייכטער, און די גרויסע זילבערנע לייכטער האָבן זיך פאַרשעמט און איינזאַם געברענט אין דער גרויסער שטוב.

דאָס ווייבל איז פאַרשעמט געוואָרן. רויט און בלאַס איז זי דעם גאַנצן אָוונט געווען, און נישט איינמאָל זיך טועה געווען ביים טיילן. דער עולם איז געזעסן שטיל. נאָר באַלד האָט זיי רב שלמה באַרואיקט מיט זיינע בליקן. נאָך דעם קידוש, ביי די פיש, האָט ער אָנגעהויבן פריינטלעך צו רעדן מיט די אורחים, מיט די קינדער און געשמייכלט ליבלעך צום ווייבל, און גערעדט צו איר, גלייך ווי עס וואָלט גאָרנישט געווען פאָרגע־קומען. און געשפילט האָט ער זיך מיט די קינדער, געגלעט די מיידלעך איבער די קעפּלעך און געפרעגט די אינגלעך עפּעס פון לערנען. באַלד האָט מען אָנגעהויבן זמירות צו זינגען, און אַלע האָבן פאַרגעסן, אַז זיי זיצן אין דער קיך. אַלע זיינען צוריק פריילעך געוואָרן, באַרואיקט זיך, און דער שבת איז זיך געגאַנגען זיין געוויינלעכן יום־טובדיקן גאַנג.

נאָר דאָס ווייבל אַליין איז געזעסן אַ טרויעריקע. און וויפל רב שלמה האָט זיך באַמיט זי צו באַרואיקן מיט די בליקן און מיט גוטע ווערטער, האָט עס נישט געהאָלפן. זי איז געזעסן אַ טרויעריקע און האָט רואיק געטיילט ביים טיש.

אַז זיי זיינען צו זיך אין צימער אַריינגעקומען, איז רב שלמה צוגע־גאַנגען צום ווייבל, האָט זי געגלעט איבערן קאָפּ און געזאָגט אַזוי:

— ביסט פאַרשעמט געוואָרן, חנהלע. אָבער וואָס האָב איך געזאָלט

טאָן? אַז דו ביסט מכבד אַן אורח, איז ווי דו וואָלסט מכבד געווען דעם ריבונו של עולם. און ווער, וואָלסטו געוואָלט, זאָל ליבער פאַרשעמט ווערן: דו, צי דער ריבונו של עולם?

זי האָט אין דער שטיל דעם קאָפּ צו דער ערד געבויגן און געזאָגט מיט אונטערטעניקייט און מיט אַ וויינענדיקער שטימע:

— איך וויים ניט, ווי אַזוי איך זאָל זיך פירן. לערן מיך, שלמה, לערן מיך, איך וועל דיך פאָלגן...

(פון „רב שלמה נגיד“).



## ח. נ. ביאַליק.



# דער מתמיד

(פראַגמענט)

— — — אָפט ווען דו גייסט זיך אַליין איבערן שטעטל,
נ'אַ זומערדיק ליכטיקע פראַכטיקע נאַכט, —
שטיל סודן זיך גרעזלעך און שטערנדלעך פינקלען,
און זים ווייט אַ ווינטל פאַרחלומט און זאַכט,
דאַן הערט זיך פון ווייטן אַ טרויעריקע שטימע,
און ס'זעען אַ שיין פון אַ ליכט דיינע אויגן.
דאָרט ווייט דורך אַ פענצטער — אים רייסט דורך אַ שאָטן,
וואָס וויגט העער און הין זיך מיט האַלב־שיין באַצויגן;
און ס'טראָגט זיך אַ ניגון, אַ וויינענדער ניגון,
וואָס נעמט אָן ביים האַרצן אין שטילקייט פון נאַכט:
דאָס זעסטו אַ מתמיד, וואָס האָט זיך אין תפיסה,
אין פינצטערער תפיסה גוטוויליק פאַרמאַכט!
אָט דאָרט אין דעם הויז איז אַוועק ניט איין טאָג אים,
נאָר גאַנצע זעקס יאָר זיינען דאָרטן פאַרפלויגן;
אָט דאָרט איז זיין יוגנט און קינדהייט פאַרלאָפן,
פאַרלאָשן דאָס ליכט פון די לויטערע אויגן.
קיין טאָג — נאָר זעקס יאָר, זייט ער האָט צו דעם ווינקל,

צום פינצטערן ווינקל, געוועגדט זיין געזיכט ;
געזעסן פאַר זיך האָט ער אַ וואָנט נאָר און שפּינוועבס,
קיין איינציקן שטראַל ניט, קיין אָפּגלאַנץ פון ליכט,
זיין שטענדיקער הונגער, ניט שלאָפן, זיין וועלקן, —
וואָס האָט ביי דעם אינגל דאָס אַלץ פאַר אַ ווערט ?
צי ווייסט ער דען ניט ווי אַמאָל פלעגט מען לערנען ?
צי ווערט ניט ביי אידן אַ למדן פאַרערט ?

עס זיינען זעקס יאָרן פון קינדהייט און יוגנט
פאַרשוואונדן אָן לעבן, אַזוי ווי אַ שאָטן,
אַזוי ווי זיי וואָלטן דאָס הויז ניט באַרירט גאָר
און גאָר ניט דעם ווינקל פון אינגל באַטראָטן ;
אַזוי ווי ס'וואָלט הינטער דער וואַנט אויסגעגאַנגען
דאָס לעבן מיט גאָר זיינע ליידן און פריידן,
און גלייך ווי די ערד וואָלט זיך ווינטער אין ווייסן
און זומער אין גרינעם גאָר אויפהערן קליידן ;
די זון וואָלט זיך הינטערן פענצטער פאַרלאָשן,
און ס'וואָלטן ניט וואַרעם די שטראַלן געלויערט,
זיך ברעכנדיק צווישן די צווייגן פון דעמב־בוים,
וואָס שטייט לעבן פענצטער פון הויז טיף פאַרטרויערט ;
ווי ס'וואָלט גאָר קיין ריכטיקע נאַכט ניט געווען דאָ,
דער פרילינג וואָלט גאָרניט געפישופט, געצויגן,
און גלייך ס'וואָלט דאָס אינגל גאָר יונג ניט געוועזן, —
אַזוי זיינען גאַנצע זעקס יאָרן פאַרפלויגן !

אין שטייענד פאַרשימלטן זומפּ, אין ישיבה,
פאַלט אויך וועגן אַ נייעס אין לויף פון די יאָרן ;
עס האָבן די בחורים אויך אין זיך הערצער,
און צוויי מאָל אין יאָר ווערט דער עולם צעפאָרן.
און ס'ווערט די ישיבה צעריררט און צערודערט,
פיל גייען אַוועק, ס'קומען אַנדערע צו, —
פיל וואַרפן אַוועק זייער טרויעריק לעבן
און לעבן צופרידן, אָן דחקות, אין רו ;
און פילע באַזעצן אַרום זיך אין דערפער
און עסן זיך „טעג", ווי עס פירט זיך ביי אידן,
און ווייט פון דעם אויג פון דעם שטרענגן משגיח
בכבודיק לעבן זיי דאָרט און צופרידן. — —

נאָר איינער שטייט אַליין צו זיין אָרט צוגעשלאָגן, —
די מעשים, די יאָרן נאָר הינטער אים פאַלן;
און פאַר אים? פאַר אים שטייט אַ וואַנט ווי פון אייז,
אַ טונקעלער ווינקל אָן ליכט און אָן שטראַלן!

זינט ס'האָט זיך דאָס אינגל אין ווינקל פאַרקליבן,
האָט קיינער באַמערקט זיין אַוועקגיין, זיין קומען;
דער שמש צומאָל ניט געוואוסט האָט די שעה,
ווען ער גייט אַהיים רוען און טוט צוריקקומען.
געוואוסט דערפון האָבן ניט מער: די לבנה,
דער פריאיקער מאָרגן, די פינצטערע נאַכט;
די זון האָט אים קיינמאָל, קיינמאָל נישט געזען,
בשעת זי שיט טויזנטער שטראַלן און זי לאַכט.
באַגינען, ווען שווער איז נאָך אונטערצושיידן
„פון בלוי־פאַרב ביז ווייס, פון אַ וואָלף ביז אַ הונט",
ווען ס'גלאַנצן אין טונקעלער שטילקייט די שטערן
אין הימל, וואָס האָט זיך פאַרשפרייט הויך און רונד;
ווען ס'זיינען נאָך אַלע אין שלאָף טיף פאַרזונקען,
דאָס האָן־קרייען טוט זייער רו אויך ניט שטערן,
און איידער ס'ערוואַכן, גאָטספאָרכטיקע אידן
צו דינען דעם בורא, אים לויבן און ערן;
ווען ס'וואַרט די נאַטור צו ערוואַכן צום לעבן
צום נייעם, און שווייגט זיס פאַרכישופט און שטיל,
גלייך ווי זי וואָלט טרוימען איר חלום דעם לעצטן,
באַהאַלטנדיק טיף אַ געדאַנק, אַ געפיל,
נ'די פאַלבן פון שוואַרצן, פון אַטלאַסנעם קלייד;
און שטיל און באַזאַכט טראָגט זיך ערגעץ אַ ווינט, —
דאַן וואַכט אויף פון שלאָף פון זיין קורצן דאָס אינגל,
קליידט אָן זיך און לויפט צו זיין ווינקל געשווינד.
עס הערט נאָר דאָס זיסע, דאָס גלעטנדע ווינטל
די טריט פון דעם אינגל, וואָס גייט זיך זיין וועג;
און שטערן נאָר זעען אים הויך אינ'ם הימל,
אין הימל דעם טיפן אָן שיעור און אָן ברעג.

דאַן טרעפט, אַז עס שפרינגט, מעשה שטן, אַנטקעגן
אַ שטיפעריש ווינטל, וואָס וואַרעמט און גלעט;
עס קרייזלט די פאות פון אינגל מיט ליבשאַפט

און סודעט אים זיס אויף זיין אויער און רעדט.
און שווער קלעפּן צו זיך די ברעמען פון אינגל,
אַזוי ווי זיי וואָלטן געבעטן אים שטיל:
„האָב, ברודער, רחמנות און לאָז אונז נאָך רוען,
דו האָסט אונז, אוי ברודער, געמאַטערט צו פיל!
דו האָסט אונז אַ זומער־טאָג לאַנגן און שווערן
געמאַטערט, געפּייניקט ביז שפּעט אין דער נאַכט;
גיי, לייג זיך, און מיר וועלן אויך זיך אויסרוען:
מיר זיינען פון אַרבעטן שווער אָפּגעשוואַכט!"
נאָר ס׳פירט פּלוצלונג איבער די אויגן דאָס אינגל
זיין מאָגערע האַנט — און אַוועק דער געדאַנק!
און ס׳הערן די ליידיקע פינצטערע גאַסן
פון איילנדע טריט און געשווינדע דעם קלאַנג.
ס׳פאַרקלייבט זיך דער ווינט דאַן אין גרינס פונ׳ם גאָרטן
און גלעט און שטיל מורמלט זיס־ליבע געזאַנגען:
„זע, קינד מיינס, ווי ווייך איז און פריש מיין געלעגער,
לעב אויף נאָך, כל זמן ס׳איז דיין לונג נית צעגאַנגען!" —
„אויך מיר שלאָפן", — שעפּטשען די גראָזן פון חלום,
וואָס שטייען מיט טוי ווי מיט פּערלען באַצויגן.
עס ווינקן די גאָלדענע שטערן פון הימל:
„אויך מיר שלאָפן רואיק מיט אָפענע אויגן!"
און ריחות פון גראָזן און בלומען באַרוישן,
טיף פילן אָן ס׳אינגל מיט לעבן און לוסט;
אַ גאַנצער שטראָם לופט גיסט אַריין זיך אין האַרצן,
און גרינגער דאַן ווערט זיין פיל ליידנדער ברוסט.
דאַן לאָזט ער די הענט אָפּ מיט שוואַכקייט, אָן קרעפטן,
אַזוי ווי׳ר וואָלט בעטן: „טראָג ווייטער מיך, ווינט!
דאָ איז מיר דאָס אָרט ענג, דאָ בין איך פאַרמאַטערט,
אָ, טראָג מיך פון דאַנען אַוועק, גיך, געשווינד!"
אַ קלאַפּ אין דעם פאַרקאַן פון גאָרטן דערמאָנט דאַן
דעם אינגל, אַז ער האָט פאַרבלאָנדזשעט פון שטעג;
ער דערמאָנט זיינע פליכטן, זיין ווינקל, זיין לערנען,
און קערט זיך אום ווידער, גייט ווידער זיין וועג.

עס הערשט אין ישיבה אַ הייליקע שטילקייט:
דער ערשטער צעשטערט זי דער מתמיד, דאָס אינגל;
עס וואַרטן אויף אים דריי חברים, מיט וועלכע

עַר איז שטאַרק באַפרײַנדעט אין פינצטערן ווינקל:
דער שטענדער, דאָס ליכט און די ברייטע גמרא.
ער אײַלט צו די פריינט, קיין מינוט צו פאַרלירן,
און הויבט גלייך אָן לערנען מיט לוסט און מיט חשק,
און טוט ווי אַ משוואָק פון זיין אָרט זיך ניט רירן,
דעם טאָג דורכאַנאַנד ביז גאָר שפּעט אין דער נאַכט.
דאָרט עסט ער אין ווינקל זיין שטיק שוואַרצן ברויט, —
ס'איז שטאַרקער פון שטיין און פון אַייזן אַ אינגל
אַ אידישס, וואָס לערנט די תורה דורך נויט!



י. ל. פּרץ.

# דער זינדיקער

## א.

— — — ויהי היום — איינמאָל, זיצנדיק פאַר מנחה אין ערשטן חדר, דערהערט ר' חייא פון פאָדערהויז אַ ויכוח; עס הערן זיך צוויי קולות: אַ קול אַ בייזערדיקס, דעם ריש־דוכנאָס קול, און אַ צווייט קול, אַ יונגס, אַ פרעמדס — מן הסתם פון אַ פרעמדן בחור. און דאָס קול פון פרעמדן בחור מאַכט אויף ר' חייאן אַ גרויסן רושם. אויף אַזאַ קול האָט ער געהאָפט, אויף דעם האָט ער מתפלל געווען! פאַרמאַכט ר' חייא דאָס ספר, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר זיך, און וויל זיך לענגער איינהערן, האָקט זיך אָבער דער צווייטער, בעטנדיקער קול איבער, און עס הערט זיך נאָר דעם ריש־דוכנאס קול, וואָס מוסרט און בייזערט זיך. גיט ר' חייא אַ קלאַפּ אין טיש, פאַר אַ סימן, אַז ער רופט. עפנט זיך די טיר, און עס באַווייזט זיך פאַר אים דער ריש־דוכנא, אַ צערודערטער, אַ דערשראָקענער, און שטעלט זיך פאַר ר' חייאן כעבדא קמיה מריה, און זיין אַלט פּנים איז נאָך בלאַס, די אויגן שפּריצן נאָך מיט פייער, און די נאָז־פליגל טאַנצן — אַזאַ כעסן איז ער געווען.

וואָרנט אים ר' חייא: כל הכועס!...

— ניין, רבי! — בלאָזט זיך אָפּ דער ריש־דוכנא — עס איז משיחס צייטן — אַזאַ חוצפה! אַזאַ חוצפה פון אַ בחור!

— נו, נו, וואָס וויל ער, דער בחור?

— ער וויל א קליינוקייט: אריין צו אייך אין ישיבה!

— נו?

— פרעג איך אים: קאָנסט ש״ס ופוסקים? זאָגט ער: ניין! — כאָטש משניות? — פרעג איך ווייטער — ניין! — מאַך איך מיר א שפּאַס: און „עין יעקב״? — אויך נישט! — שפּאַס איך שוין ווייטער: און דאַוונען?—צעוויינט ער זיך!—וואָס איז? דאַוונען אין סידור קאָן ער, נאָר פּירוש המלות האָט ער פאַרגעסן! — שוטה, וואָס-זשע ווילסטו? — צו ר׳ חייאַן וויל ער! — נאָך וואָס? זאָגט ער, אז ער וויל אייך בעטן, איר זאָלט אים לאָזן זיצן אין ישיבה און צוהערן זיך צום שיעור, אפשר וועט אים גאָט העלפן, ער וועט זיך דערמאָנען!

— געקאָנט, הייסט עס, און פאַרגעסן, — זיפצט ר׳ חייא אָפּ — א חולה, נעבעך; און וואָס איז דער כעס?

— וואָס דער כעס איז? —אדרבא, — זאָג איך אים — איך וועל דיך אריינלאָזן צו ר׳ חייאַן. טראָגט אָבער דער בחור א לייוונטענעם מלבוש, ארומגעבונדן איז ער מיט א האַנפענעם שטריק איבער די לענדן און האַלט נאָך אין דער האַנט א וואַלד-שטעקן, ווי א גזלן, — אַן אָפּגעשיילטן צווייג פון א מאַנדל-בוים. זאָג איך אים: גוט, בחור, איך וועל דיך אריינלאָזן צו ר׳ חייאן, נאָר טו דיך איבער. האָסט אַנדערע מלבושים? — נישט ער האָט, נישט ער וויל זיך איבערטאָן... ער טאָר נישט, זאָגט ער. — לייג כאָטש אוועק דעם שטעקן! — דאָס אויך נישט! ער טאָר דעם שטעקן נישט ארויסלאָזן פון האַנט, נישט בייטאָג, נישט ביינאַכט; ער שלאָפט מיטן שטעקן!

פאַרשטייט ר׳ חייא, אז ער איז א בעל-תשובה, זאָגט ער:

— יבוא, זאָל אריינקומען דער בחור.

קומט ער אריין א בלאַסער, א מאָגערער; אָנגעטאָן, ווי דער ריש-דוכנא האָט אים אויסגעמאָלט, און שטעלט זיך ביי דער טיר.

רופט אים ר׳ חייא צו צו זיך נענטער, דערלאַנגט אים „שלום״, לאָזט זיך נישט פאַלן צו די פיס, נישט קושן די האַנט, און אז ער זעט, אז דער בחור הויבט אויף אים זיין אויג נישט אויף, פרעגט ער:

— קינד מיינס, וואָס לאָזט דו די אויגן אראָפּ פאַר מיר? באַהאַלטסטו פאַר מיר דיין נשמה?

— יאָ, רבי, — ענטפערט דער בחור — מיין נשמה איז א זינדיקע... איך האָב מיך מיט איר וואָס צו שעמען...

זאָגט ר׳ חייא: אין אָדם משים עצמו רשע... איך הייס דיר אויפ-הויבן די אויגן.

פאָלגט דער בחור.

און ר׳ חייא, קוקנדיק אים אין די אויגן אריין, ווערט פארציטערט: א פארשאָלטענע נשמה האָט ער דערזען.

— קינד מיינס, — פרעגט ר׳ חייא — עס שטעקט א קללה אין דיינע אויגן. ווער האָט דיך פארשאָלטן?

— דער ראש־ישיבה פון ירושלים!

ר׳ חייא ווייסט, אז דער ראש־ישיבה פון ירושלים איז ערשט נישט לאנג נפטר געוואָרן; פרעגט ער: ווען?

ענטפערט דער בחור: שוין צוויי חדשים.

— ריכטיק! — טראַכט ר׳ חייא — דעמאָלט האָט ער נאָך געלעבט.— און הויך פרעגט ער:

— פארוואָס?

— אויף דעם האָט מען מיר געהייסן, איך זאָל פאר אייך זיך מתוודה זיין.

— גוט . . . און ווי הייסטו, בחור?

— חנניא...

— נו, בחור חנניא, — מאַכט ר׳ חייא און שטעלט זיך אויף — אצינד קום דאַווענען מנחה ומעריב, דערנאָך וועט דיר דער ריש־דוכנא ווייזן אַן אָרט ביים טיש... נאָכן עסן, וועסטו אַראָפּגיין אין גאָרטן אריין, איך וועל דיך אויפזוכן און אויסהערן דיינע רייד.

און ער נעמט אים אָן ביי דער האַנט און פירט אים מיט זיך צום בית־המדרש ביי דער ישיבה.

און גייענדיק טראַכט ר׳ חייא:

— אזוי יונג, אזא קול... און א בעל־תשובה... און אין די אויגן א קללה... וואונדערלעך זיינען דעם בוראס דרכים.

## ב.

שפּעט ביינאַכט גייט ר׳ חייא מיטן בחור חנניא ארום אין גאָרטן. פון צייט צו צייט גיט ר׳ חייא א קוק צום הימל ארויף און זוכט עפּעס א צייכן על פי האיצטגנינות, עפּעס א סימן; איז אָבער דער הימל פאר־שטעלט מיט א שטומען גרויען נעבל; א נאַכט אָן לבנה, אָן שטערן... עס שטראַלן נאָר די שויבן פון די פענצטער אין פאַלאַץ, און מיט זייער ליכט פירט ר׳ חייא דעם בחור חנניא מיט זיך אין סוכה אריין, און זיי זעצן זיך. „ופתח פיו בחכמה", און ר׳ חייא הויבט אָן:

— אין „פּסוק" שטייט:—זאָגט ער צו חנניאן—„דאגה בלב איש—ישיחנה"...

— רבי, וואָס איז דער טייטש? — בעט זיך דער בחור.

טייטשט אים ר׳ חייא אוים וואָרט ביי וואָרט:

— דאָס איז טייטש: „דאגה״ — א זאָרג (חנניא חזרט איבער), „בלב״ — אין הארץ, „איש״ — פון א מענטש, „ישיחנה״ דאָס איז טייטש: ער זאָל אויסזאָגן אַן אנדערן, — ער זאָל זיך אויסגיסן דאָס הארץ. און כאָטש דער בחור איז תופס נאָר טייטש־ווערטער, הויבט זיך אים אָן דאָס בלאַסע פּנים צו רויטלען, ווי ביי א פּארחלשטן, ווען מען ראטעוועט אים און די נשמה קומט פּאמעלעך צוריק אין גוף אריין.

קריגט אויף אים ר׳ חייא גרויס רחמנות און זאָגט אים:

— פּתח פיך, בני, — עפן דיין מויל, חנניא, ויאירו דבריך — און זאָלן לייכטן דיינע ווערטער, און זיי דיך פאַר מיר מתוודה...

האָט אים חנניא דערציילט א מעשה נורא.

## ג.

קומען קומט ער ארויס פון ירושלים. זיין מאַמע איז א רייכע אלמנה, וואָס האנדלט מיט בשמים.

און זי האָט נאָר צוויי קינדער געהאַט, אַן עלטערע שוועסטער מיטן נאָמען אסתר, און אים, חנניאן.

האָט זי, פארשטייט זיך, ליבער געהאַט חנניאן, דעם קדיש, פאַר זיין שוועסטער. בפרט, אַז חנניא האָט זיך באוויזן א אינגל אַן עילוי...

און כאָטש אסתר איז שוין אַלט געוואָרן א יאָר זעכצן, האָט די מוטער זיך נישט געזאָרגט און נישט געטראַכט וועגן א שידוך פאַר איר. און אַז שכנות דערמאָנען זי, האָט זי א גרייטן ענטפער: עס וואַקסן איר נאָך, ברוך השם, קיין גרויע צעפּ נישט! און אָפּגעגעבן איר גאַנץ הארץ האָט זי חנניאן. זי האָט אים געדונגען גוטע מלמדים, און ווייל זי איז דעם ראש־ישיבהס א ווייטע קרובה געווען און האָט געהאַט א דריסת הרגל אין זיין הויז, פלעגט זי אַלע עטלעכע שבתים פירן חנניאן צו דער רביצן, און די רביצן פלעגט אים אריינפירן צום ראש־ישיבה צום פאַרהערן.

האָט דער בחור ביים ראש־ישיבה שטאַרק נושא־חן געווען. שטייט די מוטער הינטער דער טיר און הערט, ווי מען לויבט אים; און קוקט אריין דורך א שפּאַרע און זעט, ווי דער ראש־ישיבה קנייפּט אים אין בעקל אריין מיט גרויס ליבשאַפט און איז אים מכבד מיטן שענסטן עפּל פון שבת־אויבס — קוועלט זי!

נאָך מער וואַקסט אין איר דאָס הארץ, אַז די רביצן זאָגט איר, אַז דער ראש־ישיבה וויל דעם בחור אריינגעמען צו זיך אין ישיבה אריין, אָבוואָל זי איז דארויף נישט באַשטאַנען, ווייל זי וויל זיך מיט אים נישט צעשיידן. איר שיינדל, וויל זי אים האָבן ביי זיך אין דער היים; זי

זאָל קאָנען וואָס אַמאָל מוסר זיין די השגחה אויפן געוועלבל אַ שכנה און אריינלויפן אויסקושן איר בן־יחיד אַלע אברים. נעמט זי אים צו נאָך אַ גרעסערן תלמיד־חכם, ער זאָל לערנען מיטן בחור אין דער היים.

און אינ׳ם גרויסן תלמיד־חכם איז זי נכשל געוואָרן...

ד.

עס איז געווען איינער פון די פאַלשע תלמידי־חכמים, וואָס לערנען נישט תורה לשמה, און האָבן נאָר אין זין זיך צו הויבן און צו קרוינען אויפן חשבון פון דער תורה; האָט ער געפירט חנניאן אויף דעם אייגענעם דרך. ער האָט מיט אים געלערנט נאָר פילפול און קונצן, ווי אַזוי אַלץ אָפּצואוועגדן, און האָט געפלאַנצט אין חנניאס האַרץ די ביטערע קריי־טעכצער פון גאווה און ניצחון. און חנניא האָט זיך געשווינד אויסגעלערנט די חכמה; וואָרום באמת, איז עס נאָר אַ חכמה, אָבער קיין תורה נישט. נישט דאָס האָט מען אויפן באַרג־סיני געמיינט. — נאָר דאָס האָט די מוטער און דער עולם אָרום נישט פאַרשטאַנען, האָט מען חנניאן נאָך מער געלויבט, און די מוטער — וואָס ווייסט אַ נאַרישע אידענע? — האָט דערפון נאָך מער נחת געהאַט...

און אין אַ צייט אַרום האָט חנניא מקבל געווען די גאַנצע תורה פונ׳ם תלמיד־חכם און האָט געזאָגט דער מוטער, אַז ער דאַרף שוין קיין מלמד נישט האָבן, האָט די נאַרישע אידענע געמיינט, אַז עס עפענען זיך פאַר איר אַלע שבעה רקיעים...

און חנניא איז געגאַנגען אויפן דרך השקר שוין אויף דעם אייגענעם חשבון און פלעגט האָבן וואָס אַמאָל מער ויכוחים מיט בחורים פון ישיבה און גלאַט לומדים, און אַלע גובר זיין און מבייש זיין, און מאַכן פאַר עם־הארצים... אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז עס איז אָנגעקומען צום ראש־ישיבה, האָט דער ראש־ישיבה געזאָגט: מעשה ילדות! דערפון וואַקסט אַ תלמיד־חכם אויס! און האָט נאָר געהייסן גיין אין זיין נאָמען און זאָגן דער מוטער, זי זאָל אים דערלאַנגען אַ פעטשל דערפאַר.

— אַ מאַמע — זאָגט ער — מעג!

גייט, מן־הסתם, די מוטער און גיט אים אַ קוש פאַרן פעטשל און קויפט אים נאָך אַ שיינע מתנה פאַר זיין חכמה.

זעט חנניא, אַז עס איז גוט אַזוי, ווערט ער נאָך מער מחוצף. לויפט ער אַרום אין שולן און בתי־מדרשים און מאַכט זיינע קונצן. וואו עס זיצט אַ מתמיד און לערנט, שטעלט ער אים אָפּ אין דער אייגענער סוגיא, וואָס יענער לערנט, און פרעגט קשיות, הערט תירוצים און ווענדט אָפּ, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז יענער ווערט פאַרטומלט, און חנניא ווייזט אָן פאַרן גאַנצן עולם, אַז דער מתמיד האָט קיין שום השגה נישט.

אמאָל טרעפט ער, ווען אַ בחור זאָגט אַ חילוק, אָדער עס דרשנט אַ תלמיד־חכם, — און נאָך איידער יענער זאָגט „ובאָ לציון“, שפּרינגט ער שוין אַרויף אויפן בעלעמער און מאַכט פונ׳ם חילוק אשפּה, און צעשניידט מיטן מויל, ווי מיט אַ שער, דעם דרש אויף פּיצלעך, און צערייסט אים ווי אַ שפּינוועבס און מאַכט אַלע פאַר עם־הארצים.

לויפט מען ווייטער צום ראש־ישיבה, גיט ער אַרויס אַ האַרבערן פּסק: גייט, זאָגט ער, צו דער מוטער און זאָגט איר, אַז איך האָב געהייסן אים אָפּשמייסן.

קריגט חנניא פון דער מוטער שענערע מתנות און נאָך מער ממתקים; ט.ט ער נאָך מער מעשים רעים. דערציילט מען ווייטער דעם ראש־ישיבה, זיפצט ער אָפּ און זאָגט, אַז ער האָט אים מורא מעניש צו זיין, אַזאַ למדן איז ער, אַז נאָר אַ מאַמע מעג. דערציילט מען אים, וואָס די מוטער טוט, הייסט ער, מען זאָל אַרויפשיקן חנניאן אַליין. קומט חנניא אַריין מיט עזות. און אַז דער ראש־ישיבה הויבט אָן אַ שמועס וועגן תורה, האַקט ער אים איבער מיט חוצפּה און פרעגט שפּיציקע קשיות, און קשיות אויף קשיות, און ווייזט זיין גבורה, און מישט צונויף ש״ס ופּוסקים... איז אָבער דער ראש־ישיבה אַ גרויסער עניו געווען, בייזערט ער זיך נישט, און זאָגט אים געלאַסן:

— הער, חנניא! דיין גאַנצע חכמה איז נאָר אויף אָפּוועגדן אַלע קשיות און תירוצים — אויף נישט אַזוי, אַליץ „ניין“ און „ניין“... הייסט עס, דו האָסט קיין גאַנצע תורה נישט... ווייל די תורה האָט דאָך „עשה“ן און „לא תעשה“ן, האָלב הן און האָלב לאו, און דו האָסט נאָר: לאו און לאו... מער ווי העלפט וועסטו קיינמאָל נישט האָבן. און והאָ ראיה: זאָג עפּעס דיינס, דיין אייגנס אויף יאָ...

שווייגט חנניא; אין דעם איז זיין כוח נישט געווען. זיין כוח איז געווען „סתירה“, נישט „בנין“...

פאַרענטפערט ער זיך:

— דאָס האָט מיך דער מלמד נישט געלערנט!

זאָגט אים דער ראש־ישיבה: דיין מלמד, חנניא, איז נפטר געוואָרן און עס ברענט אים דאָס פייער אין גיהנום, און דער זכות פון דער תורה קאָן אים נישט מציל זיין, און ער וועט אַזוי ברענען כל זמן דו, חנניא, וועסט נישט תשובה טאָן און אויסרייסן פון האַרץ דאָס שלעכטס, וואָס ער האָט אין דיר פאַרזייט...

— דאַרפסטו — זאָגט דער ראש־ישיבה ווייטער — רחמנות האָבן אי אויף דיר, אי אויף יענעם תלמיד־חכם, און תשובה טאָן און לערנ[illegible] תורה לשמה...

לויפט חנניא אויפן בית־עלמין אַרויס און פרעגט זיך נאָך, צי דער אין

דער מלמד איז באמת נפטר געוואָרן? און ווען? ווייל ער האָט דערפון נישט געהערט. זאָגט מען אים: יאָ, און די קבורה איז געווען ער״ש נעכטן, און מען ווייזט אים דעם וועג צום קבר. זעט ער, חנניא, ווי ד״ע קבר איז איבער נאַכט פאַרוואַקסן געוואָרן מיט שטעכעדיקע און ברענענדיקע דערנער. פאַרשטייט ער, וואָס דאָס באַטייט, און באַשליסט זיך תשובה צו טאָן.

ח.

מאַכט זיך אָבער, מעשה שטן, אַזאַ מעשה:

אין יענער צייט האָט געלעבט אין ירושלים אַ געוועזענער קצב, וואָס דער בית־דין־צדק האָט אים אריינגעזעצט אַ תלמיד־חכם פאַר אַ נאמן, ווייל ער, דער קצב, איז געווען אַ חשוד על הטרפות; און אַז דער נאמן וויל ממלא משלחתו באמונה זיין און באמת משגיח זיין אויף דער יאַטקע, כאַפּט דער קצב די האַק און וואַרפט דעם תלמיד־חכם אין קאָפּ אריין און נעמט אים אָן אַ פאַרוואונדעטן און וואַרפט אים אַרויס אין גאַס אריין. נסים מן השמים, וואָס מען האָט אים אָפּגעראַטעוועט. ווערט אַ רעש, גייט דער בית־דין־צדק און הייסט אויסרופן, אַז דעם קצבס פלייש איז פיגול, טרפה ונבלה, ערגער ווי חזיר. איז אָבער דער קצב פון טרפות שוין אַ גביר געוואָרן, פאַרמאַכט ער גאָר אין גאַנצן די יאַטקע, און ווערט אַ מלוה ברבית, און מסרט דעם בית־דין־צדק למלכות. כאַפּט מען די דיינים און מען וואַרפט זיי אין תפיסה אריין און מען איז זיי מחייב מלקות און גלות. און וואָס זאָל מען טאָן, אַז ער האָט שוין קיין כשרע יאַטקע נישט?

— דאַנקט מען און מען לויבט גאָט, אַז דער רשע האָט זיך דאָס האַרץ געקילט, און עס וועט שטיל ווערן.

איז נאָך דער עושר אַ רע לב און האָט אויף זיין אייגענער פּרוטה קיין שליטה נישט געהאַט און פלעגט נישט עסן, נישט טרינקען און ארומגיין קרוע־בלוע. און אַז אַ מלבוש איז אים אַראָפּגעפאַלן פון לייב, האָט ער עס אויך נישט אוועקגעשענקט קיין אָרעמאַן, נאָר פאַרקויפט בפרוטה אויף לאַטעס. און מגדל געווען האָט ער כלבים, עס זאָלן קיין אָרעמע לייט נישט מאַכן זיך קיין דריסת־הרגל אין זיין הויז.

און קיין בנים־זכרים האָט דער רשע נישט געהאַט, נאָר איין איינ־ציקע טאָכטער חנה. און אַ ווייב האָט ער געהאַט אַ אשה צנועה און אַ צדקת, און נאָך דעם ווי חנה איז געבוירן געוואָרן און זי האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין דאָס התנהגות פון מאַן, האָט זי אויף זיך אַליין געבעטן דעם טויט. און פאַר דער פּטירה האָט זי באַשוואוירן די קרובים, זיי זאָלן זיך אַליין מתעסק זיין אין איר קבורה, און דער מאַן זאָל אפילו פון איר קבר נישט וויסן.

און דער רשע איז שוין אן אלמן געבליבן. קיינער וויל אים נישט געבן קיין טאכטער פאר א ווייב. וואוינט ער אליין מיט דער בת־יחידה חנה. און הפלא ופלא — זי, די בת יחידה זיינע, האט ער דווקא שטארק ליב געהאט און געהאלטן ווי אן אויג אין קאפ און האט געוואלט זי מהנה זיין מכל המיני עולם־הזה און איז גרייט געווען פאר איר מבזבז צו זיין דאס גאנצע געלט, כאטש דאס געלט איז אים טייערער געווען פאר דער נשמה.

וויל אבער די טאכטער נישט נהנה זיין, זי האט א צוואה פון דער מוטער, זי זאל, אויסער ברויט מיט וואסער, אין פאטערס הויז נישט עסן. און קיין טייערע קליידער וויל זי נישט און דארף נישט, ווייל זי קומט נישט ארויס מפתח ביתה, זי זאל נישט הערן, ווי מען שילט דעם פאטער און מען איז אים מבזה אין אלע גאסן.

און וואס ווייניקער די טאכטער וויל נהנה זיין פון זיין גוטס, מער חשק און תאווה האט דער עושר איר טובות צו טאן.

און אז עס העלפט קיין איבעררעדן נישט, טראכט ער: איין טובה וועט זי וועלן; איך וועל איר געבן א מאן א תלמיד־חכם.

וכשהגיעה לפרקה, וויל ער פאר איר אויסזוכן א חתן, דאס אויבערשטע פון שטייסל — א למדן שבלמדנים; גיט ער לאנד־שדכנים גרויסע רשימות, און ער אליין לויפט ארום אין ירושלים און אין דער סביבה אין אלע ישיבות, און איז פוסק א הון רב פאר א גוטן בחור. און אלץ איז אומ־זיסט. קיינער וויל זיך נישט משדך זיין מיט דעם מנוול — ווארום פון קרן האט דאך קיין בן־אדם נישט געוואוסט.

ווערט דער עושר מלא חמה, בפרט אז עס איז צו אים געקומען אמאל א שדכן און געזאגט אים, ער זאל אוועקלייגן די גאווה און טאן, וואס עס לאזט זיך, און דערציילט אים, אז בשכנות וואוינט א בעל־מלאכה — א נהנה מיגיע כפו, אן ערלעכער מאן, וואס וויל זיין טאכטער, און וויל אפילו קיין גראשן געלט נישט, ווערט ער גאר אונטערגעצונדן!

וואס דען טוט ער?

פאלט ער אויף אן עצה און זוכט אויס צוויי תלמידי־חכמים אביונים, און גיט זיי געלט אויף הוצאות־הדרך אויף צוויי יאר, אחוץ פרנסה, איבער־צולאזן פאר ווייב און קינד אין ירושלים, און הייסט זיי ארויסגיין אין גאנץ תפוצות ישראל, וואו זיין שלעכטער נאמען האט נאך נישט דער־גרייכט, און ברענגען אים אן איידעם א תלמיד־חכם, א מופלג.

אידן־אביונים, באשטייען זיי און נעמען צידה לדרך און לאזן זיך אין וועג אריין; און מעסטן אויס אין דער לענג און אין דער ברייט גאנץ ארץ ישראל — און אלץ בחינם.

און — א פשוטע זאך: די תלמידי־חכמים האבן אלץ גערעדט וועגן

נדן, קעסט און מתנות, און פון מחותן נישט גערעדט א וואָרט. און אז מען האָט זיי געפרעגט וועגן מחותן, האָבן זיי זיך געמאַכט נישט־הערנדיק, וואָרום קיין ליגן זאָגן האָבן זיי נישט געוואָלט; פאַרשטייט מען, אז עס איז מיט א גרויסער סירכא, וויל מען נישט.

גייט אַוועק די צייט, וואָס דער עושר האָט זיי געגעבן, גייען די תלמידי־חכמים צוריק בידים ריקות און שטעלן זיך אָפּ ביי די טויערן פון ירושלים מיט גרוים פּחד; ווען נישט וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט קינ־דער — לעבעדיקע יתומים און ווייבער — עגונות, וואָלטן זיי בעסער אויף דער מדינה ארוים און אהיים נישט געקומען, וואָרום זיי ווייסן, אז דער עושר וועט זיי נישט גלויבן און מיינען, אז זיי האָבן זייערס נישט געטאָן בשלימות און וועט זיי רודפן עד חרמה און חס ושלום נאָך איבערגעבן אין גויאישע הענט. זיצן זיי אזוי און טרויערן.

און ווי זיי זיצן אזוי פאַרן טויער פון שטאָט ירושלים און טרויערן, נענענט זיך צו זיי אַן אָרעם־בחור, אָנגעטאָן אין ווייסן לייוונט מיט א האַנפענעם שטריק ארום די לענדן, און א פּראָסטן וואַלד־שטעקן פון א מאַנדלבוים אין דער האַנט; און ער גייט צו צו זיי, און גיט זיי שלום און פרעגט זיי, צי זיי ווילן נישט טרינקען, און וואָס זיי זיצן אזוי פאַרשמאַכט; און זאָגט זיי, אז ער וואוינט דאָ אין דער מדבר און ער ווייסט פון א באר מים חיים, און עס איז נישט זייער ווייט פון דאַנען, און אויב זיי ווילן, וועט ער זיי פירן צום קוואַל, ווייל ער האָט קיין כלי נישט אהער צו ברענגען וואַסער. זאָגן זיי אים, אז דאָרשטיק זיינען זיי נישט, נאָר זיי האָבן אזוי עגמת־נפש. און עס מאַכט זיך א שמועס, פרעגן זיי ביי אים, ווער ער איז; זאָגט ער זיי, אז ער איז א נע־ונד, ווייל ער איז א יתום אָן טאַטע־מאַמע, לעבט ער חוץ לישוב און שפּייזט זיך פון קרייטעכצער...

— און ווילסט גאָרנישט ניט לערנען קיין תורה?

ענטפערט ער זיי, אז ער לערנט תורה; אז אַלע נאַכט, ווען עס ווערט פינצטער אין מדבר, קומט צו אים אַן אַלטער מאַן און לערנט מיט אים בעל־פּה, און ער דערזעט דעם אַלטן מאַן גאָר פון ווייטנס, ווייל עס לייכטן אים די אויגן אין דער פינצטער ווי די שטערן, און די ווייסע באָרד זיינע איז בלאַנק ווי שניי, און דער אַלטער מאַן קומט צו אים נאַכט אויף נאַכט און זעצט זיך לעבן אים און לערנט מיט אים ש״ס ופוסקים, ספרי, ספרא און תוספתא... ווילן זיי אים פאַרהערן, צו זען אויב ער זאָגט אמת, ווייזט ער זיך א גאון עולם; פערל שיטן זיך אים פון מויל. פרעגן זיי אים, פאַרוואָס ער האָט פאַרלאָזט די מדבר, און וואָס ער טוט הינטער די טויערן פון ירושלים? דערציילט ער זיי בתמימות, אז נעכטן האָט זיך מיט אים דער אַלטער מאַן געזעגנט און געזאָגט, אז ער וועט שוין מער צו אים נישט קומען, און ער האָט אים געוויזן דעם וועג קיין ירושלים, און געהייסן

אים גיין אין דער הייליקער שטאָט אריין, וואו ער וועט געפינען זיין זיווג און זיין מזל און וועט זיצן על התורה ועל העבודה. און איך — זאָגט ער — מוז דעם אַלטן פאָלגן. ווערן זיי, די תלמידי־חכמים, דערפרייט און זאָגן אים: קום, בחור, מיט אונז, מיר האָבן פאַר דיר אַ וואוילן שידוך. גייט ער מיט זיי.

פירן זיי אים גלייך צום גביר און זאָגן אים: „אל תבט אל מראהו״,— עס איז אַ גאון־עולם; אליהו הנביא אַליין האָט מיט אים תורה געלערנט. גלייבט זיי דער גביר און דערפרייט זיך און מאַכט באַלד אַ סעודה און שרייבט תנאים און איז מגביל זמן החתונה איינגאַנצן אויף צוויי וואָכן. ער האָט מורא פאַר אַן עין־הרע און אַ בייז וואָרט... און קודם כל נעמט ער פון חתן אַראָפּ די קליידער און נעמט צו דעם שטעקן און איז אים מלביש ומנעיל כיד הגביר און די אַלטע קליידער באַהאַלט ער צום פאַר־קויפן, תיכף ומיד נאָך דער חתונה, דעם ערשטן בעסטן אויף לאַטעס פאַר אַ פּרוטה... און די זאַך באַקומט אין שטאָט אַ שם. טייל זאָגן: דער ערגסטער הונט כאַפּט דעם בעסטן ביין. אַנדערע הענגען עס אָן אין דעם זכות פון דער כלהס מוטער: דאָס האָט די צנועה אויסגעבעטן, נאָך אַנ־דערע, — אַז בכלל זיינען גאָטס דרכים נישט צו פאַרשטיין.

ז.

די צוויי וואָכן גייען בשלום פאַרביי, און עס קומט דער טאָג פון דער חתונה, און צוליב דער טאָכטער האָט ער אָוועקגענומען די האַנט פון דער ארץ, און געמאַכט אַ הילולא, וואָס די וועלט זעט עס נישט. און לכבוד דעם חתן זיינען אַלע נכבדים פון ירושלים געקומען אויף דער חתונה, און צום חתן־מאָל — אַלע בחורים פון די ישיבות...

— און די צייט פון פאַרן באַדעקנס — דערציילט חנניא ווייטער — איז געקומען. דער חתן זאָגט פאַר אונז בחורים און במעמד תלמידי־חכמים, דיינים און דעם ראש־ישיבה אַ שאַרפן חילוק. אין דער צווייטער שטוב איז מען שוין גרייט צו באַדעקנס. די קלעזמער שפּילן שוין מוסר, און די אונטערפירערס פון חתנס צד, דער רב און דער ראש־ישיבה, האַלטן שוין הבדלות אין די הענט און דעם חתנס תורה גיסט זיך נאָך אַלץ ווי בוימל און צעגייט זיך, ווי אַ ריח פון בשמים, און די אויגן זיינע לויכטן ווי די שטערן. אַלע גאַפן און הערן, חנניא אויך. ער האַלט וואָרט. עס פאַלט אים גאָרנישט ניט איין אים אָפּצואוואַרפן. אַדרבא, ער האָט נחת פון פרעמדן חילוק: ער פרייט זיך, אַז פון אַצינד אָן וועט ער האָבן אַ חבר, מיט וועלכן עס וועט כדאי זיין צו לערנען און צו רעדן וועגן לערנען. און עס האָט זיך שוין אין אים דערוועקט אפילו אַ ליבשאַפט צום חתן,

א הייסע ליבשאַפט. עס פאַרגלוסט זיך אים דווקאַ אויפצושטיין און צוגיין און קושן דעם חתן. און ער טוט עס. אָבער אין גאַנג האָט ער זיך אויס־געגליטשט! פאַרבייגייענדיק דעם עולם, הערט ער, ווי איין בחור זאָגט צום צווייטן: דער חתן קאָן בעסער לערנען פאַר חנניאַן. און יענער ענטפערט: חנניא איז אַ גולם קעגן אים. און דאָס איז שוין פאַר חנניאַן אַ צו גרויסער נסיון געווען... עס האָט אים אָנגעכאַפּט ביים האַרץ, עס האָט אויפגעפלאַקערט אין אים אַ וואונד, גלייך אַ שלאַנג וואָלט אים אַ ביס געטאָן — הוא הנחש — הוא היצר־הרע! און ער בלייבט שטיין, שטעלט זיך אויף די נעגל, הויבט פּלוצלונג אָן רעדן, אַפּצואווענדן, און פון מויל שיט זיך אים פּעך און סמאָלע... פּלוצלונג דערפילט ער, אַז ער פאַרזינדיגט זיין נשמה, אַז ער גייט געגן אליהו הנביאס תורה, געגן תורת אמת, אַז ער שטעכט דער תורה אין האַרץ אריין שפּיזן און שווערדן, אַז ער טויט די תורה. און ער דערשרעקט זיך און וויל אויפהערן רעדן, און קאָן נישט... עס רעדט זיך שוין אָן זיין רצון, געגן זיין ווילן, עס רעדט פון אים אַ נישט־גוטער ארויס! און ער זעט, ווי דער חתן ווערט בלאַס פאַר שרעק, ווי ער וואַקלט זיך און פאַלט פאַר חולשת־הדעת אויף אַ שטול...

און באותו הרגע ווערט אַ גיהנום אין שטוב. דער גביר ווערט מלא חימה און ברילט ווי אַ לייב: מקח טעות! מקח טעות!... און לויפט ארום ווי משוגע און ער זוכט און כאַפּט די אָרעמע תלמידי־חכמים, די שליחים און שדכנים זיינע, און שלאָגט זיי און רייסט זיי אויס די בערד און לויפט קעגנאיבער צו די קלעזמער און רייסט זיי די כלים פון די הענט ארויס און וואַרפט און צעשמעטערט זיי. און לויפט צו דער כלה איני־מיטן שטוב און רייסט זי אוועק פון באַדעקנס. און לויפט ערגעץ אין אַ קאַמער ארויס און ברענגט אריין דעם חתנס אַלטע מלבושים: דאָס לייוונטענע מלבוש מיטן האַנפענעם שטריק און ווייסן וואַלד־שטעקן. און רייסט אַראָפּ פון פאַרחלשטן חתן די נייע מלבושים און שטופּט אים ארויס אַ נאַקעטן פון טיר און וואַרפט אים נאָך די אַלטע מלבושים. און די אנשים חשובים פון ירושלים און אַלע חתונה־געסט אַנטלויפן פאַר שרעק. איין חנניא בלייבט. ער שטייט נאָך אַלץ פאַרשטאַרט אויפן אָרט און הערט, ווי דער עושר שרייט: אַ שאָד די סעודה! ברענגט מיר אריין דעם סטאָליער, — שרייט ער — האַלט גרייט די חופּה! רייסט ער קוים די פיס אָפּ פון פּאָדלאָגע און אַנטלויפט פון שטוב ארויס. און באַלד אין גאַס איז אים אַנטקעגנגעקומען דער ראש־ישיבה; ער שטעלט אים אָפּ און זאָגט אים: חנניא, דו קאָנסט חרוב מאַכן אַ וועלט, פאַרגעס בעסער דאָס לערנען!...

— און באותו הרגע, — דערציילט חנניא — האָט מיר עפּעס אַ

קנאַק געטאָן אין מוח, עפּעס האָט דאָרט געפּלאַצט, איך בין געבליבן ווי
אַ לערע שטייג אָן טויבן, אָן אַ וואָרט תורה! פֿאַל איך דעם ראש־ישיבה
צו די פיס און בעט אַ תשובה, זיפצט ער: ווער ווייסט, צי עס וועט
העלפֿן.

הויב איך אָן שטאַרק צו וויינען, ווייזט ער מיר, אַז נישט ווייט,
הינטער אַ ווינקל פון אַ הויז, שטייט דער חתן, וואָס ווייסט נישט, וואו
אויס און וואו איין אין דער פרעמדער שטאָט.

— צום אַלעם ערשטן, — זאָגט ער — גיי צו אים צו און בעט ביי
אים מחילה.

האָב איך מורא צו גיין, שטופּט ער מיך אונטער:

— גיי און פּועל ביי אים, ער זאָל מיט דיר אַהיים גיין צו דיין מאַמען.
איך וועל אויך אונטערקומען.

גיי איך צו צום מבוישן חתן; דערזעט ער מיך און לויפט מיר אַקעגן
און לאָזט מיך צום וואָרט נישט קומען און רופט צו מיר:

— מוחל, מוחל! במחילה גמורה! עס איז קיין זיווג נישט געווען!

געוואָלט וואָלט איך בעסער, ער זאָל מיך דורסן; און ער לייגט מיר
די האַנט אויף מיין אַקסל און רופט מיך: חבר!

זאָג איך: וואָס פאַר אַ חבר קאָן זיין אַן עם־הארץ מיט אַ תלמיד־
חכם? גאַפט ער. און איך דערצייל אים פון דער קללה, מיט וועלכער דער
ראש־ישיבה האָט מיך פאַרשאָלטן. ענטפערט ער מיר:

— אַז עס וועט זיך מיר באַווייזן מיין אַלטער רבי (אליהו הנביא,
הייסט עס), וועל איך אים בעטן פאַר דיר!

פיר איך אים צו מיין מאַמען און לייד אויפן וועג חיבוט הקבר!
ער רעדט צו מיר תורה, און איך פאַרשטיי נישט אַ וואָרט. און עס וויינט
מיר דאָס הארץ פאַר בענקשאַפט צו דער תורה. אין דער נשמה איז פינצ־
טער און וויסט, ווי ביינאַכט אין אַ חורבה... קומען מיר אַריין צו דער
מאַמען, פאַל איך איר אויפן האַלז מיט אַ געוויין:

— מאַמעשי, גאָט האָט מיך און דיך געשטראָפט... אַצינד האָסטו אַ זון
אַן עם־הארץ!

ווערט איר נעבעך נישט גוט, און עס ציטערט איר קול:

— ווי הייסט . . . ווי אַזוי? ווער האָט עס דיר אַן עין־הרע געטאָן?

דערצייל איך איר די גאַנצע מעשה און ווייז איר, אַז דאָס איז דער
חתן, וואָס איך האָב אים פאַרשעמט, פאַרברעכט די מאַמע אירע הענט
און וויינט מיט אַ פאַרביטערט קול, און אסתר, די שוועסטער מיינע,
שטעלט זיך אין אַ ווינקעלע, מיטן פנים צו דער וואַנט, און גיסט טרערן.

באותו הרגע קומט אריין דער ראש־ישיבה און ווענדט זיך קודם כל צו אסתרן:

— הער, כלה, גיי אין קיך אריין, און מאַך עפּעס צו עסן פאַר דעם תלמיד־חכם, — ווייזט ער אָן מיט דער האַנט אויף דעם פרעמדן בחור — און אַז דיין מזל וועט שיינען, — לייגט ער צו — וועט ער זיין דיין זיווג...

פאַרצאָגט קוקט זיך אסתר אום אויף דעם חתן און זיין הולך, נאָר דעם ראש־ישיבה פאָלגט זי און גייט ארויס.

און דער ראש־ישיבה ווענדט זיך צו דער מאַמען:

— אַצינד — זאָגט ער — איז נישט קיין צייט פון וויינען, און דו האָסט דיך אויך פאַרזינדיקט דערמיט, וואָס דו האָסט פאַר אסתרן נישט געזאָרגט און חנניאן נישט געשטראָפט. נישט גוט! נישט גוט!

הייבט די מאַמע אָן נאָך שטאַרקער צו וויינען.

— נישט וויינען, — זאָגט נאָך אַמאָל דער ראש־ישיבה — טאָן דאַרף מען.

— וואָס? וואָס? — קלאָגט די מאַמע.

— און דו וועסט מיך פאָלגן? — פרעגט דער ראש־ישיבה.

— פאָלגן, פאָלגן! — איילט זיך די מאַמע צו זאָגן.

זאָגט דער ראש־ישיבה אַזוי:

— קודם מאַך חתונה אסתרן... אָט דאָס איז איר זיווג!

רייסט זיך ארויס פון דער מאַמעס הארץ אַ געוויין:

— דער בחור אין לייוונט, מיטן שטעקן?

— דאָס איז דער בחור, וואָס אליהו הנביא האָט מיט אים תורה געלערנט. אַזוי פאָלגסטו, קרובה?

— זייט מיר מוחל, רבי... איך פאָלג שוין, איך פאָלג.

— און דיין זון — זאָגט ער ווייטער — מוז גיין גלות אָפּריכטן; ביז דעם רחמנם רחמנות וועט זיך אויף אים דערוועקן, און דו וועסט פון אים אויך נחת האָבן, נאָר שפּעטער . . . עלטער איז אסתר!

— און דו, — ווענדט ער זיך צו מיר — דיר וואָלט אפשר קיין תשובה נישט געהאָלפן פאַר דיין גרויסער זינד... האָסטו אָבער אַ נס, וואָס עס איז קיין זיווג נישט געווען, און עס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט אַ טובה, אי פאַרן חתן, אי פאַר דער כלה!

— דער כלה אויך? — וואונדערט זיך די מאַמע.

ענטפערט דער ראש־ישיבה:

— זיי וויסן, אז חנה, דעם רשעס טאָכטער, איז אַ באהאַלטענע צנ.עה, או.ן איר מוטער די צדקת האָט זיך פאַר איר געמיט אין די עולמות העליונים, און אויסגעבעטן פאַר איר אַ למד־וואָווניק... און דאָס איז ער טאַקע, דער סטאָליער, וואָס דער עושר האָט אים געשלעפּט צו דער חופּה, די סעודה זאָל נישט קאַליע ווערן. נאָר דאָס, בעט איך, זאָל בלייבן בסוד סודות, ביז ער וועט נישט אַליין נתגלה ווערן!...

— גאָטס נסים! — זאָגט די מאַמע, שוין אַביסל געטרייסט.

— און אצינד, — זאָגט ער ווייטער צו מיר און צ.ם חתן — אצינד, מיינע ליבע קינדער, טוישט אייך מיט די מלבושים!

— און דו, — זאָגט ער צו מיר — גיי תיכף־ומיד אין גלות אריין... און דעם שטעקן נעם און היט אים, ווי אַן אויג אין קאָפּ. ביינאַכט האַלט אים צ.קאָפּנס, וואו דו וועסט שלאָפן. און איך וועל מתפּלל זיין, עס זאָל קומען דיין הילף און דער שטעקן זאָל אויפבליען, און דעמאָלט וועט דיין נשמה אויך אויפבליען, און דו וועסט דיך אַליין דערמאָנען. נאָר געדענק, ערשט דעמאָלט וועסטו מעגן אָנטאָן אַנדערע מלבושים, און אצינד גיי און געזעגן דיך נישט מיט קיינעם.

כהרף־עין האָב איך מיך איבערגעטאָן אין דעם חתנס קליידער, און באותו הרגע קומט אריין מיין שוועסטער מיט אַ פאַנקוכן אויף אַ טעלער אין דער האַנט, און ווי זי דערזעט אונז אין די פאַרטוישטע מלבושים, האָט זי פאַר שרעק אַראָפּגעלאָזט דעם טעלער מיטן פאַנקוכן, און דער טעלער האָט געפּלאַצט מיט אַ הויכן קלאַנג, און דער ראש־ישיבה האָט אויסגערופן: „מזל טוב, מזל טוב!"

מער האָב איך שוין נ.ט געהערט, איך בין באַלד ארוים פון שטוב.

ז.

און אַזוי ווי ער איז ארוים פון ירושלים, — דערציילט חנניא — האָט ער תיכף ומיד פאַרבלאָנדזשעט אין אַ מדבר, אָן ברויט און אָן וואַסער, נאָר נישט צו ברויט און נישט צו וואַסער האָט ער געגלוסט, פאַרן גוף האָט חנניא יוצא געווען מיט גרעזלעך, וואָס געפינען זיך אַמאָל אין מדבר. און געווען איז ער שטענדיק בחזקת סכנה, צווישן אַלערליי חיות, נחשים ועקרבים, נאָר זיי האָבן אים גאָרנישט נ.ט געטאָן, פלעגן עפּעס ברומען צווישן זיך און אַראָפּגיין פון וועג. האָט ער, חנניא, פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן אויף אים קיין שליטה נישט, ווייל זיין פּסק איז נאָר „נע־ונד". און איינמאָל האָט ער אפילו געהערט בחוש, ווי אַ קול רופט אויס — „זה שייך"... — נאָר צו וועמען, האָט ער נישט דערהערט...

און אזוי האָט ער ארומגעבלאָנדזשעט טאָג און נאַכט און געטראכט און געטרויערט האָט ער אויף זיינע יונגע יאָרן, וואָס גייען אוועק אָן תורה, אָן ליכט, אָן א שטראל פאר זיין פינצטערן מוח.. וואָלט ער כאָטש א וואָרט תורה געהערט! כאָטש א סידור ער זאָל האָבן.. בעל־פה קאָן ער אפילו נישט דאַוונען, גאָרנישט.

איינמאָל, דערציילט ער, האָט ער זיך געשאָטן זאמד אויפן קאָפּ און לשם צער זיך געשטעלט אויף איין פוס און אלץ אין איינעם געשריען אין הימל אריין „תורה!", „תורה!", נישט מער ווי דאָס איינע וואָרט. און געשריען האָט ער מיט מסירת־נפש, לאנג, לאנג, ביז די זון איז אונטערגעגאנגען, און ער איז געפאלן אויף דער ערד און איז איינגעשלאָפן פארשמאכט און געפילט, אז ער וויינט אין שלאָף אויך און שרייט: תורה! תורה! באוויזט זיך אים דער ראש־ישיבה, אָנגעטאָן אין תכריכים און א גאָלדענע קרוין אויפן קאָפּ, און האָט אים אזוי געזאָגט:

— שטיי אויף, חנניא, דיין רפואה הויבט זיך אָן. גאָט האָט געהערט דיין געבעט, און אליהו הנביא האָט זיך פאר דיר געמיט. שטיי אויף און גיי דיר, וואו די אויגן וועלן דיך טראָגן. וועסטו קומען קיין צפת און זאָלסט אריינגיין צום לב־טוב, ר' חייאן, און וועסט זיך פאר אים מתודה זיין און בעטן, ער זאָל דיך אריינגעמען אין זיין ישיבה, און ער וועט דיר נישט אָפּזאָגן, און אז דו וועסט אלט ווערן אכצן יאָר, וועט ער דיר געפינען דיין זיווג, און ער וועט מתפלל זיין פאר דיר, און זיין תפילה מאכט שטענדיק א רושם פארן כסא הכבוד. אחוץ דעם איז חופּה מכפּר, און שבע ברכות אויך; וועסטו געהאָלפן ווערן. און צום אכטן טאָג נאָך דער חופּה וועסטו זיך אויפכאפּן אינדערפרי, וועט דער שטעקן ביי דיר צוקאָפּנס שוין האָבן אויפגעבליט און שפּראָצן מאנדלען, און בליען און שפּראָצן וועט אויך אין דיר די נשמה...

— און דו וועסט זיך אלץ דערמאָנען, אויסער דעם שלעכטן, און וועסט זאָגן פאר ר' חייאן א חילוק, א בנין, נישט קיין סתירה; און ר' חייא וועט פון דיר נחת האָבן. נאָר צי וועסטו לאנג לעבן, — זאָגט ער — ווייס איך נישט...

און ער איז נעלם געוואָרן, און איך האָב מיך אויפגעכאפּט פארטאָג און געגאנגען, ביז איך בין געקומען צו אייך, רבי.

(אויסצוג פון „מסירת נפש").



ש. אַש.

# דאָס געשלעג

אויף דעם אָקסן־מארק איז קיין פוס נישט צו טרעטן. די קצבים שטייען ארום די בהמות, טאָפּן די איטערס, קוקן אין די פּיסקעס אריין, דינגען זיך, שרייען, שעלטן, ווארפן געלט און שלעפּן די פּויערים אין שענק אריין. קומט אָן, אין סאמע העכסטן ברען פון מארק, אייזיקל שלע־סער־ברעכער מיט א קו. ער אַליין פירט זי נישט, נאָר זיין קאָמפּאַניאָן, סטאַש פערד־גנב, א גוי מיט א צעשניטן פּנים און אַן אריבערגעצויגענעם הוט איבער די אויגן, ווי א גנב.

— אהאַ, גיט נאָר א קוק, אייזיקל ממזר, וואו האָסטו די קו געפּאַקט?

— פרעגן די קצבים־יונגען אייזיקלען, דערזעענדיק, ווי ער פירט די קו. ענטפערט ער: „שווייגט, זי איז בלאַט". קוקן זיי זיך גוט איין צו דער קו, דערזעען זיי, אַז זי איז א חולה. אַן עיפּוש האָט זי, מען דאַרף זי שטעכן. אָנגעטרונקען האָט זי נאָך אייזיקל, איידער ער האָט זי אויפן מארק געבראַכט, מיט וואסער, אַז זי זאָל א דיקן בויך קריגן, עפּעס געגעבן צו לעקן אזא מין גנבהשן זאַלץ, אַז די איטערס זאָלן איר ווערן אָנגעלאָפּן — עס הייסט, זי גיט פיל מילך — און גענומען די קו ביים שטריקל און אוועקגעשטעלט סטאַשן, אַז ער זאָל זי פאַרקויפן. און אייזיקל אַליין האָט זיך אוועקגעשטעלט די קו האַנדלען. שטייט ער אזוי און קויפט די קו: „אכט און דרייסיק רובל, פערציק רובל, צוויי און פערציק" און שרייט הויך און צאָלט באַלד געלט, דווקא מיט זילבערנע רובלס, כדי ס'זאָל קלינגען, און מע זאָל הערן. קומט אָן א גויע מיט „שרצימלעך"־יתומים. דער פּויער איז ערשט ניט לאַנג געשטאָרבן, האָט זי פאַרקויפט די צוויי חזירים און וויל זיך קויפן א גוטע מילך־קו — זי זאָל פּוטער מאַכן, אין שטאָט אריין ברענגען צו פאַרקויפן, אויף זאַלץ און זייף האָבן איבערן ווינטער. קיינעם האָט זי נישט, די גויע, דרייט זי זיך אַליין אויפן אָקסן־מארק ארום און זוכט זיך א קו מיט א פּאָר גרויסע איטערס.

דערזעען די צוויי חברה־לייט, אַז די גויע שטעלט זיך אָפּ ביי דער קו, הויבט אָן אייזיקל ארויפצויאָגן אויפן מקח: „פיר און פערציק רובל, זעקס און פערציק — פופציק. גאַנצע פופציק!" און פּאַטשט סטאַשן אין האַנט אריין, אַז זי ווערט אָנגעשוואָלן ווי א פּלאַש. און דער פערד־גנב שטייט און האַלט אַלץ אין איין טענהן: „א אידן וועל איך ניט פאַרקויפן".

— פאַרקויף מיר די קו, — בעט זיך דער איד און שטעקט איין דאָס געלט דעם גוי, און דער גנב טענהט אַלץ: „ניין, א אידן וועל איך ניט פאַרקויפן".

דערזען די גויע, רופט זי דער גוי צו:

— קויף די קו, א גוטע, גיט א סך מילך, א שאָד א אידן זי צו פארקויפן. — און מעלקט אויס א פּאָר טראָפּן מילך פון דער קוס אייטער און גיט דער גויע צו פארזוכן: „זעסט, ווי זיס!" די גויע שטייט אָבער און קלערט.

— וואָס קומט אָבער אַרויס פון דעם, אז איך האָב נישט מער, ווי צוויי און פערציק רובל? — ווייזט זי אויפן קניפּל אין טיכל, וואָס זי האַלט עס אין דער ברוסט. דער פערד־גנב קראַצט זיך אין קאָפּ:

— פאַר צוויי און פערציק רובל קען איך זי דיר ניט פארקויפן; דער איד גיט פופציק, און אז א איד גיט — איז זי ווערט. זוך גוט, אפשר וועסטו נאָך עפּעס געפינען; א שאָד די קו אין אידישע הענט צו געבן.

— אָבער, פּאַטערל, נישט מער ווי צוויי און פערציק פאַר די חזירים גענומען, מיט דריי גילדן, וואָס פאַר די אייער.

דער פערד־גנב קראַצט זיך אין קאָפּ, און אייזיקל ווינקט אים, אז ער זאָל דאָס געלט נעמען.

— וואָס קען מען מאַכן? — שרייט אויס דער גנב צו דער גויע — גיב אַהער די האַנט. אזא איינער בין איך! א קריסט איז א קריסט — וועל איך זי ליבער פארקויפן א קריסט פאַר צען רובל ווינציקער, איידער א אידן, — און שטעקט אויס די האַנט נאָך דעם געלט.

די גויע צאָלט אים אויס די בלוטיקע צוויי און פערציק רובל, וואָס זי האָט גענומען פאַר די חזירים, און נעמט דאָס שטריקל אין האַנט אַריין.

דער גוי איז באַלד פארשוואונדן. אייזיקל האָט נאָך פּרעטענזיעס צו דער גויע: זי האָט אים אויסגעדונגען די קו, און פארלאַנגט פון איר א רובל אָפּטריט־געלט. נאָר באַלד ווערט ער פארשוואונדן, האָט מורא, אז דער פערד־גנב זאָל דערווייל נישט אַוועק מיטן געלט. אין א פּאָר מינוט אַרום שטייען זיי שוין אין שענקל, טרינקען אינאיינעם און טיילן זיך מיט דער גויעס בלוטיקע גראָשנס.

די גויע, וואָס האָט געקויפט די קו, האָט זי גענומען ביים שטריקל — די קו וויל נישט גיין. טרייבט זי זי אונטער מיט א צווייג, לאָזט די קו אַראָפּ דעם קאָפּ, מאַכט א טראָט, שטעקט אַרויס ווייט די צונג, ניסט זיך אויס — ווערט פון דער קו א האַלבע, די אייטערס איינגעפאַלן, באַלד פאַלט זי פון די פיס, די פיס בויגן זיך קרום אונטער איר שווערער לאַסט, לייגט זיך אַוועק אין גאַס.

ווי די גויע האָט דערזען, וואָס עס איז פון דער קו געוואָרן, האָט זי זיך געגעבן א וואָרף אַנידער אויף דער ערד, צווישן די פורן און די אָקסן, מיט אירע צוויי שקצימלעך, מיט א גרויס געשריי: א יעזוס! געריסן האָט זיך די גויע די האָר פון קאָפּ, געשלאָגן דעם קאָפּ אין די שטיינער פון

גאַס, געלעגן מיט אירע שקצים לעבן דער קראַנקער קו און געשריען און געוויינט:

— אָ, יעזוס, וואָס וועל איך איצטער טאָן? דער פויער איז גע־שטאָרבן, די חזירים האָב איך פאַרקויפט, דאָס געלט האָבן זיי ביי מ'ר אויסגענאַרט, אָ, יעזוס!

און די שקצים נאָך דער מוטער האָבן אָנגעפילט דעם גאַנצן יאַר־מאַרק מיט געוויין.

באַלד איז געוואָרן אַרום דער גויע אַ געשריי. די פויערטעס אַרום האָבן זיך אָנגעהויבן צו ווישן די טרערן פון די אויגן, דערזעענדיק די אָרעמע גויע ביי דער קראַנקער קו. דאָס בלוט האָט זיך צעקאָכט ביי די גויים. זיי זיינען געשטאַנען אַרום, אויסגעהערט דער גויעס קלאָג, גע־פּרוּווט די קו צו רירן ביי דעם עק, די קו האָט זיך אָבער ניט באַוועגט. און די גויים האָבן אָנגעהויבן מיטצופילן מיט דער פויערטע. איינע האָט דערציילט, אַז אַ אידל איז אויך געווען דערביי.

— יאָ, דער איד איז דאָרט געשטאַנען און געדונגען די קו. איך האָב געזען, אַז ער גיט פופציק רובל — פון מיר האָט דער פויער נאָר גענומען צוויי און פערציק, — דערציילט די גויע אין געוויין.

— עס איז געווען דעם אידנס קו, אַוודאי אַזוי, דער איד האָט דיך אָפּגענאַרט, — שרייען די גויים.

שיכור זיינען די גויים געווען, ביי יעדן קויף אין שענקל געגאַנגען מיט די „קומעס", און אויפגעקאָכט פון דער גויעס וויינען — האָבן די פויערים געכאַפּט די שטעקנס און אָנגעהויבן צו שלאָגן דעם ערשטן בעסטן אידן, וואָס זיי האָבן דאָרט געטראָפן.

געווען איז עס אַ גאָמבינער קצב. די פויערים האָבן אים אויף דער ערד אַנידערגעוואָרפן, געריסן די באָרד און געשלאָגן אים איבערן קאָפּ מיט די שטעקנס.

די קצבים זיינען געווען אין רב שלמהס הויף, וואָס איז ניט ווייט געווען פון דעם אָקסן־מאַרק. דאָרט זיינען געשטאַנען די יונגע אָקסן, וואָס רב שלמה מיטן מחותן האָבן געבראַכט צו פאַרקויפן די שררהס אויף פּאַשע. די קצבים האָבן באַטראַכט די שיינע געזונטע אָקסן און האָבן געוואַרט אויף אַ בראַק, אַז זיי זאָלן קענען עס אָפּקויפן.

ווי זיי האָבן דערהערט, אַז די גויים שלאָגן די אידן, זיינען זיי אַרויס פון רב שלמהס הויף מיט די אייזערנע שטעקעלעך אין די הענט און געוואָרפן זיך אין די גויים אַריין.

באַלד האָט זיך צעפלאַקערט צווישן די אידן און די גויים אַ מלחמה. די גויים האָבן אַרויסגעכאַפּט די דישלען פון די וועגן און געשלאָגן די קצבים־יונגען. איינעם האָבן זיי אַוועקגעלייגט מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ,

דאָס בלוט איז גערונען אים איבערן פּנים. איז דאָס ווייב אַרויס מיט אַ גוואַלד אין גאַס אַריין: „גוואַלד, מען שלאָגט אידן! אויפן אָקסן־מאַרק שלאָגט מען אידן!"

האָבן די גאָמבינער פּעלצן־סוחרים דערהערט, אַז זייערן אַ גאָמבינער האָבן די גויים געהרגעט אויפן אָקסן־מאַרק — האָבן זיי געלאָזט די קראָמען און זיינען אַרויס אין אָקסן־מאַרק מיט די געוויכטן אין די הענט. די גאָמבינער ווייבער האָבן זיי נאָך אונטערגעגעבן פייער: „מאַנספּאַרשוינען זייט איר! זעט, ווי מען שלאָגט אַ אידן, און איר שווייגט!" — נאָר די גאָמבינער האָט מען ניט געדאַרפט אונטערצוהיצן: גאָמבינער בלוט איז קיין וואַסער נישט. אַז זיי האָבן דערהערט, אַז מען שלאָגט אַ גאָמבינער, האָבן זיי זיך דאָס לעבן איינגעשטעלט. אַ קליינער יונג, חיימל מאַלאַרזש, האָט זיך געגעבן אַ לאָז אַריין, מיט דער שער אין דער האַנט, צווישן אַ פּאַק גויים, און שוין האָט ער איינעם דאָס פּרצוף אויפגעריסן מיט דער שער. טאַקע די גויים האָבן אים אויף דער ערד אַוועקגעלייגט און גענומען טרעטן — האָבן עס די גאָמבינער דערזען, זיינען זיי אַריין צווישן די גויים דעם יונג אַרויסנעמען און אָנגעהויבן צו האַקן איבער די קעפּ. שוין לויפן די פּויערטעס איבער די גאַסן מיט אַ געשריי: „העי, כלאָפּי, כלאָפּי, נאַשיך ביאָן!" און פון דער צווייטער זייט די ווייבער: „מען שלאָגט אידן אויפן אָקסן־מאַרק!" און פון אַלע זייטן געסלעך קומען גויים צולויפן, אידן צולויפן, קראָשענוויצער פּערד־סוחרים, זשאַבלינער קצבים.

גאָסטינינער ווייבער זיינען אויך דאָ, — איבערגעלאָזט די מענער ביי די קראָמען און מיט די נעגל די גויים די אויגן אויסגעדראַפּטשעט. שוין האַלטן זיך איינס דאָס אַנדערע ביי די האָר, ביי די קעפּ, און בלוט רינט צווישן פּנימער, אויף קאַפּאָטעס, אויף ווייבער־טיכער, צווישן רעדער, חזירים און שרייענדיקע קאַטשקעס.

רב שלמה איז געווען אין דער שטוב און געהאַנדלט מיט אַ סוחר ווייצן, ווען דאָס געשלעג האָט אויסגעבראָכן. געהערט אַז אין גאַס, פאַרן הויז, שלאָגן זיך אידן מיט גויים, האָט ער געכאַפּט דעם שטעקן אין האַנט און איז אַרויס אין גאַס אַריין. חנהלע האָט זיך אַפילו אין דער טיר געשטעלט און באַשוואָרן אים, ער זאָל ניט אַרויס — נאָר ער האָט זי זאַנפט אַוועקגענומען און איז אַרויס אין געסל אַריין. עס זיינען באַלד נאָך אים אַרויסגעגאַנגען די סוחרים, די שטאַל־יונגען, לייזער און בער. און אַז די אידן אין געסל האָבן דערזען רב שלמהן גיין, האָבן זיך באַלד אַלע אַרומגעקליבן אַרום אים.

אָנגעקומען צום אָרט פון געשלעג, האָט רב שלמה אויפגעהויבן דעם שטעקן און געשלאָגן איבער די קעפּ, וואָס האָבן זיך געהרגעט: „לאָזט אָפּ, לאָזט אָפּ!"

מען האָט זיך באַלד אַריינגעריסן צווישן די שלאָגנדיקע, זיי פאַנאַנ־דערגעריסן, אָפּגעוואָרפן. די אידן מיט די צעבלוטיקטע קעפ האָבן דערזען רב שלמהן, האָבן זיי אָפּגעלאָזט.

— שקצים, — האָט רב שלמה געשריען — דעם גאַנצן מאַרק ווילט איר צעשלאָגן! וואָס איז געשען?

— אייזיקל גנב האָט אַ גויע אַ קראַנקע קו פאַרקויפט, שלאָגן זיי אידן.

אַ סך פון די פּויערים האָבן געקענט רב שלמהן פון דעם הויף, דעם „קופּיעץ". אַ סך האָבן געמיינט, אַז עס איז דער רב, האָבן זיי זיך איינגע־שטעלט און געשריען:

— דאָס געלט גיט אָפּ! דעם אידן גיט אַרויס, קופּיעץ!

און די אידן האָבן צוריק געשריען צו די פּויערים:

— דעם גוי גיט אַרויס, דעם גוי! אַ גוי איז אויך געווען דערביי.

אַז רב שלמה האָט געהערט, וואָס עס איז געשען, האָט ער געזאָגט:

— אַ רחמנות, אַן אָרעמע גויע, גייט ברענגט אייזיקן!

— די גויים וועלן אים הרגענען, רב שלמה!

— לאָז אים אַ שוואַרץ יאָר נעמען! דאָס געלט זאָל ער אָפּגעבן. איבער אים וועלן מיר דעם מאַרק פאַרלירן. גייט, לייזער, בער — יונגען, ברענגט אים אַהער!

— אי פּאָ זשידאַ, אי פּאָ כלאָפּאַ, — האָבן די אידן געשריען צו די גויים — ביידע זאָלן זיי קומען!

— גייט, פּויערים! דער רב הייסט, דער „קופּיעץ" הייסט, — האָבן די גויים געשריען.

און עס האָבן זיך באַלד אוועקגעלאָזט אַ פּאָר שטאַרקע קצבים־יונגען נאָך אייזיקלען, און אַ פּאָר גויים נאָך סטאַשן, ברענגען זיי אויפן מאַרק.

דערווייל ווי רב שלמה איז געשטאַנען און גערעדט מיט די פּויערים און אידן, כאַפּט זיך אונטער אַ יונגער שגץ און גיט רב שלמהן אַ פּאַטש און ווערט פאַרשוואונדן צווישן די פּויערים.

מער האָט מען נישט באַדאַרפט. עס האָט זיך געגעבן אַ קאָך אין די אידן דאָס בלוט: רב שלמהן האָט מען געשלאָגן! — און אַריין אין דער מחנה פּויערים. בחינם האָט זיי רב שלמה אַוועקגעטריבן מיט דעם שטעקן, אַז זיי זאָלן זיך נישט שלאָגן; זיי האָבן צעפּראַסקעט די פּיסקעס פון יעדן גוי.

— דעם שגץ גיט אַרויס!

דער שגץ איז אַריין צווישן די פּויערים, און זיי האָבן געפּרואוווט אים צו באַהאַלטן, נאָר נאָטע פורמאַן האָט אים גענומען אויפן אויג. ער איז באַלד נאָך דעם שגץ אין די פּויערים אַריין.

לאַנגע האָר האָט דער שגץ געהאַט — האָט ער זיך געגעבן אַ לאָז אַריין מיט דער האַנט אין דעם שגצס לאָקן און ער האַלט אים! בחינם רייסן אים די פּויערים און שלאָגן אים איבער די הענט; בחינם בייסן אים די פּויערטעס דורך די שטיוול, רייסן אים שטיקער פלייש פון די פיס, פון די הענט אַרויס. נאָטע לאָזט שוין דעם שגץ ניט אָפּ, שלעפּט אים נאָך נאָך זיך, ווי אַ שטיק אייזן, און ציט אים פון צווישן די גויים אַרויס. די גויים טרעטן אויף אים מיט די אייזערנע פּאַדקאָוועס — אַ צעבלוטיקטער האָט זיך נאָטע אין דעם שגצס האָר איינגעפלאָכטן, אַזוי ווי ער וואָלט אין אים אַיינגעוואַקסן, לאָזט אים נישט נאָך, שלעפּט אים פון די פּויערים אַרויס.

עס רינט דאָס בלוט פון זיי בײדן — פון נאָטען און פון שגץ — און מישט זיך אויס אינאייגעם — און צוגעקלעפּט איז ער צו אים און קייקלט זיך מיטן שגץ אויף דער ערד און שרייט צו די אידן: „דאָ איז ער!"

אַז די אידן האָבן דערזען דעם שגץ, זיינען זיי צו מיט די שטעקנס, מיט די געוויכטער:

— בעט איבער דעם סוחר!

עס האָבן זיך אַריינגעמישט די עלטערע פּויערים, אַ פּאָר בעלי־בתים, וועלכע האָבן געקענט רב שלמהן, און אויך געשלאָגן דעם שגץ. דער שגץ, אַ צעבלוטיקטער, מיט אויסגעבראָכענע פינגער, איז געלעגן אויף דער ערד, און געזוכט רב שלמהס פּאָלע פון ראָק, און געקושט רב שלמהן די שטיוול, די פּאָלעס, געציטערט פאַר שרעק און געשטאַמלט: אָ יעזוס, אָ באָזשע.

— לאָזט אים אָפּ! — האָט רב שלמה געשריען און קוים אַ לעבעדיקן אים אַרויסגענומען פון די הענט פון די יונגען.

נאָר באַלד האָט מען געבראַכט צופירן די צוויי גנבים, אייזיקלען און דעם פערד־גנב. די גאָמבינער סעדער־אידן האָבן געפירט אַייזיקלען. געפונען האָבן זיי אים אין שטאַל באַהאַלטן. די הענט אַהינטער געבונדן, און אַ בלייכער, אָן אַ היטל, איז אַייזיקל געגאַנגען. און די גויים פון דעם דאָרף כמעל האָבן געפירט דעם שיכורן גוי, דעם פערד־גנב. די שטאָט האָט זיי געקענט. אַ בשותפישע גנבים־פּאָר זיינען דאָס געווען, און ווי עס זיינען אין שטעטל אַ פּאָר זילבערנע לייכטער פאַרפאַלן געוואָרן, אָדער קאַלב־לעבער צוגעגנבט געוואָרן, איז מען געגאַנגען צו אייזיקלען אויסקויפן.

שטיל איז געוואָרן צווישן עולם. די פּויערים מיט די אידן האָבן זיך שוין אויסגעמישט אין איין רעדל, שלום געמאַכט צווישן זיך — דאָ אַ צעבלוטיקטער קאָפּ, און דאָרט אַ צעבלוטיקטער קאָפּ, און האָבן ביידע געשריען: אַ משפּט איבער די גנבים! רב שלמה האָט אַייזיקלען געגעבן דעם ערשטן פּאַטש און געשריען: „דאָס געלט גיב אָפּ!" איבער דיר וועט אַ מאַרק צעפירט ווערן! פון אַן אָרעמער גויע נאַרסטו געלט אויס!"

אַ בלייכער איז געשטאַנען אַייזיקל, און עס האָבן זיך ביי אים

געטרייסלט הענט און פיס. אַן אַלטער פויער פון כמעל האָט סטאַשן דעם ערשטן פּאַטש געגעבן מיט אַ געשריי: אַ קריסט ביסטו?—אַ טאַטער ביסטו!

שוין ווילן זיך אויף דעם פּאָר ווארפן די אידן מיט די גויים און אויסגיסן אויף זיי דעם רעשט כעס, וואָס שטעקט נאָך אין זייער בלוט, נאָר רב שלמה האָט זיי איינגעהאַלטן: צוערשט דער גויע דאָס געלט אָפּגעבן. די אידן האָבן באַזוכט אייזיקלען. אין ציצה־כנפות האָט ער געהאַט איינגעבונדן די איין און צוואַנציק רובל. ביי דעם גוי האָט שוין געפעלט אַ פּאָר קערבלעך — פאַרשיכורט אין שענק — האָט רב שלמה צוגעלייגט פון זייניקע און אָפּגעגעבן דער גויע צוריק דאָס געלט. די גויע האָט מיט טרערן אין די אויגן געדאַנקט רב שלמהן און געקושט אים די קאַפּאָטע: אַן ערלעכער סוחר, האָט רחמנות אויף אַן אַלמנה מיט יתומים! די ווערטער האָבן ווייך געמאַכט די אידן אויף דער גויע, און זיי האָבן געקראָגן רחמנות אויף איר: „טאַקע אַן אָרעמע גויע! וואָס, אַ גויע איז דען נישט קיין מענטש?" — האָבן ווייבער געשריען, — „מען נאַרט אויס ביי אַן אָרעמער אַלמנה צוויי און פערציק קערבלעך!"

האָבן זיך די אידן אַ נעם געטאָן צום זעלבסט־געריכט. די גויים האָבן זייער כעס אויסגעגאָסן אויף דעם פערד־גנב מיט געשרייען: אַ קריסט ביסטו? — אַ טאַטער ביסטו! און די אידן מיט די שטעקעלעך אויף אייזיקלען: אַ איד ביסטו? אַ טאַטעריש האַרץ האָסטו! פון אַן אָרעמער גויע געלט אויסנאַרן און איבער דיר אַ שטאָט אומגליקלעך מאַכן! אַ מארק צעפירן!

אין אַ שעה אַרום זיינען שוין געשטאַנען די כמעלער גויים מיט די גאַמבינער אידן ביי דבורהן אין שענקל. בראָנפן און מעד האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער, איבערגעבעטן זיך און אַרומגעהאַלטן זיך איינע די אַנדערע ביי די אָרעמס. דאָס בלוט פון זייער גוטפריינטשאַפט איז נאָך ניט פאַרטריקנט געוואָרן אויף זייערע געזיכטער און קליידער, און די גויים האָבן געשריען: מיר האָבן צו די אידן גאָר נישט: דער וואָס איז אַ גנב, איז אַ גנב, און אַ סוחר אַ קופּיעץ איז אַ סוחר. און די אידן האָבן געשריען: וואָס, אַ פויער איז נישט קיין מענטש? אַ פויער איז אויך אַ מענטש. איין גאָט איז נאָר אויף דער וועלט! און פּאַטשן זיך איינע די אַנדערע די הענט אַריין אויף שלום, אַז די הענט ווערן געשוואָלן.

און אַז מען איז דערנאָך ביים שטאָט־פּלומפּל געשטאַנען, און די אידן מיט די גויים האָבן איינע די אַנדערע וואַסער געפּלומפּעט און איבערן קאָפּ געגאָסן, דאָס בלוט פון קאָפּ און פּרצוף אָפּגעוואַשן, האָט נישט איין גוי אויסגעשריען, טאַפּנדיק זיך ביי זיין לאַך אין קאָפּ: די גאַמבינער אידן זיינען גאָר קיין אידן נישט, זיי לאָזן זיך נישט, די הינטישע בלוט.

(פון „ר' שלמה נגיד".)

מ. קולבאַק.

# ר י י ס ן

## א

אָ, דער זיידע פון קאַבילניק איז אַ איד אַ פשוטער,
אַ פויער מיט אַ פעלץ און מיט אַ האַק און מיט אַ פערד...
און מיינע זעכצן פעטערס און מיין טאַטע —
אידן פּראָסטע, אידן, ווי די שטיקער ערד!
טרייבן פליטן אויף די טייכן, שלעפּן קלעצער פון די וועלדער...
און דעם גאַנצן טאָג געהאָרעוועט, ווי כלאָפּעס,
עסט מען וועטשערע פאַרנאַכט צוזאַמען פון איין שיסל,
און מען פאַלט אַנידער אין די בעטן ווי די סנאָפּעס.
דער זיידע, אָ, דער זיידע קלעטערט קוים אַרויפעט אויפן אויוון.
ער איז, דער אַלטיטשקער, ביים טיש אַנטשלאָפן שוין געוואָרן,
נאָר די פיס — זיי ווייסן — פירן זיי אַליין אים אָפּ צום אויוון...
דעם זיידנס גוטע פיס, וואָס דינען אים פון כמה יאָרן...

## ב

### מען קאָסעט היי...

אין פעלד האָט גענומען שוין ציען מיט נעפּלען פון אָסיען...
אַרוים איז דער זיידע פאַרטאָג צום געמויזעכץ דאָס היי אַראָפּקאָסן,
איז מען ביים שאַריען אויף טאָג שוין געווען בגילופין אַזוי ווי די
אמתע קלעזמער,
מען האָט זיך צעשטעלט זאַלבעאַכצעט, דער זיידע בראש, און אַוועק
איז אַ מזמור:
אַ שפּרייז, און אַ קער מיט די פּלייצעס, אַ סווישטש, פונקט עס טאַנצן
אין זומפּ אַרום בליצן.
פאַר דאָס שטיקעלע ברויט, — האָט דער זיידע געזאָגט — מוז מען,
קינדערלעך, שוויצן...
און ס'האָבן זיך בלאַנקער די קאָסעס צעפייפט, די קאַפּאָטעס אַראָפּ,
מיט באַוואַקסענע גלידער,

אַזוי ווי די האָריקע יאָדלעס, — אַ טאַטע אַן אַלטער מיט זיבעצן
ליבלעכע ברידער...
עס צופּן די קאָסעס, ס׳שפּריצט זיך דער טוי, און עס פאַלן די גרעזער
אויף גרעזער אַנידער,
אַ פייגעלע זינגט אויף אַ נוס־בוים דערביי, אַז דער זיידע קאָן פּשוט
קיין אָרט ניט געפינען:
„וואָס זאָגסטו דערצו ? נאַ דיר גאָר אַ קאַנאַריק, אַ חזן, אינמיטן
דערינען״...
דאָ נעמט מען זיך טאָטשען די קאָסעס, פאַררוויכערט מען, כאַפּט מען
אַ זופּעלע קוואַס פון דעם קריגל,
דערנאָך שטייט מען אויף מיט אַ קרעכץ... פּאָמאַהיי באָך ! אַ קלונג,
און עס טוט זיך די קאָסע אַ שפּיגל,
באַווייזט זיך, פאַרשווינדט צווישן גראָז, טוט אַ בלאַנק — אַכצן
קאָסעס כסדר !...
עס בויגן זיך זיכער די הענט, אָ, עס קנאַקן די שענקלען, און פעסט
זיצט אַיעטוועדער גדר — — —
אַזוי ביז דער עולם דערזעט, ווי דער רויטער פאַרנאַכט לייכט זיך
אָפּ אין די קאָסעס,
טוט חברה אַ שמייכל. מ׳זעט שוין דעם הערינג דעם ברייטן, דער
באָבעשעס קעז־פּאַלטענאָסעס,
דערלאַנגט מען אַ נעם די קאַפּאָטעס, מ׳גייט און מ׳הערט צו די
וואַכטלען, וואָס שרייען,
מע גייט מיט די קאָסעס, פאַרלייגט אויף די פּלייצעס, מע קוקט און
מע שווייגט, ווי די שלייען...

ג

## מען טרייבט פליטן...

עס האָבן די נעפּלען פאַרווישט און פאַרשמירט אַלע דערפער און
וועגן,
אין פעלד טאַפּט מען אָן מיטן וואַרעמען פּנים די קאַלטקייט פון
הענגענדן רעגן...
עס ווייזן זיך פלעקן פון ביימער, פון ערגעץ אַ הויז, אַן אַסוויר פון
אַ ברונען,
נאָר ס׳שווימט עפּעס אָן, עס ווערט ווייס פאַר די אויגן... און אַליץ
ווערט אין נעפּל צערונען.

אַ טרוקענער צווייג פֿאַלט אַראָפּ. עס איז שטיל. אַ פֿויגל הייבט
אָנעט צו קלאָגן:
„ס׳קומט אויסעט אין לעבן אַזוי פֿיל אַריבערצוטראָגן, אַזוי פֿיל
אַריבערצוטראָגן"...
די צענדליקער קוועלכעלעך פּליסקענען צווישן די בייטן און מורמלען
און ריידן,
און צווישן די נעפּלען ווייט-ווייט אויפֿן ניעמאַן דערהערט זיך די
שטים פֿון דעם זיידן:
שמוליע, העי, שמוליע,
פֿאַרפּאַטש דעם הינטן אויף סקאַרוליע!...
דער זיידע קריכט אום מיט אַ באָרד מיט אַ נאַסער און טאַפּט די
שוואַרצועס;
די פּעטערס, אין נעפּל מיט לאַנגע בוסאַקעס, מען שפּרייזט אויף די
פּליטן,
אָט ווערן זיי נעלם. מען הערט נאָר אַרויס פֿון דער זייט דעם
געשריענעם שמועס,
עס טוען אַ פּליעסק אַפּאַטשינעס, אַ גראָב, און דער שטראָם ווערט
צעשניטן...
דער נעפּל פֿילט אויסעט די ליימיקע ברעגן, ניטאָ — ניט קיין ערד,
ניט קיין וואַסער.
און ווייך איז דער געגנט אַזוי, און ממשות — אַ וואַרעמער אָטעם אַ
בלאַסער...
נאָר ס׳וויקלט זיך עפּעס... אָט גייען די כלערליי טאָלן און וועלדער
אַריבער,
דאָרט שטייען פֿאַרוויקלט די הייזער, באַדעקטע ווי מעבל אין
גבירישע שטיבער...
און אָט פּלאַצט דאָ אויפֿעט אַ קלאָרקייט אַ גרינע... ס׳ווערט קלערער
ביי זיך אין נשמה...
די זון טוט אַ לייכט. עס באַווייזט זיך דאָס וואַסער און ווערבעס
פֿאַרוויינטע און לאָמע,
דער וואַלד האָט זיך בלוי אויסגעוואַשן, איז נאַס, און דער קאָפּ
זיינער פֿלאַקערט,
און ס׳גייט זיך אַ העלקייט ווייט-ווייט אויף אַ לאָנקע... אַ פֿויערל
שטייט דאָרטן און אַקערט...
אַ רחבות, אַ פֿרישקייט און גראָזיקע לאָנקעס, וואָס שמעקן און
פֿינקלען און וויינען,

און ס׳שווימען נאָך אום מיט שטיקער פון נעפּלען — חלומות פון
פעלדער און פליִנען.
און ס׳שווימען די פליטן געלאַסן, געלאַסן, פאַרקירעווען רונד מיט
די ברעגן,
די שטרויענע ביידלעך שטראַלן און פאַרען אַרויסעט דעם טוי און
דעם רעגן.
דערביי ליגט דער זיידע... ער רויכערט די ליולקע און זשמורעט פאר
תענוג די אויגן:
די וואַרעמע ערד האָט זיך גלאַנציק און פעט אַזוי שטאַרק אויס־
געצויגן,
צעקעסטלט אין פעלדער, געמויזעכץ, געלע און העלע און גרינע —
עס גיסט זיך דער דורכזיכטיק־ציטריקער פלאַקס אויף בורשטיניקע
שטענגעלעך דינע,
די גרינקייט אויף פעלדער־קאַרטאָפל ליגט אָפּגעקילט, מאַט, אויס־
געזאָטן...
און ס׳שמייכלט די קורצע די ראָזעווע רעטשקע מיט שפּרענקעלעך
ווייסע באַשאָטן —
עס רינען די זאַפטן פון דר׳ערד, אַז אַ שיכרות נעמט דורך אַלע
גלידער,
עס שפּאַרט זיך אַ לעבן אַ שטומער דורך גרעזער, דורך וואָרצלען,
און צווייגן,
אַז ס׳האַלט מער ניט אויסעט דער זיידע, ער טוט זיך אַ נעם, אָ,
ער קאָן מער ניט שווייגן,
דערלאַנגט ער אַ רעווע: טראַסציע אין דיין טאַטן! און נאָכאַמאָל
ווידער:
טראַסציע אין דיין מאַמען! — אַז ס׳כאַפּן זיך אויפעט די זין אויף
די פליטן.
מען זעט, אַז עס פליִען אַראָפּ פון די פעלדער די פאַרבן די הייסע,
ווי שטראָמען.
עס שפּרודלט פון פרילינג אַריין אויף דער וועלט און אַליין איז מען
אויך דאָ אין מיטן...
רבונו של עולם! עס טוט זיך דאָ וואָס אויף די פעלדער, וואָס האָט
ניט קיין נאָמען!...

— — — — — — — — — — — — —

אַזוי האָט דער זיידעניו, עליו־השלום, די פליטן געטריבן קיין פרייסן,
איז ער פאַרנאַכטלעך אַריין מיט דער בלויער ווילִיע אין ניעמאַן אין
ווייסן,

האָט מען די שריגעס פאַרגראָבן אין זאַמד און די שווערע שוואַרצועס
פאַרבונדן,
און פייערן האָבן די פעטערס אויף יעטוועדער פליט אָנגעצונדן.
שווייגעוודיק־מיד, זאַלבעצוויית ביי אַ פייער, אַזוי איז מען גרויע
געזעסן,
געבראָכן דעם ראַזעווען ברויט און דעם באָרשט פונ׳ם טעפּל געגעסן.
ס׳איז שטיל אויפן געגנט געוועזן. ס׳האָבן נאָר בלויע די וועלן
געזונגען,
עס האָט נאָר דער פייער זיך הילכיק צעבלעטעלט, צעלייגט, ווי אַ
רויטינקער בלימל,
און ס׳איז נאָר אַ פיש ווען ניט ווען פונ׳ם וואַסער דעם קילן גע־
שפּרונגען.
בלוי איז געווען, און אַ רויטע לבנה, אַ שווערע, איז אַרויס אויפן
הימל.

ד

## די באָבעשע ע״ה איז אויסגעגאַנגען...

אַז די באָבעשע די אַלטיטשקע איז אויסגעגאַנגען,
האָבן פייגעלעך געזונגען,
ווייל מיט איר צדקה, מיט איר האַרץ דעם גוטן,
האָט די וועלט געקלונגען.

און אַז מען האָט די באָבעשע אַראָפּגעהויבן,
האָט איעדערער געשוויגן,
און אָן אַ קרעכץ האָט מען די גוטע אַלטיטשקע
אויף דר׳ערד געלאָזן ליגן.

ס׳איז דער זיידעניו אין שטוב אַרומגעגאַנגען
אַ טויטער שאַרבן,
ווייל ער, דער אַלטיטשקער, ער האָט איר צוגעזאָגט,
אַז ער וועט פריער שטאַרבן.

און אַז מען האָט דעם בר־מינן אַראָפּגעפירט אין שטעטל,
האָט דאָס דאָרף געטרויערט:
„ניעמאַ, ניעמאַ יוזש סטאַראַי שליאַמיכע"
און אויך דער פּאָפּ וואַסילי האָט באַדויערט...

נאָר אַז דער שמש האָט דאָס מעסערל אַרויסגעצויגן
צו רייסן קריעה,
דאַן האָבן זיך צעשריען, נעבעך, מיינע פעטערס,
ווי די רוצחים פאַר דער תליה.

## ה

## דער פעטער איצע...

ס'האָט זיך פעטער איצע
אויסגעלערנט שניידעריי,
מאַכט ער אַלטע סערמיעגעס,
פונקט ווי שפּאָגל־ניי,
מאַכט ער אַלטע סערמיעגעס,
פונקט ווי שפּאָגל־ניי.

קומט ער אין אַ דערפל אָן
מיט דער נאָדל־פאָדים,
הענגט ער אויס אַ ווייוועסקע:
„דאָ פאַרריכט מען בגדים.“
הענגט ער אויס אַ ווייוועסקע:
„דאָ פאַרריכט מען בגדים.“

זיצט דער פעטער אויפן טיש
טערקיש, תמעוואַטע,
טרענט און ניצעוועט און לייגט
אַ לאַטע אויף אַ לאַטע,
טרענט און ניצעוועט און לייגט
אַ לאַטע אויף אַ לאַטע.

אויסגעלאַטעוועט איין דאָרף,
גייט ער אין אַ צווייטן,
ביז ער לאָזט אַרויס פון האַנט
דעם געגנט אַ באַנייטן...
ביז ער לאָזט אַרויס פון האַנט
דעם געגנט אַ באַנייטן...

ס'האָט זיך פעטער איצע
אויסגעלערנט שניידעריי,
מאַכט ער אַלטע סערמיעגעס,
פונקט ווי שפּאָגל־ניי,
מאַכט ער אַלטע סערמיעגעס,
פונקט ווי שפּאָגל־ניי...

ו

## ווינטער ביינאַכט אין דער אַלטיטשקער כאַטע...

איז מען געלעגן ביינאַכט אין דער אַלטיטשקער כאַטע,
געררויכערט די ליולקעס די גרויסע, געברומט און געסאָפּעט.
פאַרמאַטערט האָבן די פעטערס געקוקט תמעוואַטע,
אין שוויים איז אַ פעטער געזעסן ביים טיש און געכראָפּעט.
אין שטיבל האָט קוים אַ לוטשינע אַ שטילע געברענט...
דערביי האָט דער פעטער רחמיאל די הויזן פאַרשצאָבעט,
אַ שנייַ האָט געכליאָפּעט אין פענצטער, אַ ווינט האָט געקלאַפּט אין
די ווענט,
די זאַסלינקע האָט זיך אין אויוון אָן ווענטל געסקראָבעט...
עס האָט זיך דער זיידע געדרייט אויפן אויוון דעם הייסן,
אָן כוחות, דאָס העמד אויפגעעפנט, אין אַנגסטן באַשלאָגן,
דער ווינט אויפן פעלד האָט די כוואַליעס אין ניעמאַן געשטויסן,
די אַלטע בהמה אין שטאַל האָט ניט אויפגעהערט קלאָגן.
עס זיינען די פעטערס געלעגן צו צוויי אין די בעטן,
טעמפּ מיט די צורות צום באַלקן געקוקט און געשוויגן —
דער זיידעניו האָט זיך געקערט, אָ, דער זיידעניו האָט זיך געבעטן:
„אברהמציק, מיין קינד, טו אַ זינג אונז אַ טרויעריקן ניגון".
פון הייסן געלעגער אַראָפּ איז אברהם דער פעטער,
אין חושכניש איז ער געווען, ווי אַ יאָדלע אַ גרויע — — —
האָט ער געגעבן אַ זונג, ווי אַ ווינט אין אָסיעניקע בלעטער,
האָט געגעבן אין טונקעלער כאַטע אַ וואויע,
אַזוי ווי עס וואויעט אַ וואָלף ביי דער נאַכט אויף די וועגן,
ווי ס'וואויעט אַ וואָלף אויף פאַרשנייטע, באַלויכטענע פליינען — — —
פאַרטייעטע זיינען די פעטערס, ווי קלעצער, געלעגן.
ס'האָט פּלוצים דער זיידעניו שטיל אָנגעהויבן צו וויינען,
ער האָט זיך געדרייט אויפן אויוון, געקלאַפּט אין די ציגל.
אָ, גאָטעניו, העלף, עס איז פינצטער און ביטער...

דעם פעטער אברהם איז דורך אין די ביינער אַ ציטער,
עס האָט זיך דער ניגון געגעבן אַ גאָס, ווי אַ שפּיגל,
געגעבן אַ קלונג, ווי אַ וואַסער אין נעפּלען אין בלויע...
אין חושכניש איז ער געווען, ווי אַ דעמב אַ געזונטער.
האָט ער אַ טרייסל געטאָן די טשופּרינע אַרויף און אַרונטער,
אַ שפּרונג און אַ הייב זיך געטאָן מיט די הענט אין די באָקעס,
אַז ס'האָבן פון פרייד זיך צעפינטלט ביי יעדן די אויגן,
און ס'זיינען די שלעכטע געדאַנקען, אַזוי ווי סאָראָקעס,
ווי גרויע פון טונקעלער כאַטע, צעפלויגן...
איז ער אַרויס אין אַ טענצל, אַ זונג און אַ זעץ מיט די שטיוול,
אַ ברען אין דער לופט, ווי אַ פלאַם, מיט די הייסע שוואַרצאַפּלען,
אַז ס'האָט זיך דער זיידע דערפילט, ווי ער פליט מיט דעם שטיבל,
ער קריכט ערגעץ הויך, ערגעץ הויך, אויף צעבראָכענע שטאַפלען...
צעטומלט פון ניגון, געליימט איז דער פעטער געבליבן,
אין סקאָווראָד האָט שוין געטליעט די לעצטע לוטשינע,
דער זיידעניו האָט זיך צעשמייכלט, די הענט זיך געריבן:
„אַברהמעלע, וואו'סטע גענומען אַזאַ קול נגינה?"
דער בלוי פון פאַרטאָג איז אַריין אין דער אָרעמער כאַטע,
פאַרוויקלט אין שטרוי האָבןביימער אין גאָרטן געפרוירן...
דער ווינט האָט אין פירהויז געצופּט פון אַ פעלצל די וואַטע,
די אַלטע בהמה אין שטאַל איז אַנטשוויגן געוואָרן.

ז

## דער זיידעניו קומט שטאַרבן...

גרוי, ווי אַ טויב, איז פאַרנאַכטלעך דער זיידע געקומען פון פעלד,
צערעכט געמאַכט שטיל דאָס געלעגער און אָפּגעזאָגט ווידוי,
אין האַרצן צעזעגנט זיך רואיקערהייט מיט דער וועלט
און דאַן צוגעשלאָסן, אָן כוחות, די אויגן די מידע...
און ס'זיינען די פעטערס געקומען צוקאָפּנס פון זיידן,
אַראָפּגעלאָזט טיף די באַוואַקסענע קעפּ און געשוויגן.
ס'האָט עפּעס פאַרשטשעמעט די הערצער און ניט געלאָזט ריידן, —
פאַרשטשעמעטע הערצער — אַ זיפץ ניט געקאָנט אַרויסקריגן...
פּאַמעלעך האָט דעמאָלט דער זיידע געעפנט די אויגן,
ס'איז וואַרעם אַ שמייכעלע איבערגעגאַנגען זיין פּנים,
ער האָט זיך געזעצט אויפן בעט, קוים זיך איבערגעבויגן,
און אָט — וואָס דער זיידע האָט דעמאָלט גערעדט צו די בנים:

— דו, אַרטשע, מיין בכור, ביסט געווען דער יסוד פון משפּחה!
דער ערשטער אין פעלד און דער לעצטער געזעצט זיך צום טיש...
די ערד האָט זיך וואַרעם צעעפענט פון אונטער דיין סאָכע,
אַזוי ווי די ערד, זאָל דיין זאָמען זיין פרוכטבאַר און פריש...
רחמיאל, ווער קאָן זיך מיט דיר אויף דער לאָנקע פאַרמעסטן!
געווען איז דיין קאָסע אין גראָז ווי אַ פּלעצל פון פייער,
דיך קענען די שלענג אין די זומפּן, די פייגלען אין זייערע נעסטן,
די ברכה זאָל רוען ביי דיר אין שטאַל און אין שייער!
דו, שמוליע, דער טייך־מענטש, ניטאָ אויף דער וועלט אַזאַ גלייכן!
באַשטענדיק דעם בוטש אויף די פּלייצעס, באַשטענדיק אַ נאַסער,
געשמעקט האָט מיט שופּן פון דיר, מיט דעם ריח פון שליים אין די טייכן,
געבענטשט זאָלסטו זיין אויפן לאַנד, און געבענטשט — אויפן וואַסער!...
ס'איז נאַכט צוגעפאַלן. די רויטינקע שייבלעך פון כאַטע
אין טונקעלניש האָבן געוואָרפן אַ שיין אויף דעם זיידן...
עס האָבן געשטומט מיינע פעטערס, געשטומט האָט דער טאַטע,
און ניט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט פון זיין בענטשן און ריידן.
דאַן האָט דער זיידע צעזעגנט... די גלידער צוזאַמענגענומען...
און שטיל און אויף אייביק די אויגן די שטאַרע פאַרשלאָסן.
געקוקט האָט דער עולם, געקוקט אויף דעם קערפּער דעם שטומען,
און גאַרניט געזען און קיין איינציקע טרער ניט פאַרגאָסן...
אַ פויגל האָט ערגעץ אין וואַלד אויסגעקלאָגט פאַר דער נאַכט זיינע ליידן,
די לעצטע לוטשינע אין כאַטע האָט קוים נאָך געגליט אין די פונקען,
און ס'זיינען די פעטערס געשטאַנען צוקאָפּנס פון זיידן,
די שווערע, באַוואַקסענע קעפּ אין די אַקסלען פאַרזונקען...



## מענדעלע־מוכר־ספרים.

# אין בית־המדרש

נאָכדעם אַז הערשעלע האָט אַרויסבאַגלייט די מאַמע, איז ער געגאַנגען ווידער אין זיין רו אַריין, אַהין אין קלייזל, וואו ער איז שוין געווען אַביסל היימיש. עס האָבן אים אַהין געצויגן ווי אַ מאַגנעט צוויי מענטשן דאָרט — איינער אַ גרייז־גרויער איד, ר׳ אברהם מקבל, און דער אַנ־דערער, משהלע, אַן אָרעם בחורל, מיט אים כמעט אין איינע יאָרן.

ר׳ אברהם איז געווען פון די געהויבענע מקבלים, וואָס דער טיטל זייערער איז געוויינטלעך: שיינע אידן. דעם גרעסטן טייל טאָג איז ער געזעסן אין קלייזל איבער אַ ספר און געגעכטיקט האָט ער ביי זיך אין דער היים. ער איז געווען זייער אָנגעזען ביי די אַלע בעלי־בתים אין קלייזל, פון וועלכע דער גרעסטער טייל האָבן נאָך בעל־הביתלוויז, באַלד נאָך זייער חתונה, אים דאָ געטראָפן אַזוי דינען גאָט און זיינען מיט אים דעריבער שטאַרק געוואוינט געוואָרן. אָן אים וואָלט, דאַכט זיך, דאָס קלייזל קיין קלייזל נישט געווען, עס וואָלט עפּעס געפעלט. ר׳ אברהם האָט געהאַט איינגאַנג אין פילע לייטישע הייזער און זיך געריבן אַרום נגידים, צו וועלכע ער פלעגט אַמאָל אַריינקומען אַ שבת־צו־נאַכטס אויף אַ גלעזל פּונש, מאַכן מיט זיי עפּעס אַ שמועס, נעמענדיק דערביי אַ גוטן ציגאַר טיטון, און וועלכע פלעגן אים אַמאָל אויסהערן וועגן אַ שידוך.

דער נאָמען שיינער איד האָט אים באמת טאַקע געפּאַסט. אויף זיין קאַפּאָטע האָט זיך נישט געפונען קיין שפּרענקעלע, שטענדיק ריין, גאַנץ, אָן אַ ריס, אָן אַ טרען. זיין שווארצע, סאַמעטענע יאַרמולקע איז געווען פריש, פיין, אָן פעדערן. דאָס פּנים לויטער מיט אַ מיטעלער באָרד, ריין, ווייס, ווי אויסגעפּאַלענער שניי. די געדיכטע גרויע וואָנצעס נישט אָפּגעשאָטן מיט טאַבאַקע פון אַ מיתה־משונה קאָליר און אויף די ליפּן שטענדיק אַ גוט שמייכעלע.

ר׳ אברהם איז שטענדיק געווען אויפגערוימט מיט אַ פרייליכער מינע, און אַז ער האָט געטאָן אַמאָל אַ זיפץ, איז דאָס נישט געווען פאַר זאָרג און יסורים, נאָר גלאַט אַזוי זיך אַ אידיש זיפצעלע, ווי דער שטיי־גער איז ביים עפענען אַ ספר, אָדער מאַכן אַ ברכה, נעמענדיק אין האַנט אַ גלעזעלע ווין, אויך ביים שטעלן זיך דאַווענען. זיצנדיק אין קלייזל ביים טיש איבער אַ ספר, פלעגט ער געוויינטלעך ליב האָבן שמועסן מיט

מענטשן, הערן וואָס דער, וואָס יענער דערציילט חדשות, און אַליין טאָקע עפּעס אויך דערציילן. ביים רעדן פלעגט ער גלעטן מיט דער האַנט דעם שטערן, אויך אונטערהייבן אַ קאַפּעלע די יאַרמולקע, פאַכנדיק מיט איר אויפן קאָפּ. אים האָט נישט אויסגעמאַכט דערוואַקסענע מענטשן, אָדער יונגעלייט, בחורימלעך; ער האָט גערעדט גערן מיט אַלע גלייך, גענומען צום האַרצן איטלעכנס אַ זאַך און נישט אַוועקגעמאַכט קיינעם מיט דער האַנט: אינגלעך זיינען אויך מענטשן. דאָס וואָרט „שקאָץ", וואָס ער פלעגט עס זאָגן אַמאָל מיט אַ שמייכעלע איינעם אַ יונגנמאַן, האָט געהייסן ביי אים אַ סימן פון ליבשאַפט, אַז ער האַלט פון יענעם זייער שטאַרק.

ר' אברהם האָט באַלד פונ'ם ערשטן טאָג זיך צוגעקוקט פון דער וויטנס צו הערשעלען, ווי ער פירט זיך גוט אויף, און געטראַכט ביי זיך: אַ וואויל קינד אונזער לייזער־יאַנקלס, מען באַדאַרף אים מקרב זיין.

אַז הערשעלע איז איינמאָל פאַרטיפט געווען אין דעם לערנען, אונטערשפּאַרנדיק דעם קאָפּ מיט ביידע הענט אויפן שטענדער, האָט ר' אברהם, פאַרבייגייענדיק, לעבן אים זיך אָפּגעשטעלט, אַריינגעקוקט פון דער זייט צו אים אין דער גמרא, זיך פון אויבנאויף אַ פּרואוו געטאָן, אַ פרעג געגעבן, וואָס באַוואָרנט רש"י דאָ מיט זיין „כלומר"? וואָס דער תנא לאָזט מיך דאָ הערן? און וואו ליגט דאָ דער רעכטער קוועטש?...

ר' אַברהם אַליין האָט נישט געהאַט קיין שפּיצעכדיקן קאָפּ אויפצוטאָן שאַרפע פשטלעך, ער איז געווען נאָר אַ בעל־הביתישער למדן. זיין עיקר לערנען איז געווען מוסר־ספרים, עין־יעקב און מדרש, וואו עס געפינען זיך וואונדערלעכע מעשיות, ווערטלעך, משלים, שיינע איינפאַלן. אויך האָט ער געזופט זוהר, ווי וואַסער, אָפּצופרישן זיך נאָר מיט די ווערטער אַליין, נישט אָפּצושטעלן זיך לאַנג איבער אַ האַרב וואָרט, צו טרעפן דעם רעכטן טייטש. צייטנווייז פלעגט אים פלוצים עפּעס געבן אַ ברי — און ער האָט זיך גענומען זופן זוהר געשמאַק מיט חשק, די אויגן האָבן אים געפלאַקערט, דאָס פּנים געפלאַמט, ווי ביי אַ פאַרליבטן. דאָס פלעגט זיך מיט אים מאַכן געוויינטלעך ביי יענע שטעלן דאָרט, וואו גאָט שפּאַצירט אין גן־עדן מיט די צדיקים, די בוימער שמעקן, גיבן פון זיך אַרויס זיסע ריחות פון בשמים; כיתות, כיתות פון מלאכים שפּרינגען קדושה, לויבן, רימען, באַשיינען זיין הייליקן נאָמען און זאָגן שירה; וואו די שכינה צעגיסט זיך אין הייסע הייליקע געפילן, בענקט, קרעכצט, ברומענדיק ווי אַ טויב פאַר גרויס ליבשאַפט צו דער כנסת ישראל. אַמאָל קלאָגט זי, וויינט אויף זיך ווי אויך אויף איר געליבט פאָלק, וואָס איז, נעבעך, אַזוי פאַרוואָגלט, פאַרשוואַרצט אין גלות, און אַמאָל טרייסט זי אים, איר טייערן, זיסן געליבטן, נעמט איין מיט זיסע רייד און גוטע האָפנונגען

אויף שפּעטער. נישקשה, זיי וועלן זיך נאָך אם־ירצה־השם צונויפגיין — און דענסטמאָל וועט זיין אַזאַ לעבן, וואָס די וועלט האָט עס נאָך נישט געהאַט...

ר' אברהם איז אין זיין גראַד געווען, ווי רופט מען עס עפּעס, אַ פּאָעט. עס האָט אים עפּעס געצויגן צו הגדתות, צו די וואונדערלעכע, שיינע זאַכן אין דעם זוהר, און איז אויף זיין שטייגער געווען פאַרליבט. די גמרא אָקעגן איז פאַר אים געווען אַ טרוקענע זאַך, וואָס דערנערט דעם שכל און קוויקט נישט דאָס האַרץ. ער האָט דעריבער דאָס לערנען זי געהאַלטן נאָר פאַר אַ מוז און געלערנט אויף אַזויפיל נאָר, וויפל אים איז נויטיק געווען צום עסק: אין די ניין טעג, אַשטייגער, צו מאַכן אַ סיום, בכדי די בעלי־בתים זיינע זאָלן מעגן עסן פליישיקס, ערב פּסח אַ סיום פאַר זייגע באַקאַנטע בחורים, זיי זאָלן דעם טאָג נישט פאַסטן, און אַ פרק משניות אַלע טאָג מיט רבנן־קדיש פאַר אַ מת, וואָס דערויף האָבן אים דאָך די יורשים געדונגען אויף אַ גאַנץ יאָר. פונדעסטוועגן איז אים די גמרא געווען הייליק, און ער האָט שטאַרק הנאה געהאַט, אַז יענע לערנען.

אַז הערשעלע האָט געלערנט, איז עס ביי אים געווען זייער אָנגע־לייגט, מהיכא־תיתי, שיין, גאַנץ פיין, און ווען ער האָט, פאַרבייגייענדיק, הערשעלען אַ פרעג געטאָן, וואָס רש"י באַוואָרנט מיט דעם „כלומר"? איז דאָס געווען גלאַט אַן אויסרייד, ווייל אַזוי האָט עס אים געפּאַסט, נישט געמיינט גאָר אַריינצולאָזן זיך דאָ מיט אים טיפלעך אין אַ פּילפּול. אַבי הערשעלע האָט עפּעס געענטפערט, זיך געדרייט מיט דעם קעפּל, מאַכנדיק דערביי מיט אַ פינגער, איז עס פאַר אים שוין געווען גאַנץ גענוג — אַ סימן אַז הערשעלע איז אַ גוט אינגל, אַן ערלעך קינד — און ער האָט אים דערפאַר שוין טאַקע ליב באַקומען.

משהלע, אַ שוואַרץ־חנעוודיקער מיט פרישטשעקלעך אויפן ברייט־פלאַטשיקן פּנים, איז געווען אַ שטיק אינגל אַ שלאַפס, פון אָרעמע על־טערן, ערלעכע לייט, ביי וועלכע ער איז, נעבעך, פון קינדוויז אויף שטאַרק אָפּגעקומען אין נויט, אין דחקות, און זיך קיינמאָל זאַט נישט אָנגעגעסן. נאָר גאָר קליינערהייט האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ פאַר־שטענדיק קינד מיט אַ גוט קעפּל צום לערנען, און דאָס איז ביי די על־טערן געווען די איינציקע טרייסט אין זייער ביטער לעבן. זיי האָבן אָפּ־געשפּאָרט פון די נויטיקסטע באַדערפעגישן, פיל מאָל נישט דערגעסן, נישט דערטרונקען, בכדי צו צאָלן פאַר משהלען שכר־לימוד, אַבי זייער משהלע זאָל קענען לערנען און דערמיט אַליין זייגען זיי געווען זאַט, זייער צו־פרידן.

משהלע האָט געלערנט און די אָרעמע, הונגעריקע עלטערן האָבן

זיך געקוויקט, גרויס נחת געהאט. אז דאס קינד איז אונטערגעוואקסן און שוין אין שטאנד געווען אליין א בלעטל גמרא איינצובייסן, איז ער ארויס פונ'ם חדר און זיך געזעצט לערנען פאר זיך דא אין קלייזל; איז אים אויסגעקומען אמאל אין דעם לערנען קרייטיש, עפעס א הארב־לעך שטיקל, פלעגט ער זיך ווענדן צו אידן לומדים, און זיי פלעגן אים העלפן ארויף אויפן וועג. משהלע, פון דער נאטור א שעמעוודיקער, מיט א גוטן, ווייכן כאראקטער, דערצו נאך א שלאפער, א קרענקלעכער, דער־שלאגן פון דער ביטערער נויט — איז געווען שטענדיק ווי עפעס פאר־טראכט, און זיך געהאלטן אפגעזונדערט פון איטלעכן אין דער זייט, — מען האט פון אים נישט געהערט קיינמאל קיין הויך קול, זיך געזעסן אין א ווינקעלע און געלערנט שטיל. אזוי איז ער אויך געווען צווישן זיינע חברים, באקאנטע אינגלעך, קיינעם נישט באליידיקט מיט א גראב ווארט, נישט אנגערירט קיינמאל אפילו א פליג אויף דער וואנט.

שווייגן — דאס איז דער שטיגער זיינער געווען שטענדיק, דערפאר אבער האבן ביי אים גערעדט די אויגן. אך, ריבונו של עולם, וואס פאר א אויגן! וואס זיינען דאס געווען פאר א אויגן! אויף א קרענקלעך־בלייך פנים פלוצים אזעלכע צוויי אויגן! זיי האבן עפעס גערירט ביי דער נשמה, ארויסגענומען אמאל ביי יענעם דאס הארץ; עפעס איז אין זיי געלעגן א גאנצער אפגרונט; עס האט זיך ארויסגעקוקט די מינדסטע באוועגונג, אלצדינג, וואס אינווייניק דארט אין אים גייט פאר. דער ערג־סטער קונדס אפילו, קוים האט ער געפילט אויף זיך משהלעס אויגן, איז ער באלד אפהענטיק געווארן, און עס האט אים נישט דערלאזט דאס הארץ אנצורירן אים מיט א פינגער.

הערשעלע האט אנפאנגס אויף משהלען זיך געבלאזן. עס האט אים פארדראסן, פארוואס האלט ער זיך ווייט פון אים אין א ווינקעלע, אנ־נעמענדיק עס פון משהלעס זייט פאר שטאלצקייט. הערשעלע אליין איז ביי זיך אין הארצן געווען א שטיקל גדלן, נישט געקענט לײדן, אז אים זאל מען נישט באמערקן. ער איז געוואוינט געווען ביי זיך אין שטעטל זיין שטענדיק דער ערשטער און היינט מאכט אים עפעס משהלע גלאט אזוי אוועק. ניין, האט ער ביי זיך געטראכט, אנדערש וועל איך מיט אים נישט באקאנט ווערן, ביז ער מוז פריער צו מיר קומען.

אז א פאר טעג אבער זיינען אוועקגעגאנגען און משהלע איז אלץ טאקע נישט געקומען, האט הערשעלע שוין נישט געקענט מער אויסהאלטן און איז מיט זיין כבוד אליין צוגעגאנגען צו משהלען מיט דער דעה אים אנצולערנען — ארויסרופן אים אויף א וויכוח, מיט א ווייזעניש אין דער גמרא, אדרבה, לאז מען זען, ווער וועמען וועט איבערשפארן. די מלחמה צווישן זיי האט זיך אנגעהויבן: איינער דעם אנדערן האט פארגעבן

א ווייזעניש. הערשעלע האָט זיך געהיצט, זיך געוואָרפן, געדרייט אַהער־אַהין מיט אַלע אברים. משהלע אָקעגן האָט זיך אויסגעדרייט, אָפּגע־שלאָגן די קלאָץ־קשיות רואיק, געלאַסן, און דער שפּיץ איז געווען — זיי זיינען געוואָרן חבר.

הערשעלע האָט דערקענט, אַז ער האָט אין משהלען געהאַט אַ גראָבן טעות, און איז צו אים ווי צוגעקאָבט געוואָרן. וואָס ווייטער, ווייטער איז די ליבשאַפט צווישן זיי געוואָרן אַלץ גרעסער, שטאַרקער, ביז זיי האָבן זיך צונויפגענומען און ביידע אינאיינעם געלערנט איין מסכתא. ר׳ אברהם האָט זיי דערפאַר ביידן געלויבט אין די אויגן, איטלעכן באַ־זונדער גערופן מיט אַ שמייכעלע „שקאָץ״ — און די פריינטשאַפט צווישן די אַלע דריי איז געוואָרן שטאַרק.

(פון „דאָס ווינטשפינגערל״).



י. י. שוואַרץ.



# דער פּאָרטוגעזישער בית־עולם

אין האַריץ פון ניו יאָרק ליגט אַן אַלטער בית־עולם —
עס פאַלט איבער אים ניט קיין טוי און קיין זונשיין,
נאָר מויערן שטייען אַרום אים געשלאָסן,
און פאַרנט פאַרצאַמט אים אַן אייזערנער גדר.
אַן איינציקער בוים אַ פאַרדאַרטער נאָר וויגט זיך
מיט טרוקענע צווייגן אַריבער די קברים.
דאָרט זינגען ניט פויגלען, נאָר — ס׳רעשט און עס ליאַרעמט
אַרום אים מיט הונדערטער טויזנטער קולות;
עס יאָגן טראַמווייען פאַרביי מיט געפּילדער,
און ס׳ווירבלט דאָס לעבן מיט מחנות פון מענטשן.

בין איך צו דעם אייזערנעם צאַם צוגעפאַלן —
און ס'איז מיך אַ געטלעכע מורא באַפאַלן...
די צייט האָט די אותיות פאַרווישט און צעריבן —
און ס'איז ניט קיין זכר, קיין שפור ניט פאַרבליבן
פון יענע, וואָס זייערע עלנדע ביינער
פאַרגעסענע ליגן דאָ אונטער די שטיינער,
פאַרהילט און פאַרוויקלט אין קיטלען, טליתים —
און וואַרטן, און וואַרטן אויף תחית־המתים...
עס האָט מיך דער אייביקער צער אָנגענומען —
ס'איז אַלץ, ווי אין נעבל, געוואָרן פאַרשוואומען.
פון יעדער מצבה, וואָס ליגט שטיל אין דרימל,
אַ קול האָט געריסן זיך הויך ביז צום הימל.
אין רעש פון דער גאַס, דורך געוויין און יללות,
דערוואַכט האָט דער ביטערער, פינצטערער גלות...
געקלאפט האָבן ביינער אָן ביינער, סקעלעטן
שטום האָבן געוויינט און געפלוכט און געבעטן...

ווער האָט אייך געטריבן אַהער, און פון וואַנען?
זייט איר דאָס פון שפאַניען די לעצטע מאַראַנען?
איר אייביק־פאַרפלוכטע־געבענטשטע צוזאַמען,
וואָס האָט אייך געשטויסן דורך פלאַמען און ימען?
איך זע אייך, די שטאָלצע, מיט אָדלערשע אויגן,
אין פלאַמען פון אויטאָ־דאַ־פעען פאַרצויגן...
איך זע אייך אין נאַכט פון כל־נדרי פאַרהוילן
מיט ווייב און מיט קינד אין די פינצטערע היילן.
איך הער אייער ביטער געוויין און געזאַנגען —
איך הער פון די שווערדן און קייטן די קלאַנגען.

פאַרגעסענע שטייען דאָ אייערע קברים —
די גרויע מצבות אויף זיי אַזוי אָרעם.
עס וואַקסט ניט קיין גרעזל, עס בליט ניט קיין בלימל
אין אייביקן ברויזנדן, ווילדן געטימל.

עס קומען ניט אייערע איניקלעך בויגן
זיך טיף צונ'ם שטיין מיט אַ טרער אין די אויגן...
עס קלינגט ניט קיין קדיש נאָך אייערע ביינער —
איר לעבט ניט אין קיינעמס געדעכעניש, און קיינער
פֿאַרטראַכט זיך צומאָל נישט, ווי ס'זיינען פֿאַרראַטן
אַט די, וועלכע ליגן דאָ הינטער די גראַטן...

דער סקוועד האָט געווירבלט מיט מחנות פֿון מענטשן,
די גאַס האָט געשריען, געקאָכט און געליאַרעמט,
פֿון אָפּענעם שענק האָט א שיכור געזונגען —
און עלנד, אַרוים דורך דעם אייזערנעם גדר,
געגרויט האָט דער אַלטער פֿאַרוויסטער בית־עולם.



י. אָפּאַטאָשו.

# ר' איטשע מקובל

א.

מרדכי איז געשטאַנען ביים פענצטער, געקוקט אויף ר' איטשען, וואָס איז געזעסן ביי אַ דעמבאָוון בית־מדרש טיש און געלערנט מיט דבקות.

ר' איטשע איז געווען אַ איד אין די דרייסיקער, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ פּאָר שוואַרצע, טיפע אויגן, אַ וואַקסן פּנים, אַ שוואַרצע געדיכטע באָרד און אַ פול מויל ווייסע קרומלעכע ציינער, ווי פאַרקרימטע בוימער נאָך אַ שטורעם. ער איז געווען אַ איד אַ מקובל, אַ חסידישער מוח־מענטש. די אידן זעט מען נישט מער. זיי האָבן זיך באַוויזן מיטן חסידות. מיטן טלית און תפילין אונטערן אָרעם, האָבן זיי געוואַנדערט פון שטאָט נאָך שטאָט, וואו נאָר אַ אידישער ישוב, געשמועסט חסידות און מיט זייער שטאַרקן גלויבן און גרויסער ליבע האָבן זיי איינגענומען פּוילן, גאַליציע, וואָלין. גלייך ווי די מלחמה־יאָרן צווישן די חסידים און מתנגדים האָבן אויפגעהערט, און חסידות איז געוואָרן אַ מאָדע, זיינען די חסידישע מוח־מענטשן פאַרשוואונדן. די פריערדיקע רביים האָבן זעלטן ווען איבער־געגעבן די „שטול” צו זייערע קינדער. יעדער רבי האָט זיך געהאַט זיינע

תלמידים, יונגעלייט, וועלכע ער האָט מדריך געווען, געשמועסט מיט זיי חסידות, זיי אויסגעטאָן פון גשמיות, און נאָך דעם רבינס פּטירה זיינען די חסידים געפאָרן צו די תלמידים.

ר׳ איטשע איז געווען איינער פון זיי — דעם קאָצקערס א ליבּ־מענטש. און כאָטש ער איז תמיד געווען אליין, ווי ער וואָלט אויסגעמיטן מענטשן, געזוכט יחוד, פונדעסטוועגן ווער עס איז נאָר געקומען אין זיינע ד׳ אמות, האָט אים ליב געקראָגן. און ליב געהאַט האָט מען אים, ווייל ער איז געווען צוגעלאָזן, נישט געזען די חסרונות ביי א מענטשן, וואָס וואַרפן זיך אין די אויגן, און געהאַט פאַר יעדן איינעם א וואַרעם וואָרט. זיינע שוואַרצע, טיפע אויגן האָבן מיטן ערשטן בליק דורכגענומען דעם מענטשן, און ער האָט דערזען דאָס, וואָס א צווייטן נעמט עס יאָרן, און דאָס רוב מענטשן באַמערקן עס אינגאַנצן נישט. יעדער, וואָס האָט מיט אים גענומען רעדן, האָט געפילט, אז ר׳ איטשע קוקט אריין אין יעדן שפּעלטל פון זיין נשמה; דער באַהאַלטנסטער סוד איז פאַר אים אן אָפענע קאָרט,—האָט יעדער איינער זיך געפונען זינדיק און גענומען אָפּרעדן פאַר ר׳ איטשען דאָס האַרץ, ווי א קינד רעדט זיך אָפּ פאַר דער מאַמען. און אז מען איז אַוועקגעגאַנגען פון אים, האָט מען נישט חרטה געהאַט — וואָס עס איז זייער זעלטן — נאָר געוואָלט וואָס גיכער זיך ווידער מיט אים טרעפן.

אין קאָצק האָבן אלע געוואוסט, אז ר׳ איטשע מיידט אוים מענטשן, זוכט יחוד, ווייל ער איז פאַרטיפט אין קץ. און דער רבי האָט שוין נישט איינמאָל געלאָזט וואַרפן א וואָרט, אז איטשע דאַרף התבודדות, מענטשן קען ער שוין צופיל, דאַרף אביסל בוימער קענען, איז פונקט דעמאָלט געווען אברהם „שרייבער" אין קאָצק, זיך געקלאָגט פאַרן רבין, אז ער איז ווייט פון א מקום־תורה, האָט דער רבי אים געענטפערט: נעם מיט ר׳ איטשען, וועסטו האָבן תורה און א ברכה וועט רוען איבער דיין הויז.

מיט פרייד האָט אברהם פאַרבעטן ר׳ איטשען צו זיך. און אַז ר׳ איטשע איז געקומען אין וואַלד אריין, האָט אברהם אים אָפּגעגעבן דעם שענסטן חדר מיט ספרים, אים אָפּגעהיט ווי אן אבן־טוב — איז טאַקע ר׳ איטשע שוין דעם צווייטן זמן געזעסן, אפילו קיין קאָצק נישט געפאָרן, און געלערנט.

מרדכי האָט פון פאָטער און פון חסידים זיך פיל אָנגעהערט וועגן ר׳ איטשען, געוואוסט אז ער איז א מקובל, א גרויסער קאָפּ־מענטש, און דאָ, פון ערשטן טאָג אָן, האָט ר׳ איטשע אים גענומען מקרב זיין, געשמועסט מיט אים, ווי מיט א גרויסן, זיך פאַרהאַלטן מיט אים, ווי מיט זיינס א גלייכן, קיינמאָל ניט ארויסגעוויזן, אז ר׳ איטשע איז דער מוח־מענטש, — האָט מרדכי אים טאַקע פון ערשטן טאָג אָן ליב געקראָגן.

ר׳ איטשע האָט אים געבעטן, אז ווען ער וועט נאָר האָבן א פאַרלאַנג

אריינצוקומען צו אים אין חדר, מעג ער קומען: ער וועט אים נישט שטערן. האָט זיך מרדכי באַלד צוגעוואוינט צו ר' איטשען און ביסלעכווייז אים גענומען אַלץ דערציילן, אַלע זיינע מחשבות. און ר' איטשע האָט אים נישט געשטראָפט, קיינמאָל נישט געזאָגט: טו נישט אַזוי, נאָר שטענדיק, ווען מרדכי האָט אים עפּעס דערציילט, האָט ער מיט אים גענומען שמועסן חסידות און געשמועסט אַזוי, אַז מרדכי האָט תמיד געפונען אין ר' איטשעס רייד אַן ענטפער אויף זיינע שלעכטע מחשבות. מיט דער צייט איז ער אַזוי צוגעבונדן געוואָרן צו ר' איטשען, אַז ער האָט אים געמוזט זען יעדן טאָג, פלעגט אריינקומען אין זיין חדר, אים נישט שטערן, זיך אַוועקזעצן ביים פענצטער און קוקן אויף ר' איטשען, קוקן אַ לענגערע צייט, פילן אַז קיין שלעכטס קען ניט קומען, ווי לאַנג מען איז מיט ר' איטשען אונטער איין דאַך, זיך באַרואיקן און אַרויסגיין אָן אַ וואָרט, און זיין נשמה איז רואיקער געוואָרן.

## ב.

דאָס בית־המדרש איז געווען געפּאַקט. מען האָט געשפּרייזט אין די טליתים, אין די תפילין, — טייל מיט פאַרריסענע קעפּ, פאַרוואָרפענע הענט; אַנדערע האָבן אַריבערגעוואָרפן די טליתים איבער די פּנימער, געקלאַפּט מיט די הענט אָן די גלאַנציקע אָפּגעריבענע ווענט, זיך אויסגעטענהט מיטן ריבונו של עולם אויף פאַרשיידענע אופנים, יעדער אויף זיין שטייגער. אַרום די ווענט, ביי ברייטע דעמבאָווע טישן, זיינען געזעסן איבער גמראס יונגעלייט, בחורים, אינגלעך מיט ערנסטע פּנימער, זיך פאַרגאַנגען מיט אַ בענקשאַפט און געלערנט מיט התמדה.

די געשרייען פון די אידן, וואָס האָבן זיך געוואָלט אויף אַ ווייַלע באַפרייען פון דאגת־פרנסה, זיך אָפּשאָקלען פון דער וואָכעדיקייט פאַר דעם ריבונו של עולם, זייער זיפצן, זייער פּאַטשן מיט די הענט, דאָס שטילע פאַרבענקטע געזאַנג פון די יונגעלייט, וואָס איבער די גמרות, — דאָס אַלץ האָט זיך געטראָגן איבערן בית־המדרש ווי אַ וויי־געשריי, בלויז איבער־געריסן געוואָרן ביים אויוון, וואו שנאָרערס זיינען געזעסן מיט אויסגע־וויקלטע פּאַפּיראָסן, זיך געקריגט פון נישט־האָבן וואָס צו טאָן, זיך געשאָלטן און באַרעדט די גאַנצע וועלט.

ר' איטשע האָט גיך אָפּגעדאַוונט, אַריינגעמאַכט די הענט אין די אַרבל, און אַ פאַרמוחטער גענומען שפּרייזן איבערן בית־המדרש. ביים אויוון האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. אַ שלעכטער ריח האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַריין, אַז ס'איז אים אַזש ניט גוט געוואָרן. ר' איטשע האָט אַהינ־טערגעקוקט הינטערן אויוון. אויף אַ צעריבענעם זאַק מיט שטרוי, איז

געלעגן אַן עלטערער איד און געקרעכצט. דער אַרומיקער עולם האָט אים דערציילט, אַז דער קראַנקער איז אַ פּרעמדער, אַן אורח, קומט ערגעץ פון דער ליטע, ליגט שוין דאָ איבער אַ וואָך, און ס׳איז ניטאָ ווער ס׳זאָל אים איבערבעטן.

— וואָס הייסט ס׳איז נישטאָ? — האָט ר׳ איטשע זיך געוואונ־דערט — און איר? איר זייט דאָך אויך אידן! ווי לאָזט מען דאָס ליגן אַזוי אַ קראַנקן?

— וואָס דרשנט ער? — האָט אַ שנאָרער געלאָזט פאַלן צווישן דער חברה אַ וואָרט.

— מסתמא אַ מגיד! — האָט אַ צווייטער אונטערגעכאַפּט.

— פּעטער, איר קענט האָבן ס׳פאַרגעניגן, — האָט אַ שנאָרער, בלינד אויף איין אויג, איינגערוימט ר׳ איטשען אין אויער — ווען מאַכט זיך נאָך אַזאַ מצווה?

אַ באָרוועסער אינגל, וואָס איז געשטאַנען צווישן דער חברה, האָט שוין געהאַט צונויפגעדרייט אַ שמאַטע און געוואָלט זי פון דער זייט אַ לאָז טאָן ר׳ איטשען אין קאָפּ אַריין, האָט פּונקט דעמאָלט ר׳ איטשע זיך אויס־געדרייט און צוגערופן מרדכין:

— הער זיך איין, מען דאַרף קריגן אַ טאָפּ מיט אַ באַליע, טאַקע באַלד. מיר וועלן מאַכן אין אויוון אַ פייער און אָנוואַרעמען ס׳וואַסער. איבריגנס, גיב דעם שמש אַ פּאָר גראָשן, וועט ער אַלץ באַזאָרגן!

די שנאָרערס האָבן זיך איבערגעקוקט, געזען אַז דאָס איז נישט קיין מגיד, און יעדער פון זיי איז געווען וויליק צו ברענגען אַ טאָפּ מיט אַ באַליע.

זיי האָבן גענומען קאָנקורירן איינער מיטן צווייטן, זיך געקריגט, געלאָזט אַלץ ביליקער, ביז איינער, נאָך גאָר אַ יונגער, האָט אַלעמען אָפּגעטאָן און זיך אונטערגענומען צו ברענגען אַלץ אומזיסט.

אַז דאָס וואַסער האָט זיך אָנגעוואַרעמט, האָט ר׳ איטשע איינער אַליין אויסגעטאָן דעם קראַנקן, אים אַריינגעזעצט אין דער באַליע און אים גענומען אַרומוואַשן.

אין בית-המדרש איז מיט אַמאָל געוואָרן שטיל. אַלע זיינען אויפגע־שפּרונגען פון די פּלעצער, אַרומגערינגלט דעם אויוון, געקוקט ווי ר׳ איטשע וואַשט דעם קראַנקן. כמעט אַלע האָבן זיך געהאַלטן פאַר די נעז, אַזוי שווער איז געווען די לופט, געשטאַנען און זיך געוואונדערט, ווי דער פּרעמדער איז אויפגערוימט, פּאָרעט זיך אַרום דעם חולה, אָטעמט איין דעם שלעכטן ריח און טוט אַפּטמאָל קיין קרים ניט מיטן פּנים.

ר׳ איטשע האָט זיך פאַר אַלעמען אין די אויגן אויסגעטאָן, ווי קיינער וואָלט נישט געשטאַנען אַרום, אַראָפּגענומען פון זיך דאָס העמד, די גאַטקעס, זיי אָנגעטאָן דעם חולה, אים געבענטשט, אויסגעשאָקלט דאָס גאַנצע געלט פון די קעשענעס, זיי אַוועקגעגעבן דעם קראַנקן און זיך גענומען אָנטאָן.

דער עולם איז געשטאַנען פאַרגאַפט, זיך נישט געגלויבט, און איינ־ציקווייז איז יעדער צוגעגאַנגען צו מרדכין :

— ס׳איז דיין פאָטער ?

אַלע האָבן געקוקט אויף ר׳ איטשעס מאָטן פּנים, אויפן שוואַרצן בערדל מיט די ווייסע קרומלעכע ציינער, געזען דעם שטילן שמייכל אַרום די ליפּן, געזען ווי די גרויסע, שוואַרצע אויגן קוקן מיט אַזוי פיל רחמנות— האָט יעדער אַ ציטער געטאָן, ווי ער וואָלט אים דערקענט, כאָטש קיינער האָט אים קיינמאָל נישט געזען.

ר׳ איטשע האָט זיך שוין געהאַט אָנגעטאָן, געזוכט מיט די אויגן מרדכין, געוואָלט וואָס שנעלער אַרויס פון בית־המדרש, זיין אַליין, איז פונקט דעמאָלט אַריינגעקומען אַ נידעריק אידל, זיך איינגעקוקט אין ר׳ איטשען, זיך גענומען דורכשטופּן מיט די עלנבויגנס צווישן עולם און זיך צעשריען :

— ס׳איז דאָך ר׳ איטשע !

דער עולם, וואָס האָט איצט געוואוסט ווען ר׳ איטשען פונקט אַזוי פיל ווי פריער, האָט מער נישט געדאַרפט. דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו ר׳ איטשען, אים אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, געגעבן שלום, איבערגעבעטן, אָנגערירט זיינע קליידער. ר׳ איטשע האָט זיך פון דער ערשטער מינוט ווי פאַרלאָרן, געבעטן מיט די אויגן, מען זאָל אים צורו לאָזן און ביסלעכווייז זיך באַרואיקט.

מרדכי האָט קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט פון אים, געזען ווי ר׳ איטשע שטייט צווישן דעם עולם אַ צעשטראַלטער, מיט אַזוי פיל ליבע אין די שוואַרצע אויגן, גיט שלום, בענטשט, און דער עולם, קוקנדיק אויף אים, האָט פאַרגעסן אָן דער וואָכעדיקייט, און זייערע חושכדיקע אויגן האָבן זיך גענומען לויטערן.

ר׳ איטשע איז מיט אַמאָל צוגעגאַנגען צו מרדכין, אַרויפגעלייגט אויף אים אַ האַנט :

— קום, מרדכי, מיר מוזן שוין פאָרן, אָבער באַלד ! דער עולם ווערט צו גרויס. קום !

(פון „פוילישע וועלדער״).

א. ליטווין.

# דער בונט פון די שניידער

(א מעשה וואס האט זיך פארלאפן אין קיידאני מיט הונדערט יאר צוריק)

די געשיכטע פון דעם דאזיקן בונט איז פארשריבן אין קיידאנער שניידערשן פינקס. די מעשה לעבט אין מויל פון קיידאנער אלטע לייט אזוי פריש, ווי זי וואלט ערשט נעכטן געווען געשען. איך האב זי פארצייכנט פון מויל פון איינעם א קיידאנער בעל־הבית.

דאס איז געווען דער ערשטער טאג ראש־השנה — דערציילט די לעגענדע, לויט דעם קיידאנער שניידערשן פנקס. — דער עולם איז גע־שטאנען גאטספארכטיק אין שול און מיט גרויס בכיות געבעטן ביי דעם רבונו של עולם א גוטן צעטל. פלוצלונג איז געווארן עפעס א גערודער, א געמורמל, פריער שטילער און דערנאך אלץ קאכיקער, אומ־רואיקער. מ'האט פארגעסן אן דעם „צעטל", אן דעם ריבונו של עולם, אן די בכיות, אן די תקיעות, אן דעם מחזור. עס איז געשען אין שול א מוראדיקע „מעשה נבלה", וואס זינט קיידאני איז געווען קיידאני האט זיך אזוינס ניט פארלאפן.

פון אנהויב האט דער עולם אויף ריכטיק ניט געוואוסט, וואס איז אייגנטלעך אזוינס געשען. דער געמורמל און גערודער איז געווען נאר אויף יענע בענק, אין מזרח־זייט. ביסלעכווייז איז דער קאך אריין טיפער אין עולם, און אלעמענס אויגן און הענט זיינען געווענדט געווען צו די הינטערשטע בענק, דער עיקר — צו איין באנק — צו איין שטענדער, ביי וועלכן עס איז געזעסן דער „שולדיקער", דער „עוכר־ישראל", וואס האט פארשטערט קיידאנער בעלי־בתים דעם יום־הדין, האט זיי צעמישט די תפילות, האט געמאכט פארטרייבן דעם כבוד פון ישראל.

אין שול האט אלץ שטארקער און שטארקער געברויזט ווי ווילדע רוישנדע כוואליעס פון ים, בשעת ער צעשפילט זיך אין א שטורם.

וואס זשע איז אזוינס געשען אין קיידאנער שול? וואס פאר א נבלה האט אפגעטאן דער שניידער?

מיט וואס האט ער באטריבט דאס געמיט פון אלע בעלי־בתים, גבירים, רבנים און קהלשע פירער און פארזארגער?

דער שניידער האט געטאן אזא זאך, וואס איז ניט געזען און ניט געהערט געווארן אין אלע גרעניצן פון פאלק ישראל אין יענער צייט:

ער איז געקומען אין שול אין א . . . יארמולקע אונטערן היטל. מיט א מוראדיקער חוצפה, וואס קיין שניידער האט ביז דעמאלט ניט גע־וואגט, האט ער, דער עזות־פנים, דער עוכר־ישראל ,דער „חייט״, אראפ־גענומען פאר כל ישראל אין די אויגן דאס היטל, האט פארצויגן דעם טלית איבערן קאפ... ניין, איבער דער יארמולקע, און די יארמולקע איז געווען אן אמתע יארמולקע — א סאמעטענע, א נייע, פונקט ווי ביי דעם רב, ווי ביי דעם גבאי, פונקט ווי ביי אלע די יעניקע, וואס שטייען ראָרט אויבן אָן אין מזרח־וואנט.

— אוי, וויי געשריען ! איצט איז שוין אן עק פון דער וועלט ! — האט געשטורמט אין שול. מיט וואס וועט מען דערקענען איצט דעם אונטערשייד צווישן רב, פרנס־חודש און בעל־מלאכה, אז שניידער וועלן אָנהויבן טראָגן יארמולקעס, סאמעטענע יארמולקעס, פונקט ווי אלע גע־הויבענע בעלי־בתים, ווי אלע שיינע אידן ?...

— קנסענען ! מ׳זאל אים קנסענען ! — האט געקלונגען פון אלע זייטן.

נאָר דער רב האט געהייסן דעם שמש געבן א פאטש און דעם חזן — נעמען זיך צו די תפילות. אין מזרח איז אָנגענומען געוואָרן א באַ־שלוס : מ׳זאל דעם עזות־פנים, וואס האט געוואגט צו צעשטערן אייביקע גרענעצן צווישן בעל־מלאכה און באלעבאס, ברענגען אויף מארגן נאך יום־טוב צו קהל און קנסענען, ער זאל פארזאגן א צענטן נאך א מאל צו טאן אזא נבלה, און דערווייל זאל מען דאווענען.

אויף מארגן נאך ראש־השנה האט מען געבראכט דעם זינדיקן שניי־דער אין שול און מ׳האט אים געמאלדן זיין פסק : צען פונט ליכט אויף דער שול. די יארמולקע האט מען ביי אים אפגענומען.

אין שניידערשן פינקס שטייט ניט, צי דער שניידער האט מקיים פסק געווען. נאר דערמיט האט זיך די מעשה ניט געענדיקט.

דעם ערשטן טאג סוכות זיינען געקומען קיידאנער גבירים, פרנסים, בעלי־בתים אין שול — יום־טובדיק, שיינענדיק, אונטער די אָרעמס די טלית־זעקלעך, אין די הענט די לולבים מיט די אתרוגים, — אליין אויס־געפוצט אין שטריימעלעך און אטלעסענע זופעצעס, ארומגעגארטלט מיט פיינע גארטלען. זיי גייען אריין בהרחבהדיק, גאווהדיק אין בית־המדרש, כמנהג גבירים און שיינע אידן ; זעצן זיך אָנגעבלאָזן אויף זייערע מזרח־שטעט, און בלאָזנדיק זיך נעמט מען ארויס, לאנגזאם, מיט א יום־טובדיקן געניץ, די טליתים מיט די זילבערנע עטרות פון די סאמעטענע, מיט גאלד

געוועבטע, טלית־זעקלעך. מיט שטאָלץ נעמט מען פאַנאַנדער די טליתים, וואָרפנדיק דערביי, ווי ניט בכיוון, אַ קוק אויף די הינטערשטע בענק, אויף דער שניידער באַנק.

פינצטער איז געוואָרן קיידאַנער קהל אין די אויגן...

שטעלט זיך פאָר: אויף דער זעלבער באַנק, וואו ראש־השנה דער געקנסענטער שניידער, איז שוין געזעסן, ניט איינער, ניין — אַ גאַנצע רייע שניידער, שוסטער, קירזשנער, ניט בלויז אין יאַרמולקעס, נאָר אין שטריי־מעלעך, אין זופּעצעס, מיט גאַרטלען פאַרגאַרטלט, פּונקט ווי יענע, דאָרט אין מזרח־וואַנט. און נאָך אַפילו שענער... וואָרום דאָס האָבן דאָך די שניידער, קירזשנער געמאַכט די זופּעצעס און שטריימעלעך פאַר זיך... דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָבן זיי גענייט ניט פאַר אַנדערע, נאָר פאַר זיך אַליין...

— וואָס איז דאָס?... האַ... אַ בונט! אַ בונט פון שניידער, שוסטער, פון אַלע קיידאַנער בעלי־מלאָכות קעגן קהל, קעגן די אייביקע מנהגים פון די עלטער־עלטער־זיידעס. אוים יחוס! ... אוים מזרח־וואַנט...

נאָר דער שטורם, וואָס האָט געהאַלטן ביים אויסברעכן, איז פּלוצלונג שטיל געוואָרן. די בייזע בליקן פון מזרח־וואַנט האָבן דאָס מאָל באַגעגנט נאָך בייזערע בליקן אין מערב־וואַנט. די שניידער, שוסטער, קירזשנער און אַנדערע בעלי־מלאָכות, זיינען ניט בלויז געשטאַנען חוצפּהדיק: זופּעצע אַנטקעגן זופּעצע, שטריימל אַנטקעגן שטריימל, גאַרטל אַנטקעגן גאַרטל. אונטן, אונטער די גאַרטלען, האָט זיך געביילט אַ געזונטער פויסט, אַזאַ שטאַרקער און געזונטער, ווי עס קאָן נאָר זיין ביי אַ בעל־מלאָכה. קהל האָט דאָ געהאַט צו טאָן ניט מיט איין שניידער, נאָר מיטן גאַנצן „צעך״ שניידערס, און ניט מיט דעם איינעם צעך שניידערס, נאָר מיט אַלע צעכן בעלי־מלאָכות... עס זיינען געשטאַנען אין שול צוויי פייַנטלעכע מחנות: „מערב־וואַנט״ אַנטקעגן „מזרח־וואַנט״, דער המון אַנטקעגן „קהל״. און וועמעס צאָל איז געווען מער און וועמעס פויסט איז געווען שטאַרקער — דאָס האָט ביי קיינעם קיין פראַגע ניט געקענט זיין...

„קהל״ האָט געמאַכט אַ שוויג. דאָס דאַוונען איז שוין ניט איינגעגאַנגען. עס איז אין שול — ד. ה. אייגנטלעך ניט אין גאַנץ שול, נאָר אויף די מזרח־בענק, געווען ניט יום־טוב, נאָר תשעה־באָב. דערפאַר איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי יום־טובדיק, אַזוי לוסטיק און לעבעדיק אויף די מערב־בענק, ווי היינט. די שניידערס האָבן, מזרח־וואַנט אויף צעפּיקעניש, געוואָרפן עזותדיק מיט די פּאָלעס פון די זופּעצעס, געהויבן די קעפּ מיט די שטריימעלעך, געהאַלטן חוצפּהדיק די הענט אין די גאַרטלען און

געהויבן ביים אתרוג־בענטשן די אתרוגים אזוי הויך און די לולבים אזוי געטרייסלט, ווי שניידער האָבן דאָס נאָך קיינמאָל ניט געוואַגט.

עס איז אַוועק דער ערשטער טאָג סוכות. דער צווייטער אַוועק. מערב־וואַנט טריאומפירט! מזרח־וואַנט זיצט טרויעריק מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און וואַרפט נאָר צייטנווייז בייזע, גיפטיקע בליקן אויף דעם צעבונטעוועטן און טריאומפירנדן המון, דאָרטן — הינטער בימה. אין די הייזער, אויף די גאַסן — אַ חוץ די געסלעך, וואו עס וואוינען די בעלי־מלאָכות — איז געווען ניט סוכות, נאָר יום־כפור. מערב־וואַנט טריאומפירט...

נאָר אַזוי האָט זיך געדוכט דעם אויבערפלעכלעכן צוזעער. אין אמתן האָט קהל ניט געדרעמלט.

אויפן דריטן טאָג — דעם ערשטן טאָג חול־המועד, דאָס איז געווען שבת חול־המועד — זיינען גאַנץ פרי אָנגעקומען אין שטעטל דעם גראַף טשאַפּסקים קאָמיסאַר מיט צוואַנציק פּויערים. צען פון די פּויערים האָבן אַרומגערינגלט דעם בית־המדרש, אַנדערע צען זיינען אַוועק אין די געסלעך, וואו עס האָבן געוואוינט די בעלי־מלאָכות, און האָבן דאָרטן אַרויסגענומען אַלעמען פון די בעטן — אַלט און יונג, מייסטערס און אַרבעטער, און אַוועקגעפירט אין צענטראַלן סקלאַד — דאָס איז געווען דעם פּריץ טשאַפּסקים אַ ליידיק הויז — און מ׳האָט אַלעמען געשמיסן.

---

טייער האָט געקאָסט קיידאַנער בעלי־מלאָכות זייער העזה צו וועלן זיין גלייך צו די בעלי־בתים. אָבער ניט ביליק האָט אָט די קערפּער־שטראָף געקאָסט אויך קיידאַנער קהל. אַזאַ שענדלעכע מעשה איז נאָך ניט געהערט געוואָרן פאַר די גאַנצע יאָרהונדערטן זינט אידן האָבן געוואוינט אין פּוילן און ליטע. די טיפע באַליידיקונג האָט פאַראייניקט די קיידאַנער אידישע בעלי־מלאָכות אין דעם ברענענדיקן געפיל פון נקמה צו זייערע פייניקער. עס איז געמעלדעט געוואָרן אַ הייליקער קאַמף. דער קאַמף איז אַריבער־געטראָגן געוואָרן אין די רעגירונגס־געריכטלעכע קאַנצעליאַריעס. די העכערע געריכט־וואָגשאָל האָט זיך שוין דעמאָלט געפונען אין די הענט פון דער רוסישער רעגירונג. דאָס איז געווען אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען דער געשריי פון׳ם פאָלק קעגן דער ווילדער מוטוויליקייט פון׳ם „קהל" האָט זיך שוין געהערט פון אומעטום. די רוסישע געזעצגעבונג איז ניט געווען פיינטלעך צו אידן, האָט זיך אָפּנים צוגעהאָרכט צום געשריי פון פאָלק און האָט געשטרעבט דורך אַ גאַנצער ריי פאַראָרדנונגען צו באַפרייען דעם אידישן יחיד פון דער מאַכט פון׳ם קהל. נאָר ווי גינסטיק די שטימונג איז ניט געווען אין די הויכע

פענצטער, קהל האָט באַזעסן אַ מאַכט, וואָס האָט געמאַכט צום נול אַלע פאַראָרדנונגען פונ'ם געזעץ צו גונסטן פון המון. די מאַכט איז געווען כאַבאַר. און מיט דעם דאָזיקן געווער איז קהל געווען שטאַרקער.

יאָרנלאַנג איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף צווישן דעם המון און קהל אין קיידאַני. צענדליקע טויזנטער האָט ער אָפּגעקאָסטביידע צדדים, און די באַליידיקטע בעלי־מלאָכות האָבן כמעט פאַרלאָרן יעדע האָפנונג אויף גערעכטיקייט.

פלוצלונג איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז דעם קייזערס ברודער, קאָנסטאַנטין פּאַוולאָוויטש, דאַרף אין קורצן דורכפאָרן קיידאַני. דער המון איז אויפגע־מונטערט געוואָרן. זיי האָבן יעצט אַ געלעגנהייט דערלאַנגען דער העכסטער מאַכט אַ פּאַפּיר אין האַנט, אַ קלאַגע אויף זייערע דריקער און באַליידיקער, מיינענדיק די אונטערשטע קאַנצעליאַריעס. דאָ וועט שוין פאַר זיי געוויס אויפשיינען די גערעכטיקייט.

אין דער פרייד פון נצחון האָבן אָבער די נאַאיווע בעלי־מלאכות פאַרגעסן צו „האַלטן צונג", און קהל איז באַלד געוואָר געוואָרן פון זייערע פּלענער. מ'איז אַוועקגעלאָפן צום איספּראַווניק, אַריינגערוקט אים אין יד אַ שיינע מטבע און געבעטן: ער זאָל זיין אַ פאָטער און ראַטעווען...

— איך קען אייך גאָרנישט ניט העלפן, — האָט ער זיי געמעלדעט — לויט דעם געזעץ איז יעדן אונטערטאַן דערלויבט, בשעת אַ הויכע פּערזאָן פאָרט דורך, צו דערלאַנגען אים אַ בקשה. אָבער... — דער פּאָליציסט האָט זיך פאַרקלערט — אַן עצה איז דאָ... בשעת דער קייזער, אָדער אַ פערזאָן פון דער קייזערלעכער פאַמיליע פאָרט דורך, לויפן אַפריער הערָאָלדן אָנזאָגן, כדי שטעטל זאָל וויסן און זאָל אַרויס אַנטקעגן מקבל־פּנים זיין. ווען עס לויפט דורך דער ערשטער הערָאָלד, צעשטעלט זיך דער עולם אין ביידע זייטן און דאַן פאַרנעמען אויך די „קלאָגער" מיט די פּאַפּירן זייער פּלאַץ. ביים צווייטן הערָאָלד טאָר מען קיינעם ניט רירן פון זיין אָרט. דאַן איז פאַרפאַלן. איר פאַרשטייט? נאָר באַלד נאָכן ערשטן הערָאָלד, ווי נאָר דער שניידער וועט זיך שטעלן מיט דעם פּאַפּיר אין האַנט, ווען עמיצער וועט, אַשטייגער, אונטערגיין צו אים, טאַקע פון אייערע גופא, און וועט זיך מיט אים... צעשלאָגן, דעמאָלט קען איך צונעמען ביידן און פאַר־שפּאַרן אין „רעשאָטקע". וואָס שפּעטער וועט זיין, דאַרפן מיר שוין ניט זאָרגן. דערוויל וועט איר זיין פון אים פטור.

קהל האָט מען קיין פינגער אין מויל מער ניט געדאַרפט אַריינלייגן. פאַר אַ פּאָר גילדן האָט זיך געפונען אַ בוגד, אַ פאַררעטער, טאַקע אַ שניידער־יונג גופא, וואָס האָט ביים שניידער געדינט. אַלץ איז פאָרגע־

קומען, ווי דער פּאָליציייאַישער בלעם האָט געעצהט. דער שניידער מיט דעם פּאַפּיר מיטן שניידער־יונג זיינען פאַרטריבן געוואָרן אין „רעשאַטקע", דעם קייזערס ברודער איז דורכגעפאָרן, און קהל איז אויך דאָס מאָל ניצול געוואָרן.

ניצול געוואָרן, אָבער ניט אויף אַלע מאָל. קהל האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז ווען די טויערן פון גערעכטיקייט זיינען פאַר די שניידער און שוסטער אויף אַ לאַנגער צייט פאַרשפּאַרט געוואָרן, איז נאָך אָבער געבליבן דער ברייטער שליאַך און דער וואַלד און דער אייזערנער שניידערשער פויסט. און עס איז געבליבן, אַז מ'זאָל זוכן מיט די בעלי־מלאָכות אַ שלום.

מ'האָט געשיקט צו זיי אַ שמש: וואָס געווען איז געווען, זאָגט, וואָס פאַרלאַנגט איר? און עס זאָל זיין שלום.

די בעלי־מלאָכות האָבן אַרויסגעשטעלט דריי פאָדערונגען: ערשטנס — זאָל די יאַרמולקע און זופּעצע און דער גאַרטל זיין פריי פאַר כל ישראל און ניט פאַר מזרח־וואַנט־אידן אליין. צווייטנס — זאָל אין בית־דין, בשעת עס וועט פאָרקומען אַ משפּט צווישן אַ בעל־מלאָכה און אַ באַלעבאָס, זיין איין דיין פון זייער, פון די בעלי־מלאָכות צד, און אין קהל־שטיבל — אויך זייערער אַ סטאַרשינאַ, כדי די בעלי־מלאָכות זאָלן זיין זיכער אין אַן אומפּאַרטייאישן געריכט.

די באַדינגונגען זיינען אָנגענומען געוואָרן און צווישן מזרח־וואַנט און מערב־וואַנט איז געוואָרן געשלאָסן שלום.





## ה. זשיטלאָווסקי.

# וואָס איז פּראָגרעס?

די רייכע ליטעראַטור וועגן מענטשלעכן פּראָגרעס גיט אונז ענטפערס (שוין אַ ביסל צו פיל ענטפערס!) וועגן זיין פילאָזאָפישן תוך, וועגן יענער אייביקער, אַל־וועלטלעכער קראַפט, וואָס ווירקט אין אים און וואָס געפינט אין אים זיין העכסטן אויסדרוק.

די פאָרשער און דענקער דערציילן אונז אויך וועגן יענע אורזאַכן, וואָס רופן אים אַרויס אין לעבן און וואָס האָבן די גרעסטע שליטה אויף זיין גאַנג.

זיי אַמפּערן זיך אָפּטמאָל וועגן דעם, צי גייט ער אין יענע דרכים, אין וועלכע ער האָט באַדאַרפט גיין, לויט איינעמס אויסרעכענונג; צי ער האָט געבראַכט גוטעס דעם מענטשן, אָדער גאָר שלעכטס, און אייניקע, ווי צ. ב. שאָפּנהויער, לייקענען אינגאַנצן אָפּ, אַז עס איז דאָ אויף דער וועלט אַזאַ מין געשעען, וואָס זאָל קענען אָנגערופן ווערן פּראָגרעס.

אָבער ביי קיינעם פון זיי געפינען מיר ניט קיין קלאָרן און פּינקטלעכן ענטפער אויף דער שאלה, וועלכע האָט געדאַרפט אוועקגעשטעלט ווערן און פאַרענטפערט ווערן פריער פאַר אַלץ: וואָס איז אַזוינס פּראָגרעס?

מיר דוכט, אַז די שוועריקייט ליגט דאָ ניט אַזוי אין דעם פּראָבלעם גופא, ווי נאָר אין דעם, וואָס די טעאָרעטיקער און פאָרשער זיינען דער עיקר געווען פאַראינטערעסירט אַרויסצוזאָגן און באַווייזן זייערע מיינונגען וועגן דעם פּראָגרעס, אויסצונוצן די דערשיינונג, כדי צו אונטערשטיצן מיט איר זייערע ליבלינגס־אידעען, — פילאָזאָפישע, סאָציאָלאָגישע אָדער מאָראַלישע. מען האָט זיך אָבער נאָך ווייניק אינטערעסירט מיט אַ ריין אָביעקטיוון, ריין עמפּירישן אַנאַליז פון דעם, וואָס אַזוינס דער פּראָגרעס שטעלט מיט זיך פאָר אין דער ווירקלעכקייט, — אַלץ איינס, וואָס פאַר אַ פילאָזאָפיע עס קאָן אויף אים געשטיצט ווערן, אַלץ איינס, וואָס איר זאָלט ניט דענקען וועגן זיין ווערט און זיין מהות.

מיר דוכט, אַז אויב מען וואָלט זיך אוועקגעשטעלט אַזאַ ריין־וויסנ־שאַפטלעכע, ריין אָביעקטיווע אויפגאַבע, וואָלט לחלוטין ניט געווען אַזוי שווער פאַרטיק צו ווערן מיט איר. מענטשלעכער פּראָגרעס איז קודם כל

א דערשיינונג אין דעם געזעלשאַפטלעכן און היסטאָרישן לעבן. דאָ שטייען מיר ניט פאַר וועלכע עס איז סודות פון דער נאַטור, פון דער אונז אומבאַקאַנטער דרויסן וועלט, וואָס דעם מענטשלעכן שכל איז אזוי שווער אַרייַנצודרינגען אין איר.

מיר אַלע געברויכן טאָג־טעגלעך די איינטיילונג פון פעלקער און לענדער אין „פּראָגרעסיווע" און „אָפּגעשטאַנענע". די זעלבע איינטיילונג פירן מיר אויך דורך בנוגע צו פאַרשיידענע פּאָליטישע פּאַרטייען, און מיט דער זעלבער זיכערקייט רעדן מיר וועגן פּראָגרעסיווע און רעאַקציאָנערע צייטן אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

אויף וועלכן גרונט מאַכן מיר אַזאַ אונטערשיידונג? עס מוזן דאָך דערביי זיין ביי אונז געוויסע סימנים פון פּראָגרעס און אָפּגעשטאַנענקייט, איידער מיר זאָלן קאָנען פאַנאַנדערטיילן די לענדער, פּאַרטייען און עפּאָכן אין פּראָגרעסיווע און ניט פּראָגרעסיווע.

און אויב יענער גרונד איז אונז אַלעמען נאָך ניט אינגאַנצן קלאָר, דאַרפן מיר נאָר נעמען און פאַרגלייכן די פּראָגרעסיווע לענדער, פּאַרטייען און עפּאָכן מיט די אָפּגעשטאַנענע, זיך אַליין דערביי פרעגן, מיט וואָס זיי שיידן זיך אָפּ איינע פון די אַנדערע אין דעם אונז אינטערעסירנדן ענין, פּרוּאוון צוריקפירן אַלע געפונענע סימנים צו אַ געוויסער קלענער צאָל יסודות, וועלן מיר יעמאָלט האָבן אַן ענטפער אויף אונזער שאלה.

אמת, דער ענטפער וועט יעמאָלט זיין פילאָזאָפיש ניט איבעריקס טיף און אפשר אויך וויסנשאַפטלעך ניט גאָר אינגאַנצן פּינקטלעך, אָבער לכל הפּחות וועלן מיר וויסן, וואָס איז אַזוינס דער ענין, וועלכער דאַרף אונז, אַלס פּראָגרעסיווע מענטשן, אינטערעסירן אַזוי שטאַרק. און ערשט נאָכדעם, ווען מיר וועלן אויסגעפינען אָביעקטיוו די יסודות פון דעם פּראָגרעס, זאָל זיך יעדערער פילאָזאָפירן וועגן זיין אינוויינקסטן תוך, אויספאָרשן די קרעפטן וואָס ברענגען אים אַרויס, אָפּשעצן זיין ווערט, און אַרויסזאָגן זיין מיינונג, צי ער געפעלט אים אָדער ניט, צי ער וואָלט געוואָלט אים האָבן אַזאַ ווי ער איז, אָדער אפשר גאָר אַן אַנדערן, אַ בעסערן און אַ שענערן.

נאָך מיין מיינונג נאָך לאָזן זיך אַלע סימנים פון פּראָגרעס, — סיי אין די פּראָגרעסיווע לענדער, סיי אין די לערן און טאַטן פון די פּראָגרעסיווע פּאַרטייען, סיי אין די פּאַסירונגען פון די פּראָגרעסיווע צייטן, — צוריקפירן די פיר יסודות, וואָס פון זיי הפּנים באַשטייט דער גאַנצער מענטשלעכער פּראָגרעס.

דער ערשטער יסוד איז די פּערזענלעכע פרייהייט. מען קאָן זאָגן, אַז דאָס איז דער וויכטיקסטער יסוד פון אַלע, און אַז אין קיין זאַך דריקט זיך דער פּראָגרעס פון דער מענטשהייט ניט אַזוי בולט אויס, ווי אין אים.

מען קאָן זאָגן, אַז אויף דער גאַנצער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט דאַרף אָנגעווענדט ווערן דער שפּרוך פון דער הגדה: „מעבדות לחירות!" פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט!

וואָס פאַר אַ צווייג פון דער מענטשלעכער קולטור איר זאָלט ניט אָנכאַפּן, — פון דעם גשמיותדיקסטן ביז צו דעם רוחניותדיקסטן, — וועט איר זען, אַז זיין פּראָגרעס באַשטייט אין אַ וואָסער עס איז אַרט באַפרייאונג פאַר דעם מענטשן.

נעמט איר די מאַטעריעלע אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, דעם פּראָגרעס פון וויסנשאַפט און טעכניק, די אַנטוויקלונג פון יענע כוחות, וועלכע דער מענטש ווענדעט אָן אין דער פּראָדוקציע פון אַלע זיינע גיטער, זעט איר, אַז ער, דער פּראָגרעס, שוואַכט אָפּ דעם מענטשנס אָפּהענגיקייט פון דער נאַטור, אַז ער לערנט אים, ווי אַזוי פריי, ד. ה. לויט דעם אייגענעם ווילן, צו באַהערשן אירע געזעצן און קרעפטן.

גייט איר איבער צו דער גייסטיקער זייט פון דער מענטשלעכער קולטור, געפינט איר אויך דאָ, אַז יעדער שריט פאָרויס איז פאַרבונדן מיט אַ באַפרייאונגס־אַקט, וואָס מאַכט דעם מענטשן זעלבסטשטענדיקער און אומאָפּהענגיקער אין זיין דענקען און פילן און לערנט אים זיך צו באַגיין אָן פרעמדער הילף, לערנט אים אַראָפּטרייסלען פון זיך יענע חוקים און משפּטים, מיט וועלכע אַלערליי אויטאָריטעטן, — רעליגיעזע, פילאָזאָפישע און געזעלשאַפטלעכע, — זוכן איינצוצאַמען זיין דענקען, פאָרשן, פילן און טאָן.

און אייך וואונדערט ניט דעריבער, וואָס אין אַ פּראָגרעסיוון לאַנד געניסט דער מענטש אַ סך מער פרייהייט, איידער אין אַן אָפּגעשטאַנענעם; וואָס אַ פּראָגרעסיווע פּאַרטיי פאָדערט מער פרייהייטן פאַר דעם מענטשן, איידער אַ קאָנסערוואַטיווע, און אַז דער קאַמף פון פּראָגרעס און רעאַקציע שפּילט זיך אָפּ קודם כל אויף דעם פעלד פון פּאָליטישער פרייהייט.

די פּערזענלעכע פרייהייט איז אָבער ניט דער איינציקער יסוד פון דעם פּראָגרעס און ניט אויף אים אַליין שטייט די גאַנצע פּראָגרעסיווע וועלט. פריי, אַבסאָלוט פריי איז אויך געווען אַ דיאָגען אין דעם אַלטערטום, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע קולטורעלע באַדערפעניש און האָט דערגרייכט אַזאַ מדרגה, אַז ער האָט געקענט אָוועקוואַרפן דעם איינציקן קולטורעלן חפץ, וועלכן ער האָט נאָך באַנוצט, — דאָס ליימענע קריגל צו טרינקען וואַסער. פריי, אַבסאָלוט פריי קאָן אין דעם רעאַקציאָנערסטן לאַנד זיין יעדער איינער, וואָס פאַרלאָזט דעם מענטשלעכן ישוב און גייט אַוועק אין מדבר אָדער אין טיפן וואַלד צו לעבן דאָרטן, ווי די נאַטור האָט געבאָטן. איז דאָס דער וועג פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס? פירט אויך ער צו אַ פרייהייט אין אָרעמקייט, צו אַ לעבן אָן באַדערפעניש?

באשיינפערלעך, ניט. עס איז גענוג א בליק צו טאָן אויף דער גאַנ־צער געשיכטע פון דער מענטשהייט, כדי איינצוזען, אז דער וועג פון איר אַנטוויקלונג פירט ניט פון רייכקייט צו אָרעמקייט, נאָר פאַרקערט: פון אָרעמקייט צו רייכקייט.

דער מענטש האָט אָנגעהויבן זיין מענטשלעכן לעבן ווי א קבצן. סיי אין מאַטעריעלע חפצים, סיי אין גייסטיקע אידעען און ענינים, האָט גע־הערשט א שרעקלעכער דלות. און איצטער איז די מענטשלעכע קולטור אזוי רייך, אז זי קען באמת פאַרגליכן ווערן צו א ים, וועלכן קיינער איז ניט ביכולת אויסצושעפּן.

דער ווילדער פון אמאָל, מיט זיין בלעטער־גאַרטל, ווי באַקליידונג, מיט זיין פייל־און־בויגן, ווי געצייג, מיט זיין קערפּער־געמעל, ווי באַצירונג, וואָלט געקאָנט שטאָלץ זאָגן וועגן זיך, אז ער האָט אויפגענומען אין זיך די גאַנצע מענטשלעכע קולטור פון זיין צייטאַלטער.

איצטער איז שוין אזא שטאָלץ געוואָרן אוממעגלעך. קיינער קען ניט האָבן די העזה צו זאָגן, אז ער קאָן אריינגעמען אין זיך די גאַנצע קול־טור פון זיין צייט. וואָס א יאָר וואַקסן אַלץ נייע און נייע חפצים צו באַפרידיקן די אַלץ מער אָנוואַקסנדע מענטשלעכע באַדערפעניש; עס ווערן אויסגעטראַכט אַלץ נייע און נייע געצייג און מעטאָדן, ווי צו פאַרפערטיקן די נויטיקע חפצים. עס ווערן ארויסגעבראַכט אַלץ נייע און נייע אידעען אין וויסנשאַפט און קונסט, אין רעליגיע און פילאָזאָפיע, אין מאָראַל און געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס דאַרפן באַפרידיקן דעם קיינמאָל ניט זאַט־ווערנדן גייסטיקן הונגער פון דעם מענטשן.

דער צווייטער יסוד פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס איז דעריבער די קולטורעלע רייכקייט.

אין קיין זאַך איז ניט אזוי ניכר און בולט די אָביעקטיווע ארבעט פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס, ווי אין דעם באַשאַפונגס־פּראָצעס פון דעם קולטורעלן רייכטום, פון די אַלע חפצים, וועלכע ער ברענגט ארויס כדי צו באַפרידיקן דעם מענטשנס באַגער, פון די אַלע ענינים, וועלכע ער טראַכט אויס, כדי צו שפּייזן זיין שכל און זיין געמיט.

און פונדעסטוועגן איז קולטורעלע רייכקייט אַליין, אפילו אינאיי־נעם מיט דער פערזענלעכער פרייהייט, נאָך ניט גענוג, כדי אויסצושעפּן דעם גאַנצן ענין פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס: א הויכן גראַד פון קולטור־רייכטום קאָנען מיר אָנטרעפן אפילו אין די רעאַקציאָנערסטע לענדער.

נעמט א רייכן, ליבעראַלן און געבילדעטן פּוילישן מאַגנאַט, אזוי, אָן ערך, אין די צוואַנציקער יאָרן פון דעם פאָריקן יאָרהונדערט. זיין הויף איז כמעט א „זעיר־אנפּין“, א מיניאַטור־קאָפּיע פון דער גאַנצער

דעמאָלסטיקער קולטור. זיין פּאַלאַץ איז דער בעסטער מאָדעל פון בוי־קונסט; אין די אָראַנזשעריעס ווערן אַרויסגעבראַכט די זעלטנסטע טראָפּישע פּרוכטן; די ספרים־אַלמערס ברעכן זיך פון די בעסטע ביכער, אין וועלכע עס ווערן אויפבעוואַרט די איידעלסטע און טיפסטע געדאַנקען; די ווענט אין זאַל באַהאַנגען מיט די זעלטנסטע קונסט־בילדער; אויף די קלאַוועסינען און קלאַוויקאָרדן ווערן געשפּילט די סענטימענטאַלסטע מוזיק־פּיעסן פון דער צייט...

נאָר אָפּטמאָל רייסט זיך אַריין אין דער מוזיק עפּעס אַ משונה ווילדער געשריי פון דעם הויף, פון דעם ווייטן שטאַל, — אַ געשריי, וואָס מאַכט ניט קיין באַזונדערן איינדרוק אויף די ליבעראַלע מענטשן, וואָס געניסן די צאַרטסטע פּרוכטן פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס: דאָס שמייסט מען בעת מעשה אַן אָרעמען „כלאָפּ", וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט פאַר זיין באַלעבאָס.

אין די רעאַקציאָנערע אָדער אָפּגעשטאַנענע לענדער געפינט זיך דאָס קולטור־רייכטום נאָר אין ווייניקע הענט, און די מאַסן זיינען כמעט איננאַנצן אויסגעשלאָסן פון אים.

ס'איז אמת, אויך אין די פּראָגרעסיווע לענדער זיינען די מאַסן נאָך וויט־ווייט ניט אין דער לאַגע פריי צו שאַפן און פריי צו געניסן די מענטשלעכע קולטור, באמת הנאה האָבן פון אַלע אירע מאַטעריעלע און גייסטיקע אוצרות.

אָבער ווען איר פאַרגלייכט די פּראָגרעסיווע לענדער מיט די רעאַקציאָנערע אין דעם פּרט, מוזט איר דאָך פּאָרט צוגעבן, אַז אין די ערשטע איז די קולטור אַ ביסל גערעכטער פאַרטיילט צווישן דעם פאָלק, איידער אין די צווייטע.

אין דייטשלאַנד, אַמעריקע, ענגלאַנד און פראַנקרייך האָט דער מאַסן־מענטש לפי ערך אַ סך אַ לייכטערן צוטריט צו דעם גרויסן קולטור־ים, איידער אין אונגאַרן, רוסלאַנד אָדער טערקיי. דאָס קולטור־רייכטום איז אין אַ פּראָגרעסיוון לאַנד אַ ביסל גערעכטער פאַרטיילט צווישן פאָלק, איידער אין אַ רעאַקציאָנערן; און וואָס פּראָגרעסיווער אַ פּאַרטיי איז אין אַ לאַנד, אַלץ ענערגישער שטעלט זי זיך איין פאַר דעם פּרינציפּ פון סאָציאַלער גערעכטיקייט.

אפילו די בורזשואַזעסטע פון די פּראָגרעסיווע פּאַרטייען מוז אויך צוגעבן, אַז דאָס סאָציאַלע לעבן פון דער געזעלשאַפט דאַרף אויפגעבויט ווערן אויף דעם יסוד פון „גלייכע געלעגנהייטן פאַר אַלעמען" (איקוועל אָפּאָרטיוניטים). דאָס הייסט, אַז אפילו די בורזשואַזעסטע פּראָגרעסיווע פּאַרטייען פאָדערן, אַלע מענטשן זאָלן האָבן דעם גלייכן צוטריט צו דעם גרויסן קולטור־ים.

מען דארף אונז, סאָציאַליסטן, ניט דערציילן, וואָס פאַר א זין די „גלייכע געלעגנהייטן" האָבן אין די רייד פון דעם בורזשואזן סאָציאַל־רעפאָרמער, און וואָס פאַר א פּנים די „איקוועל אָפּאָרטיוניטים" האָבן אין דעם איצטיקן לעבן.

אויף א גרויסן יאַג־פעלד שטעלט מען אויס אין איין גלייכער ליניע א מענטשן אין אן אָטאָמאָביל, א מענטשן אויף א לאָמער שקאַפּע און א מענטשן צופוס, און מען זאָגט זיי: „איצטער זייט איר אַלע „גלייך". פליט, וואָס כוחות איר האָט! און ווער עס וועט פריער דערגרייכן דעם ציל, דער וועט באַקומען דעם פּרייז".

אָבער אַפילו אין דעם מאָוימדיקן זיך יאָגן צום ציל, אין דעם האַרטסטן קאָנקורענץ־קאַמף, וואָס די מענשן פירן אין דעם איצטיקן לעבן, איז די פאַרטיילונג פון די גיטער בלי ספק א סך א גערעכטערע אין די פּראָגרעסיווע לענדער, איידער אין די אָפּגעשטאַנענע, און עס איז ניטאָ קיין איין איינציק פּראָגרעסיווע פּאַרטיי, וואָס זאָל, — אין פּרינציפּ, ווייניקסטנס, — ניט צוגעבן, אַז אַלע מענטשן זיינען „גלייך געבוירן, גלייך אַן אַדעליק געשלעכט" און אַז קיין איין מענטש און קיין איין מענטשלעכע גרופּע טאָר, אין די „מעגלעכקייטן" פון דעם סאָציאַלן און פּאָליטישן לעבן, ניט האָבן קיין איין ברעקל איבערוואָג איבער אַן אַנדערן מענטשן, אַן אַנדער מענטשלעכער גרופּע.

פּראָגרעסיווע פּאַרטייען קעמפן אומעטום פאַר אויסגלייכן די לאַגע פון מענער און פרויען, פון אַרבעטער און אונטערנעמער, פון אַלע רעליגיעזע גלויבנס, פון אַלע ראַסן און פעלקער־גרופּן אין די גרעניצן פון איין שטאַט, און וואָס פּראָגרעסיווער א לאַנד איז, אַלץ אין א גרעסערער מאָס איז אין אים פאַרווירקלעכט יענע אויסגלייכונג.

מיר קאָנען דעריבער גאַנץ זיכער זאָגן, אַז דאָס שטרעבן צו סאָציאַלער גערעכטיקייט איז דער דריטער יסוד פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס.

ביז אַהער האָבן מיר באַטראַכט דעם מענטשלעכן פּראָגרעס, ווי ער שפּילט זיך אָפּ אין די גרעניצן פון איינצלנע לענדער און פעלקער. אָבער דער מענטשלעכער פּראָגרעס איז ניט נאָר בלויז א מענטשלעכער. ער איז א פּראָגרעס פון דער גאַנצער מענטשהייט.

דער פּראָגרעס איז א פּראָצעס, וואָס ווייזט זיך אַרויס אין דער מענטשלעכער געשיכטע, און די מענטשלעכע געשיכטע איז אן איין־איינציקע, אויסגעטראָגן אין פרייד און אין לייד פון דער איין־איינציקער מענטשהייט.

די איינצלנע פעלקער זיינען נאָר אירע איינצלנע טיילן, וואָס שפּינען די כשרע און ניט כשרע פעדים פון דער מענטשלעכער קולטור און וועבן

זיי אריין אין דעם איין־איינציקן געוועב פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג. פעלקער אַרבעטן דאָ האַנט אין האַנט, און איין פאָלק גיט איבער זיין ירושה צו אַנדערע, ווען עס איז פאַרמשפּט צו פאַרשווינדן פון דער וועלט.

„ממצרים ועד הנה", פון דעם ערשטן אויפליכטן אין דער עגיפּטי־שער ציוויליזאַציע, ביז אויף דעם היינטיקן טאָג, ציט זיך איין איינ־ציקע מענטשלעכע קולטור־אַנטוויקלונג, וואו די פעלקער ווארפן זיך אי־בער מיט די פעדים, וועלכע זיי שפּינען, ווירקן איינע אויף די אַנדערע, און נאָר א דאַנק אָט דעם אייביקן ווירקן און געגן־ווירקן, ווערט ניט אָפּגעשטעלט אויף אַ מינוט דער וועב־שטול פון דער צייט.

טרעט אָפּ אַ וואָסער עס איז פאָלק פון דעם אַלגעמיינעם וועבשטול, מאַכט עס „שבת פאַר זיך" און רינגלט זיך אַרום מיט אַ כינעזישער מויער, דעמאָלט ווערן ביי אים אָפּגעשוואַכט די באַשאַפנדע כוחות, ווי ביי אַן איינצל־מענטש, וואָס פאַרלאָזט דעם מענטשלעכן ישוב און ווערט פאַרווילדערט אין אַ מדבר.

די אינטערנאַציאָנאַלע הין־און הער־ווירקונג איז איינע פון די וויכ־טיקסטע טרייבנדע קרעפטן, וואָס ברענגען אַרויס די מענטשלעכע געשיכטע, און די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט איז איינער פון די וויכטיקסטע יסודות פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס.

עס איז נאָך ווייט־ווייט ביז דער פאַרווירקלעכונג פון יענעם פּראָ־גרעסיוון אידעאַל, וועלכן אונזערע נביאים האָבן צוערשט אַנגעזאָגט דער וועלט, — דעם אידעאַל פון אייביקן פרידן און פעלקער־ברידערשאַפט. אָבער אויך ביז דער סאָציאַלער גערעכטיקייט איז נאָך אַ היפּשער מהלך, און אויך די פּערזענלעכע פרייהייט איז נאָך ניט אומעטום און ניט איינגאַנצן געזיכערט.

דער מענטשלעכער פּראָגרעס איז נאָר איינער פון די פּראָצעסן, וואָס שפּילן זיך אָפּ אין דער מענטשלעכער געשיכטע; נאָר אַ טענדענץ, וואָס שלאָגט זיך דורך דורך איר, — אַ טענדענץ, וואָס האָט תמיד אַנטקעגן זיך פיינטלעכע כוחות, וועלכע ער דאַרף באַזיגן, אָבער וועלכע שטרעבן אים צו דערווערגן.

מען טאָר זיך דעריבער ניט אויסמאָלן דעם פּראָגרעס ווי אַ גלייכ־מעסיקן גאַנג פון אַנטוויקלונג, וואו אַלע זיינע יסודות גייען אַלץ פאָרויס און פאָרויס מיט דער זעלביקער שנעלקייט אין דערזעלביקער צייט.

דער פּראָגרעס איז ניט קיין טריאומף־מאַרש אויף דעם פּאַראַדע־פּלאַץ, וואו זיינע פיר יסודות זיינען ווי פיר רעגימענטער, וואָס גייען פוס אין פוס אונטער דעם יובלענדן קלאַנג פון דער מוזיק.

דער פּראָגרעס איז אַ האַרטער, ביטער־ערנסטער קאַמף, וואָס איז

פול מיט נצחונות אָבער אויך מיט נידערלאַגן, — אַ קאַמף אין וועלכן דער אָדער יענער יסוד זיינער איז צייטנווייז געצוואונגען אָפּצוטרעטן צוריק, כדי אַן אַנדער יסוד זיינער זאָל זיך קאָנען בעסער באַפעסטיקן אין לעבן.

שליסן מיר אָפּ אונזער באַטראַכטונג מיט דעם ענטפער, וואָס מיר האָבן געפונען אויף דער שאלה: וואָס איז פּראָגרעס.

דער פּראָגרעס איז אַ שטרעבן אין דער מענטשלעכער געשיכטע ארויס־צוברענגען פּערזענלעכע פרייהייט, קולטורעלע רייכקייט, סאָציאַלע גע־רעכטיקייט און אינטערנאַציאָנאַלע ברידערשאַפט.

וואָס מער פּערזענלעכע פרייהייט, וואָס אַ גרעסערער קולטורעלער רייכ־טום, וואָס טיפער די סאָציאַלע גערעכטיקייט און וואָס ענגער די אינטער־נאַציאָנאַלע ברידערשאַפט, אַלץ מער פּראָגרעס. און וואָס ערנסטער אַ פּאַרטיי אָדער אַ באַוועגונג איז איבערגעגעבן צו יענע פיר פּרינציפּן, אַלץ מער פּראָגרעסיוו איז זי.

(געשריבן אין יאָר 1915).



י. צינבערג.

# ר׳ יהודה הלוי דער נאַציאָנאַלער דיכטער

אין זיין בארימטן פילאָזאָפיש־עטישן ווערק „ספר הכוזרי״ דערקלערט דער דיכטער, אז „מיר (די אידן) ליידן מער פון אַלע, ווייל דאָס פאָלק ישראל איז צווישן אַנדערע אומות, ווי דאָס הארץ אינ׳ם גוף פונ׳ם מענטשן. דאָס הארץ פילט מער פון אַלע איבעריקע אברים, דערפאַר ליידט עס טאקע מער ווי אַלע אַנדערע.״

און דער דיכטער ווערט דער באַגייסטערטער זינגער פון די נאַציאָנאַלע ליידן, דער טרויעריקער וועכטער, וואָס באַקלאָגט דעם פינצטערן גורל פון דער אומה, אָט „דער שטילער טויב, וואָס מען האָט זי פון איר נעסט פאַרטריבן און הענגען איז זי געבליבן איבער דעם טיפן שרעקלעכן אָפּגרונט.״

הלוי איז אָבער ניט נאָר דער טרעגער פונ׳ם פאָלקס צער און טרויער, נאָר אויך דער באַגייסטערטער זינגער פון זיינע האָפנונגען און שיינע חלומות. „שווער מוז ליידן דער אָרעמער פּרינץ אונטער דער האַנט פונ׳ם

רויבער, דעם באַדריקער. ער מוז עלנד בלאָנדזשען איבער אַלע לענדער, און די טאָכטער אדומס רוט אין גליק און פרייד. דער בן־מלך וויינט מיט ביטערע טרערן, און אים באַגעגנט דער בן־האמה מיט שפּאָט און געלעכ־טער. נאָר די לײדן — זיי זיינען דער פּרואוו־שטיין: ריין און געלײטערט וועסטו באַלד דערוואַכן צו אַ נייעם גליקלעכן לעבן!"

„אַך ווי לאַנג — שרייט אויס דער דיכטער — וועט זיין אויסגעלאָשן דאָס ליכט פון ישים שפּראָצונג! זאָלן שווין די האַרפן פון לויס קינדער זייער לאַנגן שווייגן אונטערברעכן!"

און דאָס וואונדער איז טאַקע געשען: אויפגעוואַכט האָט די האַרף פון די לויים־זינגער מיט וואונדערבאַרער קראַפט אונטער דער צויבער־האַנט פון דעם באַגייסטערטן הלוי אויס קאַסטיליע.

אָט דער גאָלדענער חלום, דער תמימות־דיקער פאָלקס־גלויבן וועגן דעם הייליקן גואל, וואָס וועט אויסלייזן דאָס גלות־פאָלק פון זיין גרויסן וויי און פּיין און וועט אויפוועקן צו אַ נייעם לעבן דאָס אַלטע לאַנד פון די אָבות — איז געוואָרן דער תוך און דער יסוד פון הלוים ווייטערדיקן פּאָעטישן שאַפן. די געטין פון זיינע לידער האָט באַקרוינט דעם היסטאָרישן פאָלקס־אידעאַל מיט אַ וואונדערבאַרן פאַנטאַסטישן קראַנץ פון העל־לייכטנ־דיקע שטערן און דופטנדיקע בלומען: דער „כנור בנו לוי", די האַרף פון די לויים, האָט ווירקלעך אונטערגעבראָכן איר שווייגן, און אויפגעלעבט האָבן אויף אירע סטרונעס די שענסטע האָפנונגען פון דער אומה, אויפ־געלעבט אין מעכטיקע אומשטערבלעכע אַקאָרדן, וואָס ציטערן אין די הערצער פון די פאַרוואָגלטע גלות־קינדער אין משך פון לאַנגע־לאַנגע דורות.

„ציון" איז אין די אויגן פון יהודה הלוי געווען ניט נאָר דאָס היס־טאָרישע לאַנד פון זיינע אָבות. פאַר זיין פּאָעטישן גייסט, וואָס איז גע־וואוינט געווען צו פאַרקערפּערן דאָס ריין־אידעאַלע און אַבסטראַקטע אין פּלאַסטישע און קאָנקרעטע פאָרמען, זיינען די בערג פון יהודה געוואָרן דער סימבאָל, די עמבלעמע פונ׳ם שענסטן און דערהויבנסטן, נאָך וואָס עס האָט געבענקט און געחלומט זיין אייגענע נשמה און די נשמה פון דער אומה...

„ווי די טויבן איילן זיך צו זייער טויבנשלאַק, אַזוי דערהויבט אייערע הערצער צו דעם ליכט, וואָס שטראַלט איבער ירושלים, דעם קוואַל פון אייער לעבן, די שענסטע קרוין פון אייערע טרוימען און פאַרלאַנגען. גרויס און שטאַרק איז גאָטס ליבע צו די טויערן פון ציון, ער האָט אויף אייביק זיי באַהעפט מיט די הימלישע שערים".

דער האַרמאָניש גאַנצער דיכטער, וואָס האָט נישט געוואוסט פון קיין אינווייניקסטע סתירות, האָט זיך איבערגעגעבן מיטן גאַנצן ברען פון זיין

פּאַטעטישער נשמה דעם שיינעם ליכטיקן אידעאַל, וואָס האָט געשיינט פאַר זיינע באַגייסטערטע אויגן. און וואָס שטאַרקער עס איז געוואָרן זיין בענקען און זיין שטרעבן צום וויטן לאַנד פון זיינע אָבות, אַלץ העכער און העלער האָט זיין ליד געקלונגען. און די פּאָעמען און לידער, וואָס ער האָט געשריבן, אויפן וועג קיין ירושלים, געהערן צו די שענסטע פּערל, וואָס די מיטלאַלטערלעכע אידישע פּאָעזיע פאַרמאָגט. די דאָזיקע איינציקע צענדליק לידער און געזאַנגען זיינען אַלע דורכגעדרונגען מיט איין גרונט־געפיל, זיינען באַשטראַלט און באַלויכטן מיט איין און דערזעלביקער אידעע, וואָס שמעלצט זיי צונויף צו איין איינהייטלעכער פּאָעמע, צו דער אומפאַרגלייכלעכער ציון־עפּאָפּעע.

ווי אַ הקדמה און אַריינפיר אין דער דאָזיקער פּאָעמע קאָן מען באַטראַכטן די עטלעכע לידער, אין וועלכע עס ווערט געשילדערט דעם דיכטערס בענקשאַפט צום לאַנד פון די אָבות, „וואו יעדער שטיין איז דורכגעברענט מיט דעם פייער פון זיין הארצן און דער שטויב איז באַגאָסן מיט זיינע טרערן".

„מיין הארץ איז אין מזרח, — קלאָגט דער דיכטער — און איך בין אין מערב דעם וויטן. ווי קאָן איך פון דעם לעבן געניסן, ווי קאָן איך אין פריידן פאַרברענגען, וויסן פון רו און פון גליק — בעת ציון שמאַכט אין די קייטן פון אדום, און איך — אין אַראַבישן יאָך. אַלע אוצרות פון שפּאַניע וואָלט איך געשאָנקען פאַר דער גליקלעכער שעה, ווען איך וועל די שטיינער די וויסטע פון ציון, דעם הייליקן אַש פון דעם חרובן היכל מיט ברענענדיקע קושן באַדעקן, מיט זאַלציקע טרערן באַגיסן".

דעם דיכטערס הארץ שטרעבט צום וויטן מזרח, אַהין, וואו פאַר זיין באַגייסטערטן בליק שיינט דודס הייליקע שטאָט, „דאָס הארץ פון דער וועלט" — ירושלים.

„צו דיר, אָ, הייליקע מעכטיקע שטאָט, צו דיר, שטאָלצע קרוין פון דער וועלט, טוט גלוסטן מיין הארץ פונ'ם מערב דעם וויטן. דערמאָן איך דיין פאַרלוירענע שיינקייט און גלאַנץ, דיין שרעקלעכן יאָמער, דיין חרובן היכל — קאָן איך קיין טרייסט ניט געפינען און וויין מיט ביטערע טרערן. וואו נעמט מען דעם אָדלערס מעכטיקע פליגל, צו דיר וואָלט איך פליען, דיין זיסע ערד מיט מיינע טרערן אָנזעטן. איך וויים, דו ביסט חרוב, ניטאָ מער קיין מלך, און וואו אמאָל האָט דער באַלזאַם פון גלעד געפלאָסן — הויזן איצט גיפטיקע שלענג, און עקדישן טוען דאָרט רוען. דאָך גלוסט איך צו דיר, וויל דיינע חרובע שטיינער האַלזן און קושן; זיסער פון האָניק איז דיין וויסטער שטויב פאַר מיינע שמאַכטנדיקע ליפּן".

דער דיכטער דערציילט, ווי די אייגענע און באַקאַנטע זיינען אַלע געוועזן געגן זיין ווייטער נסיעה, און ער האָט זיי מיט שטאָלץ געענטפערט:

„דעם אָנדענק פון אונזערע טויטע האלטן מיר טייער, און די לוחות מיטן הייליקן אָרון וועלן בלייבן פארגעסן? מיר טוען גאָטספּאָרכטיק באזוכן דאָס אָרט פון פוילעניש, די ממשלה פון ווערים, און פארלאָזן וועלן מיר דעם קוואל פון אייביקן לעבן?".

מיט גאונישע פשטות באשרייבט ווייטער דער דיכטער, ווי ער פאר־לאָזט זיין היים און צעשיידט זיך מיט זיינע אייגענע: זיין איינציקע טאָכטער מיט איר זון און זיינע געטרייע תלמידים, און לאָזט זיך אין ווייטן שווערן וועג. ווייטער זעען מיר שוין דעם דיכטער אויפן באָרטן פון שיף; ער דערהויבט אַ הארציקע ליבע תפילה צו גאָט און ווענדט זיך מיט אַ בקשה צום מערב־ווינט, וואָס דאַרף אים ברענגען אויף זיינע לייכטע פליגל צום געווינטשטן לאנד:

**„כ'האָב פאַרגעסן אַלע ליבסטע,**
**כ'האָב פאַרלאָזט מיין אייגן הויז;**
**כ'האָב דעם ים זיך איבערגעבן; —**
**טראָג מיך, ים, צום מוטערס שויס.**
**און דו, מערב־ווינט געטרייער,**
**טרייב מיין שיף צו יענעם ברעג,**

**וואָס מיין האַרץ מיט אָדלער־פליגל**
**זוכט שוין לאַנג צו אים אַ וועג.**
**ברענג מיך נאָר אַהין בשלום,**
**נאָכדעם פלי זיך דיר צוריק.**
**גריסן זאָלסטו אַלע ליבסטע**
**און דערצייל זיי פון מיין גליק."**

(איבערזעצט פון ביאַליק)

אַט איז שוין דער דיכטער ווייט פון דער היים, ער זעט שוין ארום זיך „נאָר וואסער, הימלען און די שיף". ברוגז איז דער ים, נאָר פול מיט שטילער פרייד איז דעם דיכטערס נשמה — „די שיף דערנענטערט זיך צום הייליקן היכל פון איר אלמעכטיקן גאָט".

הלוי איז אָבער ניט נאָר אַ גאָטספּאָרכטיקער פּילגער, וואָס איז עולה־רגל צו גאָטס הייליקער שטאָט, — ער איז אויך אַ גרויסער דיכטער; ער שטייט אויפן באָרטן פון שיף ווי פארכישופט פון דעם גרויסן ברייטן ים מיט זיין פּראכט און מעכטיקער שיינקייט. דעם דיכטערס נשמה יובלט אויף פאר פרייד און אַנטציקונג, און ער שאפט אויפן שיף אַ גאַנצע ריי וואונדערבארע ים־לידער, וואָס האָבן זייער גלייכן ניט אין דער גאַנצער מיטלאַלטערלעכער ליטעראטור. אַט איז ער שטיל, דער ים, רואיק ליגט ער אין די אָרעמס פון דער שוואַרץ־חנעוודיקער דרום־נאַכט.

„מיט דעם לבנה־שיין פאַרזילבערט,
ווייט רונצלט זיך דער וואַסער־שפּיגל;
פאַרשפּרייט האָט זיך אויף אונז די נאַכט
מיט איר בלוי־סאַמעטענעם פליגל.

ס'איז ניט קיין נאַכט, ס'אַ מלכּת שבאַ,
געהילט אין בלוים, מיט גאָלד באַפּליטערט;
שטיל אָטעמט זי, און אויף איר ברוסט
שימערירט דאָס גאָלד, שימערירט און ציטערט.

ווי שאָף צעשפּרייט די קליינע כוואַליעס
שטיל וויגן זיך אין לייכטן דרימל. —
עס ציטערן אין ים די שטערן —
ווער איז דאָ ים, און ווער איז הימל?

צוויי ימען שלאָפן דאָ צוזאַמען
צונויפגעלייגט ווי גלייכע ברידער;
איין דריטער ים אין מיטן שלאָפט ניט;
מיין האַרץ מיט זיינע נייע לידער."

(איבערזעצט פון ביאַליק)

די אומפאַרגליכלעכע שיינקייט פון דער פאַרחלומטער דרום־נאַכט אויפן שטילן ים פילט אָן מיט יראת־הכבוד דעם דיכטערס נשמה, און זי זינגט באַגייסטערט אַ שבח און לויב־געזאַנג דעם אַלמעכטיקן באַשעפער.

דער ים ווייסט אָבער ניט פון קיין לאַנגן אָפּרו און פון קיין פאַרגלי־ווערטקייט. אַט שיינט ער מיט טויזנט וויגנדיקע זונען און בלענדט מיט מיליאָנען טאַנצנדיקע שטראַלן, און אַט שטורמט ער, דער ים, און שרעקלעך איז זיין שווארצער צאָרן, און אָן רחמנות איז זיין משפּט. אַ שרעקלעכער שטורם־ווינט האָט אויסגעבראָכן, אַ טויט־שרעק האָט ארומגענומען אַלע, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן שיף, נאָר אונזער דיכטער איז רואיק גע־בליבן: פעסט אין זיין גלויבן — ער מוז זיין אידעאַל דערגרייכן, ער וועט דערזען „דאָס האַרץ פון דער וועלט", די קרוין פון זיינע האָפנונגען — דאָס הייליקע לאַנד.

„אָנגעברוגזט האָט דער ים זיך
און געקנייטשט זיך און געקרומט,
פּלוצים האָט ער זיך צעבייזערט
און ער וויגט זיך שווין און ברומט.

און אָט לויפן שוין אַנטקעגן
ווילד און בייז מיט ווייסן שוים
כוואַליעס־לייבן, כוואַליעס־שלאַנגען
אויסגעוואַקסן פון דעם תהום.

אָט האָט זיך אַ טאָל געעפנט,
אָט שטייט אויף אַ הויכער באַרג —
פלאַטער, זעגל! בויג זיך, מאַסטבוים!
דו, מיין האַרץ, בלייב פעסט און שטאַרק!

האָסט אַ גרויסן גאָט אין הימל,
ימען שפּאַלט ער מיט זיין האַנט;
אויף זיין פליגל מיט זיין שטורם
טראָגט ער דיך צום ליבן לאַנד.״

(איבערזעצט פון ביאַליק)

די דאָזיקע סטראָפן זיינען בלויז אַן אָפּגעריסענער אַקאָרד פון דער גרויסער מייסטער־סימפאָניע „ים סוער״, אין וועלכער יהודה הלוי גיט איבער מיט אַ גוואַלדיקער פּאָעטישער קראַפט דעם שטורם־ווינט אויפן ים, דאָס נצחונישע ברומען פון די ריזיקע כוואַליעס, וואָס קאָכן און זידן, דאָס שדימשע געלעכטער פון דעם תהום, וואָס האָט צעריסן די קייטן פון די טיפע אָפּגרונטן. און דאָרט, אויף דער שיף, וואָס ווערט ווי אַ שפּענדל פון די כוואַליעס געשליידערט איבער בערג און טאָלן, — דאָרט ליגן אין טויט־שרעק די הילפלאָזע מענטשן מיטן קאַלטן יאוש אין האַרצן... נאָר אָט ווערט שטילער דער שטורם, עס באַרואיקט זיך דער ים; די שיף איז געראַטעוועט, אויסגעלייזט זיינען די מענטשן פון זייער צער און שרעק, און מיט ליבע און דאַנק דערהויבן זיי זייערע אויגן צו זייער באַשיצער און גואל. און דער דיכטער פאַרענדיקט זיין פּאָעמע מיט אַ ווייכן האַר־ציקן אַקאָרד: „אַך, ווען וועט אויך קומען די בשורה פון גאולה פאַרן אָרעמען פאָלק, וואָס שמאַכט אין גלות, ווערט פון אַלעמען געיאָגט, ווי די שיף פון די כוואַליעס אין שרעקלעכן שטורם. ווען וועט זיך דערהערן די ליכטיקע בשורה: גיי אַרויס, מיין געטרייער, פון דער פינצטערער תפיסה, — גאָטס גענאָד וועט באַלייכטן דיין ביטערן גורל! . . .״

וואָס מער דער דיכטער דערנענטערט זיך צו די ברעגן פון ארץ ישראל, אַלץ גרעסער ווערט זיין אומגעדולד; און ער בעט די כוואַליעס, זיי זאָלן אים וואָס גיכער ברענגען צו זיין ציל. „באַלד וועל איך דערזען די וואוינונג פון מיין ליבער, וואָס איז פון איר נעסט פאַרוואָגלט. די טויבן זיינען פון זייער נעסט פאַרטריבן, און שוואַרצע ראָבן האָבן דאָרט זיך באַזעצט״.

דאָס לאַנד פון די אָבות און דער חרובער בית־המקדש האָבן אַזוי שטאַרק געוועלטיקט איבער דעם דיכטערס טראַכטן און דענקען, אַז ער האָט אין חלום דערזען פאַר זיינע אַנטציקטע אויגן דעם אמאָליקן היכל אין זיין גאַנצער פּראַכט און שיינקייט, בשעת די כהנים דינען ביי דער עבודה און די לויים זינגען זייערע שירים און תפילות.

אָט דאָס שטאַרקע בענקען און גלוסטן צום הייליקן לאַנד, צו דעם פאַרקערפּערטן סימבאָל פון דעם שענסטן און דערהויבנסטן אין דער וועלט— דערגרייכט זיין העכסטע מדרגה, און עס רייסט זיך דורך ווי אַ פייערדיקער

גוס פון פּאַטאָס און באַגייסטערונג אין דעם אומשטערבלעכן ציון־ליד „ציון הלא תשאלי לשלום אסיריך", וואָס ווערט עד היום געלייענט בכל תפוצות ישראל אין דעם טרויעריקן טאָג פון תשעה באָב, ווען דאָס גלות־פאָלק באַקלאָגט דעם חורבן פון זיין הייליקטום:

„בענקסט אויך נאָך דיינע קינדער, מוטער ציון,
ווי זיי, צעזייטע און צעשפּרייטע בענקען?
ווילסט אויך, ווי זיי פון דיר, אַ ליבן גרוס באַקומען?
דאָ האָסטו אים! אַ גרוס פון נאָענטע און ווייטע!

אין האַרצן דורות לאַנג געוואַרעמט, טראָגט אים
פון אַלע עקן וועלט, דורך ימים און מדבריות,
צו דיר אין שוים אַן עלנד קינד דיינס — איינער
פון די, וואָס זאַפּן אָן, ווי טוי פון חרמון,
די פרעמדע בערג מיט ברענענדיקע טרערן
און שטאַרבן אין דער פרעמד פאַרליבטע און פאַרבענקטע.

מיך ציט צו דיר. ביינאַכט אויף דיינע חורבות
בין איך די נאַכט־אייל פון דיין יאָמער־ליד.
און חלומט זיך מיר נאָר דיין מאָרגנשטערן — ווער איך
דיין נאַכטיגאַל, דיין קלינגענדיקע האַרפע...

מיך ציט צו דיר, מיין האַרץ גייט אויס נאָך דיינע ערטער,
וואו די אָבות האָבן זיך באַגעגנט מיט מלאָכים,
וואו די שכינה האָט גערוט, וואו דיין באַשעפער
האָט דיינע טויערן די הייליקע געעפנט
אַנטקעגן זיינע הימלישע שערים,
וואו ניט די זון, ניט די לבנה, שטערן —
גאָטס ערע זעלבסט האָט דיך באַשיינט מיט גלאַנץ...
איך גאַר, אַז אויסגיסן זאָל זיך מיין זעלע דאָרטן,
וואו ס'פלעגט אַמאָל גאָטס גייסט און גאָטס גענאָד זיך גיסן

אויף דיינע אויסדערוויילטע, מוטער ציון.
וואו נעמט מען פליגל? שטיקערווייז וואָלט איך מיין האַרץ
וויט־ווייט צווישן דיינע בערג פאַרטראָגן,
כ׳וואָלט צוגעפאַלן צו דיין ערד, כ׳וואָלט אויסגעקושט
איר יעדן פוס־טריט, יעדעם שטיינדעלע באַזונדער.
און אומגעוואַנדערט וואָלט איך טאָג און נאַכט
אַ נאַקעטער, אַ באָרוועסער, אויף דיינע חורבות,
כ׳וואָלט מיט מיין שטעקן אויסגעמאָסטן אַלע קברים,
מיט דיין נשמה לופט זיך אָנגעאָטעמט,
זיך איינגעוויקלט אין דיין זיסן שטויב,
און ביז צום בלינד ווערן באַוויינט דיין חורבן, ציון;
צי קאָן די שיין פאַר מיינע אויגן זיס זיין —
אַז שוואַרצע ראָבן פּיקן דיינע אָדלערס!
צי קאָן איך לעבן אויף דער וועלט און צוזען,
ווי גאַס־הינט שלעפּן דיינע טויטע לייבן...
גענוג, לאָז אָפּ אַ ווײַלע, כוס פון טרויער!
מיין האַרץ איז איבערפול מיט דיר פאַרביטערט.
איך האָב איינגעזאַפּט אין זיך דיין שוים מיט דיינע הייוון...
גענוג! איך וויל איין חלום זען און שטאַרבן.
כ׳וויל, אַ גרויסער גאָט, נאָר איין שטראַל ליכט,
נאָר איין שטראַל ליכט פון יענעם מאָרגן־שטערן,
וואָס דאַרף, וואָס מוז, אַמאָל נאָך העל און ליכטיק
זיך אָנצינדן אויף ציונס בלויען הימל,
באַנייען און באַפרישן זי מיט יוגנט.
גענוג, איין זיסן חלום לאָז מיך זען נאָך
און אויסגיין מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן."

(איבערזעצט פון ביאַליק.)

אָט אויף דעם דאָזיקן מעכטיקן אַקאָרד רייסט זיך איבער הלויס גרויסע ציון־עפּאָפּעע און דערמיט אויך זיין גאַנץ פּאָעטיש שאַפן. און עס איז זייער לייכט צו קומען צום לאָגישן פּועל־יוצא, אַז הלויס ליד האָט זיך אויף דעם אַקאָרד געמוזט איבעררייסן, בעת מען נעמט אין באַטראַכט דעם גאַנצן מהות פון אונזער דיכטער. יהודה הלוי איז געווען איינע פון די איידל־שיינע, העכסט ראָמאַנטישע נאַטורן, וועגן וועלכע אַ באַקאַנטער רוסישער דיכטער זאָגט, אַז זיי גיבן זיך איבער מיטן גאַנצן פלאַם פון זייער נשמה דעם „גאָלדענעם אומדערגרייכבאַרן חלום". זיי גאַרן און שטרעבן זייער לעבן לאַנג צו דעם, וואָס קאָן ניט דערגרייכט ווערן, וואָס

איז „איבער אונזערע כוחות". עס איז דערפאר גאנץ נאטירלעך און באַגרייפלעך, אַז דעם דיכטערס ליד האָט זיך באדארפט איבעררייסן גראָד דעמאָלט, ווען דער גאָלדענער חלום פון זיין לעבן, די שיינע מלכה פון אַלע זיינע האָפנונגען און טרוימען האָט זיך אַנטפּלעקט אין איר גאנצן יאָמער און שפלות: ער האָט פאר זיך דערזען אַ שרעקלעך פאַראָרעמט און פארוויסט לאַנד, וואו עס האָבן מיט גאווה געוועלטיקט און באוויזן זייער גאַנצע רשעות די פאַנאַטישע קרייצטרעגער...

וואָס ס'האָט ווייטער פּאסירט מיט אונזער גרויסן דיכטער, איז אומבאַקאַנט געבליבן, נאָר די פאָלקס-פאַנטאַזיע האָט אַרומגעפלאָכטן אַ שטראַלנדיקן לײדן-קראַנץ אַרום די לעצטע מינוטן פון איר געליבטן נאַציאָנאַלן דיכטער. אַ לעגענדע דערציילט, אַז ווען דער דיכטער איז אָנגעקומען קיין ירושלים, האָט ער זיך געלאָזט גיין צום „כותל מערבי" און דערביי געזונגען זיין בארימטן „ציון הלא תשאלי". נאָר אויפן וועג איז אויף אים אָנגעלאָפן אַ מוסלמענישער רייטער און אים מיט זיין שפּיז דערשטאָכן. דער דיכטער איז געפאַלן טויט אויפן אָרט מיט זיין ציון-ליד אויף די ליפּן.

(פון „געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי אידן".)



בענאָר קאַלטער — די ציטאַדעל.

ש. אַש.

# אַ פּאָר ווערטער וועגן זיך אַליין

פון אידישן שטעטל בין איך אַרויסגעקומען, און אויף דעם וועג צו דעם אידישן שטעטל בין איך געגאַנגען דורך דער גאַנצער צייט פון מיין שאַפן. האָבן מיינע טראַקטן געקאָנט זיין טראַקטן פון דער וועלט, נאָר וואו איך בין געגאַנגען און געקומען, אין די גרויסע שטעט פון דער אַלטער — צי אין די גרויסע שטעט פון דער נייער וועלט, אומעטום האָבן פאַר מיר געפינקלט ווי כישוף־פייערן, ווי וויזיאָנען, די נידעריקע דעכער פון די קרומע הייזלעך פון שטעטל, וואו די אָרעמקייט, די צניעות און די אידישע פרומקייט וואוינט. צוזאַמען מיט דעם באַגילדעטן זונען־אונ־טערגאַנג פון די פאַרנאַכט־הימלען, האָט פאַר מיינע אויגן שעמערירט דער צניעותדיקער, חנעוודיקער קאָפּ האָר פון אידישן מיידל, די פרום־דערשראָ־קענע אויגן פון דער אידישער מוטער, און די גאָטס־פרומקייט, און די גאָטס־ביטחונקייט, וואָס שיינען אַראָפּ פון די פּנימער פון די פרומע אידן. אָט די פּערל פון שטעטל (די אינערלעכע פרומקייט, די שוואַכע, אָרעמע מענטשלעכקייט, וועלכע רייסט זיך צו העכערע און שענערע וועלטן) האָב איך געזוכט אויף דעם וועג פון מיין לעבן, — אומעטום, וואו איך האָב נאָר דאָס לעבן באַגעגנט — צי אין די ליכטיקע וואַרעמע שטובן, באַ־שיינט מיט די שבת־ליכט, צי אין דעם קאַלטן, בלאָטיקן דרויסן, אין דער פאַריתומטער פאַרלאָזנקייט, ביי די קליינע היימישע וואַסערלעך, אָדער ביי די פּאָרטן פון די גרויסע ימים.

און עס איז קיין וואונדער נישט. דאָס שטעטל איז אונזער ערד, פון וועלכער מיר אַלע וואַקסן אַרויס; און מעגן מיר פּרובירן זיך מיט אַלע כוחות אויסרייסן פון דער ערד, וועלן מיר עס נישט באַוויזן. מיר נאָגן און זויגן די יניקה פון אונזער ערד (פּונקט ווי אַ בוים), מעגן מיר אפילו זיין טויזנטער מייל אָפּגעריסן פון איר — מיר ציען די יניקה פון איר. אפילו איבער ימים. אַלע מענטשן קינדער זיינען קינדער פון דער ערד. און די ערד פון דעם איד — דאָס איז דאָס אידישע שטעטל. דער־פאַר פילן מיר זיך אַזוי איינגעוואָרצלט אין איר.

איבערגעבנדיק מיינע שאַפונגען פאַר די לעזער פון׳ם אידישן שטעטל, זאָל מיר דערלויבט זיין אויסצודריקן דעם וואונטש: הלוואי זאָלן מיינע שאַפונגען אַרויסווייזן זיך פאַר דעם משפּט פון דער צוקונפט פאַר אַ וויר־דיקן ווידערשטראַל פון יענער זוניקער ליכטיקייט, ייאָס מיין נשמה האָט

אין זיך איינגעזאפט אין איר יוגנט, און פון וועלכער זי איז שוין באַ־לויכטן געוואָרן אויף איר גאַנץ לעבן לאַנג.

בלוט פון אייער בלוט, גייסט פון אייער גייסט — גיב איך אייך צו־ריק מיט דער קאַרגער האַנט פון מיינע באַגרענעצטע מעגלעכקייטן דאָס, וואָס איך האָב אין אַזאַ פולער מאָס געגומען פון אייך.

(אויסצוג פון הקדמה צו „קולטור־ליגע" אויסגאַבע „געזאַמלטע שריפטן", וואַרשע, 1925.)

▼ ▼ ▼



ש. ניגער.

# טוביה דער מילכיקער

פאַרגעבונג — יאָ, דאָס איז דער ביטערסטער וואָרצל און צוגלייך אויך די זיסעסטע פרוכט פון יעדן אמתן הומאָר. און אָט דאָס איז דער טייערסטער מענטשלעכער שטריך אין טוביה דעם מילכיקן — טאַקע דאָס, וואָס ער, דער פּראָסטאַק, קאָן אַלץ פאַרשטיין און פאַרגעבן.

פאַרשטיין און פאַרגעבן איז אַ מידה טובה פון פילאָזאָפן, און אין יעדן עכטן הומאָריסט שטעקט אַ שטיק פילאָזאָף. אויך טוביה דער מיל־כיקער איז אַ פילאָזאָף, — נאָר מיטן האַרצן, נישט מיטן קאָפּ. דאָס איז נאָך בעסער. דער קאָפּ איז ביי טוביהן, ווי ביי אַ ישובניק אַן עם־האָרץ, נישט שטאַרק איבערגעשפּיצט, זיין געמיט אָבער פאַרמאָגט די ליכטיקע ריין־פילאָזאָפישע פעאיקייט איבערצוקערן יעדע זאַך אויף דער לינקער זייט און אויסצוגעפינען דעם שטאַנדפּונקט, פון וועלכן מען קאָן אַלץ פאַר־ענטפערן.

אָט דערציילט ער, ווי ער פּרואווט רעדן מיט זיין טאָכטער, צייטל, וועגן לייזער־וואָלפן, דעם רייכן אַלמן, וואָס שדכנט זיך צו איר: „נישט באַשערט, זאָג איך דיר, טאָכטער מיינע, קומען אויפן גרייטן, ווערן אַ בעל־הביתטע אויף אַלדאָס גוטס און אונז אַ שטיקל נחת דערלעבן, זאָג איך, אויף די עלטערע יאָרן, פאַר אונזער האָרעוואַניע, זאָג איך. טאָג ווי נאַכט אין דער טאַטשקע איינגעשפּאַנט, קיין גוטע מינוט, נאָר דלות, נאָר

דחקות, נאָר שלים־שלים־מזל ארום און ארום"... אזוי זאָגט ער צו איר ווייך און מיט הארץ און מיט רחמנות, ווי זיין שטייגער איז, נאָר מען קאָן מיינען, אז אָט־אָט ווערט ער ברוגז און קומט אריין אין כעס; דערהערט ער אָבער ווי זי, צייטל, רופט זיך אָפּ מיט א געוויין: „איך, טאטע, איך וועל מיך שטעלן, זאָגט זי, פאר א דינסט, ליים וועל איך טראָגן, ערד וועל איך גראָבן". דערהערט אזעלכע רייד פון זיין טאָכטער, פארשטייט ער איר הארץ אויך. א טיף מענטשלעכער, טיף פאָטערלעכער מיטלייד פילט זיך אין זיין ווייטערדיקן דערציילן: „וואָס וויינסטו, נאַריש מיידל, זאָג איך צו איר, איך זאָג דיר דען עפּעס, נארעלע? צי איך האָב טענות צו דיר? גלאט, זאָג איך, ס'איז ביטער און פינצטער, רעד איך מיר אויס דאָס הארץ, שמועס מיך אויס מיט אים, מיטן ריבונו של עולם, ווי אזוי ער פירט מיט מיר; ער איז, זאָג איך, אן אָב הרחמן, האָט רחמנות אויף מיר, פיינט זיך אויס קעגן מיר, ר'זאָל נישט שטראָפן פאר די רייד, זאָג איך, רעכנט זיך, רעכנט זיך ווי מיט א טאטן, און גיי שריי חי־וקים! נאָר מסתמא, זאָג איך, באדארף אזוי צו זיין; ער איז אויבן אין דער הויך, זאָג איך, און מיר זיינען דאָ אין דער ערד, טיף, טיף אין דער ערד, מוזן מיר זאָגן, אז ער איז גערעכט און זיין משפּט איז גערעכט, וואָרום, אז מיר זאָלן וועלן שמועסן דאָס אייגענע טאַקע ווידער צוריק, בין איך דען נישט קיין גרויסער נאר? וואָס שריי איך? וואָס פּילדער איך? וואָס הייסט, זאָג איך, איך, קליין ווערעמל, וואָס פּויזע ארום דאָ אויף דער ערד, וואָס א מינדסט ווינטעלע, אז גאָט וויל נאָר, מאכט פון מיר א תל־עולם אין איין כהרף־עין, שטעל איך מיך ארויס מיט מיין נארישן שכל און וויל אים זאָגן דעות, ווי אזוי צו פירן דאָס וועלטל זיינס? מסתמא, אז ער הייסט אזוי, באדארף זיין אזוי. וואָס העלפט דאָ טענות?" אין אָט דער איידעלער, אָבער טיפער איראָניע פון דעם מילכיקן, וואָס פלוצלונג האָט זיך צערעדט אין אים דער פילאָזאָף, — אין אָט דער איידעלער און דורכנעמענדיקער איראָניע דערקענט מען נישט דעם פרומען, נאָר, פארקערט, דעם קלוגן אידן; דערקענט מען נישט דעם בעל־ביטחון, נאָר דעם פריילעכן פּעסימיסט, וואָס ווייסט, אז ווען מען וויל, קאָן מען אויף אלץ האָבן א תירוץ, און אז מען וויל, איז אויף קיין זאך קיין תירוץ נישטאָ, און אז דעריבער איז גלייכער נישט צו פרעגן קיין קשיות און נישט אריינצולאָזן זיך אין טענות צום ריבונו־של־עולם... „וואָס העלפט דאָ טענות?" מען דארף זען נאָר נישט בלייבן שטעקן, ווי א נאר, אין דעם אייגענעם פּארדרוס, נישט נתפּעל ווערן פון אים, און דאָס איז מעגלעך, ווען מען שטעלט אוועק די אייגענע לײדן און פריידן פאר א העכערער אינסטאנץ, ווי די געוויינלעכע, ווען מען גיט זיך אָפּ אין די הענט פונ'ם גורל, נישט וויל מען געטרויט נישט די אייגענע קרעפטן, נאָר ווייל מען שטעלט זיך העכער

פֿון זיי... אָט די אומגעריכטע פֿיינקייט און קאָמפּליצירטקייט פֿון פֿילן, וואָס מען זעט ביי טוביהן, וועלכער איז דאָך אין פֿלוג אַן איינפֿאַכער, פּראָסטער איד, — נעמט זיך דערפֿון, וואָס אַ דאַנק זיין הומאָר קומט ער ביי די באַגרענעצטקייט פֿון די אוממיטלבאַרע איינדרוקן, און זיין אונטערנעבן זיך דעם לעבן הערט אויף צו זיין אַ געצוואונגענעם, אַ שקלאַפֿישעם און ווערט אַן אונטערגעבן זיך, וואָס באַפֿרייט דעם מענטשן...

אָט דאָס, פֿונ׳ם הומאָר שטאַמענדיקע, באַפֿרייענדיקע „לאָזן גיין מיט דער נאַטור" שאַפֿט יענעם מאַנטל פֿון פֿרידן, גנעדיקייט און נאָכגעביקייט, אין וועלכן עס איז איינגעוויקלט טוביהס פֿאַרהאַלטן זיך צו זיינע ליידן און פֿריידן און וועלכער פֿאַרשפּרייט זיך אויך אויף זיינע באַציאונגען צו אַנדערע מענטשן.

אָט קומט צו אים מאָטל קאַמזויל, אַ שניידער־יונג פֿון אַנאַטעווקע. נאָך אַ לאַנגן שמועס מיט אַלערליי אַנצוהערענישן גיט ער אים, דער שניידער־יונג, צו וויסן: „די מעשה פֿון דער געשיכטע איז אַזוי: איך און אייער טאָכטער צייטל האָבן זיך געגעבן דאָס וואָרט שוין לאַנג, שוין העכער אַ יאָר, אַז מיר זאָלן זיך נעמען". טוביה ווערט בייז און אַפֿילו שפּעטער, ווען ער לאָזט זיך שוין איינרעדן, פֿאַרדריסט אים נאָך אַלץ די מעשה און ער קאָן בשום אופֿן נישט פֿאַרשטיין: וואָס הייסט זיי אַליין האָבן זיך געגעבן דאָס וואָרט? וואָס איז דאָס פֿאַר אַ וועלט געוואָרן? — „נאָר אַז איך האָב אַ קוק געטאָן, זאָגט ער, אויף מיין מאָטלען, ווי ער שטייט זיך אַזוי דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, — ווי אַ זינדיקער מענטש, מיינט דאָס גאַנץ ערנסט אָן קיין שום חכמות דערביי צו האָבן, האָב איך מיך מיישב געווען: לאָמיר זיך נאָר גוט באַרעכענען טאַקע דאָס אייגענע ווידער צוריק, וואָס ברעקל איך מיך דאָ אַזוי און וואָס מאַך איך דאָ אָנשטעלן?" און אַז ער האָט גוט באַרעכנט טאַקע דאָס אייגענע צוריק, איז אַלץ געוואָרן רעכט. מאָטל קאַמזויל איז געוואָרן „אַ גאַנץ פֿיין בחורל, אַן אַרבעטס־יונג, קאָן געבן אַ ווייב ברויט און דערצו נאָך אַן ערלעך איינגל אויך, הײנט וואָס האָב איך צו אים? — טוביה, זאָג איך צו מיר אַליין, מאַך נישט קיין פֿוילע תנועות און זאָג באָס, ווי אין פּסוק שטייט: סלחתי כדבריך — לאָז זיין מיט גליק!" אָט אַזוי טייטשט טוביה פּסוקים און אָט אַזוי קאָן ער די מלאָכה פֿון „באַרעכענען דאָס אייגענע ווידער צוריק".

ער וואָלט געווען דער אומגליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט, ווען ער זאָל נישט פֿאַרמאָגן אָט די פֿעאיקייט אַראָפּצוקוקן מיט אַ באַרואיקטן שמייכל אויף זיין אייגענער ביטערער מערכה, ווען אין אים זאָל נישט לעבן די וואונדערלעכע קראַפֿט, וואָס שטעלט אַוועק דעם מענטשן העכער פֿון גליק און אומגליק. ער וואָלט געווען אַן איוב, וואָס פֿאַרשעלט דעם טאָג פֿון זיין געבוירן ווערן, ווען ער וואָלט נישט פֿאַרשטאַנען צו פֿאַרבינדן,

אזוי ווי קוהלת, דעם אומעטיקן „הבל הבלים" מיט דעם לעצטן, מער קלוגן, ווי פרומען פסוק: „האָב מורא פאַר גאָט און היט אָפּ זיין געבאָט"...

„ווי אַזוי גאָט פירט איז גוט", — מיט אָט דעם פרומען טאָן פון „ה' נתן, ה' לקח" הויבט אָן טוביה צו דערציילן די טרויעריקע געשיכטע פון זיין טאָכטער חוה, נאָר ער פאַרטיפט גלייך דעם נאַאיוון טייטש־חומש־טאָן און זאָגט: — „דאָס הייסט, עס באַדאַרף זיין גוט, וואָרום פּרואווט זיין אַ חכם און מאַכט בעסער! אָט האָב איך געוואָלט זיין אַ קלוגער, געדרייט דעם פסוק אַהער, געדרייט דעם פסוק אַהין, געזען עס העלפט נישט, האָב איך צוגענומען די האַנט פונ'ם האַרצן און האָב געזאָגט צו זיך אַליין: טוביה, ביסט אַ נאַר! דו וועסט די וועלט נישט איבערמאַכן, דער אייבער־שטער האָט אונז געגעבן צער גידול בנים, איז דער טייטש: פון קינדער האָט מען צרות און מען מוז דאָס אָננעמען פאַר ליב". און ס'איז אַ טעות צו מיינען, אַז פון טוביהס מויל רעדט דאָ דער גלות־איד, דער נעבעך איד, דער נבנע, דער נחום איש־גמזו, דער באַנטשע־שווייג; ניין, אין טוביהן זיינען נישט אָפּגעטעמפּט, נישט אָפּגעשוואַכט די געזונטע מענטש־לעכע חושים; ער ווייסט וואָס גוט איז און ער פילט זייער גוט די ביטערקייט פון לעבן, נאָר אַזוי ווי ער קאָן זי נישט גובר זיין פון דרויסן, וויל ער זי פאַרזיסן פון אינעווייניק, פאַרזיסן מיט דער זיסקייט פון הומאָר,— און נאָר אין אָט דעם אײַדעלן הומאָריסטיש־סאַרקאַסטישן זין נעמט ער אָן די וועלט „פאַר ליב"; נאָר דאַן ערשט, ווען ער איז זי גובר פון אינעווייניק, גיט ער זיך איר אונטער אויסערלעך... טוביה, חזר איך איבער, איז נישט פּראָסט אַ פריילעכער קבצן, וואָס האָט זיך שוין צוגעוואוינט צו די צרות און עס אַרט אים נישט מער. ניין, עס אַרט אים זייער שטאַרק, נאָר ווייל אין אים לעבן פאַרשיידנאַרטיקע געפילן און ער זעט די וועלט, ווי יעדער הומאָריסט, פון פאַרשיידענע זייטן, שטעלט ער זיי איינס קעגן דאָס אַנדערע און ווערט אויף דעם אופן אַ האַר איבער זיי...

אָט שטעלט אים אָפּ אויפן וועג חוה, זיין טאָכטער, וואָס איז אַנט־לאָפן מיט כוועדקען דעם שרייבער פון דאָרף. זי וויל מיט אים רעדן, מיט טוביהן. הויבט זיך אָן ביי אים אין האַרצן אַ שרעקלעכע מלחמה; עס שטרייטן מיט אַנאַנדער דאָס פרומע אידישע האַרץ און דאָס האַרץ פון אַ טאַטן. אויף אַ רגע איז גובר דער באַליידיקטער שטאָלץ און די עקשנות פונ'ם גאָטספאַרכטיקן אידן, און ער, טוביה, טרייבט מיט אַ ווילדער קראַפט און האַסט דאָס פערדל און אַנטלויפט פון זיין אייגן פלייש און בלוט, און מיר פילן בשעת מעשה, אַז ער איז „נישט קיין אידענע", ווי עס קאָן זיך אויסדאַכטן, נאָר דווקא אַ כאַראַקטער, וואָס, אַז מען דאַרף, קאָן ער זיין שטאַרקער פון אייזן. אָבער אין אַ רגע אַרום פליט אים דורך אַ געדאַנק: „טוביה, דו שטעלסט אויף זיך צופיל! וואָס וועט דיר אָרן, אַז

דו װעסט זיך אָפּשטעלן אַ װײַלע אױסהערן, װאָס װיל זי? אפשר האָט זי דיר צו זאָגן אַזעלכעס, װאָס דו דאַרפסט דאָס װיסן? אפשר, אַ קשיה אױף אַ מעשה, האָט זי חרטה און װיל זיך אומקערן צוריק? אפשר ליגט זי ביי אים אין דער ערד און בעט ביי דיר, דו זאָלסט איר העלפן אַרױס פון גיהנום? אפשר און אפשר און נאָך אַ סך אַזעלכע אפשרס פליען מיר דורך אין קאָפּ, און זי שטעלט זיך מיר פאָר אַלס אַ קינד און איך דערמאָן מיך אינ'ם כרחם אָב על בנים — נישטאָ קײן שלעכט קינד ביי אַ טאַטן, און איך פּײניק מיך און איך זאָג אױף זיך אַלײן, אַז איך בין אָסור לרחם — נישט װערט, װאָס די ערד טראָגט מיך! װאָס? װאָס קאָכסטו זיך, דו משוגענער עקשן? װאָס טאַראַבאַנעסטו? נעם, דו אַכזר אײנער, פאַר־קערעװע דאָס װעגעלע צוריק און בעט זיך מיט איר איבער. זי איז דײַן קינד, נישט קײנעמס!" אָט אַזױ אַמפּערט זיך טוביה מיט זיך אַלײן, אָט אַזױ שװעבט ער אום צװישן זײַנע געפילן, טיף באַרירט, אָבער נישט אײנגאַנצן באַהערשט פון זײ, — נישט קײן זיגער, אָבער אױך נישט באַזיגט... זײַן שמײכל פאַרקנײטשט זיך אין אַ טיפן קנײטש פון טראַגיזם, װערט אָבער צוגלײַך באַלױכטן מיטן װײכן, רואיקן, עלעגישן שימער פונ'ם גאָט־געבענטשטן הומאָר...

עס טרעפן אים אומגליקן אױף אומגליקן, און מיר האַלטן זיך אײַן און באַלײדיקן אים נישט מיט אונזער קלײנעם רחמנות־געפיל, װײַל מיר זעען, אַז די צרות דערשלאָגן אים נישט, דערנידעריקן אים נישט, נאָר פאַרקערט, זײ מאַכן אים נאָך טיפער און מענטשלעכער...

יאָ, אין טוביה דעם מילכיקן האָט שלום־עליכם געװיזן אונז די טיפּעניש פונ'ם הומאָריסטישן טיפּ מענטשן. ער האָט פאַר אונז אין די אױגן אױסגעקערט דעם הומאָר אױף דער לינקער זײַט, און מיר האָבן דערזען, װאָס טוט זיך דאָרטן אונטן, אונטער די פּסוקים, מיט די װערטלעך, מיט די המצאות. בכלל איז טוביה דער מילכיקער דאָס װערק, װאו מיר האָבן דעם טיפערן שלום־עליכמען.

מען האָט אין טוביהן געװאָלט זען דעם פאָרשטײער פון דער אַלט־פרענקישער קלײנשטעטלדיקער אידישער מאַסע, מען האָט אין אים געװאָלט זען נאָר דעם אידן; מיר דאַכט אָבער, אַז דװקא אין דער שילדערונג פון אָט דעם אײנפאַכן תמעװאַטן װאָלינער ישובניק, האָט שלום־עליכם זיך אױפגעהױבן איבער דאָס ספּעציפיש־אידישע. געװיס האָט טוביה אַלע נענג און פּאַסטעמקעס פון אַ טיפּישן אידן, געװיס איז אין זײַן הומאָר פאַראַן אַ שטאַרקע אַנצוהערעניש אױף דאָס טיפּיש־אידישע לאַכן מיט קרעמענעס, דאָך אָבער האָט ער אין זיך עפּעס אַזױנס, װאָס איז נישט אין ערגך רײַכער און פרישער װי די קאַלטע, בײזע, פאַרביסענע אידישע איראָ־

ניע, און דער גאַנצער מענטש אין אים איז מיט צען קעפּ העכער פון דעם געוויינלעכן פּראָסטן קליינשטעטלדיקן אידן...

וועט מען אפשר זען דערין אַן אידעאַליזאַציע פון טוביהן. אָבער אַט די אידעאַליזאַציע איז נישט מער ווי אַ וויטער־שפּינען דעם פּאָדים, וואָס דער דיכטער האָט אונז אַליין אין האַנט געגעבן. שלום־עליכם האָט אַליין טוביהן אידעאַליזירט. ער פאַרהאַלט זיך צו אים אַנדערש, ווי צו די איבעריקע כתרילעווקער. די אידן און אידענעס פון כתרילעווקע זיינען ביי אים אַלע כמעט קאָמיש; טוביה איז הומאָריסטיש (דער חילוק צווישן די ביידע זאַכן איז קלאָר: דער קאָמישער פאַרשוין איז אַן אָביעקט צום לאַכן; דער הומאָריסטישער — לאַכט אַליין). צו אַנדערע זיינע פאַרשוינען, אַ חוץ צו די העראָאישע, ווי סטעמפּעניו, ראַפאַלעסקאָ א. ד. גל., לאָזט זיך שלום־עליכם אַראָפּ, ווען ער שילדערט זיי; טוביהן האָט ער אויפגעהויבן צו זיך: ער האָט אים געשענקט די שענסטע פון די פעאיקייטן, וואָס ער אַליין פאַרמאָגט, — די פעאיקייט צו לאַכן.

דאָס איינפאַכע לאַכן אין „טוביה דעם מילכיקן” איז אפשר נישט אַזוי ריין, נישט אַזוי שטאַרק, נישט אַזוי נאַאיוו, ווי אומעטום ביי שלום־עליכמען, דערפאַר אָבער איז דאָ דאָס גייסטיקע לאַכן, — דער הומאָר, — פון טיפסטן און איידלסטן סאָרט; דער הומאָר איז דאָ, ווי מיר האָבן געזען, אַזוי ווי אַ פרישע, אַ קלאָרע, אַ דורכזיכטיקע לופט, אַזוי ווי אַ צווייטע אַטמאָספערע, וואָס רינגלט אַרום טוביהן און נעמט אָפּ ביי זיין לעבנס־לאַסט דאָס געוויכט, די שווערקייט.

אינאיינעם מיטן הומאָר האָט שלום־עליכם זיין געליבטן העלד נאָך באַשענקט מיט אַן אומגעוויינלעכער בייגעוודיקייט פונ׳ם גייסט, אַ זעלטע־נער ווייכקייט און צאַרטקייט פונ׳ם געמיט; ער האָט אים, קורץ, אָפּגעגעבן דאָס בעסטע פון זיך אַליין...

איך האָב אָנגערופן טוביה דעם מילכיקן דער געליבטער העלד שלום־עליכמס. איך האָב אים געמעגט אָנרופן דער געליבטסטער העלד. אים האָט דער דיכטער פאַרטרויט זיין אייגענע ראָליע, די ראָליע פון אַ הומאָריסטישן דערציילער, פון אַ מענטשן־קענער, פון אַ פּאָרטרעט־מאָלער, פון אַ וויצן־זאָגער, פון אַ שפּראַך־מייסטער, — און דעריבער איז דאָס בוך „טוביה דער מילכיקער” נישט נאָר דאָס סימפּאַטישסטע און רירנדיקסטע, נאָר אויך דאָס אינטימסטע, דאָס פּערזענלעכסטע בוך שלום־עליכמס...

(פון „געקליבענע שריפטן”, באַנד 3: שלום־עליכם.)



ש. אנסקי.

# די אידישע פאָלקס־שאַפונג

## איר כאַראַקטער און אירע אייגנשאַפטן

.1

אין דער אידישער שאַפונג, נישט נאָר אין דער פאָלקס־פּאָעטישער, נאָר אפילו אויך אין דער אַלט־נאַציאָנאַלער (אין דער געשטאַלט אין וועלכער זי איז דערגאַנגען צו אונז), פעלן כמעט אַלע גרונט־מאָטיוון פון דער פאָלקס־פּאָעטישער שאַפונג פון די אַנדערע ציוויליזירטע פעלקער. אויב אין די עלטסטע דענקמעלער פון אידישן פאָלקס־געניוס (חומש, נביאים ראשונים), דערקענען מיר נאָך שפּליטערס פון פאַרהיסטאָרישן עפּאָס און פון העלדן־געזאַנגען, איז אָבער אין די שפּעטערע ווערק פון דער נאַציאָנאַלער און פאָלקסטימלעכער שאַפונג, דעם היינטיקן פאָלקלאָר אריינגערעכנט, געפינען מיר נישט דעם העלדן־עפּאָס, נישט די העלדן־לעגענדעס און העלדן־לידער, נישט קיין קריגעריש־פּאַטריאָטישע פּאָעמען — קיין שום זאַך פון דעם, וואָס זאָל, לויט פאָרם און אינהאַלט, זיין ענלעך אויף דער „איליאַדע" און „אָדיסעע", אויף די סקאַנדינאַווישע סאַגעס, אויף די רוסישע „בילינעס", אויף דעם דייטשן „ניבעלונגענליד", אויף די פראַנצויזישע „שאַנסאָן דע זשעסט" און אַנדערע.

דער אידישער נאַציאָנאַלער און פאָלקסטימלעכער פּאָעזיע זיינען אינגאַנצן פרעמד אַזעלכע מאָטיוון, ווי די אידעאַליזאַציע פון פיזישער גבורה, ווי די התפּעלות פאַר דעם אַזאַרט פון מלחמה, ווי דאָס באַזינגען ריטערלעכע גבורות און נצחונות — בכלל פרעמד יעדער בוקן זיך צו דער טריאומפירנדיקער פיזישער קראַפט.

די סיבה פון דער דאָזיקער דערשיינונג איז קודם־כל די, וואָס די אידישע פּאָעטישע פאָלקס־שאַפונג קוועלט אַרויס פון אַ גאַנץ אַנדער מקור, ווי די שאַפונג פון אַנדערע ציוויליזירטע פעלקער. אין דער צייט וואָס אין יסוד פון דעם גאַנצן פאָלקלאָר פון די קריסטלעכע פעלקער ליגט דער היידנישער עלעמענט, וועלכער באַזירט אויף דער מאַטעריאַליזאַציע און געגנזייטיקער מלחמה פון די נאַטור־קרעפטן און אויף דעם קולט פון דער פערזענלעכקייט, — איז די אידישע שאַפונג אינגאַנצן דורכגעדרונגען מיט דער אידעע פון אחדות הבורא, וועלכע איז אין איר גרונט פיינטלעך צו

יעדן מין קאַמף און שטעלט די גייסטיקע שלמות העכער פאַר דער מאַטעריעלער און מכל־שכן — פאַר דער פיזישער.

ביי די אייראָפּעאישע פעלקער, וואָס האָבן צו דער צייט פון זייער אַריבערטרעטן צום קריסטנטום דערגרייכט אַ מער אָדער ווייניקער הויכע מדרגה פון קולטורעלער אַנטוויקלונג, האָט זיך די מאָנאָטעאיסטישע אידעע צוזאַמענגעטראָפן מיט די נאַציאָנאַלע געטער, מיט אַן איינגעשטעלטן קולט, מיט אַ פאָלקאָם אויסגעפאָרעמטער היידנישער וועלט־באַנעמונג און מיט אַן אויסגעקריסטאַליזירטער היידנישער לעגענדע. און אויב די פאָלקסמאַסן האָבן, נאָך אַ האַרטנעקיקן, טיילמאָל דורות־לאַנגן, ווידערשטאַנד, זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע נאַציאָנאַלע געטער און פון היידנישן קולט, זיינען זיי אָבער טריי געבליבן זייער אַלטער וועלט־באַנעמונג און דער היידנישער לעגענדע, וועלכע האָבן עס געדינט פאַר אַ יסוד פון דער גאַנצער שפּעטערדיקער פאָלקס־פאָעטישער שאַפונג אין דער פאָרם פון מעשהלעך, לעגענדעס, גלויבונגען, אָפּשפּרעכענישן, מנהגים און טיילווייז לידער. דאָס איינציקע, אין וואָס עס האָט זיך אויסגעדריקט די ווירקונג פון דער קריסטלעכער אידעע אויף דעם היינטיקן אייראָפּעאישן פאָלקלאָר — איז, וואָס ער האָט אַסימילירט די קריסטלעכע נעמען און געשעענישן און האָט אויפגענומען אייניקע לעגענדעס, וואָס זיינען באַפאַרבט מיט אַ קריסטלעכער שטימונג, אָבער אין גרונט איז ער געבליבן היידניש.

גאַנץ אַנדערש איז געגאַנגען די אַנטוויקלונג פון דער אידישער פאָלקסשאַפונג. דאָס אידישע פאָלק, וואָס האָט געבראַכט דער וועלט די אידעע פון מאָנאָטעאיזם, האָט אָנגענומען דעם דאָזיקן קולט ביים אָנברוך פון זיין קולטור־נאַציאָנאַלן לעבן נאָך פריער, איידער דאָס פאָלק האָט באַוויזן צו שאַפן זיך נאַציאָנאַלע געטער, אַ היידנישע וועלט־באַנעמונג און אַ היידנישע לעגענדע. אמת, אויך די אידישע פאָלקס־מאַסע האָט אַ לאַנגע צייט נישט געוואָלט זיך באַפרידיקן מיט אַן אַבסטראַקטן גייסטיקן גאָט און האָט זיך געזוכט קאָנקרעטע, מאַטעריעלע געטער. אַלס בעסטער סימבאָל פאַר דער דאָזיקער זוכעניש קען דינען די ביבלישע לעגענדע וועגן רחלן, וועלכע האָט צוגעגנבעט די געצן־בילדער פון איר פאָטער. די פאָלקסמאַסע, וואָס איז נאָר־וואָס אַרויס פון מצרים, פאָדערט ביי אהרנען: „שטיי אויף, מאַך פאַר אונז געטער, וואָס זאָלן גיין פאַר אונז" (שמות ל"ב, א'). אויך שפּעטער, אין משך פון הונדערטער יאָרן, נישט קוקנדיק אויף משה־רבנוס התראות, נישט קוקנדיק אויף די פייערדיקע שטראָף־רייד פון אַלע נביאים, האָבן די אידן, ביי יעדן צוזאַמענשטויס מיט די געצנדינער, זיך געלאָזט מיטרייסן מיט זייער קולט, זיך אָנגעהויבן בוקן צו דגון, בעל, עשתורת, מולך און אַ סך אַנדערע אָפּגעטער. אָבער די דאָזיקע אַלע געטער פון דער עבודה־זרה זיינען געבליבן פאַר די אידן פאָרט נישט מער ווי

„אלהים אחרים" — פרעמדע געטער, און דאָס פאַרהערלעכן זיי ציטווייליק האָט נישט איבערגעלאָזט קיין שום באַדייטנדן שפור אין דער אידישער שאַפונג, נישט געהאַט קיין שום קענטיקע ווירקונג אויף דער אידישער וועלט־באַנעמונג. סוף־כל־סוף איז דער קולט פון מאָנאָטעאיזם געוואָרן פאַר דעם אידישן פאָלק דער נאַציאָנאַלער קולט און זיך פאַרוואַנדלט אין דעם איינציקן מקור פון דער גאַנצער פאָלקסשאַפונג.

די צווייטע סיבה פון דער אויבנדערמאָנטער דערשיינונג ליגט אין די אויסנאַמלעכע און אייגנאַרטיקע פאָרמען פון דעם נאַציאָנאַלן לעבן פון דעם אידישן פאָלק אין משך פון די לעצטע צוויי יאָרטויזנטער. פאַרלוירן דאָס אייגענע לאַנד, דאָס זעלבסטשטענדיקע מלוכהשע לעבן, צעזייט צווישן אַנדערע פעלקער, גערודפט און אוממעכטיק, האָט דאָס אידישע פאָלק נישט געהאַט קיין שום באָדן פאַר אייגענער העראָאישער פּאָעזיע און ווייניקער פאַר אַלץ געהאַט טעמים צו באַגייסטערן זיך מיט די ניצחונות און גבורות פון לאַנד־באַצווינגער, העלדן און ריטער פון פרעמדע פעלקער.

אָט די צוויי אומשטענדן האָבן גורם געווען, וואָס אין דער אידישער פאָלקס־שאַפונג פעלן כמעט אינגאַנצן העראָאישע מאָטיוון. אַנשטאָט זיי, געפינען מיר אין דער דאָזיקער שאַפונג די געגנזעצלעכע מאָטיוון, וועלכע זיינען דורכגעדרונגען מיט דער טענדענץ, אַז די רוחניותדיקע (גייסטיקע און מאָראַלישע) שלמות איז נישט דער ערך העכער, ממשותדיקער און מעכטיקער פאַר דער מאַטעריעלער, פיזישער מאַכט, ווי גיבוריש זי זאָל נישט זיין.

דאָס ערשטע ווערק פון דעם אידישן נאַציאָנאַלן געניוס — דער חומש, וואָס די שערבלעך פון די גיבורישע לעגענדעס אין אים האָבן די שפּעטער־דיקע שעפער פון דעם נביאים־פּעריאָד אַזוי ווייט אַנדערש באַאַרבן, אַז יהוה, דער „איש מלחמה", איז ביי זיי מגולגל געוואָרן אין אַ „אל רחום וחנון" — איז שוין באַשטימט דורכגעדרונגען מיט אַ נעגאַטיווער באַציאונג צו דער מאַטעריעלער קראַפט, בפרט צו דער פיזישער, און מיט דער אידעאַליזאַציע פון דער רוחניותדיקער פאָלקאָמענהייט. אין די פילע ביבלישע עפּיזאָדן פון פאַר די נביאים ווייזט זיך שוין גאַנץ בולט אַרויס די טענדענץ, אַז ביי צוזאַמענשטויסן צווישן באַזונדערע פערזאָנען אָדער פעלקער איז כמעט שטענדיק מנצח דער, וואָס איז פיזיש שוואַכער, אָבער העכער גייסטיק. אברהם מיט אַ הייפל זיינע קנעכט איז גובר פיל מלכים. יעקב באַקומט די אויבערמאַכט איבער זיין שטאַרקן ברודער עשו. ביים איבער־גיין דעם מדבר פאַרטיליקן די אידן גאַנצע שבטים ריזן, מיט דעם מוראַ־דיקן ריז עוג מלך הבשן בראש. דער קליין־געוויקסיקער דוד דערשלאָגט גליתן, דעם גרויסן העלד.

אָבער די דאָזיקע אַלע ניצחונות איבער די מוראַדיקע מחנות אָדער

איינציקע העלדן ווערן נישט צוגעשריבן דעם כח און גבורה פון די זיגער, נאָר בלויז דעם אָרעם פון גאָט. משה רבנו דערמאָנט שטענדיק דעם אידישן פאָלק, אז גאָט האָט אים (דעם פאָלק) איבערגעענטפערט אין די הענט די פיינט זיינע, און ער וואָרנט דאָס פאָלק, אז עס זאָל נישט טראַכטן ביי זיך אין הארצן: „מיין כוח און די מאַכט פון מיין האַנט האָט עס מיר איינגעשאַפט דאָס דאָזיקע רייכטום״ (דברים ח׳, י״ז), וואָרום אַזוי קאָנען נאָר טראַכטן נאַראָנים; דער פאַרשטענדיקער אָבער דאַרף פאַר־שטיין: „ווי קען איינער יאָגן טויזנט, און צוויי פאַרטרייבן צען טויזנט, ווען ניט זייער פעלז האָט זיי איבערגעגעבן, און יהוה האָט זיי איבער־געענטפערט?״ (דברים ל״ב, ל׳). אַגב ווערן די דאָזיקע ניצחונות דאָס רוב נישט נאָר צוגעשריבן דער געטלעכער הילף, נאָר גאָט אַליין האַלט זיי טאַקע אויך אָפּ ביי זייער אַ שוואַכן אַנטייל מצד דעם אידישן חייל.

אויסגעהאַלטענער און באַשטימטער ווי אין חומש האָבן זיך די דאָזיקע אַלע אייגנטימלעכקייטן פון דער אידישער שאַפונג אַרויסגעוויזן אין די ווערק פון די נביאים. דאָס רוב פון זיי האָבן געלעבט אין אַזאַ צייט, ווען דעם אידישן פאָלק איז אויסגעקומען צו פירן אַ פאַרצווייפלטן געראַנגל געגן די חיילות פון די באַצווינגער, צו פאַרטיידיקן מיט געווער אין האַנט נישט נאָר די נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיקייט, נאָר אפילו זיין קיום גופא. און פונדעסטוועגן, אַנשטאָט צו וועקן מיט זייערע נביאות דעם קריגערישן גייסט, צו רופן דאָס פאָלק צו קאַמף, צו באַזינגען די גבורות פון די באַהאַרצטע און שטאַרקע, ווי דאָס פלעגן אין אַזעלכע פאַלן טאָן די דיכטער פון אַנדערע פעלקער — האָבן זיי דעם גאַנצן כוח פון זייער מעכטיקן וואָרט אָנגעווענדט דערויף, אומצוקערן דאָס פאָלק צו דינען גאָט, און געוואָרנט עס פאַר זיינע זינד מיט די שרעקלעכסטע אָנשיקענישן, חורבנות, קנעכטשאַפט און שאַנד. ס׳פלעגט קומען אַזוי ווייט, אַז דער גרעסטער פון די נביאים, ירמיהו, איז שיער נישט געטויט געוואָרן, פאַר־וואָס „ער שוואַכט אָפּ דעם גייסט פון פאָלק״.

די נביאים זיינען אין גאָטס נאָמען שטענדיק מתרה די אידן: „זאָל זיך ניט רימען דער חכם מיט זיין חכמה, און זאָל זיך ניט רימען דער גיבור מיט זיין גבורה; זאָל זיך ניט רימען דער עושר מיט זיין עשירות; נאָר דערמיט זאָל זיך רימען דער וואָס רימט זיך, מיט פאַרשטיין און קענען מיך, אַז איך יהוה טו חסד, רעכט און גערעכטיקייט אויף דער ערד״ (ירמיהו ט׳, כ״ב—כ״ג).

די נביאים מאָלן טיילמאָל שטאַרקע און מעכטיקע גיבורים, אָבער דאָס טוען זיי נאָר, כדי אָנצושרעקן מיט זיי די זינדיקע און ווידערשפעניקע. —— אָבער אויב די נביאים, דערהויפּט די גרעסערע פון זיי, לעבנדיק אין אַן אַטמאָספערע פון אומאויפהערלעכע מלחמות, אינווייניקסטע רייסערייען און

געגנזייטיקער פארלענדונג פון די פעלקער און שבטים, וואס האבן גע־וואוינט אין שכנות איינס מיטן אנדערן, — האבן געווידמעט דעם גרעסטן טייל פון זייערע נביאות דעם פייער און שווערד, פארויסגעזאגט אנפאלן, פארטיליגונגען און קנעכטשאפט, — זיינען אבער זייערע פערזענלעכע אידעאלן געווען דורכגעדרונגען מיט א טיפן הומאניזם, מיט א ליידנ־שאפטלעכער שטרעבונג צו ליכט, צו גערעכטיקייט, צו שלום און צו סאציאלן יושר. און איטלעכס מאל, ווען זיי פלעגט זיך איינגעבן אפצו־ווענדן זייער בליק פון דער פינצטערער ווירקלעכקייט און אריינקוקן אין דער טיף פון דער צוקונפט — פלעגט פאר זייער בליק זיך אויסמאלן גאר אן אנדערע וועלט, וואס איז געבויט אויף די יסודות פון ברידערלעכקייט, גערעכטיקייט און אבסאלוטן שלום נישט נאר צווישן מענטשן, נאר אפילו צווישן חיות און בהמות. (ישעיה י׳, ב׳, ד׳; י״א, ו׳—י׳; יחזקאל ל״ט, ט׳—י׳; הושע ב׳, ב׳; מיכה ד׳, ג׳—ה׳; זכריה ט׳, י׳).

.2

אויב אזא נעגאטיווע באציאונג צו קריגערישער מאכט, גיבורישער קראפט און שלאכט־הערא‏איזם האט דאמינירט אין דער נאציאנאלער שאפונג, סיי בשעת דעם נאציאנאלן לעבן פון די אידן, סיי דאן, ווען זיי האבן פארטיידיקט זייער זעלבסטשטענדיקייט אדער געהאפט זיך צוריק־צוקערן מיט דער הילף פון געווער, — האט די דאזיקע באציאונג זיך נאך מער פארשטארקט שפעטער, ווען דאס פאלק, פארטריבן אין גלות, האט אנגעוואוירן יעדע האפנונג מיט אייגענע כוחות אומצוקערן זיך צו דעם פארלוירענעם פאטערלאנד. די אידעאליזאציע פון דער רוחניותדיקער פאל־קאמענהייט און דאס אנטקעגנשטעלן זיך דער מגושמדיקער און בייזער פיזישער קראפט, וואס פריער האט דאס ארויסגעקוועלט פון אינווייניקסטע מאראלישע מאטיוון, איז איצט דיקטירט געווארן דורך די אויסערלעכע לעבנס־באדינגונגען. דאס פארלירן ביסלעכוויז די געוואוינהייטן פון מלחמה און דער טיפער באוואוסטזיין פון דער אייגענער פאלשטענדיקער אוממעכטיקייט האבן סיסטעמאטיש אויסגעמעקט פון דער אידישער שאפונג אלץ, וואס האט געהאט די מינדסטע שייכות צו קריגערישקייט און שלאכט־הערא‏איזם. אין דער תלמודישער ליטעראטור געפינען מיר שוין זייער ווייניק דערציילונגען און באטראכטונגען וועגן מלחמות, ניצחונות און מפלות. אריינגעטאן אינגאנצן אין איין אויפגאבע: מיט גייסטיקע בענדער צו פארבינדן דאס פאלק, וואס האט פארלוירן זיין טעריטאריאל־מלוכהשע ארגאניזאציע, שטעלט זיך דער תלמוד גאנץ ווייניק אפ אויף די פאליטישע געשעענישן פון זיין צייט, ווען זיי זיינען אפילו דירעקט

געוועזן שייך צו אידן. לעבנדיק אויסשליסלעך אין דער פאַרגאַנגענהייט, האָט ער זיך כסדר צוריקגעקערט צו די ביבלישע לעגענדעס, זיי אויסגעטייטשט, פּאָפּולאַריזירט און דערהויפּט היפּערבאָליזירט, כדי צוצוגעבן די ביבלישע פּערזאָנען און געשעענישן וואָס א גראַנדיעזערן כאַראַקטער. און בלויז אויף דעם באָדן גיט דער תלמוד עטלעכע לעגענדעס וועגן גיבורים. — —

אָבער אויב די אגדתא שילדערט די פּערזאָנען פון תנ"ך ווי אויסטערלישע גיבורים, כדי צו ווייזן די גרויסקייט, הייליקייט און אומבאַרירלעכקייט פון דער ביבלישער דאָגמע, איז אָבער די באַציאונג פון תלמוד גופא צו דער קראַפט פון גיבורים און צום קריגערישן העראָאיזם פּונקט אזא נעגאַטיווע, און אפשר נאָך א נעגאַטיווערע, ווי אין חומש און ביי די נביאים. באַזונדערס בולט האָט זיך עס אַרויסגעוויזן אין די תלמודישע לעגענדעס וועגן אלכסנדר מוקדון, וואָס צו אים באַציט זיך דער תלמוד נישט נאָר מיט גרויס דרך־ארץ, נאָר אַפילו מיט יראת־הכבוד. דער גרויסער איש־מלחמה פיגורירט אין די דאָזיקע לעגענדעס בלויז אַלס גרויסער חכם, אַלס געראַכטער און גנעדיקער הערשער. צו אים קומען זיך משפּטן פאַרשטייער פון פאַרשיידענע פעלקער, און ער טראָגט אַרויס א גערעכטן פּסק־דין. ער רופט צונויף די אידישע חכמים און גיט זיי אויף פראַגן און רעטענישן. אָבער וועגן זיינע העראָאישע ניצחונות און מלחמות שווייגט אינגאַנצן די אגדתא און באַציט זיך אַפילו צו זיי איראָניש, ווי למשל, אין דער אגדה וועגן די אַמאַזאָנקעס.

אין תלמוד, אַזוי ווי אין תנ"ך, איז די העכסטע מעלה פאַר א מענטשן — די גייסטיקע און מאָראַלישע פאָלקאָמענהייט, וועלכע דריקט זיך אויס אין מקיים זיין די מצוות און אין לערנען תורה. לויטן תלמוד איז נאָך גאָט די העכסטע קדושה — די תורה. זי, „די טאָכטער פון גאָט", איז באַשאַפן געוואָרן פאַר בריאת העולם און וועט בלייבן באַשטיין אויך נאָכן אונטערגאַנג פון דער וועלט. גאָט אַליין אַפילו לערנט תורה. ס'איז דעריבער נאַטירלעך, וואָס די קדושה און די גדולה פון דער תורה גייט אַריבער אויף די, וואָס לערנען און פאָרשן זי. די גרויסע חכמים, וואָס האָבן טיף אַריינגעדרונגען אין דער תורה, האָבן דערגרייכט די מדרגה פון מלאָכים, זיינען געוואָרן אומשטערבלעך, האָבן באַקומען דעם כוח צו שאַפן און חרוב מאַכן וועלטן, מחיה מתים זיין וכדומה. אָבער די דאָזיקע רוחניותדיקע מאַכט איז דער היפּוך פון דער פיזישער קראַפט, דער מגושמדיקער און מאַטעריעלער, איז גאָר קיין דמיון נישט צו איר. — —

3.

די ווערק פון דער היינטיקער אידישער פאָלקס־שאַפונג — די מעשיות, לעגענדעס, לידער, משלים, גלויבונגען, ווערטלעך, שפּריכווערטער א. אז. וו., וואָס דאָס פאָלק אליין האָט געשאַפן, אָדער וועלכע האָבן פון לאַנג אָן באַקומען א ברייטע פּאָפּולאַריטעט ביי אים — זיינען, לויט זייערע אויסער־לעכע פאָרמען, דאָס רוב אידענטיש מיט דעם פאָלקלאָר פון אַנדערע פעלקער. אָבער מצד דעם אינווייניקסטן אינהאַלט, איז דער אידישער פאָלקלאָר, סיי דער פאָלקלאָר פון די מעשיות, דאָס רוב א דידאַקטישער, סיי דער פאָלק־לאָר פון די לידער, דער עיקרשט א לירישער, און אפילו דער פאָלקלאָר פון דער טאָג־טעגלעכער מאָראַל, וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט אין די שפּריכווערטער, ווערטלעך, וויצן און משלים, — איינגאַנצן דורכגעדרונגען מיט די אייגענע מאָטיוון, טענדענצן און שטימונגען, וואָס די ביבלישע און תלמודישע שאַפונג. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס צווישן די דאָזיקע ביידע שאַפונגען ליגן תקופות פון אַנדערטהאַלבן, צוויי און מער יאָר־טויזנטער, האָט דער היינטיקער פאָלקלאָר אויפגעהיט א לעבעדיקע ענגע פאַרבינדונג מיט דער ביבליש־תלמודישער טענדענץ און לעגענדע, גלייך ווי ער וואָלט געשאַפן געוואָרן אויסשליסלעך אונטער דער ווירקונג פון דער דאָזיקער אַלטער ליטעראַטור. — —

(פון בוך „פאָלקלאָר און עטנאָגראַפיע“.)

▼ ▼ ▼

ש. צ. זעצער.

# די עפּאָכע פון בעש״ט

די עפּאָכע, אין וועלכער דער בעל־שם־טוב האָט געלעבט און געווירקט, איז געווען איינע פון די גרעסטע און וויכטיקסטע עפּאָכן אין דער מענטש־לעכער געשיכטע.

מיט א גיכן טעמפּאָ איז געגאַנגען דעמאָלט די אַנטוויקלונג פונ׳ם מענטשלעכן געדאַנק. מיט פיבערהאַפטער ענערגיע האָט ער זיך געאײַלט אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך וואָס גיכער די אײַזערנע קייטן, אין וועלכע ער איז נאָך געבליבן געשמידט פון מיטלאַלטער. דאָס איז געווען איינע פון די ברוּיזנדסטע עפּאָכן, וואָס זיינען ווען עס איז אין דער מענטשלעכער געשיכטע געווען. קיין זאַך איז צופרידן געווען דעמאָלט מיט זיין פּלאַץ אונטער דער זון. אַלעס האָט זיך מיט קאָנוואולסיווער ליידנשאַפט אין א ברייטערער און פרייערער וועלט געריסן. עס האָט א „ניצוץ“ פון דער

אומענדלעכער בענקשאַפט נאָך נייע פאָרמען, אַ ניצוץ פון דער אומ־ענדלעכער אומצופרידנהייט מיט די אַלטע שוין געשאַפענע פאָרמען — פון דער אימער שאַפנדער געטלעכער ענערגיע, — אין די נשמות פון יענעם מענטשן־דור פאַרבלאָנדזשעט — און האָט אין אים אַ פאַרלאַנג צו אַ נייער וועלט באַשאַפן. קיין זאַך איז דעמאָלט שטיל און רואיק אויף זיין פּלאַץ געשטאַנען. אַלעס, אַלעס האָט געשטרעבט דעמאָלט אַראָפּצו־וואַרפן פון זיך די אַלטע פאָרמען און אַרויפציען אויף זיך אַנדערע, נייע פאָרמען.

די דאָזיקע עפּאָכע איז געלעגן אויף דער מיט פון די צוויי גרעסטע תקופות אין דער נייער געשיכטע פון דער מענטשהייט: צווישן דער רענעסאַנס־עפּאָכע און צווישן דער עפּאָכע פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. אין איר האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס לעצטע וואָרט פון דער רענעסאַנס־עפּאָכע, וועלכע האָט זיך צו יענער צייט אַלץ מער און מער פאַרטיפט און האָט אַלץ מער און מער פאַרשטאַרקט אירע פּאָזיציעס, — צוזאַמען מיט דעם „בראשית“ פון דער נייער עפּאָכע. עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן באַמערקן אין איר די קאָנטורן פון די „גרויסע פּרינציפּן“, פאַר וועלכע די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט געקעמפט. עס האָט שוין געשוועבט אויף דער דאָזיקער תקופה דער גרויסער גייסט פון די ענצי־קלאָפּעדיסטן. עס האָט זיך שוין געפילט אין איר דער אָטעם פון די גרויסע גייסטער — רוסאָ און קאַנט, לעסינג און וואָלטער.

---

אָט דער מעכטיקער פרייהייטס־שטראָם, וועלכער האָט געגאָסן זיך דורכ־געבראָכן די אייזערנע מויערן, אין וועלכע דער גייסט פון מיטלאַלטער האָט זיך פאַרפעסטיקט, האָט אויך די אייזערנע מויערן פון דער אידישער געטאָ דורכגעבראָכן. מיט אַ גוואַלדיקער קראַפט האָט ער זיך אַהין אריינ־געריסן און האָט דאָרטן זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט אָנגעהויבן.

אין דריי פאַרשיידענע ריכטונגען האָט זיך דער דאָזיקער פרייער שטראָם צעגאָסן. דריי גרויסע אידישע גייסטער האָבן אונטער זיין פאָן געאַרבעט. יעדער איינער פון זיי האָט זיינע אייגענע ד׳ אמות באַאַרבעט.

די טעטיקייט פון איין ריכטונג איז געווען אויף דעם געביט פון דער אידישער בילדונג, אויף דעם געביט פון אויפקלערונג, פון וועקן דעם פילאָזאָפישן עלעמענט אין אידישן געדאַנק. דער ציל פון דער ריכטונג איז געווען — עפענען אַ פענצטער אין דער אידישער געטאָ צו אייראָפּע, כדי דאָס אידישע פאָלק זאָל קענען אריינגענומען ווערן אין דער אַלגע־מיינער פעלקער־פאַמיליע פון דער קולטורעלער מענטשהייט.

די ריכטונג האָט געפונען פאַר זיך איר ערשטן פּלאַץ אין דייטשלאַנד. איר שאַפער איז געווען דער רמב״ן, דער באַרימטער משה מענדלסאָן.

די צווייטע ריכטונג האָט זיך אויסגעגאָסן אין דער שטרעבונג צו באַפרייען דעם אידישן מוח פון דעם קרומען רבנישן פּילפּול, פון דער פאַרדרייטער און שאַרפער סכאָלאַסטיק, פון די אַ וואַנט מיט אַ וואַנט צונויפפירנדע „חילוקים", מיט וועלכע די רבנישע וועלט איז ביז דעמאָלט באַשעפטיקט געווען. דער ציל, וואָס די ריכטונג האָט זיך געשטעלט, איז געווען — אויסצוגלייכן אַביסל דעם פאַרטרימטן און פאַרקרימטן אידישן מוח, אַריינטראָגן אַביסל סיסטעם, אָרדנונג און לאָגיק אין דעם שטודיום פון דער תלמודישער ליטעראַטור.

דער פאָרשטייער פון דער ריכטונג איז געווען דער באַרימטער ווילנער גאון.

די דריטע ריכטונג האָט זיך אויסגעגאָסן אין דער שטרעבונג אויפ־צומונטערן אַביסל דאָס פאַרמאַטערטע אידישע הארץ, באַלעבן אַביסל די פאַרשטיינערטע און פאַרגליווערטע געפילן פון׳ם אידישן פאָלק, וועקן ביי אים און באַפליגלען זיין איינגעשלאָפענע פאַנטאַזיע, מאַכן באַוועגלעך זיין בלוט. עס איז איר צוועק געווען צו פאַרקלענערן די ממשלה פון אומעט און טרויער איבער דעם אידישן לעבן, צו פאַרטרייבן די שווערע וואָלקנס פון עצבות און מרה־שחורה, וואָס האָבן די אידישע וועלט געדריקט, און אַריינצוברענגען אַהין אַביסל פרייליכקייט און לעבנס־לוסטיקייט.

די שטרעבונג האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פאָרם פון חסידות, און דער פאָרשטייער אירער איז געווען ר׳ ישראל בעל־שם־טוב.

---

אין דער צייט ווען די ערשטע צוויי דערמאָנטע ריכטונגען האָבן געזוכט און געפונען זייערע אָנהענגער צווישן די אויבערשטע שיכטן פון פאָלק, צווישן די מער אַריסטאָקראַטישע עלעמענטן זיינע, צווישן די לומדים און וואוילע אידישע קעפּ, איז די דריטע ריכטונג אַ מער דעמאָ־קראַטישע, אַ מער פאָלקסטימלעכע, געווען; זי האָט צווישן דעם גאַנצן פאָלק אירע אָנהענגער געזוכט און געפונען. דאָס איז ניט געווען קיין באַוועגונג פאַר מיוחסים, פאַר אויסגעקליבענע; פאַרקערט, זי האָט זיך הויפּטזעכלעך צו די ברייטע שיכטן פון פאָלק געווענדט. זי האָט אַלע אירע שיינע אוצרות אין רשות פון פשוטן פאָלק געשטעלט. זי האָט אַלע אירע רייכטימער דעם איינפאַכן המון אַוועקגעשענקט.

דאַמאָלסט, ווען די פאָרשטייער פון די ערשטע צוויי ריכטונגען זיינען געווען די לערער און וועג־ווייזער פון איינצלנע, פון יחידי־סגולה, האָט געזען דער בעל־שם זיין לעבנס־צוועק אין דעם, ער זאָל זיין אַ לערער און וועג־ווייזער פאַרן גאַנצן פאָלק — פאַר די פּראָסטע און אומוויסנדע מאַסן נאָך מער, ווי פאַר די העכערע שיכטן.

ער איז מיט גאָטס וואָרט צום גאַנצן פאָלק געגאַנגען

און געקומען איז ער צו זיי אפילו ניט ווי אַ לערער, ווי אַ מדריך, נאָר ווי איינער פון זיי, ניט פון אַ ווייטער דיסטאַנץ, פון אַ הויכן באַרג סיני, האָט ער צום פאָלק אַראָפּגערעדט. ער האָט צו זיי „פנים אל פנים" גערעדט.

און ניט מיט קיין שווערע לוחות איז ער צו זיי געקומען, ניט מיט קיין נייע שיטות, וואָס פאָדערן פון׳ם מענטשן פיל אָנגעשטרענגטע מי, אײדער זיי קענען פון אים אָנגענומען ווערן, ניט מיט גרויסע נייע אמתן איז ער צו זיי געקומען — אויסער אָט יענעם גרויסן אמת, אַז דער גרעסטער אמת איז אַ לעבעדיקער מענטש.

קומענדיק צו זיי האָט ער מיט זיך גאָר אײנגאַנצן קיין לוחות ניט געבראַכט. ער האָט צום פאָלק זיין גרויסע און ליכטיקע נשמה געבראַכט. ער האָט זיי זיין ברייט אומרואיק האַרץ אָוועקגעשענקט. ער האָט די רייכע אוצרות פון זייער אייגענער נשמה באַפרייט און האָט מיט זיי באַצירט זייער גרויע און אָרעמע וועלט. ער האָט פאַר זיי זיין רייכע און שיינע אינערלעכע וועלט אַנטפּלעקט, און זיי האָבן אין איר די אָפּשפּיגלונג פון זייער אייגענער אינערלעכער וועלט דערזען.

ער איז צום פשוטן פאָלק געקומען און האָט מיט אים אויף זיין אייגענער שפּראַך גערעדט —

אויף דער שפּראַך פון האַרץ און געפיל.

דאָס שענסטע און רייכסטע, וואָס זיין נשמה האָט פאַרמאָגט, האָט ער דעם פאָלק אָוועקגעשענקט.

און „מידה כנגד מידה".

ביז צום העכסטן און שענסטן גראַד האָט די פאַנטאַזיע פון פאָלק זיך אָנגעשטרענגט צו שטריקן און וועבן די האַרציקסטע און שענסטע לעגענדן וועגן דעם לעבן און ווירקן פון איר באַליבטן העלד. דאָס שענסטע און האַרציקסטע, וואָס דאָס פאָלק האָט פאַרמאָגט, האָט דאָס פון זיך אַרויס־געבראַכט, שפּינענדיק אָט יענעם צויבערהאַפטן פאָדים, מיט וועלכן זי האָט יעדן קער און ריר פון בעל־שם געמאָסטן.

וועגן גאָר ווייניק העלדן אירע האָט די אידישע פאָלקס־פאַנטאַזיע אַזוי פיל האַרציקע און שיינע לעגענדן געשאַפן. זי האָט אַלע אירע גרעניצן פריי געלאָזן, וועבנדיק דעם לעגענדאַרן מאַנטל, אין וועלכן זי האָט איר באַליבטן העלד איינגעהילט. זי האָט ניט דורכגעלאָזן קיין איינציקן מאָמענט פון זיין לעבן און ווירקן, אַז זי זאָל אים ניט אין אַ ים אַ גאַנצן פון לעגענ־דאַרע זונען־שטראַלן טובלען. יעדע באַוועגונג זיינע, פון דעם ערשטן מאָמענט פון זיין לעבן ביז צום לעצטן, האָט זי מיט וועלטן גאַנצע פון צויבער און פאַנטאַזיע דורכגעוועבט.

און אַלץ איז זי נאָך אומבאַפּרידיקט געבליבן. און אַלץ האָט זי נאָך איר שאַפונגס־קראַפט און שאַפונגס־לוסט ניט אויסגעשעפּט.

האָט זי איר טעטיקייט אויך איבער די גרעניצן פון לעבן איבערגע־טראָגן. זי האָט אים איר לעגענדאַרן מאַנטל אויך אין קבר מיטגעגעבן...

(אַריינפיר צום ערשטן באַנד: ר׳ ישראל בעש״ט).



בר טוביה.

# פערדינאַנד לאַסאַל אין זיין יוגנט

(קאַפּיטלעך פון אַ מאָנאָגראַפיע)

## א. די ברעסלויער קהלה.

דעם עלפטן אַפּריל, 1825, איז אין דער שטאָט ברעסלוי, אין אַ רייכער אידישער פאַמיליע מיט דעם נאָמען „לאַסלויער", שפּעטער „לאַסאַל", גע־בוירן געוואָרן אַ קינד, וואָס האָט באַקומען דעם שטאָלצן גערמאַנישן נאָמען פערדינאַנד.

פערדינאַנד — מיינט צו זאָגן: דער גיבור פון דעם חייל, וואָס ווייסט נישט פון קיין מורא. אַזוי האָט מען גערופן דאָס קינד. איז דאָס געווען אַ צופאַל? איז דאָס געווען אַ נבואה, אַ טונקעלער פאָרגעפיל פון דער גרויסער וועלט־היסטאָרישער ראָלע, וואָס דאָס קינד וועט שפּילן אין דער געשיכטע? ווער ווייס? אונזערע אַלטע חכמים האָבן געזאָגט: „שמא גרים" — דער נאָמען האָט דערצו געפירט. און די אַלטע רוימער פלעגן זאָגן: „נאָמינאַ סונט אָמינאַ" — הייסט: אַ נאָמען איז אַ סימן.

אין דער צייט, ווען דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן, האָבן נאָך ברעס־לויער אידן נישט געהאַט קיין גלייכבאַרעכטיגונג. עס האָט נאָך געהערשט איבער זיי דאָס גוטע אַלטע פּרייסישע רעכט, וואָס האָט געלערנט אידן דרך־ארץ. אַ איד זאָל נישט גיין אויפן טראָטואַר ווי אַ מענטש, נאָר צווישן די טראָטואַרן, ווי אַ בהמה; אַ איד טאָרט נישט אריין אין אַ דייטשער נאָבעלער שטאָט, איידער ער צאָלט נישט אָפּ דעם רינדער־טאַריף; גייט אַ איד אין גאַס און באַגעגנט אַ דייטש, גיט דער דאַזיקער אויף אים אַ געשריי: איד, מאַך מאָרעס! דאָס וויל זאָגן: דרך־ארץ, דו עזות פּנים! געוויס, אַ דייטש איז ציוויליזירט, ובפרט אַ ברעסלויער בעל־הבית פון ערשטער העלפט פון נײַנצנטן יאָרהונדערט, וועט זיך אַזוי גראָב נישט

באגיין און וועט נישט תמיד מקיים זיין די דאָזיקע שיינע אידן־געזעצן. אָבער דאָס געזעץ בלייבט אַ געזעץ און עס איז געשריבן, נישט נאָר אויף פּאַפּיר, נאָר טיף איינגעגראָבן אין די הערצער. און די „איידעלע" ראַסע האָט געגוג מיטלען צו פאַרפּינצטערן און פאַרביטערן דאָס לעבן פון דער „נידעריקער" ראַסע. און ווען די מיטלען ווערן איידעלער און פיינער, ווערן זיי נאָך שאַרפער און שטעכן טיפער, — ווייל די אידישע הויט ווערט מיט דער צייט צאַרטער און פילט די אומזיסטע באַליידיקונג, דאָס הימל־שרייענדע אומרעכט, שטאַרקער און טיפער. גוואַלד, פאַר וואָס? פאַר ווען? רייסן זיך ארויס געשרייען פון בלוטנדע הערצער, וואָס פאָדערן פאַר די אומענדלעכע באַליידיקונגען, ווי פאַר אומשולדיק־פאַרגאָסענעם בלוט, דין וחשבון פון דער גאַנצער וועלט געשיכטע, פון דעם ריבונו של עולם אליין.

די אידישע קהילה אין דער אַלטער האַלב־סלאַווישער, האַלב־דייטשער ברעסלוי האָט געהאַט הינטער זיך איר לאַנגע מאַרטירער־געשיכטע, ווי יעדע אַלטע אידישע קהילה אין אייראָפּע. דער קאַטוילישער קלויסטער, דער פּריץ, דער הערצאָג, דער קעניג, דאָס פאָלק — אַלע האָבן געשלאָגן, געפּייניקט, געראַבעוועט, יעדערער אויף זיין שטייגער. די עלטערע דורות האָבן אַלץ איבערגעטראָגן מיט געדולד, מיט ביטחון און אמונה; די אינגערע דורות זיינען מיד געוואָרן צו גלויבן, צו האָפן און וואַרטן אויפן געטלעכן חסד, און אַז די מענטשן־פריינטלעכע באַוועגונג האָט זיך אינ'ם אַכצנטן יאָרהונדערט פון פּאַריז איבערגעטראָגן אין דייטשלאַנד, האָבן די דייטשע אידן אָנגעהויבן גלויבן מיט זייער גאַנצן ווילן און ברען אין דעם מענטשלעכן חסד. הומאַניטעט, מענטשלעכקייט איז געוואָרן דער נייער אידעאַל. ער איז ארויסגעגאַנגען פון בערלין און באַלד געפונען אַ ווידערקלאַנג אין ברעסלוי.

צווישן די פירער פון דער באַוועגונג, וואָס האָבן געגרינדעט דעם ערשטן העברעאישן זשורנאַל, דעם „המאסף", איז געוועזן מנחם מענדל ברעסלוי, אַ שריפטשטעלער, וואָס האָט געוואוינט אין ברעסלוי און דאָרט געדרוקט פאַרשיידענע העברעאישע ווערק, אין וועלכע ער קעמפט מוטיק פאַר דער נייער ריכטונג. ליפּמאַן מאיר און שמעון הירש, צוויי גבירים פון דער שטאָט, האָבן זיך גענומען איבערמאַכן דאָס גאַנצע אידישע לעבן אין ברעסלוי און דאָס צופּאַסן צום נייעם אידעאַל, נאָך דעם כלל: וואָס ווייניקער אידישקייט, וואָס מער מענטשלעכקייט, דאָס הייסט: דייטשטום. וואָרום מענטשלעכקייט און דייטשטום האָבן זיך מערקווירדיקערוויז צוזאַמענגעגאָסן אין די געדאַנקען פון יענע קרייזן. די מיטל־מעסיקע האָבן זיך באַגנוגנט מיט אַ שולע, וואו מען לערנט חומש פאַרטייטשט אויף הויכדייטש, און מיט אַ רב, וואָס זאָגט אַ פּילפּול אויף דעם זעלבן לשון.

די מער פרייע האָבן געוואָלט אָפּשאַפן אינגאַנצן דעם פּילפּול, ווי דעם תּלמוד בכלל, און, ווען מעגלעך, מיטן חומש צוזאַמען. עס איז געקומען די צייט, ווען אברהם גייגער האָט זיך געקענט באַרימען, אַז ער, דער פרייסטער אידישער פאַרשער, זיצט אויף דער שטול פון גרויסע פרומע רבנים אין דער אַלטער באַרימטער אידישער קהלה פון ברעסלוי.

די אַלטע קהילה איז געגאַנגען מיט ריזן־שריט צום נייעם אידעאַל: צום הומאַניזם. פון איין זייט איז זי אינגאַנצן פאַרדייטשט געוואָרן, פון טאָג צו טאָג געוואָרן וואָס ווייניקער אידיש אין נאַציאָנאַלן און רעליגיעזן זין. פון דער אַנדערער זייט האָט די ברעסלויער אידישע געמיינדע, וואָס איז שוין אין פופצנטן יאָרהונדערט געווען באַרימט מיט איר צדקה, באַשאַפן פילע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אמתן טיפן הומאַנישן גייסט און גרויסער ווירקונג.

אָבער דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן צו באַפרייען די אידן פון דער מיטלאַלטערלעכער באַציאונג צו זיי. נישט זייער דייטשטום, נישט זייער הומאַניזם האָט זיי געבראַכט די באַפרייאונג. וואָס וויל מען נאָך פון זיי? וואָס באַדאַרפן זיי נאָך טאָן?

די שוואַכערע און דאַן די מער עגאָאיסטישע טיילן פון דייטשן אידנטום בכלל און דעם ברעסלויער בפרט האָבן זיך אַרומגעזען, אַז עס איז נאָר דאָ איין עצה פאַר זיי. די עצה איז אַ נידערטרעכטיקע. זיי האָבן עס געוואוסט. אָבער גראָד די דאָזיקע נידערטרעכטיקייט ווערט פון זיי געפּאָדערט. זיי האָבן עס געזען קלאָר, געהערט פון פאַרשיידענע, אַפילו גאַנץ פרייע, מענטשן. קריסטלעכע קעמפער, וואָס זיינען בכלל גאָר געווען געגן רעליגיע, האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק, אַז אידן זאָל זיך פריער פאַר אַלץ טויפן, כדי זיי זאָלן זוכה זיין זיך נאָכדעם אָפּזאָגן פון קריסטנטום און ווערן אמת פריי. די לאָגיק האָט געהונקען. אָבער דער קולאָק איז געווען שטאַרק, שטענדיק געסטראַשעט און צייטנווייז געשלאָגן גאַנץ פּשוט און גאַנץ באַרבאַריש.

אין 1830 זיינען אין דייטשלאַנד געווען פּאָגראָמען. און אין 1840 איז געווען דער בלוט־בלבול פון דמשק. און פאַריז, דער צענטער פון דער רעוואָלוציע און פון דעם פּראָגרעס, האָט דעם בלוט־בילבול געגלויבט.

## ב. דער בר־מצוה.

דער רייכער זיידן־פאַבריקאַנט פון ברעסלוי, הער חיים בן זאב לאַסאַל, איז געווען פרייזיניק. דאָס הייסט, ער האָט געהערט צו יענעם אידישן קרייז, וואָס איז געשטאַנען, דאַכט זיך, אויף דער גרעניץ צווישן דעם

אידנטום און שמד און דאָך געבליבן אידיש. די קאָנפירמאַציאָן, דאָס הייסט די בר־מצוה, פון זיין זון פערדינאַנד האָט ער געפּראַוועט אין דעם פּרייען טעמפּל, וואו אברהם גייגער האָט געפּריידיקט.

פערדינאַנד איז געווען אַ בילד־שיינער יונג, אַ שלאַנקער, מיט אַ גריכישן פּראָפיל, מיט אַ קאָפּ אַ זעלטענעם און צוויי גרויסע ליכטיקע אויגן, פול מיט געפיל און מיט חכמה. ער איז דאַן אַלט געווען דרייצן יאָר, אָבער זיין מוח האָט שוין דאַמאָלסט געאַרבעט זייער פלייסיק. זיין ווילן איז שוין דאַמאָלסט געווען שטאַרק ווי אייזן. און די ערשטע גרויסע שאלה, אויף וועלכער ער האָט געאַרבעט שוין דאַן מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין פאַרשטאַנד און זיין ווילן, איז געווען די אידן־פראַגע. אין די קינדער־שפּילן אויף דער גאַס, אין דער דייטשער שולע, איבעראַל האָט מען אים געגעבן צו פילן, אַז ער איז אַ איד, אַ קינד פון אַ פרעמדער און אַ נידעריקער ראַסע. פערדינאַנד, מיט זיין פייערדיקער און שטאָלצער נאַטור, איז נישט באַשאַפן געוואָרן צו ליידן און שווייגן. דאָס איז געווען אַ הערשער נאַטור, וואָס האָט געקענט צעבראָכן ווערן, אָבער בויגן זיך איז זי ניט געווען אימשטאַנד. פערדינאַנד האָט זיך געפילט דער ערשטער און איז באַהאַנדלט געוואָרן זייער אָפט ווי דער לעצטער. זיין מוטיקער הויך־שטרעבנדער גייסט איז געווען מיילן־ווייט פון דעם נידעריקן, שוואַכן עגאָאיזם, וואָס האָט גערופן צו שמד. פערדינאַנד האָט זיך געפרעגט מיט דעם גאַנצן ערנסט פון זיין נאַטור: וואָס זאָל ער טאָן? ווי אַזוי זאָל ער אויסלייזן זיך און זיין פאָלק פון דער אונטערדריקונג? אַז ער איז אַן אויסלייזער, אַ גואל, האָט ער שוין דאַמאָלסט געפילט. ער האָט אַלזאָ געזוכט דעם פּלאַן און די מיטלען פון זיין גרויסער צוקונפט־אַרבעט פאַר אַלעמען: וואָס דאַרף מען טאָן?

דער זעלטענער בר־מצוה האָט אויפגעשטעלט די אויערן און געהערט מיט גרויס אָנשטרענגונג די רעדע פון דעם פּריידיקער. אברהם גייגער האָט גערעדט זייער שיין, און זיינע ווערטער האָבן געפּלאָסן פון אַ טיפן געמיט. זיי זיינען געווען פול מיט זין און געדאַנקענרייך. ער האָט גע־דרשנט, אַז די אידישע מיסיע איז נאָך ניט געענדיקט, דער איד איז דער לערער פון הומאַניזם, פון דעם עכטן און געטלעכן הומאַניזם אין דער וועלט. ווען די מענטשהייט וועט אמת הומאַניזירט ווערן, וועט זי אידיש ווערן.

די ווערטער זיינען אַריין טיף אין דעם יונגען האַרץ פון דעם בר־מצוה. פערדינאַנד האָט זיי מער קיינמאָל נישט פאַרגעסן. אָבער באַפרידיקט איז ער מיט זיי נישט געווען.

אברהם גייגער איז געווען אין זיין נאַטור פּאַסיוו און אַבסטראַקט. ער האָט ניט גענומען די וועלט ווי זי איז, נאָר ער האָט זי באַטראַכט פון אַ העכערן אַלגעמיינעם שטאַנדפּונקט. דער היציקער פערדינאַנד לאַסאַל אָבער האָט געהאַט אַ נאַטור אַן אַקטיווע און אַ רעוואָלוציאָנערע. ער האָט אין זיך געפילט אַ גוואַלדיקע באַדערפעניש איבערצומאַכן די רעאַלע וועלט אויף זיין שטייגער. ער האָט געוואָלט נישט נאָר לערנען די וועלט, נאָר פירן די וועלט און בויען זי אויף אַזאַ אופן, אַז ער און זיין גאַנץ פאָלק מיט אים זאָלן דאָרט פאַרנעמען דעם געהעריקן פּלאַץ.

## ג. דער פופצן־יאָריקער בחור.

פערדינאַנד לאַסאַל איז נאָך ניט אַלט געווען קיין גאַנצע פופצן יאָר, ווען דער פּלאַן פון דער אויסלייזונג פון זיין פאָלק איז ביי אים פאַרטיק געוואָרן. בשעת אַלע זיינע נאָענטע האָבן געשטרעבט מיט אַלע כוחות צו פאַרדייטשן זיך, האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט אָפן און מיט זיין גאַנצער היץ אַלס אַ נאַציאָנאַלער אידישער פּאַטריאָט. זיין שוואָגער, אַ געוויינלעכער אויבערפלעכלעכער מענטש, האָט אים אויסגעלאַכט: אַ שיינער איד, וואָס זאָגט איר אויף אים? עסט חזיר גלייך מיט אונז אַלע — און זאָגט מוסר! און פערדינאַנד שרייבט אין זיין טאָגבוך, דעם ערשטן פעברואַר, 1840, די פייער־שפּריצנדע ווערטער:

„איך האָב אים דאָס געזאָגט און גלויב עס אויף דער אמתן, אַז איך בין איינער פון די בעסטע אידן, וואָס עס זיינען דאָ אויף דער וועלט, כאָטש איך היט נישט אָפּ די מצוות. איך וואָלט געקענט מיין לעבן איינשטעלן, ווי יענער איד אין בולווערס דערציילונג „לייל**א**", כדי אַרויסצורייסן די אידן פון זייער געדריקטער לאַגע. איך וואָלט אַפילו פאַר דעם עשאַפאָט נישט קיין מורא געהאַט. וואָלט איך נאָר געקענט זיי ווידעראַמאָל מאַכן פאַר אַ בכבודיק פאָלק. אָ, ווען איך גיב מיך איבער צו מיינע קינדערשע חלומות, איז דאָס שטענדיק מיין געליבטער געדאַנק, זיך שטעלן אָן דער שפּיץ פון די אידן און זיי, מיט כלי־זין אין דער האַנט, מאַכן זעלבסטשטענדיק".

בשעת דעם בלוט־בילבול אין דמשק איז פערדינאַנד שרעקלעך אויפגעטראָגן, אָבער נישט פון רחמנות אויף די ליידנדע, נאָר פון ווייטיק און פון כעס, וואָס זיי שווייגן זייערע פייניקער. ער שרייבט, אָדער ריכטיקער געזאָגט, ער שרייט אויס: „אַ פאָלק וואָס טראָגט אַזעלכעס איבער, איז שרעקלעך. עס מוז נקמה נעמען, אָדער ליידן אַלץ, וואָס מען טוט אים."

פערדינאַנד לייענט אין אַ באַשרייבונג פון אַ קריסט: „די אידן פון דער דאַזיקער שטאָט ליידן אַזעלכע שרעקן, וואָס נאָר די דאָזיקע פּאַריעס

פון דער ערד קענען זיי איבערטראָגן און נישט געבן אויף זיי קיין ענט־פער.״ „אַלזאָ״, שרייט אויס פערדינאַנד אין אַ באַמערקונג צו די זעלבע ווערטער, „אַלזאָ, אפילו די קריסטן חידושן זיך אויף אונזער פוילעם בלוט, וואָס מיר שטייען נישט אויף געגן זיי, וואָס מיר ווילן נישט אונטערגיין אויף דעם פעלד פון מלחמה און נישט דורך די כלים פון פייניקונג.״ „זיינען די באַדריקונגען״, פרעגט פערדינאַנד ווייטער מיט כעס און פאַר־ביטערונג, „זיינען די באַדריקונגען, וואָס דאָס שווייצאַרישע פאָלק האָט זיך קעגן זיי אויפגעהויבן גרעסער געווען פון די לײדן פון דעם אידישן פאָלק?״

גרעסער פון ישראלס לײדן?! עס קלינגט ווי אַ ביטערע איראָניע אין די אויערן פון די קינדער פון חורבנות און פאָגראָמען, פון די אייביקע קרבנות פון אַלע פינצטערע קרעפטן פון דעם קאַטאָליציזם ביז דעם צאַריזם! אָבער האָט ישראל נישט געקעמפט ווי אַ לייב פאַר דער פרייהייט פון זיין פאָטערלאַנד — ווען ער האָט עס געהאַט? ישראל איז אָבער מער נישט גלייך צום שווייצאַרישן פאָלק! ער איז שוין אַזוי לאַנג נישט מער ווי אַ ציגיינער פאָלק, צעזייט און צעשפּרייט אין אַלע לייבנגריבער, קיי און שפּיי אין אַלע וועלפנמיילער!

אָבער פיל וויכטיקער, אַז אַן ערך פיל וויכטיקער פון דעם ענטפער, איז די שאלה: אין די ווערטער פון דעם פופצן־יאָריקן פערדינאַנד הערט מען גאַנץ דייטלעך די דונערן פון גוואַלטיקע אונטערערדישע וועלט־איבערקע־רנדע כוחות, וואָס ווען זיך אַנטפּלעקן, וואָס מוזן זיך אַנטפּלעקן!

דאָן רייסט זיך פון זיין האַרצן דאָס ביטערע וואָרט אַרויס: „אָ, דו טרוסן־פאָלק, דו פאַרדינסט קיין בעסערן גורל נישט!״ איז דאָס דער אויס־רוף פון אַ געגנעראַל, וואָס וואַרפט אוועק זיינע כלי־זין? ניין! דאָס איז דער האַרצרייסנדער ווײ־געשריי פון דעם נביא, וואָס פילט, אַז זיין קול האָט נאָך נישט געפונען קיין בת־קול, פון דעם גואל, וואָס פילט זיך נאָך אַליין צווישן די אומגליקלעכע, וואָס ער האָט זיי געבראַכט די גרויסע בשורה פון דער גאולה.



יהואש.

# דער תנ״ך, דאָס מענטשלעכע בוך

## דער בונד צווישן פעלקער.

(אויסצוג פון עסיי)

די וואונדערלעכסטע אייגנטימלעכקייט פון תנ״ך איז זיין אַלצדיקייט. ער איז אַלץ פאַר אַלעמען. ער רעדט צו איטלעכן יחיד אין זיין לשון, צו איטלעכן דור אין זיין שפּראַך, צו איטלעכן לאַנד און איטלעכן פאָלק אין זיין באַזונדערן דיאַלעקט. איך מיין דאָ נישט נאַטירלעך די שפּראַך און דעם דיאַלעקט פון דער צונג, נאָר די שפּראַך און דעם דיאַלעקט פון הארצן, פון געמיט, פון געדאַנקען, פון דער נשמה. די ביבל איז אַ שפּייז וואָס נעמט אָן פאַר איטלעכן גומען זיין באַזונדערן טעם — דער טעם, אין וועלכן דער דאָזיקער גומען נויטיקט זיך. אַזוי ווי דער מן, וואָס אונזערע עלטערן האָבן געקראָגן אין דער מדבר, האָט זי אַלערליי פאַר־שיידענע טעמים פאַר אַלערליי פאַרשיידענע געשמאַקן און השגות, וואונ־דערלעך צוגעפּאַסט צו דעם ראַפינירטן געשמאַק און צו דעם פּרימיטיווסטן, אומגעבילדעטסטן געשמאַק, צו דעם איבערגעזעטיקטן ווי צו דעם הונ־געריקן.

דער תנ״ך איז געווען אַ מעדיצין־אַלמער, וואו מען האָט געזוכט אַ רפואה פאַר אַלע ווייטיקן און קראַנקהייטן. דער תנ״ך איז געווען אַן אַרסענאַל, וואו אַלע שטרייטער און קעגנשטרייטער האָבן געזוכט וואָפן קעגן זייער שונא. אין נאָמען פון ביבל זיינען גרויסע ראַדיקאַלע באַווע־גונגען פאַרפאָלגט און געדריקט געוואָרן, איז פרייהייט און שיינקייט און נאַטירלעכקייט און מענטשלעכקייט פאַרמשפּט און באַשטראָפט געוואָרן. און פאַרקערט ווידער, אַלע באַוועגונגען פאַר פרייהייט, פאַר שיינקייט, פאַר פאָרטשריט, פאַר נאַטירלעכקייט האָבן זייערע שטאַרקסטע כלי־זיין געצויגן פון תנ״ך. די ביבל איז געווען אַ פאַקל, און די ביבל איז געווען אַ שווערד. די ביבל איז געווען די פעסטונג און דער טורם פאַר אַלע מלחמה־האַלטער פאַר גערעכטיקייט און יושר. און הינטער די ליכטיקע ווענט פון דער ביבל, האָבן זיך אָפט באַפעסטיקט די פינצטערסטע און עקלהאַפטסטע שונאים פון ליכט און גערעכטיקייט.

איז דאָס ווייל די ביבל איז פאַרבלאָז, נייטראַל, לעבלעך, קאָמפּראָ־מיספול, פּרינציפּלאָז? די ביבל איז דער היפוך פון דעם אַלעם. די ביבל איז פאַרב און זאַפט, די ביבל איז פעסט ווי די וואָרצלען פון דער ערד,

די ביבל איז געזעץ און אומפשרהדיקייט. אָבער אַזוי ווי אַלץ וואָס אַ מענטש טוט, מוז ער טאָן דורך דער אויטאָריטעט פון זיין אייגענער נשמה, אַזוי איז אַלץ, וואָס פעלקער און דורות און יחידים האָבן געטאָן, האָבן זיי געמוזט רעכטפאַרטיקן און באַשטעטיקן מיט דער אויטאָריטעט פון דעם, וואָס איז געווען דער גרונטבאַשטאַנד פון זייערע נשמות, מיט דער הסכמה פון תנ"ך.

מערקווירדיק: דער תנ"ך איז אַ זאַפטיק בוך, אַ בוך וואָס האָט אַ באָדן און וואָרצלען. עס האָט אַ פאָטער, ועמעס צייכנס עס טראָגט אין יעדן פּרט. עס איז אַרויסגעוואַקסן און אַרויסגעשפּראָצט אין מיטן און אַרויס פון דעם לעבן פון אַן אייגנטימלעכן פאָלק, און איז ענג דורכגע־וועבט מיט דעם לעבן און דער נשמה פון דעם דאָזיקן פאָלק, און צו דער אייגענער צייט איז עס געוואָרן די ירושה פון אַ וועלט.

דאָס בוך פון אַלע ביכער איז ערדיש. דאָס ווערט וואונדערלעך סימבאָליזירט אין דער לעגענדע וועגן די זקנים, וואָס האָבן אין אַלכסנדריה של מצרים איבערגעזעצט פאַר פטאָלאָמייען דעם חומש אין גריכיש. די מעשה דערציילט, ווי מען האָט זיי אויף דעם מלכס באַפעל אַריינגעזעצט אין אַ פּאַלאַץ, זיי באַזאָרגט מיט אַלעם, וואָס זייער האַרץ גלוסט, און זיי איבערגעלאָזט ביי זייער אַרבעט אומגעשטערט. איז אַוועק אַ צייט, און דער מלך האָט געשיקט אַ שליח פרעגן, ווי די אַרבעט גייט אָן. ברענגט דער שליח אַ תשובה פון די זקנים, אַז די אַרבעט איז נאָך גאָרנישט ניט אָנ־געהויבן. שיקט דער מלך נאָך אַ שליח, נאָך אַ געוויסער צייט, און קריגט די אייגענע תשובה. לאָזט דער מלך פרעגן: פעלט זיי עפּעס? איז דאָס עסן נישט גוט, זיינען זיי אין עפּעס באַנוויטיקט? אַ וואָרט, און דער מלך וועט געבן אַלץ, וואָס זיי פאַרלאַנגען, אבי דאָס ווערק זאָל צושטאַנד גע־בראַכט ווערן. קומט דער ענטפער פון די אידישע זקנים: אדוני מלך, האָסט אונז פאַרזאָרגט מיט כל טוב, מער וויפל מיר דאַרפן, נאָר מיר קענען אונזער אַרבעט נישט אָנהויבן, ווייל אונז פעלט דער ריח פון אונזער ערד, אויף וועלכער דער דאָזיקער ספר איז געשריבן געוואָרן. האָט דער מלך געשיקט אַ שיף נאָך ערד פון ארץ ישראל, און אַז די ערד איז אָנגעקומען און מען האָט זי אויסגעשאָטן פאַר די זקנים, און זיי האָבן דערשפּירט דעם היימישן ריח פון זייער ערד, האָבן זיי מיט ליב־טיקע אויגן און פלייסיקע הענט זיך גענומען צו דער אַרבעט.

און דאָ איז דאָס וואונדער: אַ בוך וואָס איז אַזוי אַרויסגעוואַקסן פון אַ באַשטימטער ערד און זיך איינגעוואָרצלט אין אַלע ערדן; נאַציאָ־נאַל און צו דער אייגענער צייט אַלמענטשלעך און אַלפעלקערלעך.

דעמדאָזיקן ספר, געשאַפן פון אַ קליינעם פּאָליטיש־אומבאַדייטנדיקן, האַלב־בעדואינישן פאָלק, איז באַשערט געווען צו זיין דאָס ערשטע צו

ברענגען דעם אויסטויש פון די גייסטיקע אוצרות פון פארשיידענע פעל־קער. דער תנ״ך איז געווען דאָס ערשטע ספר איבערזעצט צו ווערן, יעדנפאַלס דער ערשטער ספר פון באַדייטונג. דורך דעם תנ״ך איז צו־שטאַנד געקומען די ערשטע פאַרקנסונג פון די צוויי גרויסע גייסטער, וואָס זיינען דאָס ליכט און דער זויערטייג פון דער מענטשהייט — דעם העלענישן גייסט פון שיינקייט און דעם אידישן גייסט פון עטיק. מיט דעם תנ״ך האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון גייסטיקן אינטערנאַציאָ־נאַליזם, פון גייסטיקער פאַרבינדונג דורך געגנזייטיקן חילוף פון אַלץ, וואָס איז שיין און גוט אין איטלעכן פאָלק. מיט דער איבערזעצונג פון דער ביבל, מיט דעם פאַקט, וואָס די שאַפונג פון איין פאָלק האָט זיך אויסגעגאָסן אין דער שפּראַך־כלי פון אַן אַנדערן, איז געפּריידיקט געוואָרן, מער ווי דורך אַלע באַוואוסטזיניקע פּראָפּאַגאַנדעס, די ברודערשאַפט פון אומות, די נאָענטע משפחהדיקייט פון אַלע פעלקער.

מיט אַן ערך צוויי טויזנט יאָר שפּעטער איז דער תנ״ך ווידער געווען דער ערשטער, אין וועמענס זכות עס איז געפאַלן אָנצוזאָגן אַ נייעם ליכטיקן עטאַפּ אין דעם גאַנג פון דער מענטשהייט, די פאַרשפּרייטונג פון וויסן דורך דעם געדרוקטן וואָרט. די ביבל איז געווען דער ערשטער ספר, וואָס איז אַרויס פון גוטענבערגס דרוק.

אין דעם צוזאַמענשטעל פון דעם תנ״ך, אַזוי ווי ער איז פאַר אונז, האָט געשפּילט אַ פיל גרעסערע ראָל צופאַל ווי פּלאַן. אָבער אַזוי ווי ער ליגט פאַר אונז איז ער אַזוי גרויס ווי דאָס לעבן. ער איז קאָעקסטענסיוו מיטן גאַנצן שטח פון לעבן: פּאַטריאַרכאַלישע פּשטות און ליכטיקייט, היסטאָרישע דערציילונג מיט איר קייטלונג פון געשעענישן, איינע אין דער צווייטער; געזעצגעבונג, געהאַמערט פון אייזערנער גערעכטיקייט און באַשימערט מיט גרויס רחמנות; מוסר, האַרציקע וואָרנונגען; נבואה מיט אירע שטאַרקע שוימיקע קאַסקאַדן; שטילע געלאַסענע חכמה, רייף און פול מיט טרייסט און ליכט; לירישע אויסגוסן אַזוי ווי פינקלדיקער וויין מיט רויטע זונפּלאַמען דערין; פּראָמעטעאישע פּראָטעסטן קעגן גאָט און קעגן לעבן, און תפילות און טרערן אין דער שטילקייט פון נאַכט, ווען די זעל פאַרגייט פון פּיין; סטאָאישער סקעפּטיציזם, וואָס האָט איבערגע־לעבט אַלע ביטערנישן און אַלע פרייד, און שמייכלט איבער זיי אַלע — דער תנ״ך האָט זיי אַלע — די גאַנצע סקאַלאַ פון טענער, וואָס דאָס לעבן פאַרמאָגט, די גאַנצע פאַרשיידנאַרטיקייט פון פאַרבן, אַלע געגנזאַצן, אַלע וואַריאַציעס. דאַרום איז דאָס בוך געוואָרן אַזוי באַליבט, אַזוי צום האַרצן: עס איז דאָס לעבן. פאַר איטלעכער שטימונג האָט עס אַ פּאַרטיקן אויס־דרוק. פאַר איטלעכן חלום האָט עס אַ ממשותדיקע געשטאַלט, פאַר איטלעכן באַגער אַן אָנהאַלט. — — — — —



יהואש.

# די שעה

גאָטס ברכה איז געקומען —
וואָס שטייסטו, בלאָסער נאַר?
ניט קוק פאַרגאַפט און האַר,
נאָר אַלע כלים שנעל גענומען,
די קעסלען און די טעפּ,
און צאַפּ און שעפּ
די גאָב, ווי לאַנג זי גייט ניט אויס...
און פעלן כלים אין דיין הויז,
אַ רגע ניט פאַרליר און לויף,
און באָרג אויף גיך צונויף
פון דיינע שכנים אַלטע קריג,
און אייל צוריק,
און פיל זיי אָן און שטעל אַוועק,
פאַר שטונדן און פאַר טעג,
וואָס קומען,
ווען אַלע פויגלען וועלן שטומען,
און קאַלט זיך וועט דער הימל שפּרייטן,
און פינצטער וועט דיין שטערן זיין,
און דו וועסט לינדערן דיין פּיין —
פון גרייטן...

א. ליעסין.

# ליל שמורים

עס שטייען אין דער וואַרטנדיקער נאַכט
אַלע טירן אָפן;
עס האָבן פאַר די הייזער גרין דערוואַכט
ליכט־פּאַסן פון האָפן.

עס היט אַ גרויסן, יום־טובדיקן סוד
יעדע שוועל באַזונדער,
און יעדער דורכלויכט פון אַ פענצטער־לאָך
חלומט פון אַ וואונדער.

און פון די טירן און פון די פענצטער העלט
הימל־הויך דער הלל;
עס איז דער גאַנצער חלל פון דער וועלט
שטראַלנדיק מתפּלל.

עס פלעמלען זילבער־גרינע שיינען אום,
טרוימעריש געצונדן;
מיט ליכטלעך גייען אין פּראָצעסיעס פרום
זיננענדיקע שטונדן.

און יעדער פרילינג־אויפשפּראָץ גליט און נאַרט
מיט בליט־אויגן אָפן,
און יעדער אָטעם איינגעהאַלטן וואַרט
אויפן סוף פון סופן.

ש. אַש.

# שבת אין ירושלים

עס האָט אָנגעהויבן טונקל צו ווערן. מיר האָבן זיך די פיס געוואַשן, די הענט געוואַשן, און זיינען צום בית־המקדש — ניין, צום קבר פון בית־המקדש, — צום כותל־מערבי אויפגעגאַנגען, מקבל־שבת זיין.

די נאַכט איז אונז אויפן וועג אָנגעפאַלן, און ביי דעם כותל־מערבי האָט מען שוין געפונען אידן פון פאַרשיידענע לענדער און געגנטן, אידן אין פאַרשיידענע טראַכטן, אשכנזים, ספרדים, תימנער, בוכאַרער. אין די שפּאַרעס פון וואַנט האָבן גרויסע ליכט געברענט. און דער פלאַם איז נישט געווען יענער, וואָס מיר האָבן געטראָפן ביים מעריב־דאַווענען פון פראָסטן „והוא רחום יכפר עון". ניין, דער שבת־מלכתא־חן איז אין דעם שבת־ליכט געווען. ער האָט באַגאָסן מיט ליכט די גרויע וואַנט, און זי האָט גאָר היינט אַן אַנדער חן געקראָגן, — שטאָלץ איז זי געוואָרן אין אונזערע אויגן, און האָט דערמאָנט אָן די גבורים, אירע זין, וואָס האָבן אויף איר אַזעלכע גבורות געוויזן. ווער ווייס, אפשר זיינען די גרויסע, גרויע שטיינער פון וואַנט די לעבעדיקע עדות נישט בלויז אויף די גבורות פון די, וואָס האָבן אויף איר קעגן די רוימער מלחמה געהאַלטן, נאָר אויך אויף די אַלע דורות אידן, וואָס זיינען וויט, וויט געווען פאַרוואָרפן פון איר, קיינמאָל זי נישט געזען אין די אויגן, נאָר געחלומט וועגן איר, און געזען זי אין חלום, אין זייערע הייליקסטע מינוטן.

ניין, ליבער היינע: האָסטו געגליכן דעם אידן אין וואָכן־טאָג צום הונט, און אין שבת־טאָג — צום פּרינץ, מוזטו ווייטער גלייכן: צווישן דעם שבת־טאָג אין גלות און דעם שבת־טאָג אין ירושלים. כאָטש פרייטיק־צו־נאַכטס, צו קבלת־שבת, דאַכט זיך, פילט יעדער איד, צו יעדער צייט, אין יעדן לאַנד, אַ זעכציקסט חלק פון דעם געוועזענעם בית־המקדש־איד, דאָך אין ירושלים, צו קבלת־שבת, ביים כותל־מערבי, פילסטו, ווי די שטריק פון פינצטערן גלות האָבן זיך דיר אויפגעבונדן, צעבראָכן זיינען געוואָרן אַלע געטאָס, אַלע גלותים. אפילו די וואַנט, די מערב־וואַנט, וואָס שטייט אויך ווי אַ צייכן פון גלות, איז דיר צעבראָכן געוואָרן, און אידן זיינען ווייטער אַריין, זיינען אויף יענער זייט וואַנט, אידן שטייען פאַרן בית־המקדש, ירושלים איז אונזערע, און ארץ־ישראל איז אונזערע, און דו ביסט דער פרייער איד אין אידישן לאַנד. און ווילסטו פילן, וואָס אידן

האָבן געפּילט ביי עולה־רגל זיין אין בית־המקדש־הויף, ביי אַ שמחת בית השואבה אין בית־המקדש־הויף, ווען דער כהן־גדול איז אין קדשי־קדשים אַריינגעגאַנגען אום יום־כּפּור, — מוזטו דריי זאַכן האָבן: מוזטו אין ירושלים זיין, מוזטו שטיין צו קבלת־שבת פאַרן כותל־מערבי, און דער עיקר, מוזטו אַ אידישע נשמה האָבן.

און וועסטו מיך פרעגן: וואָס איז אַזוינס? וואָס האָסטו דאָס אַזעלכעס געזען? וואָס האָסטו דאָס אַזעלכעס געפּילט? וועל איך דיר ענטפערן: איך ווייס אַליין נישט. — געזען האָב איך, מיט אַנדערע צוגלייך: אידן זיינען געשטאַנען, דער שוואַרצער אַטלאַס פון די פּוילישע אידישע קאַפּאָטעס האָט געפינקלט, די פּנימער זיינען בלייך געווען, די בערד זיינען שוואַרץ געווען; די ווייסע ליילעכער, וואָס אין זיי זיינען די תימנער אידן געווען איינגעהילט, האָבן קעגנ־איבער דעם ליכט געוואָרפן אַ ווייסן שיין, וואָס האָט דיר דערמאָנט די אידן אין די קיטלען צו „כל־נדרי" אום יום־כּפּור; און הינטער זיי זיינען געשטאַנען די ווייבער, און די דימענטענע אויררינגלעך האָבן פון זייערע הויבן אַרויסגעפינקלט קעגנאיבער דעם שעמערירנ־דיקן ליכט, און די בריליאַנטן־ליכט האָט געוואָרפן אַ שבת־מלכתא־חן איבער זייערע פּנימער; און מענער ווי קינדער, ווייבלעך ווי מיידלעך, האָבן אַלע מיטגעזונגען דעם „לכה דודי". און כאָטש עס איז געווען דער שבת־חזון — און דער ניגון פון „לכה דודי" איז געווען דער באַקאַנטער איכה־ניגון, אָבער דאָך איז ער נישט טרויע־ריק געווען. ניין, טיף פריילעך איז ער געווען, נישט פון דער באַ־האַלטענער טרויעריקער פריילעכקייט פון שבת צו שלש־סעודות ביים רבינס טיש, ווען דער רבי זאָגט תורה אין דער טונקלקייט, — ניין, מלכותדיקס האָט עס עפּעס אין זיך געהאַט, מלכותדיקס — און די שטילע טרויעריקייט, וואָס איז אין מלכותדיקס. עס איז נישט געווען די פריילעכקייט, וואָס קומט פון טרויעריקייט, — ניין, דער מקור איז געווען די שמחה, די טרויעריקייט איז געקומען פון דער שמחה. איבעריקנס, איך וועל עס דיר נישט אַרויסזאָגן מיט ווערטער. ניין, זיי אַליין, וועסטו עס פילן. עס איז דאָ עפּעס אַזעלכעס, וואָס ליגט צווישן די קאַפּאָטעס, צווישן דעם עולם, עס שוועבט אַרום איבער די קעפּ, עס איז אין דיר, אין אַלצדינג אַרום, וואָס דו קענסט עס נישט אָנרופן מיט קיין נאָמען — נאָר אַ סוד איז עס, וואָס דו ווייסט עס, און איז עס ווער זוכה, ווייס ער עס אויך, און מירביידע פאַרשטייען זיך מיטן וואונק...

און די ברכה, וואָס די אידן האָבן געמאַכט איבערן שבת פאַר דעם כותל־מערבי, האָט זיך פאַרשפּרייט איבער גאַנץ ירושלים.

ירושלים, וואָס האָט זיך געהילט אין דעם טונקעלן שלייער פון נאַכט, האָט געלויכטן אין די שבת־אייל־לעמפּלעך, וואָס האָבן פון אַלע פענצטער אַרויסגעשיינט. און איבער דיר — די ירושלים־נאַכט, דער ירושלים־הימל, דער שבת־הימל מיט זיינע גרויסע שטערן, איינער און איינער — זיינען זיי טיף אַריינגעזעצט אין דעם הימל, און עס דאַכט זיך דיר, אַז זיי הענגען דיר זייער נאָענט איבער דיין קאָפּ, — דאָ זיינען די שטערן פיל גרעסער און שאַרפער, ווי ביי אונז: דאָ הענגען זיי איבער ירושלים, צו הערן דעם קבלת־שבת, די שבת־ברכה, וואָס איז געזאָגט געוואָרן ביי דעם כותל־מערבי, און געהייליקט צו ווערן דורך דעם.

(פון „ארץ ישראל“.)





ה. לייוויק.

# ערגעץ ווייט

ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט,
ליגט דאָס לאַנד דאָס פאַרבאָטענע;
זילבריק בלאָען די בערג
נאָך פון קיינעם באַטראָטענע;
ערגעץ טיף, ערגעץ טיף,
אין דער ערד איינגעקנאָטענע,
וואַרטן אוצרות אויף אונז,
וואַרטן אוצרות פאַרשאָטענע.

ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט,
ליגט אַליין אַ געפאַנגענער,
אויף זיין קאָפּ שטאַרבט דער שיין
פון דער זון דער פאַרגאַנגענער;
ערגעץ וואָגלט ווער אום
טיף אין שניי אַ פאַרשאָטענער,
און געפינט ניט קיין וועג
צו דעם לאַנד דעם פאַרבאָטענעם...

י. י. שוואַרץ.

# ווי אַ אינד

(פון תהילים)

ווי אַ אינד וואָס לעכצט נאָך שטראָמען וואַסער,
אַזוי לעכצט מיין נשמה נאָך דיין ליכט...
איך דורשט נאָך דיר, מיין לעבעדיקער גאָט, —
ווען וועל איך זען דיין אָנגעזיכט?
עס וויינט און טרויערט טיף מיין זעל אין מיר,
פון טיפסטער טיפעניש דערמאָן איך זיך אָן דיר...
איין אָפּגרונד רופט צום צווייטן מיט געזאַנג,
די אונטער שטראָמען ברויזן מיט געדראַנג —
און אַלע דיינע כוואַליעס זיינען איבער
מיין קאָפּ דעם עלנדן אַריבער...

בייטאָג וועט גאָט
מיר שיקן זיין גענאָד,
ביינאַכט וועט מיר זיין ליד אַ טרייסטונג געבן —
אַ שטילע תפלה צו דעם האַר פון לעבן...



מאַני לייב.

# אויפן מערב שטאַרבן, שטאַרבן

אויפן מערב שטאַרבן, שטאַרבן
ציטערדיקע שטראַלן פאַרבן.
גאָלד און בלוי און גרוי און פורפור
שפינט זיך, ציטערט אין דער לופט,
און אין קילן שטילן טאָל,
פינקלען לויטער ווי קרישטאָל
פונקען טוי און פונקען דופט.

און אין טאָל קלינגט אויף אַ לידל...
בענקט אַ מיידל ? וויינט אַ פידל ?—
מיידל, פידל, שטילער, שטילער ! ...
אויסגעפּוצט אין זייד זעפיר,
אין א שטערן דימענט קרוין,
וועט די נאַכט אַרונטערגיין
טרייסטונג ברענגענדיק פאַר דיר.



מאַני לייב.

# הערבסטיקער רעגן

גרוי און אַלט, גרוי און בלאַס,
איינגעהויקערט און נאַס,
גייט ער אום אויף אַ קוליע אין גאַס.
און ער טאַפּט פאַר זיך בלינד,
און ער וויגט זיך פון ווינט,
און גיסט טרערן אויף אונזערע זינד.



מאַני לייב.

# אין פּאַרק

איך בין פון זייערע משוגענע געשרייען
אין פּאַרק אַנטלאָפן. הערבסט. איצט גייט דאָ קיינער ניט.
די הענט פאַרלייגט אַזוי, מיט שטילע מידע טריט
גיי איך אַרום אין שטילע, לייִדיקע אַלעען.

און די לבנה דורך די גרויע דאַרע צווייגן,
ווי איך — אַ רואיקע, ווי איך — אַליין, און בלייך,
מיט ווייסע שטראַלן עפּעס כישופט פון דער הויך,
און לייטערט אַרום מיר דאָס היטנדיקע שווייגן.

און מיך פון דער לבנהס כישופדיקע שטראַלן,
אַ שטילער און א ציטערדיקער בלייב איך שטיין.
איך שטיי און האָרך—א גליקלעכער—און קען פאַרשטיין
פאַרוואָס די שאָרכנדיקע געלע בלעטער פאַלן.

מ. ל. האַלפּערין.

# די שיף גייט אָפּ

דאָס טרייב־ראָד אין די וואַלן רוישט. די שיף גייט אָפּ.
איך קוק די מענטשן אָן, וואָס שטייען נאָ'נט בײַם ברעג,
און פרעמד נעמט אויף מיין האַרץ דעם לעצטן גרוס פון זיי,
און רגעווייז פירט ווייטער אונז די שיף אַוועק.

און קלענער ווערט דער ברעג און גרויער מער און מער,
און רוישיק ציט זיך נאָך דער שיף אַ ווייסע שוים.
ווי שוים צעפליסט אין מיר דאָס גליק פון ליבע איצט,
ווי שוים צעפליסט אין מיר מיין האַרצנס שענסטער טרוים.

איך קוק דעם געגנט אָן, וואָס רינגלט מיך אַרום,
עס שפּרייט זיך אויס פאַר מיר אַ ווייטע פרייע וועלט.
אין מערב־זייט די זון, אין מזרח־זייט אַ ברעג —
אַ מיילן לאַנגער ברעג מיט באַרג און וואַלד און פעלד.

און אָפּגעזונדערט שטייט אַ ווילאַ דאָ און דאָרט,
און אַלע פענצטער קוקן פריי צום ים אַרויס.
און דאָ אין מיטן ים באַוועגט זיך אונזער שיף,
און איבער אַלץ שפּרייט פרידלעך זיך דער אָוונט אויס.



י. ראָלניק.

# איך גיי אין וועג

איך האָב געפרעגט: פון וואַנען קומען
די לידער וויינענדיק אַזוי?
— זיי קומען פון אַ לאַנד אַ גרויסן,
און יענעם לאַנד — עס רופט זיך: ווײ.

איך האָב געפרעגט: ווער איז דער הערשער,
וואָס טוט באַפעלן איבער זיי?
— ער איז אַן אַלטער, טריבער קעניג
מיט ווייסע האָר, ווי ווייסער שניי.

איך האָב געפרעגט: וואוהין זיי ציען,
צו וועלכן ברעג? וואָס טוען זיי?
— זיי נעמען וואָך־באַפלעקטע הערצער
און וואַשן ריין ווי פרישער שניי.



מ. סטאַווסקי.

# שפע

## 1.

גאָט האָט זיין געזיכט צוריק צו די זינדיקע מענטשן געקערט. די שטילע תפילה פון דעם אַרבעטער איז ניט פאַרלאָרן געגאַנגען, און די טרערן פון דעם זייער זיינען פאַרן הימל געקומען.

מיט גרויס מיטלייד זיינען די פענצטער פון הימל געעפנט געוואָרן, ברייט געעפנט, מיט דער פולער, ברייטער, געבענטשטער האַנט, פול מיט שפע און איבערפילט מיט ברכה.

מיטן אָנהויב חשוון האָבן זיך די רעגנס געשטעלט — פריאיקע, צייטיקע און רעגלמעסיקע. וואָך ביי וואָך, וואָך נאָך וואָך, אַ שבת נאָך אַ שבת, שבת און מיטוואָך. אָפּגערוט און געלאָזן דעם באָדן צו טריקענען, פאַראַקערן, פאַרזייען און צוריק געהיט די צייט: וואָך ביי וואָך, שבת און מיטוואָך, יעדן שבת און יעדן מיטוואָך, ווי אין אַ דור פון צדיקים, ווי אין אַ דור ווען מענטשן טוען גאָטס געבאָט.

צו האַלב טבת זיינען שוין די פעלדער פאַראַקערט געוואָרן, פאַראַקערט און פאַרזייט און געבענטשט און באַפרוכפּערט, באַרעגנט און באַגרינט.

ווייט אַרום, וויפל דאָס אויג קען פאַרכאַפּן, האָט די גרינקייט דאָס אויג געגלעט, בלייך־גרין און געלבלעך־גרין, דין און צאַרט און בלייך איז געווען די ערשטע ווייץ־שפּראָצונג, וואָס האָט נאָר וואָס מיט גרויס מי דעם באָדן געשפּאָלטן, דאָס קעפּל אויף גאָטס וועלט באַוויזן; מיד, צאַרט און ווייך.

טונקל־גרין, שוואַרץ־גרין און זוניק־קלאָר, באָב און גערשט, און וויקע מיט גערשטן און וויקע מיט האָבער, טונקל־גרין, זוניק־קלאָר. זון און רעגן, שוואַרץ צעוואַקסן און ברייט צעוואַקסן, און איינגעוואַקסן און איינגעזויגן און זאַט און איבערזאַט. ווי אַ שטאַרק געראָטן קינד לעבן רער געבענטשטער מאַמע, לעבן אַ שטאַרק מילכיקער מאַמע, האָט זיך אָנגעזויגן, זאַט געוואָרן און ניט דערזויגן ניט די העלפט און ניט דאָס דריטל — מיד געוואָרן און אָפּגעשטופּט די ברוסט און פאַרוואָרפן הענט און פיס פון מידקייט, מיד פון זאַטקייט — און אַ פול מויל, — און אַרום מויל, און אַרום דעם האַלז, מיט אַ ווייסער, זאַטער, זיסער סלינע אין מויל...

און די זאַטע פרייד איז פון די פעלדער אין דער לופט געשטיגן און, ווי אַ גוטער שמעקעדיקער בוימל, איבערן לאַנד זיך צעגאָסן: פרייד און

ברכה איז ביז צום דאָרף געקומען, ביז צו דער קאָלאָניע, צו דער גרוי־
סער קאָלאָניע און צו דער קליינער קאָלאָניע, ביז צום מושב, און ביז
צו דער קבוצה; האָט אין דער אַלטער אַראַבישער „חושה" אָנגעקלאַפּט,
אין די גרויסע געמויערטע הייזער און אין קליינע הייזלעך, אין דעם היל־
צערנעם צריף און אין לייוונטענעם צעלט — אָנגעקלאַפּט, מיט גרויס
פרייד און אויסגערופן: איך בין דאָ, כ'בין צו אייך מיט ברכה געקו־
מען. איין מאָל אין זיבעציק יאָר. גאָר די אַלטע געדענקען מיך קוים.
איך האָב אייער געבעט פאַרנומען, און אייערע קינדערס טרערן האָבן צו
מיר דערגרייכט. איך בין צו אייך געקומען, און מיט מיר — פּאַשע
פאַר בהמה און שאָף, און מילך פאַר קינד און קאַלב, און קערנדלעך פאַר
הון און טויב, און ברויט פאַר דער זשאַרנע און ברויט צו זריעה און
ברויט פאַר חובות און ברויט פאַרן שפּייכלער.

און גלייך איז זאָרג פאַרשוואונדן, און פאַרדרוס — פאַרגאַנגען, און
שנאה — מיט די וואָרצלען אויסגעריסן. און מענטשן ווילד פרעמדע האָבן
איינער דעם אַנדערן די פרייד אַנטקעגן געטראָגן, און פריידיק מיט פרייד
האָבן זיך באַגעגנט, און פרייד האָט לעבן זיך פרייד דערפילט...

און דערוואַקסענע מענטשן, פאַרזאָרגטע מענטשן האָבן פאַר דער
פרייד די צאַרטסטע נעמען אויפגעזוכט. און מיט אַ געזאַנג אין דער
שטימע ווי אַ גאָלד־און־זילבער־קלאַנג:

געבענטשטעס יאָר — דאָס פּאַשע יאָר.
דאָס מילך־יאָר, — דאָס ווייצן־יאָר,
דאָס ווייסע יאָר, דאָס גרינע יאָר,
דאָס שעפּס־יאָר, דאָס קעלבל יאָר,
דאָס רעגן־יאָר — געבענטשטעס יאָר.

2.

אין דער אַלטער אידישער קאָלאָניע, אין דער מאַמע פון די קאָלאָ־
ניעס, איז די שפע איבערפילט. בלאָטע איבערן האַלז, מ'האָט געמיט־
לעך אין דער שפע געקנאָטן, פון שטיין צו ברעטל און פון ברעטל צו
שטיין געשפּרונגען, מיט אַ לייכט געמיט, מיט אַ געמיטלעך שמייכל —
זעסט אַ שטיפער, אַן עכברוש, אַ צו־להכעיסניק — זעסט אַביסל!

און דאָס געמיט איז לייכט געווען, ווייל פעלדער זיינען שוין לאַנג
פאַרזייט, און גוט פאַרזייט און צו דער צייט פאַרזייט. און די וויקע איז
גוט צעוואַקסן, און וויקע האָט אַ גוטן פּרייז אין שטאָט, און פאַר וויקע
צאָלט מען פאַרויס.

און לייכט איז דאָס געמיט געווען, ווייל אין די כרמים זיינען שוין די

גריבער צעעפנט געווען, ברייט צעעפנט, פון בוים צו בוים, גרוב האָט אָן גרוב זיך אָנגעשלאָגן. און פאַר מאַנדלען האָבן פאַריקן יאָר די חשבונות גוט געוויזן, און טרויבן פלאַנצט מען, און פאַר טרויבן גיט מען אוואַנסן. און אין די וויינקעלערס סטאַיען ניט קיין הענט.

און לייכט איז דאָס געמיט געווען, ווייל מען קען אין אַן אייגן פּרדס פון נאַסקייט ניט אַריינטרעטן, נאָר שטעלן זיך פון דער ווייטנס ביים אַקאַציע־גדר, קוקן און צוקוקן צו די לאַנגע, שווערע, גרינע צונויפגעפלאָכ־טענע שורות, באַלאָדן מיט דער שווערער ברכה, מיט דער גרינער ברכה, וואָס הויבט אָן רייפן און געל צו ווערן, — און שטייענדיק ווי אַ גנב אוי־סערן גדר רעכענען און שאַצן, און איבעררעכענען און איבערשאַצן, צו פאַרשאַצן זיך און פאַרגוזמאַן זיך, פאַרשטיין די גוזמא און פאַרשטיין די נאַרישקייט און צופרידן זיין מיט דער נאַרישקייט.

אין די ליידיקע טעג איז מען צו שפּאַצירן אין שטאָט געפאָרן, — ווער צום שניידער און צו דער נייטאָרן, ווער אין טעאַטער און סינעמא.

ווער ס'האָט צום רייטן אַ פערד געהאַט, האָט זיך אין „בריטשעס" און אין „געטרעס" אָנגעצויגן, „אבייע" אויף די אַקסלען און „כפיה" אויפן קאָפּ, און מיט די חברים אויפן גרין אַרוים — דאָס איינציקע טרוקן פלאַץ אין קאָלאָניע — און אין אַ רייטער שפּיל זיך געלאָזן.

האָט זיך ווער דערמאָנט אין אַ גוטן פריינט אין דאָרף, האָט מען אויפן זאָטל דעם „כארטש" געלייגט און אין „כארטש" די מתנה, אַ פּאָר שווערע הענגלעך פּאַרטיקע, אָבער נאָך גרינע, מאַראַנצן מיט גרינע בלע־טער און צווייגן. פאַרנאַכט האָט מען זיך צוריקגעקערט און פאַרן שטוב צוריק אַ מתנה געבראַכט, אין „כארטש" אייער און האָניק, הינער מיט די קעפּלעך, וואָס האָבן אין דרויסן אַרויסגעקוקט.

צו־נאַכט האָט מען זיך שכן צו שכן אויף טיי, גוטע זאַכן און רכילותן פאַרקליבן. עלטערע זיינען לענגער אין שול פאַרבליבן — ווער צוליב אַ ספר און ווער אַ מעשה אויסצוהערן.

און דער קאָלאָניע־אָרקעסטער, וואָס האָט אין בית־הועד זיין צימער געהאַט, האָט פון אָנהויב אָוונט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַזוי זאַט און געמיטלעך, קינדעריש־נאַריש און קינדעריש־צופרידן, פון די גרויסע מע־שענע כלים איבער דער קאָלאָניע געבומקעט ביז שפּעט אין דער נאַכט: בום! בום! בום! מיר האָבן היי־יאָר אַ גוט יאָר, איין מאָל אין זיבעציק יאָר טרעפט אַזעלכעס. בום! בום! בום!

ווי דאָס וואַסער פון השלוח, לאַנגזאַם און רעגלמעסיק, האָט זיך די שפע איבערן לאַנד געגאָסן. וואָך ביי וואָך און שבת נאָך שבת, יעדן שבת און יעדן מיטוואָך. ביז חצי שבט זיינען שוין אין ירושלים די גריבער פאַרפולט געוואָרן, און אַלע העלזער זיינען הייזעריק געוואָרן פון

די תפילות און לויב־געזאנגען, — און שיך און שטעקשיך צעריסן אין די טענץ.

און די פאשע האט זיך איבערן לאנד ווי א גרינער טייך צעגאסן, ווי די וואסערן אין אנהויב פרילינג אין די מערב־לענדער, ווי דער ניל אין ענדע זומער. וואו נאר דאס גרעזל האט א ווארצל געקענט שלאגן — אויף זאמד און אין שטיין, אויף בערג און אין טאל, בוים און דאך.

בהמות האבן זיך נאך מיט דער ראסע צוריק אהיימגעקערט, מיט בייכער ווי די פעסער, און אויף א גאנצן טאג מיט א נאכט, ביז ווידער מארגן פארטאג, אין דער היים געבליבן.

שאף האבן פון פעטקייט די פעל אויף זיך ניט געקענט אויפהאלטן. און יונגע שעפעלעך האבן צוליב דער פעטקייט אין די „אליהם" א טראט ניט געקענט מאכן.

און א קאלאניסט פון מגדיאל האט פון דער היים, פון טאמאשאוו, וואס אין פוילן, א שוועסטער מיט אן אלטער מאמע אהער אין לאנד גע־בראכט. ער איז אליין מיט דעם פערד און וועגעלע ארויסגעפארן קיין תל־אביב זיי פון שיף אראפצונעמען. ערשטנס, איז ביי די לאנדסלייט קיינמאל ניטא אויף קיין אויטא־שפייזן, און צווייטנס, האט ער געוואלט זיך פאר זיי גרויס ווייזן, זיך בארימען און פעשטשען ווי א קינד: „זעט נאר ווי שיין איך טרייב אן א פערד!"

און זיי האבן דעם גאנצן וועג נישט געקענט זיך אנקוקן און אנ־פרעגן און אנוואונדערן. — זע נאר, זע דעם בעל־עגלה! קוק זיך צו צום פויער — קיין בייז אויג — זע נאר ווי אפגעברענט, ווי פארשמירט, קוק ווי די הענט זיינען צעשפאלטן, אט די טייערע הענט!

און די שוועסטער, וואס איז אין פוילן אין „חלוץ" געוועזן, האט געוויינט לאכנדיק און געלאכט וויינענדיק, האט ביים ברודער די לייצעס איבערגענומען, זיך געלערנט אנטרייבן און האט דאס פערד מיט די ליב־סטע, ווייכסטע און צארטסטע נעמען אנגערופן: טייבל, מיין פייגל, מיין קעצל, מיין ליבער און טייערער.

אהיים איז מען געקומען שפעט, מיד פון וועג און אויפגערעגט פון פרייד און לאנג גערעדט און לאנג געענטפערט און געפרעגט און גע־ענטפערט ביז מ'איז מיד געווארן און איינגעשלאפן.

און אין דער פרי, אז מ'איז נאר אויפן הויף ארויס, איז דאס ערשטע, וואס איז דער מאמען פארן אויג געקומען, געוועזן די בהמה. א בהמה מיט א קאלב. האט זי אין שטוב אריין אריינגעשריען: „דבורהלע, דבורהלע, זע נאר, עס זויגט דאך!"

און די טאכטער איז ארויס אין הויף, האט פארקוקט אין שטאל און פארגאנגען אין גערטל, האט דערזען דאס קרויט און די בלומען און די

בוראַקעס, די מערן און די חסה, האָט זי מיט פרייד אויסגעשריען: זע, מאַמעשע, מאַמעניו, ס'וואַקסט דאָך, עס וואַקסט דאָך!

און דער אַלטער קאָלאָניסט וואָס אין באר־טוביה, וואָס אין נגב, איז פאַרנאַכט אהיים פון פעלד געקומען, אויסגעשפּאַנט, אָנגעטרונקען, געגעבן עסן די אָקסן, דערנאָך זיך אַליין איינגעוואַשן, אָפּגעדאַוונט מנחה־מעריב און זיך געזעצט עסן, ניט געאײלט. דערנאָך האָט ער צום שכן נאָך טינט־און־פעדער געשיקט און ביים אייניקל פון העפט אַ בלעטל שרייב־פּאַפּיר אויסגעריסן, האָט די ברילן אָנגעטאָן און זיך געזעצט שרייבן אַ בריוול צום זון, וואָס אין נהלל, אין עמק, אין אידיש, מיט אַ פּאָר רוסישע ווערטער באַשמעלצט.

„וואָ פערוויך קום איך דיר צו גריסן מיט דיין ווייב און קינדער, זאָלט איר געזונט זיין; וואָ ווטאָריך לאָזט דיר די מאַמע זאָל לעבן גריסן מיט דיין ווייב און קינדערלעך, געזונט און שטאַרק זאָלן זיי זיין; פּאָטאָם שרייב איך דיר, אַז דער גערשט איז היי־יאָר אודיוויטלנע געראָטן, אַ מאָן די הויך, און האָב דיך געוואָלט בעטן, טאָמער קענסטו קומען מיטן פערד־און־וואָגן העלפן אונז אַראָפּנעמען פון פעלד".

און דער זון, וואָס אין נהלל, וואָס אין עמק, איז אהיימגעקומען פון דער אַרבעט, אויסגעשפּאַנט דאָס פערד, געבראַכט אין אָרדנונג דעם שטאַל, זיך איינגעוואַשן, אָפּגעגעסן און איז צוגעגאַנגען אין בית־הועד (געווען אמאָל אַ טינט־און־פעדער אין שטוב, איז די פעדער פאַרזשאַווערט געוואָרן, די טינט פון היץ אויסגעטריקנט געוואָרן, דאָס קינד גייט נאָך אין גן און ס'איז ניטאָ קיין העפט פון וואַנען מ'זאָל אויסרייסן אַ בלעטל שרייב־פּאַפּיר) און האָט אָנגעשריבן צום טאַטן קיין באר־טוביה, וואָס אין נגב, אַ בריוול אין ריינעם לשון־קודש:

„לכבוד אָבי מורי ואמי מורתי! די גערשט און די באַקע האָבן הײנטיקס יאָר זיך איינגעגעבן נאָך ווי קיין יאָר. מיר זיינען שוין מיד פון דער אַרבעט. אפשר וועט דער טאַטע קומען אונז העלפן אַראָפּנעמען פון פעלד".

נאָר די בריוו האָבן אין וועג זיך אויסגעמיטן, זיך אָנגעטראָפן אין לוד אויף דער באַן־סטאַנציע און זיך צעגאַנגען יעדערער אין זיין וועג, ווער קיין באר־טוביה וואָס אין יהודה, און ווער קיין נהלל וואס אין עמק.

אָן אַלטער עקרונער קאָלאָניסט האָט זיינעם אַ געוועזענעם אַרבעטער אויף די גאַסן פון תל־אָביב געטראָפן. דערקענט האָט מען זיך נאָך דעם ריח פון פעלד און שטאַל. זיי האָבן מיט זיך דעם ריח מיטגענומען און אין שטאָט אַריין — אין דעם זאַמד און שטיינערנעם תל־אָביב, מיטגע־בראַכט. ביידע פעסטע, אָפּגעברענטע און צוגעבויגן, ווער מיט שטיוול

און ווער מיט שיך און וויקלערס, ווער מיט בלוזע און ווער מיט רעקל, זשילעט און ציצית פון זשילעט ארויס.

דערקענט מען זיך, דערפרייט מען זיך, דערפרייט מען זיך אויף אן אמתן, מיטן גאנצן הארצן.

דער אקער האט זיי ביידן איינגעבויגן און אויסגעגלייכט...

— דו ווייסט, אז אויף „מאנסורא" איז היי־יאר ווייץ צוויי זעק א דונאם.

— איר ווייסט, אז ביי אונז אין עין־טבעון האבן מיר היי־יאר האבער, אז דער וועכטער גייט אראפ פון פערד, זעט מען ניט קיין מענטשן און ניט קיין פערד.

און דער שרייבער פון די ווערטער, וואס איז אין תל־אביב צווישן זאמד און שטיין געפאנגען, האט פלוצלונג אויף דער אלענבי גאס אן אלטן חבר געטראפן, א חבר צום אקער און צו דער קאסע, ברייט און פעסט און אפגעברענט. איז אים דער זיסער האניק־חודש, דער ליכטיקער האניק־חודש פון דער ארבעט אין זכרון ארויפגעשוואומען: פערד און בהמה אין שטאל, און אקער און קאסע אין פעלד, און זון און רעגן אין גרעזל — און ערד און הימל און גאט.

האבן זיך די חברים דערפרייט, האבן זיך די חברים שטארק דער־פרייט, האט זיך ביי די חברים פון פרייד טרערן אין די אויגן געשטעלט, האבן די חברים צווישן זיך זיך נאכגעפרעגט, האבן די חברים צווישן זיך געענטפערט און דערציילט. האט דער מחבר געשוויגן און דער חבר פון מושב, וואס אין עמק, האט א סך דערציילט, מיט פרייד דערציילט:

— מער וויפל מ׳האט זיך פארגעשטעלט.

— מער וויפל מ׳האט זיך געקענט פארשטעלן.

— איינמאל אין זיבעציק, איינמאל אין אכציק יאר.

— מ׳איז מיד פון דער ארבעט און איבערמיד פון דער ברכה און מ׳פילט קיין הענט ניט פון דער שפע.

האט דער מחבר געהערט און געשוויגן. און טרערן האבן זיך אים אין האלז געשטעלט. ער האט נאר שטיל אין הארץ א שטילע ברכה געווימלט:

געבענטשט זאלן זיין די הענט, וואס האבן די שווערע ארבעט פאר זייער גורל אויסגעקליבן.

און געבענטשט זאלט איר זיין אין שטוב און אין גארטן, און גע־בענטשט זאל זיין אייער שפייכלער און קנעט־כלי, און געבענטשט זאל זיין אייער פערד און בהמה און אקער און קאסע.

ביז דאס קלענסטע גרעזל, וואס איז פון זיך אליין ערגעץ ביים זייט ארויסגעוואקסן.

ה. לייוויק.

# אין שניי

## אײַנגעשמידטע זיינען מיר

אײַנגעשמידטע זיינען מיר,
יעדער אין אַ קאַמער זיצט באַזונדער;
אָנגעשפּאַרטערהייט ביים טיר,
שטייען מיר און וואַרטן אויף אַ וואונדער:

פּלוצלונג איינער שטילערהייט
עפענען וועט אַלע טירן,
וועט צערייסן אונזער קייט,
אונז פון תפיסה אַרויספירן.

וועט אונז פירן פאַרן האַנט
איבער וועלדער, איבער גרויסע ימען,
צו אַ ווייטן, ווייטן לאַנד, —
און אַהיים אונז ברענגען, צו דער מאַמען...

▼ ▼ ▼ ▼ ▼

## נאָכאַנאַנד

די פעלדער—צעשפּרייט אין דער לענג און דער ברייט,
די זון, אַזוי מיד ווי מיר אַלע, פאַרגייט,
זי לאָזט זיך אַראָפּ אַזוי שטיל, אַזוי זאַכט,
געבויגן, געקנייט פאַר דער קומענדער נאַכט.

מיר גייען צוויי טעג שוין, דריי הונדערט אין צאָל;
מיר האָבן, ווער וויים ווען, געזינדיקט אַמאָל,
מיר האָבן פאַרגעסן די זינד שוין פון לאַנג
און גאַרן אויך רוען אין זונענפאַרגאַנג.

נאָר ס'הערט ניט אויף שלאָגן די שטראָפנדע האַנט,
זי טרייבט אונז צו גיין נאָכאַנאַנד, נאָכאַנאַנד,
און לאָזט אונז ניט פאַלן מיט ליפּן פאַרשמאַכט
צו קושן די טריט פון דער קומענדער נאַכט...

## טויטע וועגן

וואָלט כאָטש ווער געקומען
אונז אַנטקעגן,
זאָגן: „פריד צו אייך!"
פון יוצא וועגן.

גלאַט אַזוי אַ שאָטן
זען פון וועמען,
זאָגן: „פריד צו דיר!"
און זיך פאַרשעמען...

זאָל זיך כאָטש פאַר אונז ווער
איבערשרעקן,
שליידערן אין פנים
אונז אַ שטעקן...

קומט ניט, קומט ניט קיינער,
אונז אנטקעגן;
פעלדער — ווילד פאַרוואָקסן,
טויטע וועגן...



## אַ חורבה

עס וועלן אונז ביינאַכט
קיין פרעמדע טריט דערפרייען,
און אונזערע — דער ווינט
פאַרשיטן וועט, פאַרווייען...

און קומען וועלן מיר
אין ערגעץ זיך צו שלעפן;
אַ חורבה ערגעץ שטייט
פאַרוואָרפן אין די סטעפּן.

זי שטייט און וואַרט אויף אונז,
די טירן, פענצטער אָפן; —
אַ פאַל טאָן וועלן מיר
און שלאָפן, שלאָפן, שלאָפן...

## פרעמדע

צו אַ טויער צוגעפֿאָרן,
קלאַפּ איך, רוף:
— כ׳בין דערפֿראָרן, — גוטע מענטשן,
עפֿנט אויף.

שפּרינגען הינט אויף קייטן, בילן,
מענטשן — אויף.
גייען. איינער, הער איך, מורמלט:
עפֿן אויף!

שרייט אַ צווייטער: פֿריער פֿרעג זיך:
וואָס און ווער?
וואו אַ וואַנדערער, אַ שלעפּער,
קומט אַהער...

מורמלט ווידער איינער: עפֿן,
פֿרעג, ניט פֿרעג...
אונזער מזל שוין: מיר וואוינען
אויפֿן וועג.



## וואַרעמער אויוון

וואוינען זיך מענטשן אין מיטן דער וועלט,
רואיק און וואַרעם איז זיי.
עסן געפֿאַנגענע הירשן און פֿיש,
טרינקען צעגאַנגענעם שניי.

לייגן זיך שלאָפֿן, ווען סקומט נאָר די נאַכט,
אַלע צוזאַמען אין בעט,
דעקן זיך איבער אַריבערן קאָפּ,
שלאָפֿן אין טאָג אַריין שפּעט.

הוליעט אין דרויסן אַ צפון־זייט ווינט,
נעמט מען אַ האַק און מען שפּאַלט
שייטלעך נאָך שייטלעך אין אויוון אַריין,
שייטלעך פון אייגענעם וואַלד.

באַקן זיך פלעצלעך און פרעגלען זיך פיש,
קאָכט זיך אַ קעסל מיט טיי, —
וואוינען זיך מענטשן אין מיטן דער וועלט,
רואיק און וואַרעם אין שניי...

(פון דער סעריע „אין סיביר".)



משה נאַדיר.

# דאָרט וואו מען גייט שפּאַצירן

אַ לאַנד, וואו מען גייט נישט שפּאַצירן, וואו מען טרינקט נישט קיין וויין.

אַ לאַנד פון הויכע בערג און פלאַכע טאָג־טעגלעכקייטן. דאָס לאַנד פון פּיטסבורג, שיקאַגאָ, לאָס אַנדזשעלעס און דילענסי סטריט.

דאָס לאַנד פון פּריירים, וואָטערמעלאָן, יאָקאַהולאַ־טענץ, טעאַדאָר־רוזוועלט, זינגער־געביידע, קוני איילענד, קינדער־פּאַראַליז און בריטש אָוו פּראָמים.

דאָס לאַנד, וואו מען גייט נעמען אַ שפּאַציר, וואו מען גייט כאַפּן אַ שווים, וואו מען גייט אוים מיט דער געליבטער.

דאָס לאַנד, וואו מען האָט פאַרגעסן די קונסט פון שפּאַצירן גיין.

דאָס לאַנד פון אייזן און שטאָל, פון געלט און טעכניק, פון ריזיקע אוממעגלעכקייטן און פון „אָפּליפטעריי".

דאָס לאַנד, וואו דער, וואָס קאָן שפּייען ווייטער ווי אַלע אַנדערע, ווערט דערקלערט אַלס טשעמפּיאָן און מ'טראָגט אים אויף די הענט.

דאָס לאַנד, וואו אַ מענטש האָט נאָר אַ ווערט אַזוי לאַנג, ווי ער איז אַ קינד, און פאַרלירט יעדן ווערט אַזוי גיך, ווי ער הויבט אָן צו זיין נוצלעך פאַר דער וועלט.

אַ לאַנד, וואו דאָס לעבן ווערט ניט געגעסן רויערהייט, נאָר עס

ווערט געקאָכט און סטעריליזירט אַזוי לאַנג, ביז וואַנען דער רויער געזונטער טעם דערפון ווערט אויסגעוועפּט.

דאָס לאַנד, וואָס איז נאַקעט פון אַוואַנטיורן, אויסגעטאָן פון ראָמאַנץ און ליידיק פון יעדער ראָמלעכקייט.

זינג איך מיר, ווי מ׳זינגט אין טעאַטער :

איך בענק אַהיים.

דאָרטן גייט מען שפּאַצירן מיט אַ רעליגיעזער פּינקטלעכקייט. דאָרט האָט דאָס לעבן זיינע ראַמען, און דער טויט זיין איינפּאַר־קניפּטקייט מיטן לעבן.

דאָרט וויינט דאָס גאַנצע שטעטל, אַז מען שטאַרבט, אָדער מען פאָרט אַוועק קיין אַמעריקע, און דאָרט פרייט זיך ס׳גאַנצע שטעטל, אַז מ׳האָט חתונה אָדער מ׳געווינט אין דער לאָטעריי.

דאָרט צינדט מען דעם קלויז לאָמטערן, ווען עס איז אַ יאָר־צייט נאָך ר׳ מאיר בעל הנס, און מ׳רייסט קוקורוזעס פון פרעמדע גערט־נער אין די סליחות־נעכט.

דאָרט רעגנט מיט בלאָטע און עס פרירט מיט בלויע, דורכזיכ־טיקע שטיקער פראָסט.

דאָרט זיינען די טשערעדעס שטערן אויפן הימל אַזוי אייביק פאַרבלאָנדזשעט, און די לבנה דרייט זיך אַרום ווי אַ צעשראָקענער פאַסטוך צווישן זיי, און זי ווייסט אַליין אויך ניט, וואו זי איז אין דער וועלט.

דאָרט זיינען די בלומען קליין און האָבן קיין נעמען נישט, און די וועלדער זיינען גרויס און פול מיט זונענשטיינדלעך און מיט לויפיקע וואַסערן.

דאָרט איז יעדעס יונג האַרץ אַן אוצר־קעסטל, און יעדע נשמה אַ נעסט פון פיין־פאַרביקע חלומות, וואָס שפּראָצן דורך די אויגן אַרויס.

און די ליבע ? — שטיל איז זי, הינטער אַלע פייערן פאַרבאָרגן, הינטער אַלע שטיינער באַגראָבן.

און פול מיט דער פאַרב פון בלוט.

רויטע קאַלינעס, רויטע קאַרשן, רויטע אַגריסן, — וואַקסן איבער אַלע פלויטן אַריבער און רעדן פון האַרץ־ליבע.

און די הערבסטן קומען אָן פון הינטער די בערג, ווי פאַרבענקטע רייזנדע מיט פאַרביקע קליידער און מיט ריזיקע ליולקעס, דורך

וועלכע זיי צעבלאָזן דעם ווינט אין גלעזערנע רינגען, וואָס קלינגען און פאַלן און ברעכן זיך ערגעץ הינטער די מילן, הינטער די דערפער.

און די ווינטערס זיינען שטרענג און אַלט. און אונטער זייערע ווייסע ציין קנאַקן די ביינער פון׳ם טויטן וואַלד, און די מאַרמאָר ביינער פון די פאַרגליווערטע טייכן. מען הערט ווי דער ווינטער פרעסט זיין זאַק־רויב, און מ׳שרעקט זיך הינטער די ווייסע קוימענס.

און אַז די זון קומט אַרויס אין מיטן העלן טאָג און צינדט אָן דעם שניי מיט אַ בלויען פייער, זעט דער ווינטער, וואָס ער האָט אָנגעטאָן, און מיט חרטה וויינט ער פון די דעכער אַראָפּ — וויינט מיט אמתע טרערן.

אָבער ווען די נאַכט קלייבט אירע שוואַרצע שטיקער אומעט צונויף און שפּרייט זיי אויס איבערן שטעטל, פאַרגעסט דער ווינטער אָן זיין חרטה און מ׳הערט ווידער דאָס קנאַקן פון די וואַלד־ביינער און ס׳מערדערישע אָטעם־שיפּען פון׳ם ווינטער, וואָס ליגט מיט אַלע פיר אויף זיין קרבן, ווי אַ משוגענער הונט.

און פרילינג, אַז דער הימל הויבט אָן שמעקן מיט דעם ריח פון ווערבעס, און די טויב טוט אַ זינג איבערן דאַך, און אַ שוואַלב טוט, ווי אַ שוואַרצער פייל, אַ פלי איבערן פענצטער, דעמאָלט הויבט מען אָן גיין שפּאַצירן — גרויס און קליין, אַלט און מיטל־יעריק. עס שפּאַצירט דאָס שטעטל געטריי, ערנסט, און יום־טובדיק. שניידער־יונגען מיט פאַרשייטע היטעלעך און אידן מיט סאַמעטענע קאַפּעלושן, מיידלעך מיט ווינער־פעלערינע־מאַנטלען און מיידלעך מיט ווייס־געפּרעסטע טיכלעך אויפן קאָפּ — אַלע גייען שפּאַצירן לאַנגזאַם, ווי מ׳וואָלט ניט געוואָלט אויסרייבן די ערד. גייט מען איבער דעם שטראָס צום שפּאַציר־גאָרטן, צום טייך, צום באַרג. און נישט נאָר די מענטשן אויפן שטראָס, נאָר דער קייזער־שטראָס אַליין גייט אויך שפּאַצירן — גייט מיט די בחורים און מיידלעך, און ער זינגט אונטער זייערע פיס דאָס ליד פון שפּאַצירן־גיין.

עס ווערט זומער און זומערדיקער. הייסע זון־בעזימס קערן דאָס שטעטל. די סעדער זיינען מיד און פאַרשלאָפן. די רויטע ווייַנשל הענגען שלאָף אויף די ווייַנשל־בוימער און האָבן נישט קיין כוח אַראָפּצופאַלן, און אונגאַרישע באַרן מיט די רויטע בעקלעך ווילן אַ ציטער טאָן אין ווינט און קאָנען נישט.

דעמאָלט וואַרט מען ביז וואַנעט עס זעצט זיך די זון און מ׳גייט שפּאַצירן. אָן אָרעם אונטער אָן אָרעם, קייטלט מען זיך צונויף און

מען קלייבט מיט די פּיס אַ דינעם, איידעלן שפּאַציר — אַ שפּאַציר, וואָס מען קאָן מיטנעמען אַהיים און זיך אויסשלאָפן אויף אים. אַזוי ווייך און פריש איז ער.

צו עסן איז נישטאָ קיין סך — האָניק מיט ברויט פאַר די קינ־דער, אַ געזעצט טעפּל מיט מילך פאַר די דערוואַקסענע, אָבער שפּאַ־צירן גייען אַלע. און יעדער טריט פונ׳ם שפּאַציר־גאַנג איז אַ גרויסע קונסט, איז אַן איידעלע וויסנשאַפט.

דאָרטן האָט דאָס לעבן סטיל, און רו, און געמיטלעכקייט, און אַזוי פיל ליידיקע צייט — מ׳באָדט זיך אין צייט! און דאָס מאַכט ריינער ווי אַ שטראָם, דאָס דערקוויקט מער ווי אַ טייך, עס שטאַרקט מער ווי דער ים.

דאָרט, אַז מען הויבט אָפּ דאָס הוטל פאַר אַ דאַמע, טוט מען עס אַזוי גרינטלעך און פּאַמעלעך, אַז מען קאָן גאַנץ לייכט איבערלייענען דעם נאָמען פון דער הוט־פירמע און דעם נומער פונ׳ם הוטל. עטלעכע מאָל אָפּהויבן דאָס הוטל און זאָגן מיינע האָכאַכ־טונג איז אַ טאָג אַרבעט.

און אַפילו די עלטערע אידן, חסידים, שפּאַצירן צום ברונעם, מיט קרוגן אין די הענט, און מיט דעם חלום פון קאַלט וואַסער אויף די ברייטע, באָרדיקע פּנימער.

איך בענק נאָך דעם לאַנד, וואו שפּאַצירן גיין איז אַ קונסט און נישט קיין אַרבעט. איך בענק נאָך די פאַרלוירענע שפּאַצירן אין דעם שטעטל, וואו ליידיק־אַרומגיין איז נישט געווען קיין בושה. איך בענק נאָך די נידעריקע דעכער, נאָך די הויכע הימלען, נאָך די אידישלעך פאַרשפּיצטע בערג, נאָך דער ערד פון בלאָטע און שניי, און שטויב, וואָס איז דאָך אַ סך ווייכער ווי די ערד פון שטיין און אייזן.

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

איך בין ערשט געקומען פון אַ שפּאַציר אין צענטראַל־פּאַרק. מ׳האָט אויף מיר געקוקט ווי אויף אַן אויסלענדער, דערפאַר, ווייל איך בין געגאַנגען שפּאַצירן לאַנגזאַם, ערנסט און מיט אַ שטעקן.



ד. האָפשטיין.

# אַ כוואַליע

אַ כוואַליע, פאַרשלאָסן אין קרייז פון אַ ברעג,
האַלט שטענדיק אין נאָגן,
אַ כוואַליע, וואָס האָט נאָר צום וויטער אַ שטעג,
האַלט שטענדיק אין יאָגן.

באַגעגנט אַ כוואַליע אַ שוועסטער אין וועג,
איז אַליץ שוין פאַרשטאַנען —
געפלאָכטן די הענט, אָן אַ טראַכט, אָן אַ פרעג,
וואוהין און פון וואַנען.

און וואַרפט זיך אויף וועג איר אַ גרענעץ, אַ דאַמב,
און מוז זי זיך שטעלן —
באַהאַלט זי אין האַרצן איר טרוים וועגן ים,
און כוחות אַליץ קוועלן.

און טראָפן צו טראָפן, און יעדער גלייך בענקט
צום היים־ים צום אַלטן,
און טראָפן צו טראָפן, און יעדער גלייך דענקט
פון רייסן, פון שפּאַלטן!

אַ כוואַליע, וואָס ווערט מיטן ים נאָר צעשיידט,
ווייסט קיינמאָל פון רו מער.
אין הערער, אין שענסטער, אין קוועלנדער פרייד —
פאַרמישט איז שוין קומער.

יהואש.

# אַ תפילה

אַ דאַנק דיר און אַ לויב, דו ליכטיקע גענאָד,
פון הימל אָדער ערד, פון מענטשן אָדער גאָט,
וואָס לייכט מיין וועג און שטאַרקט מיין האַנט, און עפנט ברייט
די קאַמערן פון קראַפט, די טויערן פון פרייד...

אַ דאַנק דיר און אַ לויב, דו שטיל און האַרציק וואָרט,
געהערט גאָט וויים פון וועם, גאָט וויים אין וועלכן אָרט,
וואָס שפּראָצט און זאַפּטיקט אין אַ ווינקל פון געמיט,
און לייטערט העל דאָס אויג, און לייטערט אַלע טריט...

אַ דאַנק דיר און אַ לויב, דו בלום, צי טרוים, צי בליק,
צי שורה פון אַ בוך, פאַרגעסן לאַנג צוריק —
אַ העלער טריף, וואָס וואַקסט פאַנאַנדער אין אַ טייך,
אַ קערנדל פון גאָלד, וואָס ווערט אַ קעניגרייך...

אַ דאַנק און לויב פאַר אַלע אוצרות, וואָס איך האָב
פון לעבנס האַנט גענומען, און פאַר יעדער גאָב
פון טויט, פאַר יעדן וויייטיק, וואָס איך האָב פאַרשקלאַפּט,
פאַר יעדער פּיין און אַנגסט, וואָס איז געוואָרן קראַפט...



י. ראָלניק.

# אויף גאָטס באַראָט

זינגט מיין לייב צו גאָט אַ לויב,
זינגט צו אים אַ־יעדעם גליד.
קראַנק בין איך און שווער מיט פּלאָג, —
זינג איך אים און ווער ניט מיד.

פון דער פינצטער, פון דער נאַכט,
אויפן שוועל פון אונטערגאַנג,
שיק איך מיין געבעט צו גאָט —
שיק איך אים מיין לויב־געזאַנג.

גאָט האָט מיין געבעט דערהערט,
און פון פּלאָג מיך אויסגעלייזט.
ליכטיק ווערט די מיטנאַכט, —
זאָל גאָטס נאָמען זיין געגרויסט.



א. ליעסין.

# אויפן ברעג

ווי וויינט פאַר מיר מענטשלעך דער ווינט:
איך בין אַזוי מיד!
אַלץ קוקן פון ברעג אין דער פינצטערניש בלינד,
אַלץ הערן פון כאַאָס דאָס אוראַלטע ליד. —
ווי וויינט אַזוי מענטשלעך דער ווינט!

אָט בעט זיך וואו איינעמס אַ שטים
אין ברום פון געמיט;
עס בעטן פון אָפּגרונט צוזאַמען מיט אים
די כוואַליעס די פרעמדע, די טויזנטער מיט. —
ווי בעט זיך ביי וועמען די שטים!

אָט רוישט מיט פיל קולות אַ קלויז
פון ווייטן אַמאָל.
איך הער אַ פאַראומערטן תהילים־געברויז,
מען בעט וואו פאַר וועמען ביינאַכט אויפן קול. —
ווי רוישט אַזוי סומנע די קלויז!

אָט הילכט זיך אַ יאָמער און הילכט
אין סאַמעט פון גרין.
ווער שטאַרבט און ווער פאַלט צום פּרוכת צו ווילד,
אַז גאָט זאָל צערייסן דעם שוואַרצן גזר־דין. —
ווי הילכט זיך דער יאָמער, און הילכט!

צי הער איך מיין איינגן געוויין
אין וויינען פון ווינט?
צי בין איך דער חולה און בעטער אַליין,
וואָס זעט זיין גזר־דין אין דער פינצטערניש בלינד?
ווי וויינט מיר מיין איינגן געוויין!

ז. לאַנדוי



# פאַראַנעץ לייט

פאַראַנעץ לייט, וואָס ווילן שטענדיק רייזן,
און קליין איז נאָך פאַר זיי גאַנץ גרויסע וועלט,
דאָך מיר איז גוט אַזוי דאָ אומצושפּרייזן
אין דעם פאַרטאָלטן און דעם פאַרבערגטן פעלד.

כ'האָב היינט אַזוי פיל אָנגעקליבן בערן,
אַז ברענגען זיי איז מיר געוועזן שווער.
איצט רו איך אויס. אין שיין פון די לאַמטערן
די צווייגן וויגן זיך אַהין, אַהער.

אַ רואיקער, אין טיפן גראָז פאַרבאָרגן,
האָב איך זיך אין דער גאַנצער גרויס צעשפּרייט.
נאָך קראַבן צו דעם טייך גיי איך מיר מאָרגן;
אַ קאָרב און פלייש האָב איך שוין אָנגעגרייט.



ז. לאַנדוי.

# פאַראַנעץ ווערטער

פאַראַנעץ ווערטער וואונדערבאַרע דינע,
קוים זאָגסטו זיי, ווערט לייכטער דיין געמיט.
זיי זאָגן אָבער זאָגסטו קיינמאָל ניט. —
אַמאָל נאָר, ווען דו הערסט אַליין ניט דיינע רייד,
דיר פאַלן זיי גלייכגילטיק פון מויל.
דו ווייסט אַפילו נישט דערפון, ערשט שפּעט נאָכדעם
דערזעסטו, אַז מיט דיר איז וואונדערבאַרעס געשען:
דו רעדסט אזוינע רייד, וואָס קיינמאָל האָסטו נישט גערעדט,
דו זעסט אַזוינס, וואָס קיינמאָל האָסטו נישט געזען.
און אַליך, צו וואָס דו רירסט זיך צו, איז פרייד און פרייד—
אָ, ווערטער וואונדערבאַרע, דינע.

# אינהאַלט לויט מחברים

## פון אַלע דריי אָפּטיילן.

# פאָרשלאַגן פאַר שריפטלעכע אַרבעטן

## אין פאַרבינדונג מיט די אויסצוגן פון דעם בוך און מיט אַנדערע ליטעראַטור טעקסטן.

(די אויסצוגן פון דעם בוך ווערן דאָ געשטעלט צווישן אַזעלכע צייכנס ( ), די אַנדערע רעקאָמענדירטע טעקסטן — צווישן די צייכנס [ ].)

1. אַ כאַראַקטעריסטיק פון פּעפּערל. (שלום-עליכם: האָדל.)
2. טובית און פּעפּערל: אַ פאַרגלייך.
3. ענדערונגען אין דעם אידישן לעבן ענדע 19-טן, אָנפאַנג 20-טן י. ה., לויט שלום-עליכמס: טוביה דער מילכיקער.
4. שרייב אָן אַ דיאַלאָג צווישן טוביהן און פּעפּערלען.
5. דאָס לעבן פון דער אידישער פרוי לויט פּרצן. (כעס פון אַ אידענע.) [מענדל ברייגעס, שלום בית, האשה מרת חנה, וועבער ליבע.]
6. שילדער די שטימונגען פון ביאַליקס: „גלוסט זיך מיר וויינען", און ווייז אָן זייער היסטאָרישן הינטערגרונט.
7. די נעגער אין אַמעריקע, זייער לעבן און דער קאַמף פאַר זייער באַפרייאונג.
8. דער אָנהויב פון דער אַרבעטער באַוועגונג אינ'ם שטעטל. (וויסנבערג: די באַוועגונג.) [וויסנבערג: אַ שטעטל.]
9. פאַרגלייך די שילדערונגען פון אָנהויב פון אַרבעטער אָרגאַניזאַציע אין ליטווינס: דער בונט פון די שניידער, וויסנבערגס: די באַוועגונג, און אַשס: דער סטרייק פון די קוזמינער לאַנדסלייט. [און אַשס: דער נייער פרעה, — אין צווייטן טייל.]
10. דער נביא ירמיהו: די טראַגישע פערזענלעכקייט. (ירמיהו: דער נביא.)
11. די נייע אידישע קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן-פאַרבאַנד. (כאַריק: ברויט, הירשביין: לאַלא.)
12. די גייסטיקע ליידן פונ'ם קליינשטעטלדיקן אימיגראַנט אין אַמעריקע. (קאָראָלענקאָ: פרעמד, אַש: דער סטרייק.) [אַש: **קיין אַמעריקע,** קאַפּ.: אַליין אין דער פרעמד, ראַבאָי: וויסע הענט, — אין ערשטן טייל, ראַבאָי: אַ פאַרשעמטער, רייזען: גרינע, אַש: דער נייער פרעה, קאָברין: **דאָס טענעמענט הויז, — אין** צווייטן טייל, קאַפּיטלעך פון אַשס: **די מוטער.**]
13. וואָס איז די אידעע פונ'ם ליד: שבת, פון י. י. סיגאַל?
14. שרייב אַ דערציילונג געבויט אויף פינסקים דראַמע: **אייזיק שעפטל.**
15. כאַראַקטעריזיר די הויפּט-פּערזאָנען פון פינסקים: אייזיק שעפטל; ווייז אָן די פאַרשיידנקייט פון זייער באַציאונג צו אייזיקן.
16. שרייב אַ כאַראַקטעריסטיק פון די צוויי טיפּן מענטשן, וואָס ווערן פאָרגעשטעלט אין קולבאַקס ליד: גאָט גאָט, גיב אַ רעגן.
17. די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אידעאַלן פון די נביאים. (ירמיהו: דער נביא; די אמת'ע גאָטספאַרכטיקייט, שיבת ציון.) [נחמו, נחמו, עמי! פרידן און גערעכטיקייט, — אין 2-טן טייל.]
18. דאָס פּיאָנערן לעבן אין ארץ-ישראל. (דיין: בראשית, אנכי: אונזער לאַנד.) (באַריזמאַן: דאָס ערשטע אַקערן, כיסין: דער ברונעם, סמילאַנסקי: די ערשטע טעג פון פ"ת, — אין ערשטן טייל, סמילאַנסקי: דער פרוילעכער, ראובני: אויף דער וואַך, — אין צווייטן טייל.)

19. שרייב אַ קורצן עסיי: די אידישע צעשפּריימקייט,—געבוים אויף דער שטימונג פון רייזענס ליד: אין די וויטסטע לענדער.

20. די עמיגראַציע קיין אַמעריקע און איר ווירקונג אויפן קליינעם שטעטל. (בערגלסאָן: דער לעצטער ראש־השנה.) [קאָברין: דער ערשטער בריוו,—אין צווייטן טייל, רייזען: די אָרעמע קהילה, הייזער.]

21. די פּעריאָדן פון אידישער עמיגראַציע אין אַמעריקע.

22. שרייב אַ קורצן עסיי וועגן די סאָציאַלע אידעאַלן אויסגעדריקט אין די צוויי לידער: שבת, פון י. י. סיגאַל, און שטילער, שטילער! פון מאני לייב.

23. דער פּריוואַטיט-קאַמף אין רוסלאַנד אין 1905 און אין 1917. (אַש: מאָמענטן פון די פּריוואַטיט-טעג.)

24. שרייב אין פּראָזע דעם אינהאַלט פון ליעסינס „דער באַהעלפער", איבערגעבנדיק מיט דיין אייגענער שפּראַך די בילדלעכקייט פון דער פּאָעמע.

25. די ווירקונג פון חסידות אויפן לעבן פון די פאָלקס-מאַסן. (ליעסין: דער באַהעלפער, אַפּאַטאַשו: ר' איטשע מקובל, זעצער: די עפּאָכע פון בעש"ט.) [האָראָדעצקי: ר' ישראל בעש"ט,—אין צווייטן טייל, פּרץ: צווישן צוויי בערג, ש. אַש: אַ שטעטל, דאָס קאַפּ. : דער מתנגדישער רב און דער חסידישער רבי.]

26. אַ פאַרגלייך צווישן בערקאָוויטשס דערציילונג „דער לעצטער" און צווישן דעם קאַפּיטל: דער מתנגדישער רב און דער חסידישער רבי, פון אַשס: אַ שטעטל.

27. דער תורה אידעאַל אַמאָל. (ביאַליק: דער מתמיד, מענדעלע: אין בית־המדרש.) [אַש: אַ מאַמע,—אין 2טן טייל.]

29. וואָס איך לערן פון פּרצס: דער זינדיקער.

30. שילדער און קאָמענטיר וועגן די באַציאונגען צווישן איד און גוי אינם קליינעם שטעטל, לויט אַשס: דאָס געשלעג.

31. שרייב אַ כאַראַקטעריסטיק: דער זיידע פון קאַבילניק. (קולבאַק: רייסן.)

32. שרייב אָן אַ סצענע אין דראַמאַטישער פאָרם: אין בית־המדרש,—באַזירט אויף מענדעלעס: אין ביה"מ.

33. שרייב אַן עסיי וועגן די אונטערשיידן צווישן דעם קליינשטעטלדיקן לעבן אַמאָל אין דער אַלטער היים און דעם היינטיקן גרויסשטעטישן לעבן אין אַמעריקע, לויט נאַדירס: לאָמיר שפּאַצירן גיין. גיב אָן דיין פּערזענלעכע מיינונג וועגן דעם פאַרגלייך.

34. שרייב ביאָגראַפישן עסיי איבער יודזשין וו. דעבס.

35. די פאַרשיידנאַרטיקייט פון אַשס טעמעס.

36. שרייב וועגן דעם געדאַנק פון יהואָשס: די שעה.

37. דעם דיכטערס וועלט. (ליעסין: אויפן ברעג, ראַלניק: איך גיי.) [האַלפּערין: כי־כי, יהואש: מיין קעניגרייך,—אין 2־טן טייל.]

38. שילדער לייוויקס סיבירער דערפאַרונגען לויט דער סעריע לידער אין דעם בוך.

39. שרייב אַ מעשהלע אָדער דערציילונג וועגן אַן אייגענער איבערלעבונג, אין פאַרבינדונג מיט יהואָשס ליד: אַ תפילה.

40. זעטסט אַ פאַרבינדונג צווישן פּרצס: ס'אי' גוט, און זישאָ לאַנדויס: פּאַראַנען ווערטער. ווי אַזוי?

# אָפּטײטשונגען

## פון שווערע ווערטער, וואָס גייען אַריין אין דעם בוך.

### א.

**אָב הרחמן** — דער רחמנותדיקער פּאָטער, גאָט.

**אַבוואַל** — כאָטש.

**אָבל** — איינער, וואָס טרויערט נאָך אַ פאַרשטאָרבענעם.

**אַגב** — סיי ווי, גלייכצייטיק.

**אַגדתאָ** — לעגענדע, די לעגענדאַרישע טיילן פונ'ם תלמוד.

**אָגולניק** — הורט־סוחר,—איינער וואָס האַנדלט אויפן גרויסן מאָסשטאָב.

**אדום** (עדאָים) — עשו, אַלטער נאָמען פאַר קריסטלעכע פעלקער.

**אָדם יסודו מעפר וסופו לעפר** — אַ מענטש קומט פון דער ערד און גייט צוריק צו דער ערד.

**אָהבתי** — איך האָב ליב.

**אודיוויטעלנע** — וואונדערלעך, אויסערגעוויינלעך.

**אַוואַנס** — האַנט־געלט, געלט פאָרויס, פאַרן חשבון.

**אויטאָדאַפע** — דער גרויזאַמער משפט פון דער אינקוויזיציע.

**אויטאָ שפּיזן** — געלט צו באַצאָלן פאַר אַן אויטאָמאָביל־רייזע.

**אויסטערליש** — אויסערגעוויינלעך.

**אומות העולם** — די פעלקער פון דער וועלט (די ניט־אידן).

**אוממיטלבאַר** — באַלדיק, מאָמענטאַל, דירעקט.

**אומפשרהדיק** — עפּעס, אָדער עמיצער, וואָס דערלאָזט ניט קיינע קאָמפּראָמיסן.

**אוראַנג־אוטאַנג** — גרויסע אַפריקאַנישע מאַלפּע.

**אַזאַרט** — ריזיקע.

**אַחדות** — איניקייט, פאַראייניקונג, סאָלידאַריטעט.

**אַחדות־הבורא** — דער גלויבן אין דער איינאייניקייט פון גאָט, וועלכער האָט באַשאַפן די וועלט.

**אידעאַליזאַציע** — דאָס אַוועקשטעלן מענטשן אָדער זאַכן אין אַן איבערטריבן גוט ליכט.

**אידענטיש** — פון דעם זעלבן מין, ענלעך.

**אייגנטימלעכקייט** — אייגנאַרטיקער, אינדיווידועלער שטריך.

**אייכן** — דעמבעס.

**איכה ניגון** — ניגון מיט וועלכן מען זאָגט די קלאָג־לידער אום תשעה־באָב.

**אין אָדם משים עצמו רשע** — אַ מענטש קען זיך אַליין ניט דערקלערן פאַר אַ פאַרברעכער.

**אין אסתר מגדת** (פון דער מגילה) — אסתר זאָגט ניט אויס.

**אין קול ואין כסף** — פאַרגרייזט פון „אין קול ואין עונה" — מען הערט קיין קלאַנג ניט.

**אין קמח, אין תורה** — אַז ס'איז ניטאָ קיין מעל (ברויט), איז ניטאָ קיין תורה.

**אינווענטאַר** — דאָס פאַרמעגן פון אַ ווירטשאַפט.

**אינסטאַנץ** — אויטאָריטעט.

**איספּראַווניק** — געריכטס־באַאַמטער.

**איצטגנינות** — שטערנזעעריי, אַסטראָלאָגיע.

**אַכזריות** — גרויזאַמקייט.

**אַכסניאָ** — איינפאָר־הויז, גאַסט־הויז.

**אל רחום וחנון** — דערבאַרעמדיקער, רחמנותדיקער גאָט.

**אַל תבט אל מראהו** — אורטייל אים ניט לויט זיין אויסזען.

**אַל תשלח ידך** — שטרעק ניט אויס דיין האַנט.

**אַלטפרענקיש** — פאַרעלטערט, פון דער אַלטער וועלט.

**אם ירצה השם** — אז גאָט וועט וועלן.

**אַמאַזאָנקעס** — לעגענדאַרישע פרויען, מלחמה פירער.

**אַמנעסטיע** — באַגנאַדיקונג, דאָס פריילאָזן (פּאָליטישע) פאַרברעכער, לכבוד אַ יום־טובדיקער געלעגנהייט.

**אָנגעדרודלט** — בייז, אָנגעצויגן.

**אַסוויר** — די אויבערשטע הילצערנע ראַם פון אַ ברונעם.

**אָסור** — פאַרבאָטן. חס ושלום!

**אָסור לרחם** — מען טאָר ניט קיין מיטלייד האָבן אויף... (זייער אַ זינדיקער מענטש).

**אַסים!** — צום געזונט! (צו איינעם וואָס ניסט.)

**אָסיען** — הערבסט.

**אָפּהענטיק** — אַנטמוטיקט, אַנטוישט.

**אָפּליפטעריי** — פון ענגליש: טו אָפּליפט—אויפצוהויבן, צו רעפאָרמירן.

**אַפּיש** — אַנאָנס.

**אַקאָרד** — מוזיקאַלישע האַרמאָניע, טייל פון מוזיקאַליש ווערק.

**אָקרענט** — שיף.

**אַראָפּאַכטן** — אַיינלאַדן.

**אַרבן** — ירשענען.

**אַרבע כנפות** (פּירעקן) — אַ מין מלבוש מיט וואָלענע פעדים אין די פיר עקן (ציצית), וואָס פרומע אידן טראָגן.

**אַרבע מיתות בית דין** — די פיר פאָרמען פון טויט־אורטייל, וואָס דער אַמאָליקער געריכט פלעגט אַרויסגעבן.

**אַרסענאַל** — פּלאַץ, וואו מען האַלט וואָפן.

**אש להבה** — פלאַם־פייער.

**אַשמדאַי** — דער האַר פון די שדים (טייוואָלים).

**אַשפּה** — מיסט, שטויב.

## ב.

**באַדעקנס** — דאָס אָנטאָן דער כלה דעם שלייער.

**באַהאַוונט** — געניט, דערפאַרן, באַקאַנט.

**באַהעלפער** — דעם רבינס געהילף,— פלעגט ברענגען די קליינע קינדער אין חדר אַריין און אַהיים.

**באו מים עד נפש** — דאָס וואַסער האָט שוין דערגרייכט ביזן האַלז, ס'האַלט שוין ביים ערגסטן.

**באותו** (בעאָיסאָי) **היום** — אין דעם זעלבן טאָג.

**באָטווינע** — בלעטער פון בוראַקעס.

**באָי** — בחור, זון.

**באַלאַמוטשען** — פאַרלירן צייט.

**באַלייע** — גרויסע, ברייטע כלי צו וואַשן וועש.

**„באָנטשע שוויג"** — פיגור פון פּרצס דערציילונג אונטער דעם נאָמען — נעמט אויף לײדן און אומגערעכטיקייט שווייגנדיק, אָן פּראָטעסטן.

**באר מים חיים** — אַ ברונעם פון קוועלנדיק וואַסער.

**באַראָט** — צופאַל. **אויף גאָטס באַראָט** — ווי גאָט וועט וועלן.

**באָרטן** — שיף־דעק, ים־ברעג.

**בגילופין** — לעבעדיק, פרייילעך.

**בדרך הליכה**—פאַרבייגייענדיק, אויפן וועג, אין דער זעלבער צייט.

**בהרחבהדיק** — געראַם, ברייטלעך, באַקוועם.

**בוגד** (באָיגעד) — פאַררעטער.

**בולעוועס** — גראָבע, גרויסע שטעקנס.

**בורא** — באַשעפער.

**בחוש** — דייטלעך, קלאָר.

**בחזקת** (בעכעזקאַס) **סכנה** — אויסגעזעצט צו געפאַר; געפערלעך.

**בחינם** — אומזיסט.

**בחיפזונדיק** — אין אַיילעניש.

**בידים ריקות** — מיט ליידיקע הענט.

**ביוראָקראַטיע** — אומגערעכטע גוואַלטהערשאַפט.

ביטול תורה — דאָס שטערן עמיצן תורה צו לערנען.
בירגער-קריג (אַמעריקאַנער) — די מלחמה צווישן די צפון און דרום שטאַטן פון אַמעריקע אין 1865 פאַר דער באַפרייאונג פון די נעגער שקלאַפן.
בית-הועד — פאַרזאַמלונגס פּלאַץ, עפנטלעך הויז.
בכור (בעכאָר) — עלטסטער זון.
בכיון — אומויסטן.
בכיות — געוויינען.
בכל אשר אפנה — וואו איך וועל זיך ווענדן, איבעראַל.
בכל תפוצות ישראל — אין אַלע עקן וועלט, איבעראַל וואו אידן זיינען צעשפּרייט.
במחילה גמורה — מיט אַ פאָלקאָ-מענער פאַרגעבונג.
במעמד — אין דער אָנוועזנהייט פון...
בן האָמה — דער זון פון דער דינסט (ישמעאל, הגרס זון).
בנין (ביניען) — דאָס בויען; געביידע.
בנעימותדיק — פאַמעלעך, ליבלעך, גוטמוטיק.
בסך הכל — אינגאַנצן, אַלץ צוזאַמען גענומען.
בעל-ביטחון — איינער, וואָס האָט צו-טרויען, — געוויינלעך אין גאָט.
בעל-גאווה — גרויסהאַלטער.
(ר' ישראל) בעל-שם-טוב — „דער מענטש פון גוטן נאָמען" — גרינדער פון דער חסידישער באַוועגונג.
בעל-תשובה — איינער, וואָס נעמט אויף זיך אַ שטראָף פאַר זיינע זינד.
בקיצור — אין קורצן, קורץ גערעדט.
בראָק — חיסרון, אַ פעלער.
בראשית — „אין אָנהויב", צוערשט.
בר-דעת — פאַרשטענדיקער מענטש.
בר מינן — אַ פאַרשטאָרבענער.
ברוך-הבאָ! — געבענטשט זאָל זיין דער אָריינגעקומענער! ווילקאָמען!
בריאת העולם — וועלט באַשאַפונג.
בריאָה — באַשעפעניש.
„בריטש אָוו פראָמים" (ענגליש) — אָנקלאַגע פאַר ניט האַלטן אַ צוזאַג.
„בריטשעס" — קורצע רייטער הויזן.
בשעת (בישאַס) מעשה — אין דער זעלבער צייט, ווערנד.
בת-קול (באַס-קאָל) — עכאָ, שטימע פון הימל.

## ג.

גאָב — מתנה.
גאווהדיק — שטאָלץ.
גאולה — אויסלייזונג.
גאָון (גאָאָין) — גייסטיקער ריז.
גאַפן — שטוינען.
גאַלער — הוילער, ליידיקער, פּריוער.
גאַרן — שטרעבן, בענקען.
גדלן (גאַדלען) — שטאָלצער.
גדר — פּלויט, צאַם.
גואל — אויסלייזער.
גובר זיין — בייקומען.
גוד איווניגג — גוטן אָוונט!
גוד-באַי! — אַ גוטן!
גוזמאָ — איבערטרייבונג.
גומל (בענטשן) — אַ תפילה, וואָס מען זאָגט, ווען מען ווערט געראַטעוועט פון אַ סכנה.
גורן (גוירען) — שייער.
גזר דין — אורטייל.
גן (ילדים) — קינדער גאָרטן.
געוויטער — שטורם.
געוועלב — קראָם.
געזעל — געהילף ביי אַ מייסטער.
געזעמל — פאַרזאַמלונג, המון.
געטאָ — אידן-קוואַרטאַל אין אַלטע אייראָפּעאישע שטעט.
„געטרעס" — שטיקער לעדער אָדער טוך, פאַר די אויבערשטע טיילן פון די פיס.
געניידעם — אין שפּאַט: איידעם.
געפעכט — קאַמף.
געץ — אָפּגאָט.
געשפּיקעוועט — פול, פעט, בייכיק.
גרייז — אַלטער, גרויער מענטש.
גשמיות — קערפּערלעכקייט.

## ד.

**דאַוואַי** — לאָמיר.
**דאַטשע** — זומער־וואוינונג.
**ד׳ אַמות** — פיר איילן, אַ גאַר קליינע שטרעקע.
**דבקות** (דעוויקעס) — פאַרטיפטקייט, קאָנצענטרירטקייט, באַהעפטונג מיט גאָט.
**דורסן** (דאָירעסן) — צעטרעטן, צערייסן, אומברענגען.
**דחקות** (דאַכקעס) — ענגשאַפט, שווער־קייט, שווערע עקאָנאָמישע באַדינ־גונגען.
**דיבורים** — רייד.
**דידאַקטיש** — עפּעס וואָס באַצוועקט עמיצן עפּעס צו לערנען.
**דין וחשבון** — באַריכט, רעכענונג.
**ד׳ על ד׳** — פיר (איילן) ביי פיר, — זייער אַ קליינער פלאַץ.
**דלות** — אָרעמקייט.
**דמיון** (דימיען) — ענלעכקייט, פאָר־שטעלונג, פאַנטאַזיע.
**דנאָ** — גרונד.
**דעה** — געדאַנק, מאַכט, מיינונג, באַ־שלוס.
**דעוויל** — טייוול.
**דענקמאָל** — מאָנומענט.
**דראַפּאַטשעם** — אויסגענוצטע בעזי־מער.
**דרייער** — מטבע פון דריי רוסישע גראָשן.
**דריסת הרגל** — צוטריט, דאָס רעכט אַריינצוקומען.
**דרך־ארץ** — רעספּעקט.
**דרעלעווען** — דורכלעכערן, דורכ־בויערן.

## ה.

**האָלעשקעס** — קנוידלעך פון טייג.
**האַרבעריק** — שויך־אָרט, וואוין־אָרט, אַכסניה.
**האָרכן** — הערן.
**האַרמאָניע** (האַרמאָניקע) — איינפאַ־כער מוזיקאַלישער אינסטרומענט.
**הבל־הבלים** — „פּוסטע זאַכן״, — ערשטע ווערטער פונ׳ם פילאָזאָפישן תנ״ך־ספר קוהלת.
**הגדתות** (האַגאַדטעס) — תלמודישע לעגענדעס.
**הויזן** — לעבן געמיטלעך.
**הויערן** — ליגן.
**הולך** (האָילעך) — (אָרעמע) קליידונג.
**הושענה רבה** (האָישאַנע ראַבע) — 7טער טאָג סוכות, ווען מען זאָגט די תפילות פון הושענה.
**החלוץ** (העכאָלוץ) — אָרגאַניזאַציע פון יונגע מענטשן, וואָס גרייטן זיך צו פאָרן קיין ארץ ישראל.
**היידאַמאַקן** — קאָזאַקן.
**היידניש** — געצנדינעריש.
**היינע** (הוינריך) — דויטש־אידישער פּאָעט פון 19טן יאָרהונדערט.
**היכל** — טעמפּל.
**הילולאָ** — שמחה, הוליאַנקע.
**היסח הדעת** — צעשטרייאונג, צייט־פאַרטרייב, דאָס אָפּווענדן די אויפ־מערקזאַמקייט.
**היפוך** — דאָס פאַרקערטע.
**היפּערבאָליזירן** — איבערטרייבן צו־ליב עפעקט.
**הכנסת אורחים** (האַכנאָסעס אָרכעם)— גאַסט־פריינטלעכקייט.
**הכנעהדיק** — אונטערטעניק.
**הלל** (האַלעל) — לויב־געזאַנג; קאַ־פּיטלעך תהילים, לויב־געזאַנגען צו גאָט, וועלכע מען זאָגט ביי פייער־לעכע געלעגנהייטן.
**„המוציא״** — אַ ברכה, וואָס מען מאַכט איבערן ברויט, ווען מען וואַשט זיך צום עסן; דאָס שטיקל ברויט, אי־בער וועלכן מען מאַכט די ברכה.
**המצאָה** — אויפטו, אויפּפאַל, דער־פינדונג.
**ה׳ נתן, ה׳ לקח** — גאָט האָט געגעבן, גאָט האָט צוריקגענומען.
**הן** — יאָ, באַשטעטיקונג.

**הנשמה לך והגוף שלך** — די נשמה געהערט דיר, (גאָט) און דער גוף — (אויך) דיר.

**הענגקאָלנער** — ברויטער, אַראָפּהענגענדיקער קאָלנער.

**הענדום-פּענדום** — שנעל, מיט אימפּעט.

**הערהאָלד** — שליח.

**הפקר** (העפקער) — אומבאַשיצט, פריי, אָן קאָנטראָל.

**הקדמה** — אַריינפיר.

**הרוגים** — דערמאָרדעטע.

**השגה** (האַסאָגע) — פאַרנעם, באַגריף, פעאיקייט צו באַגריפן.

**התבודדות** — איינזאַמקייט, דאָס זיין אַליין.

**התמנות** — באַשטעלונג, באַשטימונג.

**התנהגות** (היסנאַגעס) — אויפפירונג.

**התפעלות** — באַגייסטערונג.

**התראָה** (האַסראָע) — וואָרנונג.

## וו.

**ובאָ לציון גואל** — „און אַ דערלייזער וועט קומען קיין ציון", — אַ תפילה, וואָס מען זאָגט געוויינלעך נאָך אַ דרשה.

**וואָלקולאַק** — מענטש-וואָלף.

**„וואָ ווטאָריך"** — צווייטנס.

**„וואָ פּערוויך"** — ערשטנס.

**ווידוי** — תפילה, וואָס מען זאָגט פאַרן טויט, אין וועלכער מען בעט פאַרגעבונג אויף די זינד, וואָס מען איז באַגאַנגען.

**וויוועסקע** — אויפשריפט אויף אַ ברעטל, שילד.

**ווימלען** — מורמלען.

**וויספּע** — אינזל.

**ווירבלען** — טומלען.

**„וועל"** — פיין, וואויל.

**ויהי היום** — און ס'איז געווען איין טאָג... מאַכט זיך אַמאָל...

**ויקרא** (וואַאיקרע) דריטער בוך פון חומש.

**וכדומה** — און דעסטגלייכן.

**וכשהגיעה לפרקה** — און ווען ס'איז געקומען איר צייט (אַ כלה צו ווערן).

**ועל כולם** — מער פון אַלע.

**ופתח פּיו בחכמה** — און ער האָט געעפנט זיין מויל מיט חכמה.

**ושמחת בחגך** — און זאָלסט זיך פרייען מיט דיין יום-טוב.

## ז.

**זאַכט** — אַנגענעם, לייכט.

**זאַלבעדריט** — אין דרייען.

**זאַסלינקע** — טירל פון אויוון.

**זאַראַז, פּראָשע פּאַניע** — באַלד, מיין הער!

**זה שייך** — דאָס געהער.

**זיסט** — ווען נישט, אַנדערש.

**זכיה** (זעכאיע) — פּריווילעגיע.

**זמירות** — רעליגיעזע געזאַנגען, וואָס מען זינגט שבת ביים עסן.

**זעפיר** — צאַרט מערב ווינטל.

**זשאָרנע** — האַנט מיל.

## ח.

**חדשות** — נייעס.

**חול-המועד** — פיר האַלב-יום-טובדיקע טעג, צווישן די ערשטע און די צווייטע טעג יום-טוב (פסח און סוכות).

**חולשת הדעת** — שוואַכקייט, דערשלאָגנקייט.

**חופּה וקידושין** — אָפיציעלע חתונה.

**חוץ לישוב** — אָפּגעזונדערט, אַוועק פון מענטשן.

**הורבה** — וויסטער פּלאַץ.

**„חושה"** — אַראַביש לוימן שטיבל.

**ח"י** — אַכצן.

**חיבוט הקבר** — שווערע ליידן (פון די טויטע, איידער מען ברענגט זיי פאַרן הימעלשן געריכט).

**חידוש** (חידושים) — וואונדער.

**חידושן זיך** — זיך וואונדערן.

**חי וקים** (כאַי וועקאַיעם) — אַ מענטש, (אַ פּראָסטער חי וקים — אַ פּשוטער פאַרשוין); דער לעבעדיקער גאָט;

**שרייען חיי וקים** — בעטן זיך אומזיסט ביי גאָט.

**חיונה** — פרנסה, לעבנס מיטלען.
**חיזוק** — פאַרשטאַרקונג.
**חייט** — שניידער.
**חילוף** — אויסטויש, אויסבייטונג.
**חילוק** (חילוקים) — תלמודישער פאַר־טראַג פון זייער אַ שאַרפזיניקן אינ־האַלט.
**חלל** — ליידיקער רוים; אַטמאָספערע.
**חלשות** — שוואַכקייט, ניט־גוטקייט, איבל, עקל.
**חמולעס** — גראָבע, נישט איידעלע מענטשן.
**חניפה** — גלאַטע, ליבע אָבער אומאויפ־ריכטיקע רייד.
**חסרון** — פעלער.
**חקירה** — דאָס דענקען, פילאָזאָפיע.
**חרוסת** — מישונג פון צעשטויסענע ניס, פרוכטן און געווירצן, געניצט ביים פסח סדר; אַ גאַר גוטע זאַך.
**חרטה** (כאַראָטע) — פאַרדרוס אויף פעלערן, וואָס מען איז באַגאַנגען.
**חריף** — גרויסער געלערנטער מענטש מיט אַ שאַרפן קאָפּ.
**חשוד על הטרפות** — פאַרדעכטיקט אין פאַרקויפן טרפה־פלייש.
**חתן־מאָל** — אַ שמחה לכבוד דעם חתן.

## ט.

**טאַטשען** — פיקן.
**טאַטשקע** — שלעפּ־וועגעלע.
**טאַפּליעס** — שויבן.
**טובת הכלל** — אַלגעמיינער נוצן, אַלעמענס וואוילזיין.
**טויפן** — זיך שמדן, בייטן דעם גלויבן.
**טוישן** — בייטן.
**טעריטאָריאַליסט** — אָנהענגער פון אַ באַוועגונג, וואָס שטרעבט צו באַזעצן אידן אויף אַן אייגן לאַנד, אַ טעריטאָריע.
**טראַקט** — וועג.
**טרום** — פויגלינג, איבערגעשראָקענער.
**טרחה** (טירכע) — מי.
**טשיינע** — טוי־הויז.
**טשעמפּיאָן** — זיגער, איינער וואָס קריגט אַלגעמיינע אָנערקענונג פאַר עפּעס אַן אויסצייכענונג.

## י.

**יאָדלע** — יאָלקע—מין בוים.
**יאָדערדיק** — שטאַרק, געפּאַקט.
**יאוש** — פאַרצווייפלונג.
**יאַט** — חברה־מאַן.
**יאַטקע** — פלייש־קראָם.
**„יברכך"** (יעוואָרעכעכאָ) — „ער (גאָט) זאָל דיך בענטשן" — אָנהויב פון דער ברכה, מיט וועלכער די כוהנים בענטשן דאָס פאָלק אין געוויסע ימים־טובים.
**יגיע כפיך** (יעגיאַ קאַפּעכאָ) — די מי פון דיינע הענט, אייגענע האַרעוואַניע.
**יגיע כפימניק** — אַרבעטער, פּראָלע־טאַריער.
**יובעל** — פרייד.
**יוצא זיין** — אָפּטאָן דאָס זייניקע, ער־פילן אַ פליכט, (אָפּטמאָל — אַן געפיל).
**יחוד** — איינזאַמקייט, דאָס זיין אַליין.
**יחידי סגולה** — אויסדערוויילטע, איינצלנע, פריווילעגירטע.
**יחידים** — איינצלנע מענטשן.
**יחסן** — פריווילעגירטער, איינער פון הויכער אָפּשטאַמונג.
**יללה** (יעלאָלע) — קלאָגעריי.
**ימח־שמוניק** — רשע, זינדיקער (ימח־שמו — זאָל זיין נאָמען אויסגעמעקט ווערן).
**יסוד** (יעסאָד) — פונדאַמענט.
**יעוסעק** — אידישער פאַרשטייער ביי דער רוסישער קאָמוניסטישער רע־גירונג.
**יציאַת מצרים** — די אידנס אַרויסגיין פון מצרים.
**יראַת הכבוד** — מורא פאַר עמיצן, וואָס קומט אויס גרויס דרך־ארץ.
**ישובניק** — דאָרפס־איינוואוינער.
**ישי** — פאָטער פון דוד המלך, דודס שטאַם.

## כ.

**כאטע** — פויעריש שטיבל.

**כאראבע** — מין קרענק.

**כהרף עין** (קעהערעף אייען) — אין אן אויגנבליק, מאמענטאל.

**כוליגאנטשיק** — קליינער כוליגאן, — רוצח, מערדער, פאגראם-מאכער.

**כולם אהובים, כולם ברורים** — זיי זיינען אלע באליבט, אלע — לויטער.

**כולנו חכמים, כולנו נבונים** — מיר זיינען אלע קלוג, מיר זיינען אלע פארשטאנדיק.

**כותל מערבי** — די מערב וואנט, די איבערגעבליבענע וואנט פונ׳ם בית המקדש.

**כי טובת מראה היא** — אז זי איז פון שיינעם אויסזען.

**כיתה** — גרופע.

**כלאפי**—פראסטע גויים (אוקראאיניש).

**כל הכועס** (כאילו עובד עבודה זרה) (תלמודיש) — דער וואס קומט אריין אין צארן, איז ווי ער וואלט געדינט צו די געצן.

**„כלומר“** — דאס מיינט... אזוי צו זאגן...

**כל נדרי** (קאל נידרע) — זייער ערנסטע תפילה, מיט וועלכער מען הויבט אן דאס יום-כיפורדיקע דאווגען.

**כנסת ישראל** — „די פאראזאמלטע פון ישראל“ — דאס אידישע פאלק.

**כסדר** (קעסיידער) — באשטענדיק, אלעמאל, דורכאנאנד.

**כעבדא קמיה מריה** — ווי א קנעכט פאר זיין האר.

**„כפיה“** — אראבישער קאפ-איבערדעק.

**כרחם אב על בנים** — ווי א פאטער האט רחמנות אויף זיינע קינדער.

**כרך** — גרויסע שטאט.

**כרמים** — ווייגערטנער.

**כתריליק** — פרייליכער ארעמאן.

**כתר-מלכות** — קעניגלעכע קרוין. (כתר-מלכותדיק — מאיעסטעטיש).

## ל.

**לא בשמים ולא בארץ** — ניט אויפן הימל און ניט אויף דער ערד.

**לא כל שכן** (לאי קאל שקען) — אוודאי און אוודאי, נאך מער, נאך זיכערער.

**לאבוזיע, פסיא קרעוו!** — דו צולאזענער יונג, הינטיש בלוט!

**לאו** — ניין, פארבאט, אפלייקענונג.

**לאזע** — צווייגן.

**לאנגגעמיט** — גרויס געדולד, אויסדויער.

**לאפ** — איינער פון לאפלאנד (אין צפון אייראפע).

**לגמרי** — אינגאנצן, פאלשטענדיק.

**לוחות** — די טאוולען מיט די צען געבאט, וואס משה האט אראפגעבראכט פון בארג סיני.

**לוטשינע** — העלצלעך געניצט פאר באלייכטונג.

**ליוסטרין** — גלאנציק געוואנט.

**לײדאק** — שלעכטער יונג.

**לייטזעליק** — אנגענעם, ליבלעך.

**ליל שימורים** — "די נאכט פון אפהיטונג", — די ערשטע נאכט פון פסח, ווען גאט האט אויסגעהיט די אידן פון די מצרים.

**לינטשן** — מאב-געריכט, מערסטנס אין די דרום שטאטן פון אמעריקע.

**לכבוד אבי מורי ואמי מורתי!** — צו מיין פאטער, מיין דערציער, און צו מיין מוטער, מיין דערציערין! — טיטול פון ווענדונג אין א בריוו צו די עלטערן.

**„לכה דודי“** — „קום מיין ליבער פריינט!“ — אנהויב פון א שיינער פרייטיק-צו-נאכטס תפילה.

**לכתחילה** (לעכאטכילע) — צוערשט.

**למאי?** — פארוואס?

**למד-וואווניק** (ל"ו = 36) — איינער פון די 36 פארבארגענע צדיקים, אויף וועלכע די וועלט שטייט.

**למה רגשו** (גויים) (פון תהילים) — פאַרוואָס שטורמען, טומלען (די פעלקער).

**לסוסתי** (לעסוסאָסי) — צו מיין פערדל. (אָנהויב פון אַ פסוק אין תנ״ך).

**לער** — ליידיק.

## מ.

**מאור הגולה** — דאָס ליכט פונ׳ם גלות, גרויסער געלערנטער.

**מאַלאָדצע** — בראַווע לייט, פיינע חברה.

**מאָנאָגראַפיע** — באַזונדערע אָפּהאַנדלונג וועגן איינצלנער פערזאָן אָדער איינצלנעם ענין.

**מאָנאָטעאיזם** — דער גלויבן אין דער איינאיינציקייט פון גאָט.

**מאָנעטשיק** — מענטש וואָס מאַכט געלט.

**מאַראַנען** — אידן אין שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, וועלכע האָבן זיך געמוזט באַהאַלטן מיט זייער אידישקייט אויס מורא פאַר דער קירכע.

**מאַרט** — דער חודש מערץ.

**מאַריך זיין** — פאַרלענגערן, רעדן לאַנג.

**מבזבז** (מעבאַזבעז) **זיין** — פאַרשווענדן.

**מבינות זאָגן** — אָפּשאַצן, זאָגן אַ מיינונג.

**מגביל זמן החתונה** — באַשטימען די צייט פון דער חתונה.

**מגיד** — פּריידיקער, רעדנער, בעל־דרשן.

**מדרגה** (מאַדרייגע) — שטאַנד, גראַד.

**מדריך** — וועגווייזער, דערציער.

**מדרש** (מעדרעש) — אַלטע זאַמלונג פון דרשות, פּשטלעך און אַגדות אויף פסוקים פון תנ״ך

**מהות** — וועזן, אייגנשאַפט, כאַראַקטער.

**מהיכי תיתי** (מייכע טייסע) — זאָל זיין אַזוי, ס׳איז רעכט.

**מהנה זיין** — פאַרשאַפן פאַרגניגן.

**מוטוויליקייט** — פאַרברעכן, טיראַניי.

**„מומע״** — שטיף־מאַמע.

**מוסר** (קלעזמער שפּילן) — ערנסטע, טרויעריקע מוזיק.

**מוסר ספרים** — ביכער איבער אידישער מאָראַל.

**מופלג** — גרויסער געלערנטער.

**מושב** — אידישע קאָלאָניע אין ארץ ישראל.

**מחיה מתים זיין** — לעבעדיק מאַכן טויטע.

**מחילה** — אַנטשולדיקט.

**מחמת** (מאַכמעס) — ווייל.

**מחשבה** (מאַכשאָווע) — געדאַנק, איינפאַל.

**מטושטש** — צעמישט, צעטומלט.

**מטושטשדיק** — אומקלאָר, אָפּגעריבן.

**מי באש ומי במים** — ווער (ס׳וועט אומקומען) דורך פייער און ווער דורך וואַסער.

**„מי שברך״** (שעבייראַך) — „ווער ס׳האָט געבענטשט״, — ערשטע ווערטער פון אַ ברכה, וואָס מען מאַכט דעם, וועמען מען האָט אויפגערופן צו דער תורה (סאַרקאַסטיש — „געמאַכט אַ מי שברך״ — אויסגעזידלט.)

**מידה טובה** — גוטע אייגנשאַפט.

**מידה כנגד מידה** — מאָס פאַר מאָס, אָפּצאָלן מיט גלייכער מאָס.

**מיישב זיין זיך** — זיך באַטראַכטן, זיך באַראַטן.

**מימרא** — פסוק, ווערטל, באַהויפּטונג.

**מיתה משונה קאָליר** — משונהדיקער, אומגעווייינלעכער קאָליר.

**מכות אַכזריות** — גרויזאַמע קלעפּ.

**מכשף** (מעכאַשעף) — כישוף־מאַכער.

**מלא וגדוש** — פול און אָנגעפּאַקט. (מיט וויסן).

**מלא חימה** — פול מיט צאָרן.

**מלביש ומנעיל כיד הגביר** — ער באַקליידט (אים) ווי אַ גביר קען.

**מלוה ברבית** (מאַלווע בעריבים) — איינער, וואָס לייט געלט אויף פּראָצענט.

**מלכותדיקס** — מאַיעסטעטישעס.

מלכת שבאָ — די לעגענדאַרע שיינע קעניגין פון שבאָ, וועלכע איז געקומען באַוואונדערן שלמה המלכס קלוגשאַפט; אַ צויבערפול וועזן.

ממלא משלחתו באמונה — ער דער־פילט ערלעך זיין אויפגאַבע.

ממשותדיק — אמת, ווירקלעך.

ממשלה (מעמשאָלע) — הערשאַפט.

ממתקים (מאַמטאַקים) — זיסע זאַכן.

מן הצד (מין האַצאַד) — פון דער זייט.

מנוול — מיאוסער מענטש.

מסירת נפש — זעלבסט־אויפאָפּפערונג, דאָס שטעלן דאָס לעבן אין סכנה פאַר אַ זאַך.

מסכתא (מעסיכטע) — באַשטימטער טייל פון גמרא.

מסרן (מאַסערן) — באַשולדיקן, אָנ־קלאָגן, דערציילן שלעכטס אויף יענעם.

מעבדות לחירות — פון שקלאַפערײַ צו פרייהייט.

מענה לשון — „די רייד פון דער צונג" — אַ בוך מיט תפילות, וואָס ווערן געזאָגט אויפן בית־עולם.

מעניש זיין — באַשטראָפן.

מעקענע — לייכטער שטרוי.

מערכה (מאַראָכע) — גורל, מזל. (אַ מערכה — אַ גליק...).

(אַ) מעשה זיך אָנטאָן — זיך מאַכן דעם טויט.

מעשה שטן — די אַרבעט פונ׳ם ניט־גוטן; צום אומגליק, להכעיס.

מעשי ילדות — קינדערײַ, נאַרישקייטן.

מפתח ביתה — פון דער טיר פון איר הויז.

מקבל — צדקה נעמער.

מקבל שבת זיין — אויפנעמען דעם שבת מיט געבעט און געזאַנג.

מקובל — איינער, וואָס קען קבלה. (סודותפולע אידישע מיסטישע לערע).

מקום קדוש — הייליק פּלאַץ, שול.

מקור — קוואַל, אורשפּרונג.

מקח טעות — אײַנקויף אָדער האַנדל, וועלכער איז דורכגעפירט געוואָרן אונטער אַ טעות אָדער אַ שווינדל.

מקרב (מעקאָרעוו) זיין — דערנענטערן, באַפרײַנדן.

מרחק (מערכעק) — שטרעקע.

מרחקים (מערכאָקים) — אין דער ווייט, די ווייטע מדינות.

מרשעת (מירשאַס) — שלעכטע פרוי.

משא (מאַסע) — לאַסט, שווערע זאַך.

משגיח (מאַשגיאַך) — אויפזעער.

משמעות (מאַשמאָעס) — וואַרשיינלעך, הפנים.

משניות — דאָס געזעץ בוך, אויף וועלכן דער תלמוד איז באַזירט.

מתוודה זיין — אויפדעקן די אייגענע זינד.

מתמיד — איינער, וואָס גיט זיך אָפּ פלייסיק צום לערנען .

מתנגדים — געגנער פון חסידים.

מתרה (מאַסרע) זיין — וואָרענען.

## נ.

נאמן (נעמאַן) — אַן אָנפאַרטרויטער, באַגלויבטער מענטש.

נבלה (נעוואָלע) — נידערטרעכטיקייט.

נגב (נעגעוו) — דרום.

נהנה מיגיע כפיו — איינער, וואָס געניסט פון זיין אייגענער פּראַצע.

נוגש — דריקער.

נושא חן זיין — געפעלן ווערן.

נחום איש גם זו — פיגור פון דער אידישער לעגענדע, וועלכער פלעגט אויף יעדער צרה זאָגן: גם זו לטובה — אויך דאָס איז צום גוטן.

נחשים ועקרבים — שלאַנגען און עקדישן.

ניוועץ — גאַרניט, שאָדן.

נייערט — נאַר.

ניכר — קענטלעך.

ניצוץ — פונק.

נכנע — אונטערטעניק.

נכשל ווערן — געשטרויכלט ווערן.

נסיונות — פּרוואוואונגען, שוועריקייטן.

**נע ונד** — וואַנדערער, פאַרוואָגלט פון דער היים.

**נעילה** (נעאילע) — „שליסונג", — לעצטע תפילות פון יום־כיפור — זייער אַן ערנסטער מאָמענט.

**נעלם ווערן** — פאַרשווינדן.

**נפטר** (ניפטער) **געוואָרן** — געשטאָרבן.

**נצחון** — זיג.

**נקבה** (נעקייווע) — פרוי.

**נתגלה** (ניסגאַלע) **ווערן** — אַנטפּלעקט ווערן, אַרויסווייזן גרויסקייט, באַקאַנט ווערן.

## ס.

**סאַלון** — שענק.

**סאַלטענאַסעם** — קעז־קרעפּלעך.

**סאַק** — אויבערראָק.

**סברה** (סוואָרע) — פּלאַן, מיינונג, טעאָריע.

**סגולה** — מיטל, רפואה.

**סוגיאַ** — אַן ענין, אַן אָפּהאַנדלונג אין תלמוד.

**סוכאָטניצע** — טובערקולאָז־קראַנקע.

**סומנעקייט** — טונקלקייט, טרויער.

**סופיט** — סטעליע.

**סטאָאישער** — פון די סטאָאיקער, אַ גריכיש־רוימישע פילאָזאָפישע ריכטונג, וואָס האָט געלייגט הויפּט געוויכט אויף דער מאָראַלישער דערציאונג פון׳ם מענטשן.

**סטאַרשי־סטראַזשניק** — וויכטיקער פּאָליציי־באַאַמטער.

**סטאַרשינאַ** — עלטסטער פאַרשטייער.

**סטייען** — געניגן, זיין גענוג.

**סטעזשקע** — אויסגעטראָטענער שמאָלער וועג.

**סטעריליזירט** — גערייניקט.

**סטראַזשניק** — פּאָליציימאַן.

**סטראַפּטשע** — באַפּאָלמעכטיקטער, פאַרשטייער, אַדוואָקאַט.

**סטרוזש** — וועכטער.

**סיום** — דאָס אַרויסענדיקן אַ באַשטימטן טייל פון לערנען; די פייערונג דערביי.

**סינעמאַ** — וואו מען ווייזט באַוועגלעכע בילדער („מואווינג־פּיקטשורס").

**סירכאַ** — חסרון.

**סכאָלאַסטיק** — מיטלאַלטערלעכער ניט־וויסנשאַפטלעכער בילדונגס־סיסטעם און דענקונגס־אַרט.

**סכך** (סכאַך) — אַ צודעק פון צווייגן איבער אַ סוכה.

**„סלחתי כדבריך"** — כ׳האָב (דיר) פאַרגעבן, ווי דו האָסט געבעטן.

**סליחות** — תפילות, וואָס מען זאָגט אין פאַסט־טעג און ביי ענלעכע געלעגנהייטן; אַ בוך סליחות.

**סעמעטערי** — בית־הקברות, באַערדיקונגס פּלאַץ.

**סערמינגע** — מלבוש פון פּראָסטן געוואַנט.

**ספירה** — די טעג צווישן פסח און שבועות — טרויער טעג.

**ספרי, ספראַ און תוספתאַ** — ביכער פון תלמודישן געזעץ.

**סקאָווראָד** — פייער־פאַן.

**סקוטשנע** — אומעטיק.

**סתירה** — צעשטערונג, דאָס צעוואָרפן; ווידערשפּרוך.

## ע.

**עבודה זרה** — געצנדינסט.

**עבודת־פרך** (אַוואָידאַס פּערעך) — שווערע האָרעוואַניע.

**עגונה** — פרוי, וועמען דער מאַן האָט איבערגעלאָזט.

**עגמת נפש** — פאַרדרוס.

**עוכר ישראל** — פאַררעטער, איינער וואָס ברענגט אַ שאַנדע אויף דעם אידישן פאָלק.

**עולה רגל זיין** — גיין צו פוס צו הייליקע פּלעצער.

**עוסקן זיך** — זיך באַשעפטיקן.

**עזוב תעזוב** — דו זאָלסט העלפן.

**עזות מחוצף פנים** — זייער אַ פרעכער מענטש.

**עטיק** — מאָראַל־לערע.

**עטרה** (אַטאָרע) — באַפּוצונג איבערן קאָלנער פון טלית.

**עילוי** — גרויסער קענער.

**עין יעקב** — זאַמלונג פון תּלמודישע מעשהלעך און לעגענדעס.

**עיפּוש** — געשטאַנק, מיאוסע קרענק.

**עכברוש** — לוידאַק, שטיפער.

(רעדן) **על ה׳ ועל משיחו און אויף ננתקה** — (פון תהילים): (די פעלקער רעדן) געגן גאָט, געגן זיין געזאַלבטן קעניג (און זיי זאָגן): ננתקה — לאָמיר צערייסן (זייערע שטריק) — לעסטערן אַלצדינג, וואָס איז הייליק, רעדן רעוואָלוציאָנערע רייד.

**„על חטא„** — „פאַר די זינד" — ערשטע ווערטער פון אַ יום-כּיפּור-דיקער תּפילה, ביי וועלכער מען שלאָגט זיך מיט דער האַנט אין האַרצן.

**עליה** — דאָס אויפרופן עמיצן צו דער תּורה.

**עליו השלום** (ע"ה) — פרידן צו אים — ווען מען דערמאָנט אַ טויטן.

**על כן יעזוב** (איש את אביו ואת אמו) — דעריבער זאָל איינער איבערלאָזן זיין פאָטער און מוטער און זיך צו-זאַמענקומען מיט זיין פרוי.

**„על נהרות בבל שם ישבנו גם בכינו בזכרנו את ציון"** — „ביי די וואַסערן פון בבל זיינען מיר גע-זעסן און מיר האָבן געוויינט, ווען מיר האָבן זיך דערמאָנט אָן ציון", — קאַפּיטל תהילים וועגן דעם חורבן און דער פאַרטרייבונג קיין בבל.

**על ראשון — ראשון, ועל אחרון — אחרון** — ענטפערן ווי געהעריק, אין אָרדנונג: אויף דער ערשטער פראַגע צוערשט, און אויף דער לעצ-טער — צולעצט.

**עלעגיש** — טרויעריק, אומעטיק.

**ענגל** — מלאך.

**ענציקלאָפּעדיסטן** — די שאַפער פון דער גרויסער פראַנצויזישער ענצי-קלאָפּעדיע (1751—1765), אין וועל-כער דער נייער גייסט, פון דער פאַר-רעוואָלוציע עפּאָכע, קומט צום אויס-דרוק.

**עסקן** (אייסעקן) **זיך** — זיך באַשעפ-טיקן.

**עפּאָפּעע** — פּאָעמע פון העלדנמוט און פון וויכטיקע געשעענישן.

**עצבות** (אַצוועס) — טרויער.

**עקדישן** — שלאַנגען.

**עקסטערן-לעבן** — דאָס לערנען זיך פּריוואַט, זיך צוגרייטן צו אַ העכערן לערן-אַנשטאַלט.

**ערב-רב** — געמישט פאָלק; פרעמדע, וועלכע זיינען אַרויס צוזאַמען מיט די אידן פון מצרים.

**עשאַפאָט** — תליה, פּלאַץ, וואו מ׳הענגט אויף פאַרמשפּטע.

**עשה׳ן, לא תעשה׳ן** — געזעצן און פאַרבאָטן.

## פּ.

**פּאַדעליק** — פאַדערשטע פּאָלע פון אַ פרויען-קלייד.

**פּאַוואָליע** — פּאַמעלעך, שטיל.

**פּאַטאָם** — דערנאָך.

**פּאַטענט** — דאָס געזעצלעכע רעכט עפּעס צו פאַבריצירן אָדער פאַרקויפן.

**פּאַטריאַרכאַליש** — עפּעס, וואָס גע-הערט צום אוראַלטן לעבנס-שטייגער.

**פּאַלנע** — פּאַלשטענדיק.

**פּאַמאַדאָרן** — „טאָמייטאָס".

**פּאַמאַיעס שאַף** — גרויסע כּלי אויף צו האַלטן ניט קיין ריינע וואַסער.

**פּאַני** — האַר.

**פּאַני בראַט** — „הער ברודער" — זיין צו חבריש.

**פּאַסטעמקע** — משונהדיקע טאַט, באַ-וועגונג, אָדער גרימאַסע.

**פּאַפּן** — (שפּאַטיש) שלאָפן.

**פּאַקרישקע**—איבערדעק. (פון אַ טעפּל.)

**פּאַראַל** — וואָרט, סיגנאַל.

**פּאַריעס** — נידעריקע שקלאַפן; אויס־וואורפן.
**פגירה** — טויטער קערפער; טויט.
**פדיון** (פּידיען) — לייזונג, פּרנסה.
**פוסטקע** — חורבה, ליידיק פּלאַץ.
**פוסק הון רב** — באַשטימט אַ גרויסע סומע.
**פועל יוצא** (פּאָיעל יאָיצע) — רעזול־טאַט, אויפטו, קאָנסעקווענץ.
**פועל יוצא זיין** — אויפטאָן.
**פועלן** — אויסווירקן, אויספירן.
**פילגער** — אַן עולה־רגל, אייבער וועל־כער גייט צופוס צו הייליקע פלעצער.
**פילפול** — שאַרפזיניקער און פאַרפּלאָנ־טערטער אופן פון לערנען תלמוד.
**פינקס** — אַ בוך, אין וועלכן ס'ווערן פאַרצייכנט וויכטיקע פּאַסירונגען אין דעם לעבן פון דער קהילה.
**פיענע** — שוים.
**פיקעטן** — היטן מען זאָל ניט אַרבעטן אין אַ פאַבריק, וואו ס'גייט אָן אַ סטרייק.
**פירוש המילות** — די טייטש פון די ווערטער.
**פלומפּל** — פּאָמפּע, ברונעם.
**פלוניתטע** (פּלאָניסטע) — ווייב.
**פליטן** — קלעצער צוזאַמענגעבונדענע אויף טראַנספּאָרט איבערן וואַסער.
**פסוקים** — זאַצן פון דער תורה.
**פסיא־קרעוו!** — הינטיש בלוט! (פּוי־ליש).
**פעטלורע** — אָנפירער פון דער אוקראַ־אינישער אַרמיי (נאָך דער וועלט־מלחמה), האָט געלאָזט דורכפירן פּאַ־גראָמען אויף אידן.
**פראַוודאַ** — אמת.
**פראַלניק** — שטעקן געניצט פון די וועשערינס צום קלאַפּן די נאַסע וועש.
**פראָמעטעאישער** — פון פּראָמעטע־אוס, דער גריכיש־לעגענדאַרישער העלד, וואָס איז פאַרמשפּט געוואָרן, ווייל ער האָט געגנבעט דאָס געטלעכע ליכט צו שענקען דאָס דער וועלט.

**פרדס** — פרוכט גאָרטן.
**פרוטה** — קליינע מטבע.
**פרוכת** — פאָרהאַנג איבערן אָרון־קודש.
**פריזבע** — זיץ־פּלאַץ פון ערד אָדער פון ליים אַרום אַ הויז.
**פרנס חודש** — הויפּט פאַרשטייער פון דער געמיינדע, באַשטימט אויף אַ חודש.
**פרעטענזיעס** — טענות.
**פרצוף** (פּאַרצעף) — פּנים, אויסזען.
**פשטות** (פּאַשטעס) — איינפאַכקייט.
**פשטל** (פּשעטל) — קונציקע אויס־טייטשונג צו אַ שווערער שטעל אין תנ"ך אָדער תלמוד.
**„פתי יאַמין"** — אַ נאַר גלויבט.

## פ.

**פאַליעס** — כוואַליעס.
**פאַעטאָן** — שייז, באַקוועם וועגעלע.
**פאַרבליפּט** — איבערראַשט.
**פאַרגאַפט** — דערשטוינט, פאַרוואונ־דערט.
**פאַרצאַגט** — פאַרטרויערט.
**פאַרקנסונג** — דאָס שרייבן תנאים, דאָס ווערן אָפיציעל חתן־כלה.
**פאַרשצאַבען** (פאַרשטשאָבען) — פאַר־נייען.
**פירער** — מטבע פון 4 גראָשן, 2 רו־סישע קאָפּיקעס.
(אין) **פלוג** — אויבנאויף גענומען, אויפן ערשטן בליק.
**פלוכן** — שעלטן.
**פריזוריע** — „באַרבער־שאַפּ".

## צ.

**צוואָה** — אָנזאָג, באַפעל געלאָזט פון אַ מענטשן פאַרן טויט.
**צידה לדרך** — שפּייז פאַרן וועג. פּראָוויאַנט.
**צעך** — אַרבעטער אָרגאַניזאַציע.
**צער גידול בנים** — די שווערקייטן פון קינדער־דערציאונג.
**צריף** — ביידל.

## ק.

**קאָבילע** — קליאַטשע, פערד.
**קאַו-באָים** — יונגע פערד־רייטער אויף די פעלדער פון ווילדן מערב־אַמעריקע.
**קאַזאַרמע** — לאַגער, וואוין־אָרט פון אַ גרופּע סאָלדאַטן אָדער אַרבעטער.
**קאַטאָרי** — וועלכער. (אַ מענטש, וואָס קאַטאָרי — אַזאַ מין מענטש).
**קאַלאַטירן** — פּלאַפּלען.
**קאַנטאָר** — ביוראָ.
**קאַסקאַדן** — וואַסערפאַלן.
**קאָעקסטענסיוו** — עפּעס, וואָס שפּרייט זיך אויס איבער דער זעלבער צייט אָדער שטרעקע.
**קאַפּאַבל** — פעאיק, גרייט.
**קאָרזשיקל** — דאַר פּלעצל.
**קאָרנער** — ראָג, ווינקל פון אַ גאַס.
**קבוצה** — קאָלאָניע פון גרופּע אַרבעטער אין ארץ ישראל, וועלכע לעבן צווישן זיך געמיינשאַפטלעך.
**קבלת** (קאַבאָלעם) **שבת** — דאָס אויפנעמען דעם שבת מיט געבעט און געזאַנג.
**קדיש** — אַ תפילה, וואָס מען זאָגט נאָך אַ פאַרשטאָרבענעם.
**קדשי קדשים** — דאָס הייליקסטע פּלאַץ אין בית־המקדש.
**קוזמין** — שטעטל אין פּוילן, פון אַשם בוך „אָנקעל מאָזעס”. (דער אָנקעל האָט אַראָפּגעבראַכט כמעט גאַנץ קוזמין קיין ניו־יאָרק, וואו זיי אַרבעטן אין זיין קליידער־פאַבריק).
**„קומעס”** — (אוקראַאיניש) קרובים, פריינט.
**קומער** — זאָרג.
**קופּיעץ** — סוחר.
**קורטקע** — מין קורץ רעקל.
**קינות** — קלאָג־לידער; געבעט ביכער מיט קלאָג־לידער.
**קלאָאון** — איינער, וואָס מאַכט מענטשן פריילעך דורך מאַכן זיך נאַריש.
**קלאָמפּערשט** — פון כלומר: אויף אָנשטעל.
**קלאָץ-קשיות** — פראַגן אויף וועלכע ס'איז שווער צו ענטפערן, אָדער איבער זייער שווערקייט, אָדער איבער זייער נאַרישקייט.
**קניפּל** — פּעקל פון אָפּגעשפּאָרט געלט, וואָס מ'באַהאַלט אויף זיך.
**קנס-מאָל** — שמחה־מאָלצייט פאַר אַ פּאָרל, וואָס איז געוואָרן חתן־כלה.
**קנסענען** (קאַנסענען) — באַשטראָפן.
**קעל** — האַלז, גאָרגל.
**„קעפּטען”** — קאַפּיטאַן, האַר.
**קץ** (קעץ) — ענדע, סוף פון גלות, משיחס קומען.
**קראַסאַוויצעס** — שיינע פרויען.
**קראָקווע** — איינס פון די שטיקער האָלץ, וואָס האַלטן אונטער דעם דאַך.
**קרוע בלוע** — אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן.
**קרייטיש** — קשה, האַרב, שווערלעך.
**קרייטעכצער** — גראָזן.
**קריעה רייסן** — מאַכן אַ ריס אין מלבוש אַלס צייכן פון טרויער נאָך גאָר אַ נאָענטן פאַרשטאָרבענעם.
**קריעס** — צעבראָכענע שטיקער אייז.
**קריעת ים סוף** — דאָס שפּאַלטן דעם רויטן ים פאַר די אידן ביי יציאַת מצרים.
**קרן** (קערן) — קאַפּיטאַל, דער עיקר.
**קשה עורף** — האַרטנעקיק, איינגעשפּאַרט.

## ר.

**ראַכן** — אָפּגרונד.
**ראַפּטאָם** — שנעל, פּלוצלונג.
**רבנן-קדיש** — אַ קדיש, אין וועלכן מען בעט אויך פאַר די געלערנטע, — געווייינלעך נאָכן אָפּלערנען אַ שטיק גמרא.
**רודפן עד חרמה** — שטאַרק, גרויזאַם פאַרפאָלגן.
**רונצלען זיך** — זיך קנייטשן.
**רושם** (ראָישעם) — איינדרוק.
**רחבות** (ראַכוועס) — ברייטקייט.
**רחום** (ראַכום) — דערבאַרעמדיקער (גאָט).

**ריש דוכנא** — באַהעלפֿער.

**רעווע** — שטאַרקער געשריי.

**רענעסאַנס** — פּעריאָד אין געשיכטע פֿון אייראָפּע (14־טן — 16־טן יאָר־הונדערט), ווען מ'האָט געשטרעבט צו דער ווידעראויפֿלעבונג פֿון דער קלאַסישער קולטור.

**„רעשאַטקע"** — הינטער גראַטעס, תּפֿיסה.

**רצועות** — ריִמענס פֿון די תּפֿילין.

**רשות** — הערשאַפֿט, רעכט, פֿאַרוואַלטונג, קאָנטראָל.

**רשות הרבים** (רעשוס האַראַבים) — עפֿנטלעכער פּלאַץ.

## ש.

**שאַליאַוויקעס** — דינע ברעטלעך.

**שאַריען** (אויף טאָג) — דער סאַמע ער־שטער זונשיין אין פֿרימאָרגן.

**שאָר ירקות** — די אַנדערע גרינצייגן; אין שפּאַס: אַלערליי זאַכן.

**שבע ברכות** — די זיבן ברכות, וועל־כע מען זאָגט אין דעם הויז פֿון ערשט חתונה־געהאַטע אין דער וואָך פֿון דער חתונה ביי יעדן מאָלצייט.

**שבעה רקיעים** — זיבן הימלען.

**שבת חזון** (כאַזאָן) — דער שבת פֿאַר תשעה־באב, ווען מען לייענט צו מפטיר דאָס ערשטע קאַפּיטל פֿון ישעיה „חזון ישעיהו" — אַ קאַפּיטל פֿון שטרענגער וואָרנונג.

**„שהחיינו"** — „וואָס ער האָט אונז גע־לאָזט דערלעבן דערצו", אַ ברכה, וואָס מ'מאַכט ביי פֿייערלעכע געלעגנהייטן.

**שומר** — וועכטער (פֿון אַ קאָלאָניע אין ארץ ישראל).

**שטח** — שטרעקע.

**שטעלמעך** (סטעלמעך) — אייגער, וואָס מאַכט וועגענער.

**שטראָס** — גאַס.

**שייד** — איבערדעק, באַהעלטעניש.

**שירה** — געזאַנג.

**שכירות** (סכירעס) — געהאַלט.

**שלי שלך, שלך שלי** — מיינס איז דיינס און דיינס איז מיינס.

**שליאַך** — אויסגעטראָטענער פֿרייער וועג.

**שליטה** — מאַכט, דעה, קאָנטראָל.

**שלמות** (שליימעס) — פֿאָלקאָמענהייט.

**של ראש** — דער טייל פֿון די תּפֿילין, וואָס מען טוט אָן אויפֿן קאָפּ.

**שלש סעודות** — די דריי שבתדיקע מאָלצייטן, — געוויינלעך מיינט מען דעם לעצטן, דעם פֿון שבת פֿאַרנאַכט.

**שמחת בית השואבה** — זייער פֿריי־לעכע פֿייערונג אין די מיטלסטע סוכות טעג אין אַ געוויסן טייל פֿון בית־המקדש.

**ש"ס ופוסקים** — דער תּלמודישער גע־זעץ און די אויסטייטשונגען צו אים.

**שערים** — טויערן.

**שעריף** — פּאָליציי־עלטסטער פֿון שטעטל אָדער פֿון אַ קרייז.

**שערענגע** — רייע.

**שפּרעכן** — רעדן.

**שפלות** (שיפלעס) — דערניִדערונג, אונ־טערדריקונג.

**שפע** — ברכה, איבערפֿלוס, גערעטעניש.

## ת.

**תּאַווה** — שטאַרקער באַגער.

**תּהום** — אָפּגרונט.

**תּוך** — עיקר.

**תּופס** (טאָיפעס) **זיין** — באַגרייפֿן.

**תּורה לשמה** (לישמאָ) — דאָס לער־נען תּורה אויס ריינער ליבע צו דער תּורה.

**תחום המושב** (טכום האַמאָישעוו) — באַשרענקטער געגנט, אויסער וועלכן ס'איז אידן ניט ערלויבט געווען צו וואוינען אין צאַרישן רוסלאַנד.

**תּחינה־לשון** — שפּראַך, וואָס ווערט גענוצט אין די ספּעציעלע ווייבערישע תּפֿילות אויף אידיש.

**תחית המתים** (טכיאַס האַמייסים) — דאָס לעבעדיק ווערן פֿון די טויטע (ווען משיח וועט קומען).

**תחתונים** — אונטערוועש.

**תיקון-רבים** — פאַרבעסערונג פון וועל־כער פילע מענטשן האָבן נוצן.

**תכלית** (טאַכלים) — ציל, צוועק, רע־זולטאַט.

**תכשיט** — צירונג, וואוילער בחור (אין שפּאָט).

**תל-עולם** — פאָלשטענדיקע רואינע, פאַרניכטונג.

**תליה** (טליע) — דאָס אָרט, וואו מען הענגט אויף פאַרברעכער.

**תליון** (טאַליען) — הינריכטער, הענקער.

**תמעוואַטע** — נאַריש. (זיך מאַכן תמע־וואַטע — זיך מאַכן נישט־וויסנדיק).

**תנא** (טאַנע) — געלערנטער; איינער פון די צוזאַמענשטעלער פין דער משנה.

**תנאַי** — קאָנדיציע.

**תנועות** — באַוועגונגען, גרימאַסן.

**תפוצות ישראל** — איבעראַל, וואו אידן זיינען צעשפּריים.

**תפיסה** — געפענגעניש.

**תרגום-לשון** — די אַראַמעאישע שפּראַך, פרעמדע שפּראַך; אומפאַרשטענדלעך, משונהדיק.

**תרעומות** (טאַראומעס) — פאָרוואורפן, טענות.